

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

באַנד 53

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

יאָנאַס טורקאָוו

# אין קאַמף פאַרן לעבן



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס 1949

# אינהאַלט:

דאָס דאָזיקע בוך איז דער צווייטער באַנד זכרונות וועגן דעם חורבן וואַרשע.

דער ערשטער באַנד **„אַזוי איז עס געווען"** (חורבן וואַרשע), וואָס איז דערשינען אַלס 27טע בוך פון דער סעריע, האָט אַרומגענומען די עפּאָכע פון מלחמה-אויסברוך ביז צום אויפשטאַנד אין דעם וואַרשעווער געטאָ.

דער איצטיקער באַנד **„אין קאַמף פאַרן לעבן"** נעמט אַרום די ווייטערדיקע עפּאָכע, ד. ה. פון דעם געטאָ-אויפשטאַנד ביז צו דער באַפרייאונג פון פוילן.

1.

# אין די טעג פון אויפשטאנד

שרייבנדיק וועגן אויפשטאנד אין געטאָ, גיב איך זיך אָפּ א דין וחשבון פון דעם, אז דער הערּאָאישער קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ טאָר נישט אָפּגעפּטרט ווערן מיט א קורצערן אָדער גרעסערן קאַפּיטל, ווי איך טו עס אין מיינע זכרונות.

איך קאָן אָבער אויך נישט פאַרבייגיין מיט שווייגן און נישט אײַ־בערגעבן אין מיינע זכרונות לכל הפּחות דאָס, וואָס איך האָב געזען אויף א שמאָלן געטאָ־אָפּשניט ווי אויך דאָס, וואָס עס האָבן מיר ביי פאַרשי־דענע געלעגנהייטן איבערגעגעבן קעמפער פון א רייע קאַמפּס־אָפּטיילונ־גען און פראָנט־אָפּשניטן.

איך וויל דאָס אלץ איבערדערציילן, ווייל דאָס זענען ווי גאָלדענע רינגען אין דער גרויסער קייט פון אונדזערע לײַדן אין וואַרשעווער געטאָ, ווי אויך — דער לעצטער און ווערטפולסטער רינג, וואָס האָט א סוף גע־מאכט צו די געטאָ־מויערן און צו דער פאַרשקלאַפונג פונעם גרעסטן יידישן קיבוץ אין אייראָפּע; עס איז אן עפּיזאָד, וואָס האָט פאַרענדיקט אויף א העלדישן אופן דעם נישט־גלייכן געראַנגל פון די טויזנטער פאַר־שמאכטע און צום טויט־פאַרמשפּטע יידן מיט א מעכטיקן שונא, וואָס האָט געהאַט אין זיין רשות די נייעסטע קריגס־דערפינדונגען און מאָרד־כלי זין; מיט א שונא, וואָס האָט באוויזן אין „בליץ־קריג" צו באַ־זיגן כמעט גאַנץ איירּאָפּע.

דאָס קליינע הייפעלע וואַרשעווער געטאָ־קעמפער האָט אָבער געהאַט אן אויבערמאכט אין אידעאישע וואָפן און מאָראַלישע ווערטן און א דאנק דעם באוויזן א לאַנגע צייט אָפּצושלאָגן אלע ווילדע אטאַקעס פונעם גי־

גאַנטישן דייטשישן מלחמה־פּאָטענציאָנאַל; א דאַנק די דאָזיקע ווערטן האָבן יידן באַוויזן צו שטעלן א גרעסערן און לענגערן ווידערשטאַנד דעם שונא, ווי אַלע אַנדערע גוט־באַוואָפנטע אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס האָבן געהאַט אונטער זיך לאַנגיאָריקע מלחמה־טראַדיציעס.

די קליינע גרופּע יידישע קעמפער האָט באַוויזן צו זייען פּאַרוויסטונג אין די דייטשישע רייען און זיי דערלאַנגען אַזעלכע שטאַרקע קלעפּ, וואָס האָבן זיי נישט איינמאָל געצוווּנגען צוריקצוציען זיך פונעם שלאַכטפעלד.

אָבער וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ דאַרף אָנגעשריבן ווערן א מאָנומענטאַל ווערק, וואָס זאָל אַלזייטיק באַלויכטן, ארומנעמען אין אַלע פּרטים און איבערגעבן לדור דורות איינע פון די שענסטע בלעט־לעך פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע: די עפּאָפּעע פונעם יידישן אויפ־שטאַנד אין וואַרשע.

* * *

דעם 19־טן אַפּריל 1943, דריי אַזייגער פּאַרטאָג (איך בין דעמאָלט געשטאַנען אויף דער וואַך אויף מילנע ראָג קאַרמעליצקע), האָב איך אין דער פינצטערניש דערזען טונקעלע סילועטן. דאָס זענען געווען ס. ס.־לייט. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט ביים געטאָ־טויער פון קאַרמעליצקע גאַס — לענגאויס די מויערן פון טעבענס און שולצס שאָפּן. אַלץ האָט גערעדט דערפאַר, אַז די דייטשן גרייטן צו אַן „אַקציע" אין די דאָזיקע שאָפּן.

איך האָב וועגן דעם גלייך מודיע געווען אונדזער „אינזל", וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער שולץ־טעבענס־שאָפּן. איבערגעבן ידיעות וועגן דער „אַקציע" אין גרויסן געטאָ איז שוין ליידער נישט מעגלעך געווען. מיר זענען אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער ארומיקער וועלט.

פון אונדזערע מענטשן פון מילנע גאַס זענען איבער 80 גלייך אראָפּ אין בונקער, וועלכן מיר האָבן צוגעגרייט אונטער די חורבות פון רייכמאַנס הויף, אויף מילנע 9.

אַרום 5 אַזייגער פּאַרטאָג האָבן זיך דורכן טויער, וואָס האָט גע־פירט פון דער קאַרמעליצקע גאַס, א שאָט געטון ס. ס.־אָפּטיילונגען, באַ־וואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. נאָך זיי האָבן „שטראָם" מאַרשירט זייערע

געטרייע ליטווישע, לעטישע און אוקראַאינישע מיטהעלפער. אלע האָבן זיך געאײלט אין דער ריכטונג פונעם גרויסן געטאָ.

די ס. ס.־וואך, וואָס איז מיט 2 שעה פריער אויסגעשטעלט געוואָרן לענגאויס די מויערן פון טעבענס און שולצס־שאָפּן, איז צוריק אראָפּגענו־מען געוואָרן. געבליבן איז נאָר די שטענדיקע וואך פון זשאנדארמען, הפּנים, אז דאָס איז נאָר געווען א סטראַטעגישער מאנעווער. זיי האָבן בדעה געהאט דורכצופירן די „אויסזידלונגס־אקציע" אויף גאָר אן אנדער אָרט.

די דייטשן, וואָס האָבן אריינמארשירט דורך דעם טויער פון קאר־מעליצקע גאַס, זענען געגאנגען אין דער גאנצער ברייט גאַס; פון ביידע זייטן טראָטוארן — ליטווינער, לעטן און אוקראַינער. זיי זענען רואיק דורכגעגאנגען די „ווילדע" גאַסן קארמעליצקע, דזשעלנע, זאמענהאָף — ביז צום צווייטן געטאָ־טויער זאמענהאָף־גענשע.

אונדזער מויער אויף מילנע גאַס, וואָס האָט געגרענעצט מיט דער ארישער זייט איז געווען אַרומגעשטעלט מיט זעלנער פון וואפן־ס. ס. ס'איז שוין נישט געווען קיין מעגלעכקייט ארויסצוגיין אויף דער ארישער זייט. ס'איז אויך אוממעגלעך געווען אריבערצוגיין פון איין זייט מילנע גאַס אויף דער אנדערער זייט, ווארום אויף די חורבות און אויף די מויערן זענען געשטאַנען דייטשישע זעלנער. ווי נאָר זיי האָבן באַמערקט אויף דער גאַס א מענטש, האָבן זיי גלייך צו אים געשאָסן. צו אונדזער בונקער איז שוין אוממעגלעך געווען זיך צוצובאַקומען.

ביינאכט האָבן מיר זיך באַמיט אָנצובינדן א קאָנטאקט מיט אונ־דזער בונקער, — איז אויף אונדז געעפנט געוואָרן א שטארקע שיסעריי פון אלע זייטן. די קוילן האָבן געסווישטשעט פאר דער נאָז, אזוי, אז מיר זענען קוים ארויס מיטן לעבן.

אייניקע פון אונדזערע מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו דער באַ־וועגונג, זענען א טאָג פארן אויפשטאנד אוועק אין גרויסן געטאָ אריין צו די „בערשטן־מאכער" און זיי האָבן שוין נישט באוויזן פון דאָרט צו־ריקצוקומען. איזראַעלסקי, ברוך און נאָך איינער האָבן זיך אין טאָג פונעם אויפשטאנד געפונען אויף דער ארישער זייט און שוין אויך נישט באוויזן צוריקצוקומען צו אונדז.

דערווייל הערן זיך שטאַרקע שיסערייען און אויפרייסן פון געטאָ. ביינאַכט איז דער הימל איינגאַנצן רויט פון פייער.

לאַנגע טעג נאָך דעם, ווי דער אויפשטאַנד איז געווען אין פולן ברען, האָט אויף אונדזער אָפּשניט פון מילנע גאַס געהערשט א טויטע שטילקייט, קיין דייטש האָט זיך ביי אונדז נישט באַוויזן און מיר זענען דאָרט געזעסן, אָפּגעשניטן פון דער אַרומיקער וועלט. אַזאַ לאַגע איז געווען נישט אַרי־בערצוטראָגן: מיר האָבן נישט געקענט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, אין דער צייט ווען נישט ווייט פון אונדז קומט פאָר אַ קאַמף אויף לעבן און טויט.

איך בין געבליבן מיט אַביסל אַמוניציע, האַנט־גראַנאַטן און איי־ניקע רעוואָלווערן. מיר האָבן זיך פאַרטראַכט, צי מען דאַרף נישט אויפ־רייסן די מאַגאַזינען מיט די רוישטאָפן און אויסאַרבעטונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער מילנע גאַס. דאָס וואָלט אָבער געשטעלט אין סכנה דאָס לעבן פון צענדליקער יידן אויף מילנע גאַס, וואָס זענען נישט געווען באַהאַלטן אין בונקער. דורכרייסן זיך מיטן ביסל געווער און אַמוניציע אין געטאָ אַריין, וואָס וואָלט דאָרט זייער שטאַרק צונוץ געקומען, איז אָבער געווען אַן אוממעגלעכע זאַך

אייניקע מאָל האָבן מיר פּראָבירט, ביינאַכט, אויף אַלע פיר זיך צו־צוקריגן דורך די „ווילדע" נישט באַוווינטע גאַסן צום געטאָ. מיר זענען אָבער שיער נישט דערשטיקט געוואָרן פון פייער און רויך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן און מיר האָבן אויך די פּרוּוון געמוזט אויפגעבן.

פאַרשטאַנען האָבן מיר, אַז דער גורל פון אונדזער גרופּע איז א געחתמעטער. די „ווערט־ערפאַסונג" וועט זיך אָן אונדז דערמאָנען אין אהערקומען אונדז ליקווידירן דאָ אויפן אָרט. (שפּעטער האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז צוליב די קאַמפן אויף יענעם אָפּשניט האָבן די „העלדן" פון דער „ווערט־ערפאַסונג" נישט געוואַגט זיך צו רירן פון אָרט.) מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו פאַרבאַריקאַדירן אין דער געביידע פונעם געוועזענעם עמיגראַציע־האָטעל, אויף מילנע 18, און ביליק נישט אָפּצוגעבן אונדזער לעבן.

ביי די זייטן־פענצטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אויף מילנע אין

נאוואליפיע, האבן מיר אוועקגעשטעלט א וואך, זי זאל אונדז מודיע זיין, ווי נאר עס וועט זיך צו אונדז דערנענטערן א דייטשישע אפטיילונג.

פלוצלינג באמערקן מיר דעם ס. ס.־אונטערשטורמפירער שאלצע, וועלכער איז געגאנגען איינער אליין איז דער ריכטונג פון אונדזער הויפט־טויער. מיר ווארטן איבער, צי נאך אים וועלן זיך נישט א שיט טון ווייטערדיקע ס. ס.־לייט. שאלצע שטייט אבער שוין ביים טויער, קלאפט און קלינגט. מער קיין דייטשן האבן זיך נישט באוויזן.

זאלבעפערט גייען מיר אראפ צום טויער, האלטנדיק אויף יעדן פאל גרייט אין די אויבערשטע טאשן די רעוואלווערן און גראנאטלעך. איך עפן דאס טויער און לאז אריין שאלצען. ער זאגט, אז ער איז אונדז געקומען „ראטעווען". אין 2־3 שעה ארום — זאגט ער — וועלן די זעלנער פון וואפן־ס. ס. אהערקומען אין דער געגנט און ווען זיי וועלן דא געפינען, וועלן זיי אויפן ארט דערשיסן. ער לייגט אונדז אלזא פאר מיטצוגיין מיט אים אויף דער ניזקע גאס, וווּ עס זענען גרופירט אלע ארבעטער פון דער „ווערט־ערפאסונג". אונדז — זאגט ער — דראט נישט קיין שום געפאר, ווייל די „ווערט־ערפאסונג" וועט ווייטער בלייבן אין ווארשע. אלע איבעריקע יידן מוזן ווערן „אויסגעזידלט". ווער, אלזא, עס וועט מיט אים מיטגיין, דעם וועט קיין האר פון קאפ נישט פאלן; ווער עס וויל נישט גיין, וועט ער נישט צווינגען, אבער ער נעמט אראפ פון זיך די פאראנטוואָרטלעכקייט פארן לעבן פון די פארבליבענע. א שעה גיט ער אונדז צוצוגרייטן זיך. נאך דעם וועט ער — זאגט ער — נאך אונדז קומען און ווער עס וועט וועלן, וועט קאנען מיט אים מיטגיין. ער מוז אונדז — זאגט ער — פירן דורך א לענגערן וועג, אבער א זיכערן, כדי אויסצומיידן די „יידישע באנדיטן", וואס לויערן אין פארשידענע טיילן פון געטא... ער האט א קוק געטון אויפן זייגער און אונדז געוויזן די שעה, צוגעבנדיק, אז אין א שעה ארום וועט ער דא זיין צוריק.

ווען שאלצע איז פארשוווּנדן, האבן מיר זיך באראטן וואס ווייטער צו טון. ווי עס זאל נישט זיין, דראט אונדז נאך היינט נישט קיין טויט־געפאר, ווייל אנדערש וואלטן זיי זיך מיט אונדז נישט אזוי געשפילט; זיי וואלטן פשוט אראפגעבראכט א פלוטאן ס. ס.־זעלנער און אונדז דא אלע אויסגעשאסן. מעגלעך, אז זיי וועלן עס טון אויף דער ניזקע גאס. האבן

מיר דאַרף צייט דאָרט צו טראַכטן וואָס צו טון. ווי עס זאָל נישט זיין, וועלן מיר דאָרט פאָרט זיין צווישן אַ פּאָר טויזנט יידן.

עס טוט נאָר ווי דאָס האַרץ אויפן געווער און אַמוניציע, וועלכע מיר מוזן דאָ איבערלאָזן. מיטנעמען מיט זיך איז צו געפערלעך, ווייל עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אַ פּאַטראָל וועט אונדז אויפן וועג אָפּשטעלן און רעווידירן. וואָלטן מיר עס כאָטש געקענט אַריינטראָגן אין אונדזער בונ־קער... אָבער אויך דאָס קאָן מען נישט, — נישט מעגלעך דורכצוגיין דאָס שטיקל שמאָלע מילנע געסל און נישט דערשאָסן צו ווערן דורך די דייט־טשישע פּאָסטנס וואָס שטייען אויף די חורבות און מויערן.

מיר באַשליסן צו באַהאַלטן דאָס געווער און אַמוניציע אין אונדזער באַהעלטעניש, ווו דער העלדישער לוטעק ראָטבלאַט האָט געוואָלט אָפּראַ־טעווען די 80 קינדערלעך. דאָרט וועט מען דאָס נישט געפינען, סיידן דאָס הויז וועט אויפגעריסן ווערן, וועלן נאָך אונדזערע גראַנאַטן און אַמוניציע פאַרגרעסערן דעם אויפרייס. יעדנפאַלס — די דייטשן וועלן פון אונדזער געווער קיין נוצן נישט האָבן.

איינער פון אונדזערע חברים (דער יונגער גאָלדבערג פון לאָדזש) האָט געהאַלטן, אַז אין אַ שעה אַרום וועט שאָלצע קומען מיט אַן אָפּטיילונג ס. ס.־לייט און אונדז דאָ אויפן אָרט דערשיסן. „דאָס איז נאָר געווען — האָט ער געזאָגט — אַ טריק פון שאָלצעס זייט, כדי מיר זאָלן זיך אַלע צו־נויפקלייבן און זיין גרייט אויף איין אָרט.” דער געדאַנק פונעם חבר האָט זיך געלייגט אויפן שכל.

מיר באַשליסן ווידער אויסצושטעלן וואַכן ביי די פענצטער און אין פאַל, ווען מען וועט באַמערקן שאָלצען מיט אַ גרופּע ס. ס.־לייט, וועלן מיר זיך גלייך וואַרפן אין אונדזערע באַהעלטענישן נאָכן געווער און פון די פענצטער זיי מאַכן דעם געהעריקן „קבלת פּנים”.

פּינקטלעך צו דער מינוט, אין אַ שעה אַרום, איז שאָלצע געקומען איינער אַליין. מיר זענען אַראָפּ אויפן גאַס; זיך אויסגעשטעלט אין רייען און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אין דער ריכטונג פון ניזקע.

ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקלייבן (מיר זענען געווען אַ 50 - 60 מאַן) אויף דער מילנע גאַס, האָבן די דייטשישע וואַך־פּאָסטנס געעפנט אַ שיסעריי. שאָלצע האָט אָנגעהויבן צו פאָכען מיט דער האַנט

אין זייער ריכטונג און שרייען, זיי זאָלן אויפהערן צו שיסן. ביז זיי האָבן אָפּגעשטעלט די שיסעריי, האָבן מיר זיך אַלע אויסגעצויגן אויף דער ערד און שאַלצע איז שיער אַליין נישט געפאַלן אַ דערשאָסענער פון דייטשישע קוילן. ער איז צוגעלאָפן גאַנץ נאָענט צו די וואך־פּאָסטנס, וואָס זענען געשטאַנען אויפן מויער און מסתמא זיי געזאָגט, ווער ער איז.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָבן מיר אַרויסמאַרשירט פון דער מילנע, איבער קאַרמעליצקע־זאַמענהאָף. ס'איז געווען אַ „שפּאַציר" איבער אַ גיהנום. פון צייט צו צייט האָבן קוילן געסווישטשעט אַרום אונדזערע קעפּ. גאַנצע בלאָקן הייזער זענען געווען אַרומגענומען מיט פייער. די לופט האָט געשטיקט פון רויך און פון פאַרברענטע מענטשלעכע גופים,— ס'האָט אַזש פאַרפּעלט אָטעם.

אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן דייטשישע פּאַטראָלן, וואָס האָבן געפירט אויסבאַהאַלטענע יידן; אַ טייל זענען געווען שטאַרק אָפּגעבריט פונעם פייער. וואָס ווייטער אויף זאַמענהאָף, איז אויסגעקומען פאַרבייצוגיין הרוגים, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַ סך אין דייטשישע, לעטישע און אוקראַינישע מונדירן. אונדז האָט קיינער נישט אָפּגעשטעלט. מיר האָבן געריסן אויף זיך די הויט, וואָס מיר האָבן נישט מיטגענומען מיט זיך דאָס געווער.

ביי זאַמענהאָף 44 איז פון טויער פּלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען דער אָבערשאַרפירער קערבער מיט אַ מאַשין־פּיסטאָל אין האַנט; ער האָט אויף אונדז אַ קוק געטון מיט זיינע מערדערישע אויגן, ווי ער וואָלט אונדז אינגאַנצן נישט געקענט. אפילו זיין „באַליבטן" אַדאָלף פינקעל האָט ער זוי נישט באַמערקט. דערזעענדיק, אַז אונדז פירט דער אונטערשטורמפירער שאַלצע, איז קערבער צוריק אַריין אין טויער, מסתמא האָט ער דאָרט געזוכט אַ בונקער, וואָס איז, אגב, דאָרט געווען און האָט געהערט צו איינעם פון די בעסטע אין געטאָ.

וואָס נעענטער צו דער מילע־מוראַנאָווסקע, האָבן זיך די שיסערייען און דעטאָנאַציעס געהערט אַלץ שטאַרקער און די לופט איז געוואָרן אַלץ הייסער. ענדלעך זענען מיר דערגאַנגען צו דער ניזקע גאַס.

* * *

אויף דער ניזקע דערזע איך פאַר זיך טויזנטער יידן. מען דערציילט פּרטים וועגן אויפשטאַנד. איך רעד מיט קעמפער, וואָס קומען נאָרוואָס פון פראָנט. דאָ, אויף דער ניזקע, איז געשאַפן געוואָרן אַ גוט אָפּשפּרינג־ברעט. די קעמפער ברענגען אַהער גערעטעוועטע יידן פון מוראַנאָווסקע און נאַלעווקעס. זיי האָבן אויסגעהאַקט אין די מויערן דורכגענג פון מו־ראַנאָווסקע אויף ניזקע גאַס, דורך וואַנען זיי ברענגען אַריבער מענטשן.
די מוראַנאָווסקע גאַס שטייט אין פלאַמען. אויף די דעכער פון ניזקע גאַס זעט מען פּוילישע פייערלעשער. זיי היטן, אַז דאָס פייער זאָל זיך חלילה נישט אַריבערכאַפּן אויף דער ניזקע — די רעזידענץ פון דער „ווערט־ערפאַסונג". עס קומט אָפּט צו געשלעגן צווישן יידן און די פּוילישע פייערלעשער, וואָס ווילן ביי דער גוטער, פאַר זיי, געלעגנהייט, „אָפּלעקן אַ פעט ביינדל" און אָנרויבן אַ ביסל יידיש האָב און גוטס. — „איר וועט דאָך סיי ווי אַלע אומקומען" — זאָגן זיי צו די יידן, — „ווילט איר, אַז דאָס אַלץ זאָל בעסער אַריינפאַלן אין די דייטשישע הענט, ווי צו אונדז?!"... — אַזוי ווייזן די אויסוואָרפן זייער אמתן פּרצוף.
אויף דער ניזקע גאַס קאָכט ווי אין אַ קעסל. פון צייט צו צייט פאַר־בלאָנדזשען אַהער די קוילן פון דער מוראַנאָווסקע און פון אַנדערע קאַמף־אָפּשניטן. עס זענען דאָ אויך פאַראַן קרבנות. פון אַזאַ פאַרבלאָנדזשע־טער קויל, איז אויך שיער נישט געטראָפן געוואָרן דער לייטער פון דער „ווערטערפאַסונג" ס. ס. אָבערשטורמפירער קאָנראַד.

די יידישע קעמפער באַמיען זיך נישט אַריינצוציען די ניזקע גאַס אין קאַמף, ביז עס וועט נישט קלאָר ווערן די לאַגע פון די 7 טויזנט יידן, וואָס געפינען זיך דאָרט. מען באַשליסט דערווייל אָפּצוּוואַרטן.
די לייטונג פון דער „ווערטערפאַסונג" פאַרזיכערט, אַז אַלע אָנגע־שטעלטע פון דער „ווערט־ערפאַסונג" וועלן פאַרבלייבן אַלס די איינציקע יידן אין וואַרשע. אַלע דאַרפן באַקומען נייע „לעבנסרעכט־קאַרטן". די־דאָזיקע השערה באַשטעטיקט זיך. קעיזמאַן פון דער „ווערט־ערפאַסונג"־דרוקעריי האָט באַקומען אַן אויפטראָג אָפּצודרוקן 5.000 „נומערן" (לע־בנסרעכט־קאַרטן). אָן ערך צוויי טויזנט געפינען זיך דאָ נישט לעגאַל, אָבער ביי 5.000 מענטשן קאָן מען אַזאַ צאָל אַלעמאָל דעקן. מען באַשליסט דאָך, אַז אין פאַל ווען מען וועט וועלן אונדז פון דאַנען אַרויספירן, וועט

מען נישט גיין פּריווילֶיק. מען וועט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אַנדערע ווידער, האַלטן, אַז די דייטשן וועלן אונדז אַלע אויסשיסן אויף דער ניזקע גאַס.

מיר זיצן אין אַ צימער, ווו עס געפינען זיך אייניקע „פּראַנט־קעמפּער" פון געטאָ. זיי דערציילן אונדז די פּרטים פונעם קאַמף:

„ווען די דייטשן און זייערע וואַסאַלן האָבן זיך דערנענטערט אין גרויסן געטאָ אַריין, האָט זיך אויף זיי אַ שאָט געטון ברען־פלעשער מיט פאָספאָר, האַנט־גראַנאַטן און אַ האָגל פון קוילן. דעם „קבלת פּנים" האָבן זיי באַקומען פון די דעכער און פענצטער, ווו עס האָבן זיך געפונען מיט־גלידער פון „זשאָב" (יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע). דאָס איז געווען דער סיגנאַל פונעם אָנגעהויבענעם אויפשטאַנד.

ביי די דייטשן און זייערע פאַרבינדעטע איז אַנטשטאַנען אַן אומגעהויערע בהלה. זיי זענען געלאָפן איבער די גאַסן און האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע פאַקעלן; זייערע געוואַלטן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קרעכצן פון די גוססדיקע און שווער פאַרוווּנדעטע. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן, זענען זיי פון הינטן און פון די זייטן באַגעגנט געוואָרן מיט אַ שטאַרק פייער, וואָס עס האָבן אויף זיי געעפנט אַנדערע אָפּטיילונגען פון „זשאָב" אונטער דער אָנפירונג פונעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מרדכי אַניעלעוויטש און אריה ווילנער. דאָס איז געווען דער ערשטער גרעסערער נצחון איבער די דייטשן.

אַ צווייטער „זשאָב"־קעמפער פון אַן אַנדערן פראָנט־אָפּשניט דערציילט פאָלגנדיקס:

„— די דייטשישע אָפּטיילונגען, וואָס זענען געגאַנגען מיט זייערע פאַרבינדעטע דורכן געטאָ־טויער פון די נאַלעווקעס אין דער ריכטונג צו מוראַנאָווער פּלאַץ, זענען אַטאַקירט געוואָרן דורך צוויי יידישע קאַמפּס־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג. אונטער אַ שטאַרקן האָגל פון קוילן, מיט וועלכע יידישע קעמפער האָבן זיי אויפגענומען, זענען די דייטשן געצוווּנגען געווען זיך צוריקצוציען, איבערלאָזנדיק אויפן שלאַכטפעלד אַ סך דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. גרויס העלדישקייט האָבן אין דידאָזיקע קאַמפן אַרויסגעוויזן לוטעק ראָטבלאַט מיט זיין גרופּע קעמפער.

א דריטער „זשאַב"־קעמפער דערציילט, אז די אָפּטיילונגען, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון אליעזר געלער און האָבן זיך געפונען אויפן געביט פון טעבענס און שולצס שאָפּן, האָבן פון די דע־כער אראָפּגעשאָסן אויף די מאַרשירנדיקע דייטשן און זיי באַוואָרפן מיט האַנט־גראַנאַטן.

איינער פון די אָנוועזנדיקע לייענט איבער דעם אויפרוף, וואָס די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט ארויסגעלאָזט צו די פּאָליאַקן:

„פּאָליאַקן, בירגער, פרייהייט־זעלנער! ביי די קנאַלן פון האַר־מאַטן, מיט וועלכע די דייטשישע אַרמיי צעשמעטערט אונדזערע מאַמעס, קינדער און פרויען, ביים גערודער פון די מאַשינגעווערן, וועלכע מיר דעראָבערן אין קאַמף קעגן די פּחדנותדיקע דייטשישע זשאַנדאַרמען און ס. ס.; ביים רויך פון פייער און געשטויב פון בלוט פון דעם דערמאָרדעטן וואַרשעווער געטאָ, שיקן מיר אייך, — מיר, שקלאַפן פון געטאָ — א האַרציקן גרוס. מיר ווייסן, אז מיט האַרציקן ווייטיק און טרערן פון מיטגעפיל, מיט באַוואונדערונג און שרעק, קוקט איר זיך צו צום אויסגאַנג פון דעם קאַמף, וואָס מיר פירן זייט עטלעכע טעג מיט דעם גרויזאַמען אָקופּאַנט.

אָבער איר זעט דאָך, אז יעדע שוועל פון געטאָ איז ביז אַצינד און וועט ווייטער זיין א פעסטונג. מיר קענען אַלע אין דעם דאָזיקן קאַמף אומקומען, אָבער מיר ווילן זיך נישט אונטערגעבן. מיר אָטעמען אזוי ווי איר מיטן פאַרלאַנג פון נקמה און שטראָף פאַר אַלע פאַרברעכנס פון דעם געמיינזאַמען שונא. עס גייט א קאַמף פאַר אונדזער און אייער פרייהייט, פאַר אייער און אונדזער מענטש־לעכן, סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן כבוד! מיר ווילן נקמה נעמען פאַר די פאַרברעכנס פון אָשוויענטשים, טרעבלינקע, בעלזשעץ, מאַידאַ־נעק! זאָל לעבן די ברידערלעכקייט פונעם קאַמף און בלוט פון דעם קעמפנדיקן פּוילן! זאָל לעבן די פרייהייט! א טויט די תלינים! זאָל לעבן דער קאַמף אויף לעבן און טויט מיטן אָקופּאַנט!

יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע".

בעת דער אקציע פון ראטעווען יידן פון דער ברענענדיקער מוראנאָווסקע גאַס, וועלכע די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן, און זיי אַרי־בערצוברענגען דורך די אויסגעהאַקטע לעכער — אויף דער ניזקע גאַס, איז אומגעקומען דער העלדישער נתן וואָלפסדאָרף פון זאכאַריאַשס גרופּע. די דייטשן האָבן באַמערקט ווי די קעמפער ראַטעווען די יידן און זיי האָבן געעפנט אַ שיסעריי, אויף וועלכער די יידישע קעמפער האָבן צוריקגעענט־פערט מיט אַ שטאַרק פייער. בעת די דאָזיקע קאַמפן איז געפאַלן דער העל־דישער וואָלפסדאָרף.

מען האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו רעדן, אַז די דייטשן ווילן „עוואַ־קואירן" די ניזקע גאַס, ווייל עס איז דאָרט געוואָרן אַ צענטער פון די „יידישע באַנדיטן", וואָס גנבענען זיך אַריבער פון דער מוראַנאָווסקע גאַס. עס איז שוין אַפילו געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישן אַן אַפּטיילונג ס. ס. וואָס האָט געוואָלט אַריינמאַרשירן אויף ניזקע גאַס מיט דער אָנ־פירונג פון „ווערט־ערפאַסונג", וואָס האָט אויף דעם באַין אופן נישט געוואָלט דערלאָזן. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז לאַנג וועט די לאַגע אַזוי נישט אָנהאַלטן.

* * *

מיר האָבן ווידער נייעס אויף דער ניזקע גאַס. איינער פון די יידן פון דער אַפּראָוויזאַציע פון „ווערט־ערפאַסונג", וואָס איז געווען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, איז געקומען און דערציילט, אַז מען האָט דערשאָסן די אָנפירערשאַפט פונעם „יודענראַט".

ווי נאָר די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט אין געטאָ און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן, האָט אונטערשטורמפירער בראַנדט, אונטער; אויסרייד אַז ער וויל זיי „שיצן", אַרויסגעפירט פון געטאָ דעם לעצטן וואָרשעווער „יודענעלטעסטען" אינזשעניער מאַרק ליכטענבאַום, זיינעביידע פאַרטרעטער: אַדוואָקאַט ד״ר ג. וויעליקאָווסקי און אינזשעניער א. שטאָלצמאַן, ווי אויך אינזשעניער סטאַניסלאַוו שערעשעווסקי און האַנדלס־ריכטער עדוואַרד קאָברינער. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז נאָך זיי געקומען אַן אויטאָ און זיי אַוועקגעפירט אויפן „אומשלאַגפּלאַץ". דאָרט האָט מען זיי אַריינגעפירט אין דער „גרוילגעביידע", וווּ מען פלעגט האַלטן

אַלע „אויסגעזידלטע" יידן. עס איז געקומען אויפן „אומשלאַגפּלאַץ" אַן אומבאַקאַנטער אין וואַרשע ס. ס.־אָפיציר, אויסגערופן זיי ביי די נעמען און אַרויסגעפירט זיי אויפן פּלאַץ נעבן מיסטקאַסטן. דאָרט האָט דער אָפיציר נאָך אַמאָל קאָנטראָלירט, צי דאָס זענען דיזעלביקע מענטשן און דערנאָך, אין קעגנוואַרט פון „אויסזידלונגס"־קאָמיסאַר, דעם ציווילן ס. ס.־מאַן און פאַבריקאַנט וואַלטער טעבענס, דערשאָסן נאָך דער ריי ליכטענבאַומען, שטאַלצמאַנען, וויעליקאָווסקין און שערעשעווסקין.

אַדוואָקאַט וויעליקאָווסקי האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און זיי גע־וויזן זיין „אייזערנעם בריוו", וועלכן ער האָט געהאַט פונעם וואַרשעווער גובערנאַטאָר ד"ר. ל. פישער. דער ס. ס.־אָפיציר האָט גענומען פון אים דאָס פּאַפּיר, אַ שמיס געטון מיט אים איבער וויעליקאָווסקיס פּנים, צע־ריסן עס אויף שטיקלעך און דערנאָך אים דערשאָסן.

די טויטע קערפּערס פון די דערשאָסענע זענען געבליבן ליגן ביים מיסטקאַסטן. עדוואַרד קאָברינער האָט טעבענס געהייסן אַרויסגיין פון דער ריי און אים אַריינגעפירט אין וואַגאָן אַריין אויף „אויסזידלונג". מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל „יודענראַט" אין וואַרשע.

* * *

אַ געטאָ־קעמפער פון מוראַנאָוו, וואָס האָט זיך אַ פאַרוואונדעטער אַריינבאַקומען צו אונדז אויף דער ניזקע גאַס, דערציילט פאָלגענדיקס: די דייטשישע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך גערוקט צום מוראַנאָווער פּלאַץ און געוואָלט אַריין אין געטאָ דורך אַ מויער, וואָס די יידישע קעמפער האָבן אויפגעריסן, זענען בלוטיק אָפּגעשניטן געוואָרן. די דייטשן האָבן מיט פאַרגרעסערטע כוחות אָנגעהויבן צו שטורעמען דעם דאָזיקן אָפּ־שניט. זיי זענען אָבער כסדר צוריקגעשלאָגן געוואָרן דורכן שטאַרקן פייער מצד די יידישע קעמפער. פון די דעכער ראָג־מוראַנאָווסקע און נאַלעווער־קעס האָט מען געשאָסן אויף די דייטשן פון מאַשין־געווער. אויף מוראַ־נאָווסקע 17 האָבן די קעמפער אַוועקגעשטעלט אויפן דאַך אַ מאַשין־געווער און אומאויפהערלעך באַשאָסן דעם שונא. אויפן דאַך פון דעם הויז זענען אויך אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די יידישע און פּוילישע נאַציאָנאַלע פענער

— דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ צייכן, אַז די יידן אין געטאָ האָבן אָנגע־הויבן דעם קאַמף און וואַרטן אויף הילף.

אויסער די יידישע און פּוילישע נאַציאָנאַלע פענער, וואָס מען האָט אַרויסגעהאָנגען אויפן הויז מוראַנאָווסקע 17 און אייניקע רויטע פענער אויף אַנדערע קאַמפּס־אָפּשניטן, האָט מען אין דער גאַנצער ברייט פון די גאַסן, וואָס האָבן געגרענעצט מיט דער אַרישער זייט, אויפגעהאָנגען טראַנספּאַרענטן מיט דער אויפשריפט: „פּאַליאַקן, העלפט!"

די דייטשן האָבן געשטורעמט דאָס הויז אויף מוראַנאָווסקע 17 גאַנצע צוויי טעג, נאָך וועלכע עס איז זיי געלונגען אַראָפּצונעמען די פענער פונעם דאַך.

נאָך ערשטן טאָג פאַרביטערטע קאַמפן האָבן זיך די דייטשן גע־מוזט צוריקציען, איבערלאָזנדיק אַ גרעסערע צאָל דערהרגעטע און פאַר־וווּנדעטע. דאָס געווער, מונדירן און העלמען, האָט מען, פאַרשטייט זיך, באַלד צוגענומען פון די דייטשן.

זעענדיק זייער דורכפאַל, האָבן זיי אַרויסגעשיקט פּאַרלאַמענטאַרן צו די יידישע קעמפער מיטן צוזאָג, אַז אויב זיי וועלן זיך אונטערגעבן, וועט מען זיי באַהאַנדלען ווי קריגס־געפאַנגענע און אַלס אַזעלכע וועלן זיי געניסן פון אַלע רעכט. דער ענטפער פון די יידן איז געווען, אַז צו דייט־טשישע פאַרזיכערונגען קאָן מען נישט האָבן קיין צוטרוי, ווייל זיי זענען נאָך קיינמאָל נישט דערפילט געוואָרן.

עס האָבן זיך אויף ס׳ניי צעפלאַקערט פאַרביטערטע קאַמפן. די יידישע קעמפער האָבן אַרויסגעוויזן אַ פאַנאַטישע אויסגעהאַלטנקייט, פאַרביטערטקייט אין קאַמף און איבערמענטשלעכע גבורה. ביז די דייטשן זענען צוגעקומען צום דאַך, וווּ עס איז געווען דאָס מאַשין־געווער און די נאַציאָנאַלע פענער, האָבן די יידישע קעמפער געקעמפט פאַר יעדן שטאָק, פאַר יעדער טרעפּ, באַוואַרפנדיק די דייטשן מיט קוילן, האַנט־גראַנאַטן און צינד־פלעשער. מיט הוילע הענט האָבן יידישע קעמפער זיך געוואָרפן אויף די דייטשן.

ווען נישט די טאַנקען און אַרטילעריע, וועלכע די דייטשן האָבן אויפן צווייטן טאָג אַריינגעפירט אין קאַמף, וואָלטן זיי די „פעסטונג" נישט גע־קאָנט נעמען. ווען אַ דייטשישער טאַנק האָט זיך דערנענטערט צום הויז

פון מוראַנאָווסקע 17, האָט מען געעפנט אויף אים א שטאַרק פייער און דער טאַנק איז באַלד אַרומגענומען געוואָרן מיט פלאַמען. די דייטשן האָבן טייער באַצאָלט פאַר זייער נצחון אויפן דאָזיקן אָפּשניט, איבערלאָזנדיק אומצייליקע טויטע און פאַרוווּנדעטע. די יידן האָבן, לײדער, דאָרט אויך געהאַט גרויסע פאַרלוסטן.

אין די ערשטע טעג פונעם אויפשטאַנד האָבן די יידישע קעמפער געהאַט אַן איבערוויגנדיקע איבערמאַכט אויף אַלע פראָנט־אָפּשניטן.

גרויס העלדישקייט האָט אַרויסגעוויזן זאַכאַריאַשס (אַרטשטיינס) גרופּע. אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג האָבן זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אויסער די ברידער זאַכאַריאַש אויך משה שיינמאַן, שמואל פּלאָטניצקי און נתן וואָלפסדאָרף.

די קאַמפּס־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון פרענקעל און ל. ראָדאַל (אַ קעלצער יידישער זשורנאַליסט), וואָס איז נישט געווען אָנגעשלאָסן אין „זשאָב", האָט זייער בלאָק פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַרקער פעסטונג, וועלכע די דייטשן האָבן אומאויפהערלעך געשטורעמט; זיי זענען אָבער כסדר אָפּגעשלאָגן געוואָרן מיט די בלוטיקסטע פאַרלוסטן. אויך די־דאָזיקע גרופּע קעמפער האָט צו פאַרצייכענען אויף זייער חשבון גרויס העלדישקייט און מסירת נפש. בעת די קאַמפן איז די אָפּטיילונג פון פרענקעל, ראָדאַל, א. א. געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די „זשאָב"־קעמפער. אין די גורלדיקע טעג זענען פאַרשוווּנדן אַלע פּאָליטישע און פּאַרטייאישע דיפערענצן. אין קאַמף קעגן אַלגעמיינעם שונא איז געבילדעט געוואָרן איין גרויסע שטאָלענע מויער פון יידישע קעמפער, אָן אונטערשיד פון וועלכע עס איז ריכטונגען און שאַטירונגען.

## 2.

## „ווערט-ערפאַסונג" פון ס. ס. ווערט ליקווידירט

דער שטערן פון ס. ס. אָבערשטורמפירער קאָנראַד האַלט אין איין פאַלן. נאָך דעם ווי מען האָט באַשטימט דעם דייטשישן פאַבריקאַנט וואַלטער טעבענס אַלס ליקווידאַטאָר און לעצטן קאָמיסאַר פונעם וואַרשע־

ווער געטא, האָט זיך די פּאָזיציע פונעם ביזאיצטיקן דיקטאטאָר איבערן ווארשעווער געטאָ — קאָנראד, שטארק א וואקל געטון. דעריבער האָט ער מיט אַלע כוחות אַזוי געקעמפּט פאר איינהאַלטן כאָטש דעם קליינעם אָפּ־שניט, וואָס איז אים נאָך איבערגעבליבן אין געטאָ — די „ווערטער־פאסונג״.

ער האָט דאָרט קאָנצענטרירט אַלע יידן, וואָס האָבן געארבעט אין דער „ווערטערפאסונג״ און זיי אריבערגעטראָגן אין זיין „קעניגרייך״ אויף דער ניזקע גאַס. ער האָט געהאָפט, אַז נאָך דעם ווי די זאַוויערוכע וועט אריבערגיין, וועט ער איינהאַלטן די פּאָר טויזנט יידן אַלס שקלאַפן און שאַפן מיט זיי א קליין אינדזל אין דעם אַמאָליקן ווארשעווער געטאָ. גע־מיינט האָט ער דערביי זיכער נישט אונדזער גוטס. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט א מעגלעכקייט צו דעקן זיך און זיינע נאָענטסטע ס. ס.־לייט פון גיין אויפן פראָנט. אויסערדעם האָט ער דאָך אַדאַנק די „נוצלעכע יידן״ געקאָנט פארגרעסערן זיין מיליאָנען־פארמעגן.

ער, פּונקט ווי אַנדערע דייטשן, האָט דאָך שוין געזען, אַז נאָך דער גרויסער מפּלה, וואָס די דייטשישע אַרמייען האָבן געליטן ביי סטאַלינ־גראַד און אַנדערע פראָנטן, איז זייער שפּיל א פארלוירענע. אויף אַזוי ווייט איז נישט געגאַנגען זייער פּאַטריאָטיזם, כדי זיי זאָלן וועלן אוועק־לייגן זייערע קעפּ פאר א פארשפּילטער זאַך. דארף מען דאָך טראַכטן וועגן א תכלית...

ווי געזאָגט, האָבן די קאמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די דערבייאיקע גאַסן, נישט אויסגעמיטן אויך די ניזקע גאַס. ווען קאָנראַד איז שיער נישט געפאַלן א קרבן פון א פארבלאָנדזשעטער קויל, האָט ער געזאָגט צו זיינע יידישע מיטארבעטער: „איר האָט געהאַט מזל. וואָס וואָלט מיט אייך געוואָרן, ווען איך וואָלט דערהרגעט געוואָרן?!״...

אָבער דאָס „מזל״ האָט לאַנג נישט געדויערט. ס׳איז אָנגעקומען א באַפעל פון ס. ס. גענעראַל סטראָפּ אָפּצורייניקן, צוליב סטראַטעגישע טעמים, די ניזקע גאַס. קעגן סטראָפּן איז שוין קאָנראַד מיט זיין קליקע געווען מאַכטלאָז. מען האָט געמוזט אויספירן דעם באַפעל.

ס׳איז אַרויס א פאַראָרדענונג, אַז אַלע אָן אויסנאַם יידן פון דער ניזקע גאַס מוזן מיט זייערע אַלע זאַכן זיך אויסשטעלן אויף דער גאַס,

ווו מען וועט צעטיילן די נייע „נומערן" (לעבנסרעכט־קארטן). אלע וועלן שפּעטער מוזן אריבער אין געוועזענעם קליינעם געטאָ, אויפן געביט פון טעבענס שאָפּ (פּראָסטע, וואליצאָוו).

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די טראגעדיע. א גרויסע צאָל יידן פון דער ניזקע גאַס זענען דאָך נישט געווען קיין אָנגעשטעלטע פון דער „ווערטערפאַסונג". דאָ זענען זיך דאָך צונויפגעקומען אלע די, וואָס האָבן זיך ארויסבאַקומען פון די קאמפּס־אָפּשניטן, פון די ברענענדיקע הייזער, א. א. דורך אויסגעהאַקטע מויערן, דורך אונטערערדישע גענג, דורך די דעכער, זענען זיך דאָ צונויפגעלאָפן טויזנטער יידן, כדי דאָ צו געפינען א מקום מקלט. ס'איז דעריבער אויסגעבראָכן אַן אומבאַשרייבלעכע פּאַניק.

קיין צוריקוועג איז אָבער שוין נישט געווען. האָט יעדער געבויט אויף „זיין שטערן", אויף זיין מזל און זיך געשטעלט צוזאמען מיט די איבעריקע אויף דער ניזקע גאַס. יעדער איינער האָט געזוכט זיינע באַקאַנטע יידן און זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע, ווו זיינע באַקאַנטע זענען געווען.

די גרופּעס זענען געווען אויסגעשטעלט לויט זייער אָנגעהעריקייט צום „שאָפּ", צו זייער ארבעטפּלאַץ. איך האָב געהערט צו די מעטאַל־ארבעטער פון דער מילנע גאַס. נעבן מיר זענען געשטאַנען מיינע געוועזענע „באַלעבאַטים" — פּאַוועלסקי, וואסערקענער און דוד העלפּמאַן. איך האָב ארייננגענומען אין אונדזער גרופּע אייניקע באַקאַנטע פון ליקווידירטע שאָפּן פון „ווערטערפאַסונג", ווי: אליעזר נאָמבערג (געוו. מיטארבעטער פון „מאָמענט", זון פון ה. ד. נאָמבערג), אדוואָקאַט האַוזווירט און דעם מיטאינהאַבער פונעם שאָפּ „אָקסאַקאַ" — מאָרגענבעסער, וועלכער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. ער איז אראָפּ גלייך פון בעט נאָך א טיפוס־קראַנקהייט, זיין „שאָפּ" איז ליקווידירט געוואָרן און ער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן פון דער שטשענשליווע גאַס און זיך אריינבאַקומען אויף ניזקע, צו דער „ווערטערפאַסונג". ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט ביי זיך א גרויסן בריליאַנט און וואָלט אים גערן אוועקגעגעבן דעם, וואָס וואָלט אים אריבערגעפירט אויף דער אַרישער זייט, וואָרום ס'זענען אָנגעקומען פאַר אים פון דרום־אמעריקע פּאַפּירן אלס אויסלענדישער בירגער . . .

דערווייל זענען אויסגעשטעלט געווארן די רייען; די זאכן אויף די פורן — פון הינטן. די דייטשן האבן דערלויבט אונדז מיטצונעמען אלע זאכן. איצט האט מען נאר געווארט אויף „נאטשאלסטווע", זיי זאלן צע־טיילן די „נומערן" און דער צוג זאל רירן דורך דער ארישער זייט — אויף פראסטע גאס. דורכן געטא האבן די דייטשן מורא געהאט, צוליב די קאמפן, וואס זענען אנגעגאנגען, צו פירן אזא גרויסע מחנה יידן.

מיר, פון דער מילנע גאס, האבן באקומען א דערלויבעניש צו ברענ־גען אונדזערע זאכן אהער. דוד העלפמאן האט מיר פארגעלייגט מיטצו־פארן. איך האב דערפון רעזיגנירט. כ'האב עס געהאלטן פאר נאריש צו טראכטן איצט וועגן ראטעווען זאכן. איצט דארף מען ראטעווען דאס לעבן.

העלפמאן האט באקומען א וואגן מיט א פאר ס. ס.־לייט און איז צוריקגעקומען מיט א פור, איבערפולט מיט טשעמאדאנעס. צווישן אנדערן האט ער אויך געבראכט מיינעם א גרויסן טשעמאדאן מיט זאכן.

מיר זענען שוין אלע געשטאנען אויסגעשטעלט און אלץ געווארט, מען זאל צעטיילן די „לעבנסרעכט־נומערן". א נערוועאישע שטימונג האט זיך געלאזט באמערקן ביי „אונדזערע" ס. ס.־לייט פון דער „ווערט־ערפאס־סונג". קאנראד און די איבעריקע „גדולים" האלטן די „נומערן" אין די הענט, אבער מען זעט, אז זיי ווארטן נאך אויף עמיצן. ס'האט נישט לאנג געדויערט און ס'איז אנגעקומען א קליינער אויטא, פון וועלכן עס איז אויסגעשטיגן אן אומבאקאנטער ס. ס.־אפיציר און איינגערוימט עפעס קאנראדן אין אויער אריין. קאנראד האט צוגערופן די איבעריקע ס. ס.־אפיצירן זיינע און ס'האט זיך אנגעהויבן א געשפרעך, וואס האט גע־דויערט סך הכל אייניקע מינוט. באלד נאך דעם איז דער אומבאקאנטער ס. ס.־אפיציר אפגעפארן מיט זיין אויטא.

נאך א קורץ שטילשווייגן האט קאנראד אויפגעהויבן די האנט און געגעבן א צייכן, אז ער וויל עפעס זאגן. א טויטע שטילקייט האט ארומ־גענומען די טויזנטער מאסע מענטשן. אלע אויגן און אויערן זענען געווען אנגעשטעלט אין דער ריכטונג פון די טרעפ, אויף וועלכע עס איז געשטא־נען דער ריז קאנראד. ער האט אנגעהויבן מיט א נישט־זיכערן טאן און קודם כל אונדז פארזיכערט, אז עס דראט אונדז נישט קיין שום געפאר,

ווייל מיר וועלן אַלע קריגן „נומערן", אָבער נישט דאָ, נאָר ער וועט אונדז אוועקפירן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ", וואָס ליגט דערנעבן, און דאָרט צעטיילן די „נומערן". שפּעטער וועט מען אונדז אַלע אָפּפירן, צוזאַמען מיט די זאַכן, אויף דער פּראָסטע גאַס.

אַ שוידער איז דורך די מאַסע. עס האָבן זיך דערהערט זיפצן און קרעכצן: „אומשלאַג־פּלאַץ!"... הייסט עס, אַז מען גייט אונדז אוועקשיקן! קיין טרעבלינקע אָדער מאַידאַנעק! ס'איז נישט געבליבן קיין צייט צו באַטראַכטן די סיטואַציע. שוין צו שפּעט אַנצונעמען באַשלוסן.

דער צוג האָט גערירט פון אָרט. יעדער האָט גענומען זיין טשעמאָדאַן. איך באַשליס מיין באַגאַזש נישט צו נעמען און לאָז דעם שווערן טשעמאָדאַן ליגן אויף הפקר, אויף דער גאַס. דאָס קאָן מיר נאָר שטערן אין מיין ווייטערדיקן עטאַפּ.

מיין ריי געפינט זיך שוין ביים אומשלאַג־פּלאַץ. אויפן וועג בעט מיך פרידלאַנד, מיין חבר פון מילנע גאַס, וואָס איז באַלאָדן מיט זאַכן, אַזוי. אַז ער ברעכט זיך אַזש איין אונטער דער שווערער משא, איך זאָל אַ ווײַלע האַלטן זיינס אַ פּעקל. איך האָב עס גענומען אונטערן אָרעם.

ווי נאָר מיר זענען אַרויף אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ", איז געוואָרן אַזאַ געיעג, אַז אַלע האָבן זיך פאַרלוירן און איינער איז געלאָפן איבערן צווייטן. אויף די דעכער פון די געביידעס אויפן „אומשלאַג" זענען געלעגן ס. ס.־לייט מיט מאַשין־געווער גרייט צום שיסן. מען האָט אונדז צוגעיאָגט צו די וואַגאָנען און געהייסן זיך אויסשטעלן אויפן פּלאַץ פאַר די וואַגאָנען אין דער פאָרעם פון אַ „ד".

דערזעענדיק די וואַגאָנען, האָב איך מיר אַ טראַכט געטון: מיר זענען דערליידיקט, זיי האָבן אונדז פיין אַריינגענאַרט. איך בין געוועזן גליקלעך, וואָס כ'האָב געהאַט מיט זיך אַ שמאָל זעגעלע צו זעגן אייזן. איך וועל זיך נישט לאָזן פירן אין קיין טויט־לאַגער. אויפן וועג — האָב איך מיר געטראַכט — וועל איך אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן און ווער ס'וועט וועלן, וועט קאָנען נאָכטון מיין ביישפּיל.

פּלוצלינג דערזע איך פון דערווייטנס טעבענסן, אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע ס. ס.־לייט, וועלכע ער גיט אַרויס באַפעלן. קאָנראַד שטייט אַ ביסל ווייטער, ווי אַ שול־יינגל, וועלכן מען האָט פאַרשעמט. צו טע־

בענטן גייען צו איינציקע העכערע אָפיצירן, וואָס זענען נאָרוואָס געקומען צו פאָרן און נאָך אַ קורצן געשפּרעך גיט טעבענס אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע מעטאַל־אַרבעטער צווישן אונדז זאָלן אַרויסגיין פון דער ריי און צוגיין צום אָרט, ווו די גרופּע דייטשן שטייען. 300 מעטאַל־אַרבעטער קאָנען זיך מעלדן.

אין דעם אויגנבליק האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטון אַהין מאַסן יידן. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצולויפן פון אַלע רייעס, כדי וואָס גיכער צוצוקומען צום באַשטימטן זאַמל־אָרט. דער לעבנס־אינסטינקט האָט יעדן איינעם דיקטירט, אַז איצט איז דער פּאַסיקסטער מאָמענט אָנ־צוגעבן זיך אַלס מעטאַל־אַרבעטער. מען האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט אויף אַ צייט ראַטעווען פון טויט.

אויף אַ געגעבענעם באַפעל פון טעבענסן, וואָס איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה ס. ס.־לייט, האָבן די דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די דעכער, געעפנט אַ שיסעריי אויף דער גאַנצער מאַסע יידן. די דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן אומשלאַגפּלאַץ האָבן אויך אָנגעהויבן צו שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן. טויטע און פאַרוואונדעטע. עס איז געוואָרן איין גרויסע בלוט־מאַסע.

איך בין אַוועקגעטראָגן געוואָרן מיטן שטראָם און געבליבן אין דער פאָדערשטער גרופּע. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די שיסעריי, האָבן אַ סך מענטשן אָנגעהויבן צוריקצולויפן אין דער ריכטונג פון די וואַגאָנען. טעבענס האָט באַפוילן דער יידישער פּאָליציי, וואָס איז נאָך געווען טעטיק ביי דער „ווערט־ערפאַסונג", אַז זי זאָל אָפּטיילן אונדזער גרופּע פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ". די יידישע פּאָליציי־לייט האָבן געבילדעט אַ לאַנגע קייט, אָנגענומען זיך פעסט ביי די הענט און אויסשטעלנדיק זיך אין דער גאַנצער ברייט, אָפּגעטיילט אונדזער גרופּע פון די איבעריקע יידן. ווען די שיסעריי האָט נישט אויפגעהערט, האָבן אַ סך פון אונדזער גרופּע, וואָס איז אומאויפהערלעך באַשאָסן גע־וואָרן פון אַלע מינים געווער, זיך געריסן אין דער ריכטונג צו די וואַגאָנען. נישט קאָנענדיק זיך שנעל דורכקריגן, האָבן זיי מיט כח איבערגעריסן די קייט פון דער פּאָליציי און אַרויס פון געפאַר. באַלד זענען אָבער צוגעקור־

מען באוואָפנטע ס. ס.־לייט און פארשטארקט די וואך, פארשטעלנדיק אזוי ארום דעם וועג אויף צוריק.

אונדזער גרופע איז באשטאנען פון איבער טויזנט מענטשן. ווי נאָר דער ס. ס.־מאן האָט געמאָלדן, אַז נאָר 300 יידן — און דאָס בלויז מעטאל־ארבעטער — וועלן אוועק אין אַן ארבעטס־לאגער, איז געוואָרן אַן אומבאשרייבלעכע מהומה אין אונדזער גרופע. יעדער איינער האָט זיך באמיט צו זיין פון די ערשטע אין די פאָדערשטע רייען, כדי, חלילה, נישט ארויסצופאלן פון דער, דורך די דייטשן, באשטימטער צאָל. מען האָט אָנגעהויבן ממש צו פליען איינער איבערן אנדערן. איינער האָט צעטרעטן דעם צווייטן. מען איז געלאָפן איבער קינדער, פרויען און עלטערע יידן. דאָס מאשין־געווער האָט נישט אויפגעהערט צו ארבעטן און געזייט טויט אויף רעכטס און אויף לינקס. דאָס האָבן די דייטשן, משמעות, געוואָלט פארקלענערן די גרויסע מענטשן־מאסע און אויפן אויג איבערלאָזן בלויז 300 יידן.

איך ווייס נישט מיט וואָס פארא כוחות איך האָב זיך געהאלטן און נישט אומגעפאלן, נישט צעטרעטן געוואָרן בעת דער מהומה, בעת דעם געדראנג. פלוצלינג האָט אַן עלטערער ס. ס.־מאן, מיט א שניי־ווייסן קאָפּ האָר און גוטמוטיקן פּנים, וואָס איז די גאנצע צייט געשטאנען און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, ווי ער וואָלט באדויערט די פיל קרבנות, וואָס זענען געפאלן, זיך דערנענטערט צו א פארוואונדעטן ייד (א קוזין פון מיין שאָפּ־באלעבאָס פּאוועלסקי), וואָס איז אנידערגעפאלן נעבן מיר מיט א צעשאָסענעם פוס. ער האָט אים גוטמוטיק געפרעגט, וואָס עס איז אים געשען. דער ייד האָט, קרעכצנדיק, אָנגעוויזן דעם דייטש אויף זיין פארוואונדעטן פוס. אויף דעם האָט דער „גוטמוטיקער" דייטש מיט א רחמנות־פּנים געזאָגט: „אָרעמער, אָרעמער" — און לאנגזאם ארויסגענומען זיין קליינעם רעוואָלווער פונעם שייד און איידער איך האָב זיך באוויזן צו אָריענטירן, איז דער ייד שוין געלעגן א טויטער מיט א דורכגעשאָסענעם קאָפּ... דער דייטש האָט זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף זיין קרבן, נאָר ווייטער געזוכט אין אונדזער גרופע פארוואונדעטע, וועלכע ער האָט אויפן זעלביקן אופן ליקווידירט.

אין משך פון דער צייט האָט מען דערוויי֞ל א פּאָר גרופּעס יידן (פון דער רוימונגס־קאָמאַנדע) אַרויסגעפירט פונעם אומשלאַג־פּלאַץ און דורך דער אַרישער זייט זיי אָפּגעפירט אויף דער פּראָסטע גאַס, אין געביט פון טעבענס שאָפּ. צווישן דער גרופּע האָב איך באַמערקט מענדעלסאָנען (שלמה מענדעלסאָנס ברודער), פּיעפּש (פון לאָדזש), משה פּאַגעל, אינזשיניער רינג, די ברידער פרענקעל, ניימאַן, א. א.

איצט האָט מען זיך גענומען צו אונדז. מען האָט אָנגעהויבן ציילן. מיר האָבן, אויף א קאָמאַנדע, זיך אויסגעשטעלט אין לאַנגע, ברייטע רייען און 2 ס. ס.־לייט האָבן אָנגעהויבן צו ציילן. איך האָב זיך געפונען זייער ווייט פון די ערשטע אין דער גרופּע און איך בין געווען איבערצייגט, אַז איך וועל שוין זיין אויסער די 300 און ממילא וועט מיין אָרט זיין אין איינעם פון די וואַגאָנען, וואָס זענען געשטאַנען גרייט אונדז אויפצונעמען. מען האָט שוין געהאַלטן נאָענט פון די 300 און איך האָב געהערט צו די לעצטע אין דער גרופּע. ווען דער דייטש האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן „300", זענען די איבעריקע דייטשן, מיט די אויטאָמאַטן אין דער האַנט, תיכף צוגעשפּרונגען צו די איבעריקע יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט דאָס מזל צו געהערן צו דער געפּאָדערטער צאָל, און מען האָט זיי, מיט באַגלייטונג פון קלעפּ, אָנגעהויבן צו שטופּן אין דער ריכטונג פון דער גרויסער מענטשן־מאַסע, וואָס איז שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט פאַר די וואַגאָנען.

צוקומענדיק צו דער קייט פון די יידישע פּאָליציאַנטן, האָבן די ס. ס.־לייט, וואָס האָבן צוגעהאָלפן דער יידישער פּאָליציי האַלטן אָרדענונג, זיך צוריקגעצויגן און אינאיינעם מיט די איבעריקע דייטשן, אָנגעהויבן צו טרייבן די יידישע פּאָליציאַנטן, צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן, אין דער ריכטונג פון די וואַגאָנען. די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. מען האָט די גאַנצע מענטשן־מאַסע, צוזאַמען מיט די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן צוגעהאָלפן אויסצופירן די דייטשישע באַפעלן, אַריינגעשטופּט אין די פי־וואַגאָנען . . .

3.

# מען פירט מיך אין לאַגער

די גרופּע פון די 300, אין וועלכער איך בין אויך געווען, האָט מען אויסגעשטעלט אין פינפטלעך, ארומגעשטעלט אונדז מיט ס. ס.־לייט, — און ס'איז געפאַלן אַ באַפעל: מאַרש.

שווייגנדיק האָבן מיר פאַרלאָזט דעם טויט־פּלאַץ, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „אומשלאַגפּלאַץ". צום לעצטן מאָל האָב איך געוואָרפן אַ בליק אַרום זיך. געזען צענדליקער באַקאַנטע פּנימער, וואָס האָבן מיט קנאה באַגלייט אונדזער צוג. מיט די בליקן האָבן מיר זיך געזעגנט. קיי־נער פון אונדז האָט דעמאָלט זיכער נישט געטראַכט, אַז ער וועט נאָכ־אַמאָל ווען עס איז דעם צווייטן באַגעגענען.

ס'איז שווער געווען צו גיין איבער די פונאַנדערגעוואָרפענע הרו־גים. מען האָט זיך באַמיט זיי פאַרבייצוגיין, אָבער נישט אַלעמאָל איז דאָס געלונגען, ווייל מ'האָט אונדז מכבד געווען מיט געזונטע קלעפּ און מען האָט געמוזט מיטהאַלטן טריט.

מיר זענען שוין אויף יענער זייט „אומשלאַגפּלאַץ", אויף דער אַרישער זייט. אַ טייל דזשיקע גאַס, וואָס איז געלעגן נעבן טויער פונעם „אומשלאַג־פּלאַץ", איז געווען אַרומגעשטעלט פון פיל פּוילישע פּאָליציי און געציילטע דייטשישע זשאַנדאַרמען. זייער אויפגאַבע איז געווען נישט צוצולאָזן צו אונדז קיינעם. פּלוצלינג, ווען מיר זענען אַזוי געשטאַנען ביים מויער (פון דער אויסערלעכער זייט פון „אומשלאַג־פּלאַץ"), איז געפאַלן אַ באַפעל: האַלט! — וואָס איז דאָס — טראַכט איך מיר, — מען וועט אונדז אפשר נאָך צוריקפירן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ"?! אָבער ס'איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן. אַ צווייטער באַפעל: פאַלן אויף אַלע פיר מיטן פּנים צו דער ערד, לענגאויס דער גאַנצער מויער... ס'איז קלאָר געווען, אַז מען גייט אונדז אַלע אויסשיסן.

איך ליג שוין אויסגעצויגן אויף דער ערד. נעבן מיר — מיין חבר

דוד העלפמאן, וועלכער האט אנגעהויבן פון שרעק צו חלשן. ער האט נאר באוויזן ארויסצוזאגן איין ווארט: „געענדיקט" — און שוין פאר־גלאצט די אויגן. וואס טוט מען מיט אים? אנהויבן אים מינטערן, אדער אפלאזן, — אפשר וועט עס נאר זיין פאר אים א טובה: ער וועט נישט פילן די קויל, וואס ער וועט באלד באקומען. נישט ווינסדיק פארוואס, האב איך אים, נישטבאמערקטערהייט, אנגעהויבן שטארק צו קנייפן... מסתמא האט דאס אים דערמינטערט. ער האט אנגעהויבן שטארק צו ברעכן און געמאכט אונטער זיך...

צום שלימזל בין איך געווען דער ערשטער פון דער ריי. ווען איך האב דערהערט הינטער זיך דאס רעפעטירן פון די ביקסן, האב איך פעסט איינגעגראבן דעם קאפ אין דער ערד און פארמאכט די אויגן, כדי לייכ־טער — ווי עס האט זיך מיר אויסגעוויזן — אויפצונעמען דעם טויט. אפנים, אז דער טויט קומט נישט דעמאלט, ווען מען דערווארט אים. איך, און די אלע איבעריקע יידן האבן דאך נישט אויפגעהערט צו ווארטן אויף אים. ווי עס ווייזט אויס, איז אונדז נאך באשערט געווען דורכצומאכן א לאנגן וועג.

שנעל האב איך פארגעסן וועגן מיין באשלוס צו האלטן פארמאכט די אויגן און איך האב בגנבה געקוקט אויף אלע זייטן. פון לינקס — א באוועגונגלאזע מאסע, אויסגעצויגן אין איין ריי אויף דער ערד, נעבן א קאלטער מויער, וואס האט אפגעטיילט ווי אן אייזערנער פארהאנג — די פרייע וועלט, ווו מענטשן האבן נאך געלעבט פילווייניק נארמאל, גע־האט א רעכט צו עטעמען די לופט, פאר וועלכער די צווייטע זייט מויער איז א פארענדיקט לעבן, — א יידיש לעבן, פארמשפט אויף גאז, אויף קרעמאטאריע, אויף טויט; א וועלט, וואס איז פארמשפט צום אונטערגאנג.

פון יענער וועלט („אומשלאג־פלאץ") הערן זיך שאסן, געשרייען און טויט־זיפצן. און דו מוזט דא ליגן און גלייכגילטיק ווארטן ווי א שעפעלע אויף דער שחיטה.

אבער וואס שפילן זיי זיך אזוי לאנג מיט אונדז; פארוואס שיסן זיי אונדז נישט אויס? צו וואס איז געווען דער גאנצער אנשטעל, אז אויב עמיצער פון אונדז וועט אויפהויבן דעם קאפ, אדער אפילו זיך א ריר טון, זועט תיכף — ווי זיי האבן אונדז געמאלדן ביים אנהויב — דערשאסן

ווערן. זיי האָבן דאָך סיווי באַשלאָסן אונדז צו דערשיסן, אַנדערש וואָלטן זיי דאָך אונדז אַלע דאָ נישט געהייסן זיך אַזוי אויסלייגן...

פּלוצלינג, אַנשטאָט צוצודריקן פעסט די אויגן — ווי איך האָב עס געהאַט בדעה צו טון, האָב איך אינסטינקטיוו אַ בויג געטון דעם קאָפּ אין דער רעכטער זייט — און איך זע: מ'פירט אַ גרופּע יידן. כ'דערקען אַלטע באַקאַנטע. אין דער גרופּע געפינען זיך, צווישן אַנדערע — ד"ר יצחק שיפּער מיט זיין משפחה, דער דראַמאַטורג מאַרק אַרנשטיין און — בראש פון זיי גייט מיט פעסטע, זיכערע טריט — רעדאַקטאָר מ. לייזע־ראָוויטש... מען פירט זיי אַריין אויפן אומשלאַג־פּלאַץ.

אין דעם אויגנבליק דערהער איך הינטער זיך אַ שיכור דייטשיש קול: „אַאופשטיין"! — די גאַנצע מאַסע שפּרינגט־אויף ווי איין מענטש, ווי קיינער וואָלט נישט געחלשט, ווי ס'וואָלט מיט קיינעם גאָרנישט געשען.

וויפיל שעה מיר זענען אַזוי געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, ווייס איך נישט, וואָרום יעדע מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ שעה. איינס איז זיכער, אַז לאַנגע, לאַנגע שעהען, האָט מען אונדז אַזוי אָפּגעהאַלטן אין אומקלאָרקייט. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ גראָבן, אָנגעפרעסענעם דייטש אין עפּעס אַ מאָדנעם אוניפאָרם, וואָס איז געווען ענלעך צו די פראַנצויזישע מיליטערישע פאַרמלחמהדיקע מונדירן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ מאַשין־פּיסטויל, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אויף אונדז; נעבן אים — אַ ריזיקער הונט, וועלכן ער האָט געהאַלטן אויף אַ קייט. איך קוק זיך אַרום: פון אַלע זייטן — די זעלביקע גראָבבייכיקע, אָנגעפרעסענע מאָדנע מונדירטע דייטשן מיט די זעלביקע גרויסע וועלף־הינט. זיי זענען געווען אפשר הונדערט שטיק.

מען האָט, אַלזאָ, צוגענומען די ס. ס.־לייט און אויף זייער אָרט גע־בראַכט די נייע חברה. אין מיטן גאַס איז געשטאַנען אַן אָפענער אויטאָ, אין וועלכן ס'זענען געזעסן איינציקע אָפיצירן, אין די זעלביקע העל־בלויע מונדירן. איינער פון זיי איז אַרויסגעגאַנגען פון אויטאָ, צוגעגאַנגען צו אונדז און געפרעגט, ווער פון אונדז איז אַ שניידער, אָדער אַ שוסטער. אַ מינוט שטילשווייגן. דער עולם האָט זיך, נאָך דער לאַנגער ליג־טעראַ־פּיע, וואָס מען האָט דורכגעמאַכט, אַ ביסל שוואַך אָריענטירט. מען האָט נאָך נישט געקאָנט תופס זיין די געשטעלטע פראַגע. מען האָט נאָך נישט

געוווּסט, צי דאָס באַטייט טויט, צי — לעבן. מיט דעם מאַסשטאַב האָט מען דעמאָלט געמאָסטן אַלע דערשיינונגען, אַלע באַפעלן, דערקלערונגען און פראַגן. דער דייטש חזרט איבער די פראַגע און גיט צו: „שניידער און שוסטער — אויף רעכטס; אַלע איבעריקע — בלייבן אויפן אָרט".

ווי מיט אַ מאַגנעטיש שטעקעלע געפירט, זענען פּלוצלינג כמעט אַלע פון דער דרייהונדערט „מעטאַל"־אַרבעטער־מאַסע געוואָרן שניידער און שוסטער און פונקט אַזוי ווילד, ווי בעתן אויסרופן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ" אַלע מעטאַל־אַרבעטער, האָבן זיי זיך איצט אַ לאָז געטון אויף רעכטס. מענטשן זענען דערביי אומגעפאַלן, מען איז געלאָפן איינער אי־בערן אַנדערן, געטרעטן אויף לעבעדיקע מענטשן און געלאָפן מיט אַזאַ התפּעלות, ווי די גאולה וואָלט געקומען. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער כאַאָס אין אונדזער גרופּע.

די דייטשן האָבן זיך, משמעות, דערשראָקן פאַר דער „רעוואָלו־ציע" און האָבן אָפּגעלאָזט די הינט פון די קייטן. אַזוי ווי איך האָב זיך נישט געשטופּט — דאָס האָב איך ביי קיין שום סיטואַציע נישט געטון — בין איך געבליבן שטיין אויפן זעלביקן אָרט, ווו איך בין פריער גע־שטאַנען. די הינט, צערייצט פונעם טומל, האָבן זיך מיטן גאַנצן אימ־פּעט אַ וואָרף געטון אויף דער מאַסע מענטשן. אויף מיר האָט זיך פון הינטן אַ וואָרף געטון אַ וואָלף־הונט און מיט אַזאַ כח איינגעביסן זיך אין מיין הינטער־חלק, אַז פונקען זענען מיר געפלויגן פאַר די אויגן. איך האָב נאָך באַוויזן פון הינטן אַ קאַפּע צו טון מיטן פוס דעם הונט און איך בין אַנידערגעפאַלן אין גרויסע יסורים. די גאַנצע צייט האָב איך געהערט געשרייען פון די צעביסענע, וואָיען פון די הינט און פון די דיי־טשישע היטער. אייניקע שאָסן, וואָס זיי האָבן געגעבן, האָט מיטאַמאָל איינגעשטעלט די אָרדענונג. אַלע זענען געבליבן אויף די פּלעצער, ווי פאַרגליווערט. אויך די הינט זענען שוין געשטאַנען ביי די פיס פון זייערע הינטישע באַלעבאַטים — די דייטשישע פּאָליציי־לייט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען דאָס געווען דייטשישע באַן־פּאָליציאַנטן.

ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט אַ פּאַרטיקע גרופּע — אַגב אַ גאַנץ גרויסע — פון שוסטער און שניידער, האָט מען אונדז פאַרטיילט אין צוויי באַזונדערע אָפּטיילונגען, אַרומגערינגלט אונדז פון אַלע זייטן

מיט די באַן־זשאַנדאַרמען און זייערע הינט און ס'איז געפאַלן אַ באַפעל צום מאַרש.

* * *

די ערשטע גרופּע איז אוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען זיי אָפּגעפירט אין אַ לאַגער פון דער „אָסטבאַן—וועסט". איך האָב זיך געכאַפּט, אַז כ'האָב נאָך אַלץ ביי זיך דאָס פּעקל וואָס מיין חבר פרידלאַנד האָט מיר איבערגעגעבן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ" און איך האָב זיך אַליין געוווּנדערט, ווי אַזוי איך האָב עס נאָך געקאָנט אָפּהיטן און נישט אַרויסלאָזן פון די הענט, האָבנדיק דורכגעמאַכט אַזאַ שווערן טאָג. איך האָב באַין אופן נישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי כ'האָב עס נישט פאַרלוירן. אָבער פּונקט אַזוי ווי איך ווייס נישט ווי אַזוי עס האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט, ווי עס וואָלט געווען מיט מיר איין גאַנצקייט, ווייס איך נישט ווי אַזוי כ'האָב עס נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט בעתן פאַלן, לויפן, שיסן, א. ד. ג. איצט האָב איך נאָר געהאַט פאַרדרוס, וואָס כ'האָב דאָס פּעקל נישט באַוויזן איבערצוגעבן זיין אמתן באַלעבאָס, מיין חבר יוזשעק פרידלאַנד, וואָס איז צוזאַמען מיט זיין פרוי גינאַ אַריינגעפאַלן אין דער גרופּע, וואָס איז אָפּגעפירט געוואָרן אויף „וועסט". מילא, אַז איך האָב עס שוין ביז איצט געהאַלטן און נישט אוועקגעוואָרפן, וועל איך עס שוין ווייטער אויך האַלטן, הגם עס האָט געוווויגן אַ שיינע פּאָר קילאָ. וואָס דאָרט איז געווען, האָב איך נישט געוווּסט, אָבער געפילט האָב איך, אַז עס געפינט זיך דאָרט עפּעס אַ הארטע זאַך.

ערגער איז אָבער געווען דאָס אַנדערע געפיל — עפּעס אַ וואַרעמע פליסיקייט אונטער די הויזן און אויף די פיס, — אַ קלעפּיקע וואַרעמקייט.

ווען איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף מיינע פאַנטאָפל, האָב איך דערזען בלוט. איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פון וואַנען עס נעמט זיך די וואַרעמקייט. ערשט איצט האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק און ברענען אין הינטער־חלק פון דעם ביס פונעם הונט...

ס'איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע קלייניקייטן. מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויף אָקאָפּאָווע גאַס. אונדזערע

דייטשישע באגלייטער האבן געהאלטן די אויטאמאטן אין די הענט, גרייט ביי יעדן פרוּוו אונדזערן צו אנטלויפן — צו שיסן. אבער קיינער פון אונדז האט אין דעם מאמענט זיכער נישט געטראכט צו אנטלויפן פון די טאפלטע הינט: פון די הינט מיט די אויטאמאטן און די הינט מיט די שארפע ציין, וואס האבן נאר געוואַרט אויף א צייכן צו ווארפן זיך אויף זייער קרבן.

אבער וווּהין פירט מען אונדז? עפּעס פירט מען דאך אונדז הין און צוריק, איבער דיזעלביקע גאסן. אט זענען מיר שוין פארבייגעגאנגען די כלאדנע גאס און איצט האט מען אונדז, דורך זייטיקע גאסן, ווידער אהערגעבראכט אויף דער כלאדנע גאס.

אונדזער פּראצעסיע האט ארויסגערופן אויפמערקזאמקייט ביי די פארבייגייער. אין קליניקייט: מען פירט יידישע „פאַוסטאנצעס" (אויפשטענדלער). פארשידנארטיק האבן די פאליאקן רעאגירט אויף דעם באַוועגלעכן „ספעקטאקל"... אט שטייט אן עלטערע קריסטין און פארברעכנדיק די הענט, רופט זי אויס: „יעזוס מאריא, וואס וויל מען פון די אָרעמע" . . .

אט זעט מען א כוליגאן, וואס שרייט אונדז נאך — „דא פּאלעסטיני!" — א צווייטער — „דא וויסלי!" (אין ווייסל אריין). אייניקע חוזקן אפּ. אנדערע פילן מיט. ביי א פּרוי באמערק איך ווי זי ווישט זיך די אויגן פון טרערן; אט זע איך אן עלטערע פרוי, וואס זידלט א פּאר קליינע כוליגאנעס, וואס שפעטן אונדז נאך. אויף פּלאַץ קאזשימיעזשא, פּאר א ביידל מיט פלייש, שטעלט זיך אפּ איינער פון אונדזערע באגלייטערזשאנדארמען מיט זיין הונט און ווענדט זיך צו דער פארקויפערין, זי זאל געבן דעם הונט א שטיקל פלייש. א פארבייגייענדיקער פּוילישער ארבעטער מישט זיך אריין מיט די ווערטער: „ביי אונדז שטארבן מענטשן פון הונגער און איר ווילט אייערע הינט קארמען מיט פלייש?!" — דער זשאנדארם לאזט איבער די פארקויפערין ביים ביידל און נעמט זיך צום ארבעטער. — „קום נאר אהער, דו העלד" — און איידער דער פּאליאק האט זיך באוויזן צו אריענטירן, האט ער געקריגן פון זשאנדארם צוויי פייערדיקע פעטש. דער זשאנדארם, ווי עס וואלט גארנישט פּאסירט, איז אוועק ווייטער. דער פּאליאק, קומענדיק צו זיך, האט זיך געוואלט ווארפן

אויפן זשאַנדאַרם. אַ נס, וואָס די פאַרבייגייער האָבן אים מיט כח צוריק־געהאַלטן, ווייל אַנדערש וואָלט ער געבליבן אַ טויטער אויפן אָרט. מיר האָבן אָבער נאָך פון דערווייטנס געהערט זיינע זידלערייען אויפן אדרעס פון זשאַנדאַרם.

אויף עלעקטאָראַלנע גאַס האָט זיך דער „צוג" פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. געגאַנגען זענען מיר איבער דער מיט גאַס און ווען מיר האָבן געדאַרפט אַריבערגיין אויף אַן אַנדערער גאַס, האָבן די דייטשן אָפּגעשטעלט דעם גאַסן־פאַרקער, כדי אונדז אַריבערצופירן. אויף דער עלעקטאָראַלנע גאַס האָבן די דייטשן געמאַכט: „האַלט". מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דאָס אָרט, וווּ מיר זענען געשטאַנען, איז באַלד דורך די דייטשן אָפּגעצוימט געוואָרן און קיינער האָט נישט געקאָנט דורכגיין.

מען האָט אונדז אַלע געהייסן זיך אַוועקזעצן אויפן ראַנד פון טראָ־טואַר. אַנגענעם איז געווען דער אָפּרו, וואָרום איך האָב זיך פון מידקייט קוים געהאַלטן אויף די פיס. אויסערדעם בין איך אָפּגעגאַנגען פון שווייס און בלוט. אַזוי ווי איך האָב זיך נישט געקאָנט אַוועקזעצן אויפן צעבי־סענעם הינטער־חלק, האָב איך זיך געמוזט אַוועקזעצן אויף אַ זייט, עס זאָל כאָטש מאַכן דעם איינדרוק, אַז איך זיץ.

די דייטשן האָבן געמאָלדן, אַז אויב עמיצער פון אונדז וועט די גאַנצע צייט נישט זיצן, וועט ער ביים מינדעסטן פּרווו אויפצוהויבן זיך דערשאָסן ווערן.

איך געדענק נישט, צי איך האָב אין דעם טאָג געהאַט גענומען עפּעס אין מויל אַריין, אָבער קיין הונגער האָב איך נישט געפילט. דאָ־קעגן פאַר אַ טרונק וואַסער וואָלט איך דעמאָלט אָפּגעגעבן אַ האַלב לעבן. איך האָב זיך שוין ממש אָנגעהויבן צו שטיקן פון דער טרוקנקייט אין האַלדז און אין מויל. און ווי אויף צו להכעיס איז אפילו די סלינע אין מויל אויסגעטריקנט געוואָרן. ווו באַקומט מען אַ ביסל וואַסער, זאָל זיין אפילו בלאָטע, אַבי מיט עפּעס צו קענען באַנעצן די ליפּן, וועלכע האָבן ביי מיר געגליט. איך האָב, וואַרשיינלעך, געהאַט היץ.

צום גליק לויפט אַרוים פון אַ טויער אַ יונגער, שיינער, פעסטגע־בויטער פּאָליאַק מיט אַן עמער וואַסער פאַר אונדז. די ערשטע, וואָס זענען געזעסן נעענטער פון אים, האָבן נאָך באַוויזן צו כאַפּן אַ טרונק. צו מיר

איז עס שוין, לײדער, נישט דערגאַנגען, הגם ער איז שוין געשטאַנען גאַנץ נאָענט פון מיר. אין דעם מאָמענט איז צום גוטן מענטש צוגעלאָפן א זשאַנדאַרם, אַרױסגעכאַפּט דעם עמער פון זײנע הענט און דערלאַנגט אים מיט אים אַ זעץ איבערן קאָפּ. דער פּאָליאַק איז קוים אַ לעבעדיקער אַנט־לאָפן. די איבעריקע זשאַנדאַרמען האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער פון דעם געלונגענעם „ספּעקטאַקל״, וואָס זײער קאַמעראַד האָט זײ פאַר־שאַפט . . .

עס איז אונדז געװען שטרענג פאַרבאָטן צו רױכערן און צו רעדן צװישן זיך. נאָך אַ האַלבער שעה רוען, זענען מיר װײטער געגאַנגען. מיר זענען דערגאַנגען צו דער קערבעדזשער בריק, װאָס פירט קײן פּראַגע. דאָרט האָט מען אונדז געהאַלטן אַזױ לאַנג, ביז אײנער פון די זשאַנ־דאַרמען איז אַריבערגעלאָפן אױף דער אַנדערער זײט בריק און אָפּגע־שטעלט די באַװעגונג פון מענטשן. איבער דער בריק האָט מען אונדז געפירט מיטן שמאָלן װעג, װוּ די פּיסגײער גײען.

אַ טײל דײטשן מיט די הינט זענען אַריבערגעפאָרן אױף דער אַנ־דערער זײט מיט די טראַמװײען, פון װעלכע זײ האָבן אַרױסגעטריבן די ציװילע פּױלישע פּאַסאַזשירן, — די אַנדערע דײטשן זענען געגאַנגען נאָך אונדז, צום סוף פון לאַנגן צוג.

איך האָב פרײער אָפּגעטעמט, װען כ׳האָב נישט געזען פאַר זיך און אַרום זיך די דײטשן מיט זײערע הינט. דאָ האָבן זײ שוין נישט מורא געהאַט, אַז מיר װעלן אַנטלױפן, און אױב אַפילו יאָ — װאָלטן זײ אױך מסתמא נישט געהאַט גאָרנישט דאַקעגן, װײל אײן װעג איז דאָך פאַר אונדז געבליבן — די װײסל . . .

װען מיר האָבן זיך געפונען אױף גראָכאָװסקע גאַס, איז צו אײנעם פון אונדזערע זשאַנדאַרמען צוגעגאַנגען אַן עלעגאַנט־געקלײדטער פּאָליאַק און אָנװײזנדיק אױף אונדז, אָנגעהױבן אין אים אַרײנטענהן:

— גוט טוט איר, װאָס איר פירט די „זשידעס״ אױף טױט... זײ זענען אַלע באָלשעװיקעס... אונדזער אומגליק... זײ, די זשידעס, האָבן אין קאַטין (ביי סמאָלענסק) דערמאָרדעט מײנס אַ ברודער, אַ פּױלישן אָפי־ציר. זאָל זײ טרעפן גאָטס שטראָף״ . . .

די גאַנצע צײט האָט ער נישט אױפגעהערט צו אַגיטירן דעם דײטש,

דערציילנדיק אים, וואָס די „זשידעס" האָבן אַלץ אָפּגעטון אויף דער ערד . . .

דער דייטש האָט זיך צו אַלעם רואיק צוגעהערט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „יאַ, יאַ"... דער ווילדער אַנטיסעמיט איז אונדז נאָכגעגאַנגען און נישט אָפּגעשטעלט זיין אַגיטאַציע. ס'האָט שוין אָנגעהויבן אונטער־צוגיין די זון. אין אַ געוויסן מאָמענט, האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ (איך בין געגאַנגען דער ערשטער פון מיין ריי) און מיין בליק האָט זיך געטראָפן מיט די רוצחישע בליקן פון דעם זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיט. מיט געביילטע פויסטן האָט ער זיך בליצשנעל אַ וואָרף געטון אויף מיר. נישט וואַרטנדיק ביז ער וועט מיר דערלאַנגען, האָב איך אים מיט דער פויסט אַ זעץ געטון צווישן די אויגן, אַזוי אַז ער איז אַנידערגעפאַלן.

מיט וועלכע כוחות איך האָב דאָס באַוויזן צו טון, ווייס איך אַליין נישט. אין דעם זעלביקן מאָמענט איז אויסגעבראָכן ביי אונדז אין די רייען אַ גרויסע פּאַניק, — מען האָט, משמעות, מורא געהאַט, די דייטשן זאָלן נישט עפענען קיין שיסעריי — און ס'איז געוואָרן אַ געלויף. דער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך גלייך אויפגעהויבן פון דער ערד, האָט מיך אָנ־געהויבן ארומזוכן. אין גרויסן כאַאָס, וואָס איז אַנטשטאַנען, האָט ער זיך געפונען צווישן אונדזערע רייען. פון אַלע זייטן האָבן זיך אַ שאָט געטון אויף אים קלעפּ, אַז ער איז קוים אַ לעבעדיקער אַרויס פון אונדזערע רייען.

באַלד נאָך דעם ווי איך האָב דעם כוליגאַן מכבד געווען, האָבן מיך מיינע גורל־קאָלעגן אריינגעשלעפּט, בעת דער מהומה וואָס איז אויס־געבראָכן, אין די וויטערדיקע רייען.

צווישן די זשאַנדאַרמען איז אויסגעבראָכן אַ זידלעריי. איינער האָט באַשולדיקט דעם אַנדערן, אַז צוליב אים איז געקומען צו דער מהומה, אַז מיר וועלן דאָס אויסנוצן און אַנטלויפן און זיי וועלן נאָך צוליב אונדז האָבן גרויסע צרות. אייניקע זשאַנדאַרמען האָבן אפילו אָפּגעלאָזט זייערע הינט פון די קייטן, כדי צו מאַכן ביי אונדז אָרדענונג. די הינט האָבן זיך מסתמא אויך דערשראָקן פון דער אַנטשטאַנענער מהומה און זענען גע־לאָפן צוגלייך מיט אונדז, בילנדיק אין הימל אריין... אייניקע זשאַנדאַר־

מען האָבן אויסגעשאָסן אין דער לופט און ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע האָט זיך אין איין אויגנבליק אַלץ בארואיקט.

די „פּראָצעסיע" איז זיך ווידער רואיק געגאַנגען, ווי ס'וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געשען, ארומגערינגלט פון די זשאַנדארמען מיט זייערע הינט. דער כוליגאַן־אַגיטאַטאָר האָט ווייטער געפּרוּווט צו איבערציַיגן די דייטשן וועגן דער שעדלעכקייט פון די יידן. די זשאַנדארמען האָבן שוין, וויַיזט אויס, איצט מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך נישט איבערחזרן די פריערדיקע שפּיל און מען האָט שוין נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. יעדנפאַלס — נאָענט צו אונדז האָט מען אים שוין נישט צוגעלאָזט.

ענדלעך זענען מיר דערגאַנגען צום באַשטימונגס־אָרט: צום גראָכאָווער לאַגער. ס'איז שוין געווען טונקל.

פון דערוויַיטנס האָב איך נאָך באַמערקט 4 גרויסע פּראָזשעקטאָרן אין פיר עקן. דאָס זענען טאַקע געווען די פּראָזשעקטאָרן ביי די וואַך־טורעמס, וואָס האָבן באַלויכטן אונדזער לאַגער.

צוקומענדיק נענטער, האָב איך דערזען לאַנגע, הילצערנע באַראַקן אויף אַ געניוג גרויסן שטח, וואָס זענען געווען ארומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראָטן. ביים הויפּטארייַנגאַנג־טויער — אַ וואַך פון אוקראַיִנער; ביי די דראָטן פון יענער זייט טויער זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט צענדליקער מענער און פרויען, וואָס האָבן מסתמא געזוכט קרובים אָדער פריינט צווישן די ניי־געבראַכטע פונעם וואַרשעווער געטאָ. פּלוצלינג דערהער איך, פון יענער זייט דראָטן, אויסרופן מיין נאָמען. איך קוק אַהין און באַמערק אַ באַקאַנטן ייד, מיט וועלכן איך האָב צוזאַמענגעאַרבעט אין דער יידישער אַליין־הילף אין געטאָ. דאָס איז געווען בערנאַרד פינקעלשטיין (אַ ברודער פון לעאָ פינקעלשטיין) פון לעשנאָ 6.

ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט און כסדר מיר געמאַכט צייכנס מיט דער האַנט, אַז עס איז מיר געלונגען, וואָס איך בין אַריינגעפאַלן אין דעם לאַגער; אַז ס'איז דאָ זייער אַ גוטער לאַגער, איך זאָל זיך נישט זאָרגן, וויַיל ס'וועט מיר דאָ זיין גוט. פון אַלע זייטן הערט מען אויסרופן: „יינגל, האַלט זיך!" — דאָס פּאָפּולערע ווערטל וואָס עס האָט געשאַפן דער געטאָ־לץ רובינשטיין.

דאָס, וואָס יידן זענען אַזוי פראַנק און פריי געשטאַנען מיט פריי־

לעבע פּנימער ביי די דראָטן און נישט געליינט קיין אַכט אויף דער אָר־קראַינישער וואַך, האָט מיך באַלד איבערצייגט, אַז אין דעם לאַגער מוז זיין אַ לייכטער רעזשים.

ברייט האָבן זיך צעעפנט די טויערן פונעם לאַגער און אויפגענומען די נייע גרופּע פונעם וואַרשעווער געטאָ.

4.

# אין גראָכאָווער לאַגער

ווי נאָר מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער, זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן פון די אַלטע לאַגער־מענטשן. ווער עס האָט געטראָפן באַקאַנטע, ווער — קרובים. יעדער איינער פון אונדז איז באַלד אַרומגערינגלט גע־וואָרן פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן וואַרשע, וועגן אויפשטאַנד, וועגן זייערע קרובים און באַקאַנטע.

מיך האָט באַלד איבערגענומען אין זיין רשות בערנאַרד פינקעל־שטיין, וואָס איז געווען אַ גרופּע־פירער אין לאַגער, אָדער ווי מען האָט עס דאָרט גערופן „אַ פאָראַרבעטער" (עלטערער אַרבעטער). ער האָט מיך קודם כל באַרואיקט, אַז דאָ אין דעם לאַגער, וועט מיר זיין גוט. זיי האָבן אַן אָנשטענדיקן שעף — אַ דייטש, וואָס מישט זיך כמעט נישט אין דעם אינערלעכן לעבן פונעם לאַגער. די יידן אַליין פירן דאָרט אָן מיטן לאַגער־לעבן. ס'איז דאָרט אויך נישטאָ קיין צו שווערע אַרבעט. מען קאָן זיך צוגעוווינען. פינקעלשטיין האָט מיך פאַרזיכערט, אַז אונדזער לאַגער וועט נישט ליקווידירט ווערן און מיר וועלן דאָ איבערלעבן די מלחמה. זיין ערשטע פראַגע איז געווען, צי איך האָב שוין עפּעס געגעסן. איך האָב זיך טאַקע דערמאָנט, אַז היינט האָב איך נאָך גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל, אָבער איך האָב אים געבעטן מיך קודם כל צופירן צו אַ דאָקטאָר, ווייל איך האָב שטאַרקע ווייטיקן אין הינטער־חלק און ס'דוכט זיך מיר, אַז איך האָב אויך היץ. מען פירט מיך אַריין אין אַמבולאַטאָריום, ווו

ס׳ארבעטן אייניקע יידישע דאָקטוירים, צווישן וועלכע עס געפינט זיך ד״ר פּיעקאַרסקי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער „גיכער הילף״ ביים „13טל״, ווי אויך אַן אַפּטייקער. מען באַטראַכט מיינע ווונדן. איך בין געווען שטאַרק צעביסן און פון דעם הייזנטיקן כסדרדיקן מאַרש, זענען די ווונדן אָפּגעריבן געוואָרן. מען האָט, קודם כל, אָרומגעוואַשן די ווונדן און מיר געמאַכט אַן איינשפּריצונג, וואָס זאָל פאַרהיטן פון בלוט־פאַרגיפטונג.

פינקעלשטיין האָט מיך אַריינגעפירט אין זיין באַראַק און מיך אויפ־גענומען אין זיין ווינקל, ווו ער האָט געוווינט מיט דער פרוי און טאָכ־טער. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין פּעקל, וואָס כ׳האָב מיטגעבראַכט און עפן עס אויף. ס׳איז דאָרט געווען אַ פלאַש קאָניאַק, אַ קילאָ יידישער וווּרשט, קאָנפיטורן און פּאַפּיראָסן. הגם דאָס איז פאַר מיר אינעם איצ־טיקן מאָמענט אַ גרויסער אוצר, באַדויער איך, וואָס דערפון קען נישט געניסן זיין אמתער באַלעבאָס — יוזשעק פרידלאַנד, וועלכן דאָס וואָלט איצט זיכער פּונקט אַזוי צונויץ־געקומען. ווי מיר. ווי נאָר מיר זעצן זיך אַוועק אויף דער אונטערשטער „פּריטשע״, קומט צו צו אונדז דער צוויי־טער „פאָראַרבעטער״ גאָטליב (געשטאַמט פון אַווגוסטאָוו, אַ זון פון אַ דאָרטיקן סוחר און געזעלשאַפטלעכן טוער). גאָטליב האָט פאַרן קריג גע־אַרבעט אין וואַרשעווער „צענטאָס״. ער דערפרייט זיך מיט מיר און לייגט מיר פאָר, כ׳זאָל מיט אים אַריינגיין צום יידישן לאַגער־עלטסטן — אַ דייטשישער ייד פון בערלין, מיטן נאָמען מאָזעס.

צוזאַמען מיט גאָטליבן און פינקעלשטיינען זענען מיר אַריינגעגאַנ־גען צו מאָזעסן, וואָס האָט צוזאַמען מיט זיין שוועסטער, פאַרנומען אַ באַזונדער צימער אין אונדזער באַראַק. זיי שטעלן מיך פאָר פאַר מאָזעסן. און איך האָב ווידער געהערט דאָס באַקאַנטע ליד: ביי אונדז וועט אייך זיין גוט, איר וועט דאָ איבערלעבן די מלחמה... מאָזעסעס שוועסטער שטעלט אַוועק אויפן טיש עסן און בעט מיך מיטהאַלטן. איך ברענג אַריין די פלאַש קאָניאַק, וואָס כ׳האָב געהאַט מיט זיך און מען טרינקט „לחיים״ אויפן שנעלן סוף פון דער מלחמה.

דערווייל ווערן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען אויפצונעמען אונדז אין נייעם באַראַק, וואָס געפינט זיך אין צווייטן עק לאַגער. פינקעלשטיין און גאָטליב זאָגן מיר, אַז איך וועל נישט אַריבערגיין אין יענעם באַראַק און

זיי וועלן מאַכן פאַר מיר אַן אָרט ביי זיך אין באַראַק־צימער, ווו עס געפינען זיך אײנגאַנצן 30 מענטשן. איך פרעג זיך ביי זיי, צי עס וואָלט נישט מעגלעך געווען אויך איינצואָרדענען אינעם זעלביקן באַראַק־צימער — מיין חבר וואַסערקענער פון דער מילנע גאַס, וועלכן מען האָט אַהער געבראַכט צוזאַמען מיט מיר. אויך פאַר אים האָט מען געמאַכט אַן אָרט. נאָך דעם ווי איך האָב דערציילט אַ ביסל פּרטים פון געטאָ, פון די לעצטע געשעענישן, פירט מען מיך צוריק אריין אין באַראַק־צימער, ווו איך דאַרף וווינען.

אין דער צייט, ווען איך בין געזעסן אין צימער פונעם לאַגער־עלטסטן, זענען אייניקע מאָל אַריינגעקומען צו אים אוקראַינער. דערזעענדיק מיין דענערווירונג (אויף זייער בלויזן אָנבליק, איז מיר דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן), האָבן מיך מיינע יידישע פריינט בארואיקט, אַז דאָ זענען די אוקראַינער „אונטערגעשמירט" און זיי באַציִען זיך גוט צו די לאַגער־יידן. זיי מישן זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים פונעם לאַגער. זייער אויפגאַבע איז נאָר צו היטן דעם לאַגער, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן און באַגלייטן די יידן אויף די פאַרשידענע אַרבעט־פּלעצער (פּלאַצווּוקעס) אויף אַרבעט, און זיי שפּעטער צוריקפירן פון דער אַרבעט אין לאַגער אַריין.

אַריינקומענדיק אין מיין באַראַק־צימער, האָב איך געפרעגט ביי מיינע פריינט, ווו איך קאָן זיך אָרומוואַשן. פינקעלשטיין האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ וואַשט מען זיך אויפן הויף ביי אַ קראַן. אָבער אַזוי ווי איך בין נאָך מיד און נישט געזונט, וועט מיר זיין טאָכטער אַריינברענגען וואַסער אין אַ שיסל און איך וועל זיך דאָ אָרומוואַשן. אין באַראַק איז שוין געווען פינצטער — קיין עלעקטריש ליכט האָט מען נאָך ביי אונדז נישט אינסטאַלירט. ווי פינקעלשטיין פאַרזיכערט, וועט עס שוין געמאַכט ווערן אין די נאָענטסטע טעג. מען צינדט אָן אַ פּאָר וואַקסענע ליכט אויף דער צייט, וואָס מען דאַרף זיך לייגן שלאָפן. גאָטליב ווייזט מיר אָן מיין פּלאַץ אויף דער „פּריטשע". איך וועל ליגן נעבן אים אויפן דריטן „גאָרן". דאָרט זענען געווען דריישטאָקיקע הילצערנע פּריטשעס, צו פינף פּריטשעס ביי דער וואַנט פון ביידע זייטן און אין מיטן — אַ טיש מיט בענק.

מען גיט מיר א פאפירענעם זאק, אנגעפילט מיט טראטשינעס, אויף וועלכן מען ליגט אויף דער פריטשע; א פאפירן זעקל, אנגעפילט מיטן זעלביקן, וואס דארף דינען אלס קישן אונטערן קאפ; און — א דעק אויף איבערדעקן זיך. די זאכן, די מלבושים, ליגט מען אוועק ביים קאפ. איך קוק זיך ארום איבער מיין נייעם וווינארט און כ'באמערק, אז די פענצטער ביי אונדז זענען אן שויבן. פינקעלשטיין באמערקט מיין פארוווּנדערונג און זאגט מיר, אז אין דער נאענטססטער צייט דארף מען ארײנשטעלן שויבן, וועלכע דער קאמענדאנט פונעם לאגער האט שוין באשטעלט. אבער אזוי ווי עס איז דערווייל זומער און עס איז סיי ווי היים, איז דווקא — זאגט ער — בעסער, וואס עס זענען נישטא קיין שויבן, האבן מיר מער לופט.

איך קריך ארויף אויף מיין פריטשע אויפן דריטן גארן. אונטער מיר ליגט וואסערקענער פון ווארשע, אונטער אים א פרוי — אצאנדאק־טארין — אויך פון ווארשע. רעכטס פון מיר ליגט א סטאליאר פון סע־ראצק, — מען האט אים גערופן אברהם. לינקס פון מיר — גאטליב. גאט־ליב מאכט מיר אויפמערקזאם, אז אויב כ'האב מיט זיך געלט, אדער ווערטזאכן, זאל איך עס לייגן אונטערן קאפ, ווייל ס'קומען אפט פאר גנבות. איך בין אזוי טויט מיד, אז כ'פיל נישט די הארטקייט פון מיין געלעגער. א שרעקלעכע היץ האט מיך ארומגענומען. איך האב, ווייזט אויס, גרויס פיבער. מיין איינציקער באגער איז ווי אמשנעלסטן אנט־שלאפן צו ווערן. איך קאן נישט ליגן אויפן רוקן, ווייל כ'האב גרויסע ווייטיקן, מוז איך מיך לייגן אויפן בויך. אבער אזוי ווי איך בין קיינ־מאל נישט געווען געוווינט אזוי צו שלאפן, קאן איך נישט איינשלאפן און בייט כסדר מיין פאזיציע און ווארף זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער. ס'איז מיר געווארן שטארק קאלט, האב איך גענומען מיין מאנטל און אים ארויפגעלייגט אויף דער איבערדעק. ס'האט מיר אנגע־הויבן צו קלאפן א צאן אן א צאן פון קעלט, הגם דער קאפ ברענט מיר איננאנצן.

ארום און ארום הערשט שוין א טויטע שטילקייט, וואס ווערט אי־בערגעריסן פונעם כראפען און פייפן מיט דער נאז. איך זעץ זיך אוועק אויף דער פריטשע און טו אן די זאקן, די הויזן, דאס רעקל, — אפשר

וועט מיר ווערן אַ ביסל ווארעמער. אַזוי ווי איך טו דאָס, גיבן זיך אַ ברעך־איין די ברעטער פון מיין פּריטשע און איך פלי אַראָפּ אויף וואַסערקענערן, וועלכער וועקט זיך אויף מיט אַ געשריי און צוזאַמען פאַלן מיר ביידע אַראָפּ נאָך נידעריקער — אויפן ערשטן שטאָק, גלייך אויף דער דענטיסטין. איך בין געווען זיכער, אַז מיר האָבן זי דערהרגעט, ווייל זי האָט קיין פּיפּס נישט געטון. פונעם גערודער און פון וואַסערקענערס געשריי האָבן זיך די איבעריקע לאַגער־מענטשן פון אונדזער באַראַק אויפגעוועקט.

גאָטליב איז אַראָפּגעשפּרונגען און צוגעלאָפן צו מיר זען, צי איך האָב זיך גאָרנישט געטון. מען האָט אָנגעצונדן אַ ליכט. אַברהם, דער סטאָליאַר, האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, פאַרריכט מיין פּריטשע, ווי אויך וואַסערקענערס אונטערשטע פּריטשע און מיך געוואָרנט צו ליגן רואיק, ווייל ס'זענען שוואַכע פּריטשעס און זיי קענען זיך ווידער איינברעכן.

איך האָב זיך באַמיט צו ליגן רואיק אויף איין זייט און צוליב דעם האָב איך זיך שטאַרק געמאַטערט און אַזוי גיך נישט געקאָנט איינשלאָפן. ווען איך בין איינגעשלאָפן, האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. איך בין געשלאָפן זייער געשמאַק, אַזוי אַז כ'האָב נישט געהערט ווען אַלע זענען אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט, האָב איך אין באַראַק־צימער באַמערקט די פרוי פינקעלשטיין, וואָס האָט געהאַט דינסט און איז געווען פאַרנומען מיט וואַשן די פּאָדלאָגע. מער איז קיינער נישט געווען אין צימער. די פרוי פינקעלשטיין האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט מיך נישט געוואָלט וועקן און אַז איך בין היינט באַפרייט געוואָרן פון אַרבעט. מאָרגן, אויב איך וועל זיך פילן בעסער, וועל איך מוזן אויפשטיין צום אַפּעל. היינט האָט מען מיך שוין ווי עס איז דורכגעשמוגלט, אָבער מער וועט מען עס נישט קאָנען מאַכן. פון דער אַרבעט וועט מען מיך מאָרגן אויך באַפרייען, ווייל דאָס געווענדט זיך אין די „פאָראַרבעטער" פינקעלשטיין און גאָטליב.

איך האָב זיך שנעל אָנגעטון, אַרויס אויפן הויף זיך וואַשן, דערנאָך געעפנט מיין פּעקל, אָפּגעשניטן אַ שטיק ווורשט, געקריגן פון פרוי פינקעלשטיין אַ שטיק ברויט און אָפּגעגעסן פרישטיק. מיינע וווּנדן האָבן

מיך אַליץ געברענט. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין אַ ווונד האָט זיך אַריינבאַקומען אייטער און מען וועט מוזן דורכפירן אַ קליינע אָפעראַציע. דערווייל האָט ער מיר ווידער געמאַכט אַן איינשפּריצונג. איך בין אַרויס כאַפּן אַ ביסל לופט און אַזוי אַרום געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אונדזער לאַגער.

דאָס איז געווען אַ ריזיקער פירקאַנטיקער פּלאַץ אין מיטן פעלד, אַרומגעצוימט מיט צוויי רייען שטעכעדיקע דראָטן. פון דער אויסערלע־כער זייט לאַגער, אַרום די דראָטן, האָבן געהאַלטן דינסט באַוואָפנטע אוקראַאינער, וועלכע זענען געגאַנגען הין און צוריק. ביים איינגאַנג־טויער איז געווען אויפגעשטעלט אַ געמויערט הייזל, ווו די אוקראַאינער האָבן געוווינט. נעבן טויער — אַ טורעם, ווו ס׳איז שטענדיק געשטאַנען אַ באַוואָפנטער אוקראַאינער. פונעם טורעם האָט ער געזען דעם גאַנצן לאַגער. אין אַלע פיר עקן לאַגער — גרויסע פּראָזשעקטאָרן. אויסער אונדזער באַראַק — אַגב דער קלענסטער — זענען נאָך געווען אין לאַגער 3 ריזיקע באַראַקן, אין וועלכע ס׳האָבן „געוווינט" צו 300 מענטשן.

ביי אונדז אין לאַגער האָבן געוווינט פרויען מיט מענער צוזאַמען, נישט צעטיילט, ווי אין אַנדערע לאַגערן. נאָך די ווינבאַראַקן איז גע־שטאַנען אַ הילצערנער באַראַק, ווו ס׳איז געווען אונדזער לאַגער־קיך. אין קיך האָט מען אַרויסגעגעבן צוויי מאָל אַ טאָג נישט־געצוקערטע קאַווע און ברויט. מיטאָג האָט מען געקריגן אויף די „אַרבעט־פּלאַצוווקעס". אויפן פעלד פונעם לאַגער האָט מען אויף פאַרשידענע ערטער געזען אימפּראָ־וויזירטע, פון ציגל געמאַכטע, קיכלעך, ווו די לאַגער־מענטשן האָבן גע־קאָנט זיך אָפּקאָכן עפּעס צו עסן. די לאַטרינע (טואַלעט) האָט זיך געפונ־נען פון דער אַנדערער זייט לאַגער, נאָענט צו די שטעכעדיקע דראָטן. אין דער לאַטרינע, וואָס איז געווען אַ געמיינזאַמע פאַר מענער און פרויען, האָט מען דערלייזדיקט די פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש. די לאַטרינע איז געווען אויפגעשטעלט אויף אַ גרויסן גרוב, אינגאַנצן אָפן, איבער וועלכן ס׳זענען געווען אַריבערגעוואָרפן צוויי לאַנגע ברעטער, מיט אויסגעשני־טענע גרויסע לעכער, אַזוי, אַז די באַדערפעגישן האָט מען געמוזט דער־לידיקן שטייענדיקערהייט. די לאַטרינע איז געווען צעטיילט אויף צוויי העלפטן, אָבער אַזוי, אַז ס׳איז געווען פאַרשטעלט נאָר דער אויבערשטער

קערפּער־טייל, דאַקעגן די הינטערשטע טיילן סיי ביי די מענער, סיי ביי די פרויען, זענען געווען אָפן. אין דער לאַטרינע האָבן גלייכצייטיק גע־קענט אַריינגיין 8 מענער און 8 פרויען. די איינגענג זענען געווען באַ־זונדערע, אָבער אינעווייניק האָט מען פון דער מענער־אָפּטיילונג געזען די אונטערשטע טיילן פון די פרויען און ביי די פרויען — די זעלביקע קערפּערטיילן פון די מענער, פון אָנהויב איז די פּראָצעדור ביים דערליי־דיקן די באַדערפעניש געווען זייער אומאַנגענעם, אָבער באַלד האָט מען זיך דערצו צוגעוווינט און ס'איז פאַרשוווּנדן יעדע בושה.

פּאַרטאָג, איידער מען האָט זיך געשטעלט צום אַפּעל, האָט זיך ביי דער לאַטרינע געבילדעט אַ ריזיקע שנור פון מענער און פרויען, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. מער ווי 2 מינוט האָט קיינער נישט גע־טאָרט פאַרבלייבן אינעווייניק, ווייל מען איז באַלד אַרויסגעשטויסן גע־וואָרן פון די, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף זייער ריי. היות די לאַטרינע האָט זיך געפונען הארט ביי די דראָטן, האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט די אוקראַינער, וואָס האָבן געהאַלטן דינסט פון יענער זייט דראָטן און אָב־סערווירט די גאַנצע פּראָצעדור. זייער הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָבן זיי געלייגט אויף די פרויען און יענע האָבן געמוזט אין קעגנוואַרט פון די אוקראַינער דערליידיקן זייערע באַדערפענישן...

בעת אַ רעגן איז מען אַרויס פון דער לאַגער־לאַטרין אינגאַנצן נאַס, וואָרום קיין דאַך איז נישט געווען. שפּעטער, נאָך אין צייט פון מיין זיין אין לאַגער, האָט מען אויסגעפּאַרטיקט אַ דאַך. דאָס מיסט פון לאַגער האָט מען פאַרברענט אויפן פעלד, וווּ מען האָט, ספּעציעל צו דעם צוועק, אויס־געגראָבן גריבער.

נאָך 5 אַזייגער פאַרנאַכט האָבן די אַרבעט־גרופּעס אָנגעהויבן צו־ריקצוקומען אין לאַגער אַריין פון זייערע אַרבעט־שטעלן. געפירט צו דער אַרבעט האָט מען קיין מאַרקי, קיין פּוסטעלניק, קיין פּראַגע און פון אָנ־הייב — אויך קיין זשיעלאָנקע.

פון דער צווייטער זייט דראָטן איז געווען אַ הילצערנער באַראַק, נישט אַרומגעצוימט און נישט געהיטן פון קיינעם. דאָרט האָט געלעבט אַ גרופּע טשעכישע יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט נישט ווייט פון אונדזער לאַגער ביים אויסרייניקן די מיליטערישע סאַניטאַר־צוגן. די דאָזיקע יידן

זענען געווען פריוווילעגירט. מען האט זיי לגמרי נישט געהיטן. זיי זענען אליין געגאנגען און צוריקגעגאנגען פון דער ארבעט. זיי האבן כסדר באַקומען פון פאַרוואונדעטע דייטשישע סאָלדאטן קאָנסערוון, שאָקאָלאַד, פאַפּיראָסן, מיט איין וואָרט: זיי האבן דאָרט געלעבט א גוטן טאָג. נעבן זייער הילצערנעם באראַק האט זיך געהאַלטן ביים פאַרענדיקן א געמויערט הויז. די טשעכישע יידן האבן אונדז געזאָגט, אז דאס הויז בויט מען פאַר זיי, כדי זיי צו געבן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען... סך הכל זענען דאָרט געווען דריי הונדערט יידיש־טשעכישע מענער, פרויען און קינדער. זיי האבן זיך לגבי אונדזערע יידן געהאַלטן העכער. קיין שום יידן־אָפּצייכנס האבן זיי נישט געטראָגן. אגב האבן מיר אין לאַגער אויך נישט געטראָגן די יידן־אָרעמבענדער מיט די מגן דודס. דאס איז געווען ביי אונדז פאַרווערט. דאָ — האבן אונדזערע דייטשן געטענהט — זענען נישטאָ קיין יידן — נאָר ארבעטער . . .

היות איך האב זיך נאָך אַלץ געפילט נישט גוט, האב איך באַשלאָסן זיך צוצולייגן א ביסל. פרוי פינקעלשטיין האט מיר געראָטן, איך זאָל זיך מעלדן נאָך א דערלויבעניש צום יידישן לאַגער־עלטסטן, כדי שפּעטער נישט צו האבן קיין צרות. די דערלויבעניש זיך אָפּצורוען אויף דער פרייטשע האב איך באַקומען. פרוי פינקעלשטיין האט מיר דערלאַנגט הייסע, אָנגעצוקערטע קאווע און א ווייס זעמעלע, וואָס כ'האב שוין לאַנג, לאַנג, פאַר די אויגן נישט געזען. עסן האב איך נישט געקאָנט, אָבער דער דורשט האט מיך ממש פאַרברענט. כ'האב, ווייזט אויס, נאָך אַלץ געהאַט שטאַרקע היץ. צום שלימזל האט מיך שרעקלעך געביסן, אזוי, אז כ'האב נישט געקאָנט איינליגן אויף אן אָרט. כ'האב אַראָפּגענומען דאס העמד און באַמערקט ריזיקע לייז . . .

איך האב געפרעגט ביי דער פרוי פינקעלשטיין, וואָס פאַר אן עצה זי קאָן מיר געבן, אז איך זאָל פּטור ווערן דערפון. זי האט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אז דאס איז דאָ א נאַטירלעכע זאַך. ווי ריין מען זאָל זיך דאָ נישט האַלטן, קאָן מען פון די לייז נישט פּטור ווערן. דאס איז ביי אונדז אין לאַגער די איינציקע פּלאָג, ווייל אויסער דעם, איז דאָ אַלץ גוט און פיין און — ווידער די זעלביקע מעשה — דאָ וועט מען זיכער איבערלעבן די מלחמה מיט די לייז צוזאַמען.

איך האָב וועגן דעם געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג: מען דאַרף זען וואָס גיכער אַרויסצובאַקומען זיך פונעם לאַגער, ווייל ס׳איז דאָ צו גוט, ס׳זאָל טאַקע זיין גוט... אָבער וואָס גיט מען זיך פאַר אַן עצה; ווי אַזוי גיט מען צווויסן קיין וואַרשע, אַז איך געפין זיך דאָ? איך האָב נישט קיין שום אַדרעסן, נישט פון דער באַוועגונג, נישט פון מיין פרוי. איך ווייס בכלל נישט, וווּ מיין פרוי געפינט זיך. די לעצטע צייט פאַרן אויפשטאַנד האָב איך נישט געהאַט פון איר קיין שום ידיעות. פון איר לעצטן בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן דורך אולאַ עקהייזער אין געטאָ, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיין פרוי האָט גרויסע צרות מיט דער דירה און איך ווייס נישט, מיט וואָס די געשיכטע האָט זיך געענדיקט. מודיע זיין, ווידער, מיין קינד, האָב איך, צוליב דער געפאַר, וואָס עס קאָן איר נאָך דראָען, נישט געוואָלט. טאָ וואָס טוט מען? ווי אַזוי קריגט מען זיך אַרויס פון דעם „גוטן" לאַגער און וווּהין גייט מען?! איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אַרויסבאַקומען זיך פונעם לאַגער.

מיינע מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן דורך גערוישן אויפן הויף. דאָס האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען אונדזערע לאַגער־מענטשן פון זייער אַרבעט: איין גרופע נאָך דער אַנדערער. דער באַראַק, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען, איז באַלד פאַרפולט געוואָרן פון אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געשטראָמט זיך מיט מיר צו זען. זיי האָבן זיך בעת דער אַרבעט דערוווּסט, אַז איך בין אין לאַגער. אַ מאַסע באַקאַנטע פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, וווּהין איך פלעג קומען אויף פאַרשטעלונגען. פינקעלשטיין און גאָטליב האָבן געמוזט אָפּשליסן די טירן און שוין מער נישט אַריינלאָזן קיינעם צו אונדז אין באַראַק. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן נישט קיין גוטע און נישט קיין שלעכטע רייד. איך בלייב דאָך אין לאַגער — האָט פינקעלשטיין געזאָגט — און מען וועט נאָך האָבן גענוג צייט זיך מיט מיר צו זען און צו רעדן. איצט בין איך נישט געזונט און מען טוט מיר נאָר דערמיט אַ רעה.

די ערשטע, וואָס זענען געקומען צו מיר, זענען געווען ענגעלבערג, גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג — דריי „זשאַב"־קעמפער פון דעם „בערשטנמאַכער־ראַיאָן", דער פּיאַניסט יאַן קאַראַבקאָוו מיט זיין פרוי, וואָס זענען געווען מיט מיר צוזאַמען אויף דער מילנע גאַס, מאָרדכעלעס, וואָס

האָט זיך סבּאָזמאַטיש צעוויינט און באַין אופן זיך נישט געקאָנט באַרו־איקן. לימבאַך פון פּלאָצק, פרידמאַן פון אָטוואָצק, וועלכער האָט מיט מיר צוזאַמען געאַרבעט אויף דער מילנע גאַס, האָלצקענער, געוועזענער דירעק־טאָר פון קינאָ „פּאָרום" אויף נאָוויניאַרסקע אין וואַרשע, דאָמב פון גאָסטינין, די שיינע פּאָליציאַנטין פון דער געטאָ־תפיסה, וועלכע מען האָט פון דאָרט אַרויסגעוואָרפן, ווייל זי האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן און אָראָפּ־געשלונגען פאַר זיך אַ סומע געלט, וואָס זי האָט באַקומען פון אַן אַרעס־טירטער*), ראָזענשטיין פון נאָווידוואָר, אונטער וואַרשע, און נאָך און נאָך באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, וועגן וועלכע עס וועט מיר נאָך אין מיינע ווייטערדיקע קאַפּיטלען אויסקומען צו רעדן.

מען האָט מיר פון אַלע זייטן אָנגעהויבן צו ברענגען קאָנסערוון, פּרוכטן, ברויט, פּוטער. ענגעלבערג און גזשיבאָווסקי האָבן מיר געבראַכט אַ קילאָ צוקער. דאָס שטאַרקט — האָבן זיי געזאָגט — און איר מוזט קו־מען צו די כוחות . . .

איך באַקען זיך מיט מיינע שכנים פון באַראַק. אַן אינטעליגענטער בחור פון טשענסטאָכאָוו, מיטן נאָמען גאָלדשטיין, דערציילט מיר, אַז ער געפינט זיך שוין אין דעם לאַגער אַ חודש צייט. מען האָט אים צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעשיקט פון טשענסטאָכאָוו קיין טרעבלינקע. ער איז פון צוג אַרויסגעשפּרונגען. זייענדיק אָן אַ גראָשן געלט און אָן באַ־קאַנטשאַפטן, האָט ער זיך געדרייט אין דער געגנט דאָ און ווען ער האָט באַמערקט, אַז מען פירט אַ גרופּע יידן צו דער אַרבעט, האָט ער זיך אַריינ־געגנבעט אין דער גרופּע און אַזוי אַרום פרייוויליק געקומען אין דעם לאַ־גער. איצט גייט אים — זאָגט ער — טאַקע נישט שלעכט. ער האַנדלט צוביסלעך און האָט שוין אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס.

— וואָס הייסט, איר האַנדלט? — פרעג איך אים.

— ווער עס האָט נאָר אַ קאָפּ אויפן קאַרק, האַנדלט דאָ — ענט־פערט ער מיר.

---

*) זע מיין בוך „אַזוי איז עס געשען", קאַפּיטל „יידישע תפיסה", זייט 193.

— פון די עסנס, וואָס זיי גיבן דאָ, וואָלט מען גיך די פיס אויס־געצויגן.

איך קאָן באַין אופן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קאָן אין לאַגער האַנדלען. אַגב האָב איך עס שוין געהערט איינציקע מאָל. בקרוב, ווען איך האָב נאָר אָנגעהויבן גיין צו דער אַרבעט, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז נישט נאָר מען האַנדלט דאָ „צו ביסלעך", נאָר עס ווערן געמאַכט ריזיקע טראַנזאַקציעס.

ווען דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען און ס'זענען נאָר געבליבן די אייגענע פון אונדזער באַראַק, האָט מען זיך גענומען צום עסן. פינקעלשטיין האָט געהאַט זיין ווינקל ביים סאַמע פענצטער, האָט ער דאָרט געמאַכט אַ פּראָוויזאָריש שענקל, וווּ ער האָט געהאַלטן זיינע שפּייז־זאַפּאַסן. בכלל האָט זיך פינקעלשטיין דאָרט איינגעאָרדנט מיטן גאַנצן „קאָמפאָרט". זיינע פּריטשעס זענען געווען איבערגעצויגן מיט ווייסע ליילעכער, פיינע קישנס צוקאָפּנס, און אַלס איבערדעק פוכענע, זיידענע קאָלדרעס, — גאָרנישט מעשה לאַגער. דאָס אַלץ האָט פינקעלשטיין נאָך באַוויזן אַהערצוברענגען פאַרן אויפשטאַנד, ווייל ער איז אַהערגעקומען יעדן טאָג מיט אַן אַרבעט־פּלאַצוווקע און אַזוי אַרום אַהערגעבראַכט צו ביסלעך זיינע זאַכן פון וואַרשעווער געטאָ, נאָך איידער ער האָט דאָ געוואוינט.

— נו, זעט איר — זאָגט ער צו מיר — וואָלט אַזאַ זאַך געווען דערלויבט אין אַן אַנדערן לאַגער? איך זאָג אייך, אַז אונדזער שעף איז אַ גאָלדענער מענטש. ער קומט אַהער זייער זעלטן, אָבער ער האָט מיר געהאַט פאַרזיכערט, אַז זיינע יידן וועלן איבערלעבן די מלחמה. ער וועט נישט לאָזן, מען זאָל אונדז שלעכטס טון. און אַזוי ווי דער לאַגער־שעף זענען אַלע אַנדערע. אפילו די אוקראַינער באַציען זיך צו אונדז מענטש־לעך. מיר האָבן נאָר אַ צוויי כלבים, וועלכע מען וועט, האָפנטלעך, אויך איינבייסן. אָבער איצט קומט עפּעס נעמען אין מויל אַריין.

עס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף פינקעלשטיינס ערשטער פּריטשע: די פינקעלשטיינס, גאָטליב, גאָלדשטיין און איך. גאָטליב האָט געבראַכט שנאַפּס און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע סעודה . . .

נאָך אַ פּאָר גלעזלעך בראָנפן האָט גאָטליב פּלוצלינג מיך אָנגעהויבן

צו איבערצייגן, אז ער איז נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים, ווייל פארלירנדיק אזא טייערן טאטן, ווי קאָן ער נאָך ווייטער לעבן... ער האָט אויך געהאט א יונגע פרוי, וואָס האָט געוווינט אויף זלאָטע גאָס ביי קריסטן. ער וויל נאָר מאכן נאָך א ביסל געלט, ווייל ער מוז אויסהאלטן זיין פרוי מיט איר מוטער, וואָס געפינט זיך אויך אויף דער ארישער זייט. דערפאר געפינט ער זיך נאָך דאָ אין לאגער. אָבער שוין באלד וועט ער קאָנען אוועק צו זיי. ער הערט נישט אויף צו וויינען און קלאפן זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ:

— מיין טאטע, די גוטסקייט אליין, דער בעסטער מענטש אויף דער וועלט און אים האָבן די דייטשע באנדיטן אומגעבראכט. איך מוז נקמה נעמען פאר אים . . .

דער יונגער גאָלדשטיין פון טשענסטאָכאָווו קריגט אויך ספּאזמעס און שרייט, אז ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען. ער קאָן — שרייט ער — אָן די עלטערן נישט לעבן . . .

די פינקעלשטיינס און איך הויבן זיי ביידן אָן צו בארואיקן, אז מען מוז זיך שטארקן, אז מען טאָר נישט פארגעסן, אז מיר געפינען זיך דאָך אין א לאגער און נישט ווייט פון אונדז אין דרויסן שטייען די אוקראַי־נער. עס העלפט גאָרנישט. דאָס ספּאזמאטישע געוויין ווערט נאָך שטאר־קער און גרעסער און עס פאראייניקט זיך מיט די יאָמערן פון אלע אונ־דזערע באראק־איינוואוינער, וואָס באוויינען, ווער — טאטע ־ מאמע, ווער — זייערע קינדער, ווער — שוועסטער און ברידער . . .

איך האָב באשלאָסן מאָרגן צו בעטן מיך אריבערפירן אין אן אנדערן באראק, וואָרום מיינע נערוון וועלן אזעלכע סצענעס מער נישט אויס־האלטן. מען רעדט מיך איבער, מען פארזיכערט מיך, אז מער וועט אזעל־כעס נישט פאָרקומען. אָבער אין א פּאָר טעג ארום — חזרן זיך איבער די קאָשמארפולע סצענעס, ביז איך האָב זיך שוין דערצו צוגעוווינט.

א פּאָר טעג האָב איך נישט געקאָנט גיין צו דער ארבעט צוליב מיינע אייטערדיקע ווונדן. אָבער לאנג האָט נישט געקאָנט אָנהאלטן דאָס דעקן מיך פון מיינע פריינט פינקעלשטיין און גאָטליב און איך האָב גע־מוזט גיין צו דער ארבעט, זייענדיק נאָך גוט קראנק. פינקעלשטיין און גאָטליב האָבן זיך באראטן מיטן יידישן לאגער־עלטסטן מאָזעס און מען

האָט באַשלאָסן, אַז מען וועט מיך פירן אויף דער לייכטסטער אַרבעט, דאָס הייסט קיין פראַגע און איך וועל זיין אין פינקעלשטיינס גרופּע, אַזוי, אַז כ׳וועל נישט מוזן דאָרט צופיל זיך אָנשטרענגען.

5.

# מיין ערשטער אַרבעטס-טאָג

5 אַזייגער פאַרטאָג הערט זיך אַ שטים אין קאָרידאָר: אויפשטיין! מען שפּרינגט אַראָפּ פון די פּריטשעס, מען ברענגט אין אָרדענונג דאָס „געלעגער״ און מען לויפט וואָס שנעלער צו פאַרנעמען אַ ריי נעבן דער לאַטרין. וואָס פריער מען קומט, אַלץ גרעסערע שאַנסן האָט מען צו באַוויזן צו קריגן אַ פּלאַץ. נישט אַלע באַוויזן דאָס, ווייל מען דאַרף זיך נאָך וואַשן און עסן, כדי צו זיין גרייט צום ראַפּאָרט. צוליב דעם כאַפּן זיך אַ סך מענטשן אויף 4 אַזייגער און אַמאָל 3 אַזייגער אויך, כדי צו זיין פון די ערשטע ביי דער לאַטרין. דערנאָך מוז מען לויפן צום קראַן זיך וואַשן. דער קראַן געפינט זיך אויפן הויף. עס בילדעט זיך דאָ ווידער אַ ריי, נישט קלענער ווי פריער. מען באַווייזט זיך נישט אָפּצוּוואַשן, ווי מען ווערט שוין פון אַן אַנדערן אָפּגעשטופּט און יענער פאַרנעמט זיין אָרט. וועגן אָפּוואַשן זיך גרינטלעך, קאָן קיין רייד נישט זיין. דאָס ווערט געטון פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט. פּונקט אַזוי ווערט געוואַשן די וועש. ביים וואַשן זיך מוז מען זיין פּאָרזיכטיק נישט צו באַשפּריצן די אַרומיקע, וואָס שטייען אונטער דיר און נעבן דיר פּעסט צוגעדריקט. טאָמער, חלילה, ווערט מען באַשפּריצט, ווען איינער וואַשט זיך — און דאָס האָט זיך אָפט געטראָפן — ווערט באַלד דער שולדיקער אַרויסגעשטופּט פון דער ריי.

אָפּגעוואַשן און אָנגעטון זיך, לויפט מען ווידער אַריין אין דער קיך, כדי צו פאַרכאַפּן אַן אָרט אין דער ריזיקער ריי, וואָס וואַרט אויף קאַווע און ברויט. דאָ איז די ריי אַ סך גרעסער, ווי — ביים וואַשן זיך. מיט דער קאַווע און שטיקל ברויט קומט מען צוריקצולויפן אין באַראַק

אריין. מען זעצט זיך אוים ביים טיש און מען עסט. 15 מינוט צו 6 מוזן שוין אַלע זיין אויפן פּלאַץ און זיך אויסשטעלן צום אַפּעל אין דער פאָרעם פון אַ „ח". פּינקטלעך 6 אזייגער קומט אַרוים פון דער געביידע דער דייטשישער שעף, נאָך אים — זיין געהילף און צום סוף דער יידישער קאָמענדאַנט — דער לאַגער עלטסטער. פאַר יעדער גרופּע — פּינף טריט פאָראויס, — שטייט דער גרופּע־אָנפירער (פאָראַרבעטער). יעדער גרופּעפירער גייט, לויט דער ריי, צו צום קאָמענדאַנט און מעלדעט אים דעם באַשטאַנד פון זיין גרופּע. אַלע לאַגער־מענטשן מוזן דערביי שטיין מיט אַנטבלויזטע קעפּ, אויסגעצויגן ווי סטרונעס.

נאָכן איבערציילן די גרופּעס, פאַלט די קאָמאַנדע: מאַרש, און יעדע גרופּע גייט אויף איר באַשטימטן אַרבעט־פּלאַץ. ווי נאָר עס הויבט זיך אָן דער מאַרש, מוזן מיר אַלע זינגען.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען מען האָט אָנגעהויבן זינגען דאָס פאָפּולער געוואָרענע ליד פון מיין פרוים רעפּערטואַר „איי, איי, איי".

פאָראוים דער גרופּע גייען 2 אוקראַינער בראַש מיט אַ באַן־אויפזעער. ער האָט געהייסן פראַנץ. פון ביידע זייטן און פון הינטן — צו צוויי אוקראַינער. מען פירט אונדז איבער אַ לאַנגן שאָסיי צו דער באַן־ליניע. אויפן וועג זע איך פון ביידע זייטן שאָסיי, נישט ווייט פון אונדזער לאַגער — 2 לופט־אָפּווער־טורעמס מיט דייטשישע מיליטערישע אָבסערוואַטאָרן, וואָס שטייען נעבן גרויסע אָבסערוואַציע־אַפּאַראַטן. אונטן, ביי די לופטאָפּוועור־האַרמאַטלעך מיט די לאַנגע לופעס, געפינען זיך אייניקע דייטשישע סאָלדאַטן. דאָס איז די שוץ פאַרן וויכטיקן באַן־קנויל, וואָס געפינט זיך טאַקע דאָ נעבן אונדז. פון דער צווייטער זייט באַן־שינעס — די זעלביקע טורעמס מיט לופט־שוץ־מיליטער. מען האָט אַלזאָ אונדזער לאַגער איינגעאָרדנט אין אַ „גוטער" שכנות. ווען מען זאָל פון דער לופט באָמבאַרדירן דעם וויכטיקן באַן־קנויל, זענען אונדזערע באַראַקן אויסגעשטעלט אויף דער גרעסטער געפאַר. אַפּנים, אַז צוליב דעם טאַקע האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט דאָ, נעבן דעם וויכטיקן באַן־קנויל אַ יידישן „גוטן" לאַגער . . .

ווי נאָר מיר האָבן אַרויסמאַרשירט פונעם לאַגער זינגענדיק אונדזער ליד, איז געפאַלן אַ באַפעל פון פראַנצן: האַלט! מען איז שטיין גע־

בליבן. דאָס האָבן מיר געמוזט דורכלאָזן די טשעכישע גרופּע יידן, וואָס איז געגאַנגען צו דער אַרבעט. די טשעכישע יידן זענען פון קיינעם נישט געווען באַוואַכט און האָבן שטראַם מאַרשירט מיט זעלנערישע טריט, זינגענדיק אַ דייטש ליד. ווען די גרופּע איז פאַר אונדז פאַרבייגעגאַנגען, האָבן די טשעכישע יידן פאַרריסן אין דער הויך זייערע קעפּ, אונטער־שטרייכנדיק דערמיט זייער חשיבות . . .

זיי זענען געגאַנגען פאָראויס, אָבער מיטן זעלביקן וועג וואָס מיר צו די מיליטערישע סאַניטאַר־צוגן, וואָס זענען געשטאַנען אין פּראַגע, אויף זייטיקע ליניעס. ווי נאָר זיי זענען דורך, האָט אונדז פּראַנץ געגעבן אַ באַפעל צום ווייטערדיקן מאַרש. מען האָט אונדז צוגעפירט צו אַ געוויסן באַן־פּונקט — אַ פּאָר קילאָמעטער פון פּראַגע און מיר האָבן געוואַרט, ביז דער שעף פון דעם פּונקט וועט אונדז אויפנעמען. דאָס איז געשען פּינקטלעך 7 אַזייגער. ער האָט איבערגעצײלט די גרופּע און פּראַנץ מיט די אוקראַינער זענען אַוועקגעגאַנגען. דער שעף פונעם אַפּשניט, ווו מיר האָבן געדאַרפט אַרבעטן, האָט אונדז איבערגעגעבן צו די „ספּעציאַליס־טן" — פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך מיט אונדז געדאַרפט פאַרנעמען. אונ־דזער עלטסטער איז געווען אַן עלטערער פּאָליאַק, מיטן נאָמען גראַבאָווסקי (אַ קוזין פון אַ באַוווסטן פּוילישן אַרטיסט וולאַדיסלאַוו גראַבאָווסקי). ער איז געווען — ווי ער האָט מיר געזאָגט — דער עלטסטער בינע־מאַשי־ניסט פונעם גרויסן טעאַטער אין וואַרשע. נאָכן באָמבאַרדירן דאָס טעאַ־טער, האָט ער זיך באַמיט צו באַקומען ערגעץ אַרבעט און מען האָט אים צוגעטיילט צו דער באַן. גראַבאָווסקי איז געווען אַ גרויסער שיכור. צו אונדז יידישע אַרבעטער איז ער געווען זייער גוט. ער האָט, אמת, דערצו נישט צוגעלייגט, ער פלעגט אָלעמאָל קריגן פון די יידן געלט, כדי איינצו־קויפן עסן און בראָנפן און פלעגט נאָך דעם אַוועקגיין קיין פּראַגע. מיט אים פלעגן אויך די יידן מאַכן פאַרשידענע געשעפטן, ביי וועלכע גראַ־באָווסקי האָט זייער גוט פאַרדינט.

אין מיין ערשטן טאָג פון אַרבעט האָט מען מיך צוגעטיילט צו אַ גרופּע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע אויסצולייזדיקן אַ פּאָר וואַ־גאָנען מיט שטיינער און זאַמד, וואָס מען פלעגט דאָ זאַמלען צו געוויסע צוועקן ביי דער באַן־ליניע. נאָכן אויסלאָדן די וואַגאָנען האָט מען אונדז

צוגעפירט צו אַן אַנדערן אָפּשניט, ד. ה. מיר האָבן אַליין געמוזט צושטופּן אַהין די וואַגאָנען און אויפלאָדן דאָס אייזן, וואָס איז דאָרט געלעגן. די דאָזיקע אַרבעט איז שוין געווען אַ שווערערע. פינקעלשטיין האָט מיך אָפּגעהיט, איך זאָל נישט דאַרפן צופיל אַרבעטן.

אין אונדזער גרופּע זענען געווען אַ פּאָר געזונטע מענטשן, פאַר וועלכע די אַרבעט איז געווען אַ שפּילעכל. אָבער פאַר מענטשן, וואָס זענען נישט געווען געוווינט צו פיזישער אַרבעט, איז עס נישט לייכט אָנגעקומען. האָבן טאַקע די יידן, וואָס האָבן לייכט אויסגעפירט די שווערע אַרבעט, אָפּגעהוזקט פון די אינטעליגענטן — די טויגעניכצן — ווי זיי האָבן אונדז גערופן.

צו מיר האָבן זיי זיך אַלע באַצויגן מיט אַ ספּעציעלער אכטונג. איך ווייס נישט די סיבה דערפון, אפשר האָט זיי פינקעלשטיין אָדער גאָטליב געבעטן, מען זאָל מיך שוינען צוליב מיין קראַנקהייט, אָדער אפשר — און דאָס גיכער — האָט אויף זיי געווירקט דער פאַקט, וואָס איך האָב נישט געקוקט אויף דער געפאַר, וואָס האָט מיר געדראָט, צעשלאָגן דעם כוליגאַנישן פּאָליאַק, וואָס האָט זיך אויף מיר געוואָרפן בעת מיין מאַרש אין לאַגער אַריין. דער דאָזיקער פאַל האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן לאַגער און מען האָט עס איבערגעגעבן פון מויל צו מויל. גאַנץ נישט־ווילנדיק איז מיין אויטאָריטעט מיט דעם שטאַרק געוואַקסן אין לאַגער.

די ערשטע זאַך, נאָך מיין אָנקומען אויף מיין נייעם אַרבעט־פּלאַץ, איז געווען דאָס באַקענען זיך מיטן „רעגולאַמין". ס'זענען געווען אַ סך פּאַראַגראַפן. איך וועל נאָר איבערגעבן די וויכטיקסטע. קודם כל: 1) מען טאָר זיך נישט באַקלאָגן פאַר די דייטשן און זייערע פאַרטרעטער אויף איינענע חברים (לאַגער־יידן), וואָס פאַרא עוולה עס זאָל נישט אויסקומען אַראָפּצושלינגען. 2) ווען מען באַמערקט פון דער ווייטנס אַן אויפזעער, מוז מען תיכף מודיע זיין אַלע אַרבעטנדיקע אויף דעם אָפּשניט. אויף דעם האָבן מיר געהאַט אַן אָפּגערעדטן אויסרוף־צייכן. מען האָט געדאַרפט זאָגן „זעקס", וואָס איז באַלד ווייטער איבערגעגעבן געוואָרן און איז דערגאַנגען ביזן לעצטן אַרבעטער, אויפן ווייטסטן אָפּשניט. 3) אַז מען שיקט גראַבאָווסקין אָדער אַן אַנדערן נאָך עסן און שנאַפּס, מוזן אַלע באַצאָלן פאַר דער טרחה, אפילו ווען זיי באַטייליקן זיך נישט אין דער סעודה,

4) קיינער טאָר נישט פאַרלאָזן די אַרבעט אָן דער פאַרשטענדיקונג מיט די איבעריקע אַרבעטער, און נאָך און נאָך זאַכן, וואָס האָבן צו טון מיט לאַגער־עטיק.

מען האָט מיך אויך געוואָרנט פאַר צוויי געפערלעכע דייטשישע אויפזעער. דאָס זענען: פראַנץ, אַ פאָלקס־דייטש, באַן־באַאַמטער, וואָס פירט אונדז צו דער אַרבעט. אַ געפערלעכער סאַדיסט און ווען עס באַפאַלט אים די בייזע מינוט, קאָן ער אַ ייד מאַכן פאַר אַ קאַליקע. שוין בלויז זיין רוצחיש פּנים האָט עדות געזאָגט וועגן דעם. האָט מען מיך געוואָרנט, איך זאָל זען אים אויסצומיידן און נישט וואַרפן זיך אים אין די אויגן.

דער צווייטער — איז שוין אַ העכערער דייטשישער באַן־באַאַמטער, דער אינספּעקטאָר פונעם אָפּשניט פּראַגע, וואָס קאָן קיין ייד נישט אָנקוקן. ער מאַכט זייער אָפּט „אינספּעקציעס" און אַזוי ראַפינירט, אַז ס'איז שווער זיך צו פאַרהיטן פאַר אים. ס'רוב קומט ער שטילערהייט צו פאָרן אויף אַ ראָווער, שפּרינגט אַראָפּ און געפינט גלייך אַ חטא ביים לאַגערניק. ער רעדט נישט מיט קיין ייד, נאָר איז אים מכבד מיט אַ קאָפּ פונעם פּוס אויפן ריכטיקן אָרט, אַזוי אַז יענער בלייבט ליגן אַ פאַרחלשטער. אין אָט דער אַרבעט האָט ער זיך שוין אַזוי ספּעציאַליזירט, אַז ער מאַכט עס קאָנקורענצלאָז. נישט געוועזן דער פאַל, אַז ער זאָל נישט טרעפן מיטן גאַנצן אימפּעט אויפן געהעריקן אָרט. און דאָס איז אַלץ איינס, צי ס'איז אַ פרוי, צי אַ מאַן. שוין בלויז מיט זיין באַווייזן זיך, וואַרפט ער אָן אַ טויט־שרעק אויף אַלעמען. אין לאַגער אַריין האָט ער אָבער נישט קיין צוטריט. ער געוועלטיקט נאָר אויף אונדזער אַרבעט־אָפּשניט. זיין נאָענטסטער מענטש און אינפאָרמאַטאָר איז טאַקע פראַנץ, דערפאַר האַלט זיך דער לעצטער אַזוי האָפערדיק.

להיפוך צו פראַנצן, וואָס האָט אַ פּנים פון אַ ווילדן חזיר, מאַכט דער אינספּעקטאָר אויסערלעך זייער אַ גוטן איינדרוק: אַ שיינער דייטש, מיט אַ רואיקן אויסדרוק פון פּנים, אַלעמאָל עלעגאַנט אָנגעטון. ווי גראַבאָווסקי האָט אונדז איבערגעגעבן, ציטערן פאַר אים אַלע דייטשן אויף דער באַן מיטן שעף בראש. ער איז, משמעות, געוועזן אַ הויכער פּאַרטיימאַן, הגם ער איז נאָך געווען זייער אַ יונגער.

12 אַזייגער ווערט געגעבן אַ צייכן אויף מיטאָג. אַלע שטעלן זיך

אוים און גייען, יעדער מיט זיין גרופּע, צו דער באַן־קיך. דאָרט באַקומט מען שיסעלעך און מען שטעלט זיך אין דער ריי נאָך דער זופּ. פֿריער ווערן דערלייזדיקט די פּוילישע באַן־אַרבעטער (נישט קיין לאַגער־מענטשן), דערנאָך — מיר. מיר האָבן באַקומען דאָס זעלביקע עסן, וואָס זיי. איך האָב געשטוינט, אַז מען גיט נאָך יידן אַזאַ געשמאַקע זופּ און פֿונעם זעלביקן קעסל, וואָס איז באַשטימט אויך פֿאַר נישט־יידן. אויף דעם האָט געווירקט דער באַן־שעף פֿון אונדזער אָפּשניט, וועלכער האָט זיך זייער גוט באַצויגן צו די יידישע אַרבעטער. ער האָט דערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער איז שעף, וועט קיין שום אונטערשיד נישט זיין צווישן אַ יידישן און נישט־יידישן באַן־אַרבעטער... דערזעלביקער שעף האָט שפּעטער אַרויסגעראַטעוועט פֿונעם לאַגער אַ יידישע פֿרוי — די דענטיסטקע. די פֿרויען האָבן געאַרבעט אין קיך ביים שיילן קאַרטאָפֿל, ביים וואַשן די פּאָדלאָגעס, די פֿענצטער, א. א. וו. דער באַן־שעף האָט נישט דערלאָזט צו געבן די פֿרויען קיין שווערע אַרבעט. אָבער דער אינספּעקטאָר האָט זיך צו זיי באַצויגן פּונקט אַזוי ווי צו אונדז און געשלאָגן די פֿרויען אויפֿן זעלביקן אופֿן ווי אונדז. דער שעף האָט געמוזט צוקוקן דערצו און שווייגן. פֿאַרן אינספּעקטאָר האָבן אַלע געציטערט. דער אינספּעקטאָר האָט ספּעציעל געהאַסט אונדזער באַן־שעף פֿאַר זיין מענטשלעכער באַציאונג צו די יידן און כסדר געזוכט אויף אים אַ חטא.

דאָס מיטאָג־עסן האָט געדויערט ביז 1 אַזייגער, דערנאָך איז מען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט און אַזוי — ביז 5 אַזייגער. ווען מען האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט מען זיך צונויפֿגעקליבן אויפֿן זעלביקן אָרט, ווו מיר זענען אָנגעקומען, אויסגעשטעלט זיך אין רייען און מיט געזאַנג צוריקגעגאַנגען אין לאַגער אַריין, געפֿירט פֿון פֿראַנצן און די אוקראַינער. אויפֿן וועג האָבן אַלע געמוזט מאַרשירן ריטמיש צום טאַקט. ווער עס האָט זיך אַ ביסל צוריקגעהאַלטן, אָדער אַרויס פֿון דער ריי, האָט באַלד געקריגן געשלאָגן פֿון פֿראַנצן.

קומענדיק צוריק אין לאַגער, האָט מען זיך ווידער אויסגעשטעלט צום אַפּעל און דורכגעפֿירט דיזעלביקע פּראָצעדור, וואָס אין דער פֿרי. נאָך דעם איז מען זיך צעגאַנגען אין די באַראַקן, גענומען די נויטיקע זאַכן און זיך געשטעלט אין דער ריי צום וואַשן, נאָך קאַווע (ברויט האָט מען

ארויסגעגעבן נאָר איין מאָל א טאָג — אין דער פרי), דערנאָך אין דער ריי צו דער לאַטרינע און נאָך דעם האָט מען שוין געקאָנט א ביסל פריי אָפּעטעמען.

אויפן הויף האָבן זיך געבילדעט גרופּקעלעך, ווו מען האָט זיך דער־ציילט איינער דעם אנדערן וועגן די שטעט און שטעטלעך, פון די נסים, וואָס מען האָט דורכגעמאַכט און ארויסגעבראַכט פאַרשידענע השערות וועגן דער צוקונפט. נאָך מיין וויזיט אין אַמבולאַטאָריום בין איך צוריקגעקו־מען אין מיין באַראַק, וואָס איז תמיד געווען איבערפולט מיט מענטשן, וואָס זענען צו אונדז געקומען.

אזוי ווי ענגעלבערג, גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג זענען געווען באַטייליקט אין די קאַמפן ביי די בערשטנמאַכער, האָב איך זיי קודם כל געפרעגט וועגן מיינע דאָרטיקע פריינט: אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו וואַרם מיט זיין פרוי לילקע און איר מוטער פרוי באַנקער (הויז־אייגנטימערין אויפן אייזערנעם טויער), וואָס זענען נאָך פאַרן אויפשטאַנד אריבער אויף דער אַרישער זייט. גרינבערג פון דאַנציק איז פאַרשוווּנדן און מען גלויבט, אז ער לעבט נישט. די פרוי פונעם שרייבער מ. נודעלמאַן — פעלקע, מיט איר זונדעלע גאַבריש, וואָס זענען שוין געווען אויף דער אַרישער זייט, זענען צוריקגעקומען און צוזאַמען מיט אירע עלטערן יאַנאָווסקי אריין אין גרויסן בונקער, וואָס האָט געהאַט אַן ארויסגאַנג אין דער געריכטס־געביידע אויף פּלאַץ קראַשינסקי. דאָרט איז אויך אריין יאַנקאָווסקיס יינגערע טאָכ־טער מיטן מאַן, ווי אויך זייער שוואָגער מיעטעק ראָזענבערג, אָנפירער פונעם מעטאַל־שאָפּ ביי די בערשטנמאַכער. זייער גורל איז נישט באַ־קאַנט. שפּעטער, זייענדיק שוין אויף דער אַרישער זייט, האָב איך זיך דערוווּסט, אז פון דעם בונקער, ווּהין די דייטשן האָבן אריינגעלאָזט שטיקנדיקע גאַזן, האָט מען זיי אַלע ארויסגעשלעפּט און אוועקגעפירט אין טויטנלאַגער מאַידאַנעק, ווו זיי זענען אומגעקומען.

אינעם דאָזיקן בונקער האָבן זיך אויך געפונען אַדוואָקאַט גאָלד־קאָרן פון לאָדזש (לאַנגע יאָרן געלעבט אין בערלין) מיט זיין פרוי, וועל־כע האָט, אַרבעטנדיק אויף דער מילנע גאַס, צוגעשטעלט דער אונטער־ערדישער אָרגאַניזאַציע זייער וויכטיקע מאַטעריאַלן פונעם שטאַב פון ס. ס. אויך זיי זענען אומגעקומען.

די חברים פון „זשאָב" האָבן דערציילט, אַז ווי נאָר די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט אין געטאָ, האָט דער ניי־באַשטימטער „אויסזידלונגס־קאָמיסאַר", דער שאַף־באַלעבאָס וואַלטער טעבענס, וועלכער האָט פאַרנומען דאָס אָרט פונעם אַראָפּגעזעצטן ס. ס.־אָבערשטורמפירער, ליידטער פון דער „ווערט־ערפאַסונג" קאָנראַד, אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, אַז די יידן זאָלן פרייוויליק גיין אין די אַרבעט־לאַגערן טראַוווניק און פּאָניאַטאָוו, ווייל וואַרשע מוז ווערן יידןריין. אין די לאַגערן — האָט טעבענס פאַרזיכערט — וועט די יידן זיין גוט און דאָרט וועלן זיי איבערלעבן די מלחמה. קיין סך פרייוויליקע, אויסער פון זיין אייגענעם שאָפּ, האָבן זיך נישט געמאָלדן. טעבענס האָט זיך אויך געווענדט צו די בערשטנמאַכער־שאָפּ, וואָס זענען לעצטנס, פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַריבער אונטער זיין פאַרוואַלטונג און אַזוי אַרום געשטאַנען אונטער זיין שוץ. צו די „בערשטנמאַכער" האָט ער גערעדט מיט אַן אַנדער לשון, זיי האָט ער פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן נישט ווערן „אויסגעזידלט" און זיי זאָלן רואיק פאָרזעצן זייער אַרבעט. קיין איין מענטש האָט זיך אָבער דאָרט פרייוויליק צו דער אַרבעט נישט געשטעלט.

דער „זשאָב" האָט דערקלערט ביי די „בערשטנמאַכער" אויסנאַמזשטאַנד. אַלע קעמפער האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס; ס׳זענען אויסגעשטעלט געוואָרן וואַכן. אַלטע לייט, פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך נישט געזאָלט באַטייליקן אין די קאַמפן, זענען אַראָפּ אין די בונקערס, ווו מען האָט אויך אָוועקגעשטעלט באַוואָפנטע „זשאָב"־קעמפער.

אין דער צייט, ווען אין גרויסן געטאָ זענען שוין אָנגעגאַנגען פאַרביטערטע קאַמפן, איז אין די שאָפּן ביי די „בערשטנמאַכער" נאָך געווען פולשטענדיק רואיק. מען האָט זיך אָבער געגרייט אויפצונעמען די נישטגעבעטענע געסט. די אָנפירונג איבער אַלע קאַמפס־גרופּן ביי די „בערשטנמאַכער" האָט איבערגענומען מאַרק עדעלמאַן.

דער אַריינגאַנג צו די שאָפּן פון די „בערשטנמאַכער" איז געווען דורך דער וואַלאָווע גאַס, פון דער זייט פון פראַנטשישקאַנסקע.

אַן אָפּטיילונג יידישע קעמפער פון הענעך גוטמאַנס גרופּע האָט

מינירט די וואַלאָווע גאַס. די וואַכן האָבן נישט פאַרלאָזט זייערע פּאָזי־ציעס אַפילו ביינאַכט.

דינסטיק, דעם 20סטן אַפּריל, מיטאָג־צייט, האָבן די אויסשפּירער מיטן העלדישן שמחה ראַטהייזער („קאַזשיק") בראש, וואָס זענען גע־שטאַנען אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט אויף דער וואַלאָווע גאַס, באַמערקט, ווי עס דערנענטערט זיך צום הויפּט־טויער פון פראַנטשישקאַנער־וואַלאָווע אַ גאָר גרויסע אָפּטיילונג מיליטער. שמחה ראַטהייזער האָט תיכף דורכן אַלאַרם־גלעקל מודיע געווען דעם אָנפירער פון זיין קאַמף־גרופּע, הענעך גוטמאַן, וועגן דער באַפאָרשטייענדיקער געפאַר. מיט אַן איינגעהאַלטע־נעם אָטעם זענען אַלע געשטאַנען גרייט און געוואַרט אויפן שונא.

ווי נאָר אַ גרעסערע אָפּטיילונג דייטשן איז אַריבער דעם הויפּט־טויער און זיך שוין געפונען אויף דער וואַלאָווע גאַס, האָט ראַטהייזער אַ דריק געטון דעם עלעקטרישן קאָנטאַקט, וואָס איז געווען איינגעשלאָסן און פאַראייניקט דורך אַ דראָט מיט דער מינע. ס'האָט זיך דערהערט אַ גע־וואַלדיקע דעטאָנאַציע: פיל דייטשן זענען פונעם שטאַרקן אויפרייס אומ־געקומען גלייך אויפן אָרט. הענט, פּיס, קעפּ, שטיקער קערפּערס, העלמען, שמאַטעס פון מונדירן, זענען געפלויגן אין דער לופט. די וואַלאָווע גאַס האָט אויסגעזען ווי אַ שעכטהויז. קיינער פון די דייטשן האָט נישט גע־טראַכט וועגן זיינע קאַמפּס־קאַמעראַדן, קיינעם פון זיי איז נישט איינ־געפאַלן צו ראַטעווען זיינס אַ פאַרוווּנדעטן חבר; קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו די הילפס־רופן און קרעכצן פון צווייטן. יעדער איינער איז געווען פאַרנומען נאָר מיטן ראַטעווען זיין אייגן לעבן און וואָס גיכער זיך אַרויסבאַקומען פון דער וואַלאָווע גאַס. אַלע ביים לעבן איבערגעבלי־בענע דייטשן, וואָס האָבן זיך נאָך געקאָנט האַלטן אויף די פיס, זענען אין דער גרעסטער בהלה און טויטשרעק צוריקגעלאָפן צום טויער, טרע־טנדיק איינער איבערן צווייטן, כדי וואָס שנעלער זיך אַרויסצובאַקומען פונעם גיהנום.

אַ פּאָר שעה האָט געהערשט אויף יענעם אָפּשניט אַ טויטע שטיל־קייט, וואָס איז פון צייט צו צייט איבערגעריסן געוואָרן פון די קרעכצן און כאָרכלען פון פאַרוווּנדעטע און גוססדיקע דייטשישע קעמפער פונעם „אומבאַזיגטן הערן־פאָלק" . . .

א קורצע צייט שפעטער האָט מען באמערקט פארן טויער פון וואַ־לאָווע־פּראַנטשישקאַנער א פרישע קאָנצענטראַציע פון מיליטער, וואַפן־ס. ס., בראש מיט אייניקע דייטשישע אָפיצירן און דעם פּאָליציי־מאַיאָר סטראָנג. א ווײַלע זענען זיי שטיין געבליבן פארן טויער, דערנאָך האָבן זיך איינצעלנע דייטשן אָנגעהויבן ארײַנשלײַכן, איינער הינטערן אַנדערן, אין ערשטן הויף פון וואלאָווע גאַס. זיי האָבן געהאַלטן די ביקסן גרייט צום שיסן, דערביי האָבן זיי אויסגעזען אַזוי דערשראָקן, ווי זיי וואָלטן געציטערט פאר דער ביקס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין דער האַנט. זיי זענען געלאָפן פון הויז צו הויז, דעקנדיק זיך אין די טויערן פון די הייזער. די יידישע קעמפער האָבן געלאָזט דורכלויפן די ערשטע דייטשן, זשאַלעווענדיק פאר זיי אַפילו א גראַנאַט. ווען הינטער די ערשטע איינצלנע דייטשן האָט זיך ארײַנגעריסן א גרעסערע מחנה דייטשן, האָט שמחה ראַטהייזער ארײַנגעוואָרפן אין זייער סאַמע מיט — א האַנט־גראַנאַט. ס'זענען געפאַלן אויפן אָרט א פּאָר דייטשן. דער קעמפער שלאַמעק שוסטער האָט אַראָפּגעוואָרפן א פּאָר צינד־פלעשער און אייניקע דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו ברענען. זיי האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע, ברענענדיקע פאַקלען.

די דייטשן האָבן געענטפערט מיט א שטאַרקער שיסערײַ, שיסנדיק באַטיש אויף אַלע זייטן. קאַזשיק און שלאַמעק האָבן זיך שנעל צוריק־געצויגן צו די איבעריקע קעמפער. די שיסערײַ פון די דייטשן האָט בײַם־לעבוויַז אויפגעהערט. דאָס האָבן זיי, אָפּשיסנדיק, צוריקגעצויגן זיך פונעם קאַמפּס־פּלאַץ, איבערלאָזנדיק פיל טויטע און פאַרוואונדעטע. די יידישע קעמפער האָבן נישט אויפגעהערט צו באַוואַרפן די אַנטלויפנדיקע דייטשן מיט האַנט־גראַנאַטן, צינד־פלעשער און צו באַשיסן זיי פון אַלע זייטן. די גראַנאַטן זענען געווען פון אייגענער אויסאַרבעטונג: אייזן־רערן, אָנגעפילט מיט אויפרייס־שטאָף. זייער כח איז געווען א געוואַל־דיקער. די דאָזיקע גראַנאַטן זענען געוואָרן אויסגעפּאַרטיקט אין אייגענע לאַבאָראַטאָריעס, אונטער דער אָנפירונג פון אינזש. מיכאַל קלעפּפיש.

ווען ס'האָט זיך ווידער באַרואיקט, האָט דער דייטשישער דירעק־טאָר פון שאָפּ, אין באַגלייטונג פון מונדירטע דייטשן, זיך באַוויזן אויפן הויף פון די „בערשטנמאַכער" און זיך געווענדט צו די יידישע קעמפער,

אַז זיי זאָלן איבעררייסן די בלוטפאַרגיסונג און אוועקלייגן דאָס געווער. אויך ער האָט באַקומען אַ געהעריקן „ענטפער" און קוים אַ לעבעדיקער באַוויזן צו פאַרשווינדן. זיינע באַגלייטער האָבן שוין נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, זיי זענען דערשאָסן געוואָרן.

אויך אויף די „ווילדע" (נישט־באַוווינטע) גאַסן האָט מען די דייטשן „מקבל פּנים" געווען מיט פייער און האַנט־גראַנאַטן פון די דעכער און באַהעלטענישן און געזייט טויט און פאַרוויסטונג צווישן די דייטשן און זייערע פאַרבינדעטע. זיי זענען פון אומעטום אַנטלאָפן אין גרויס בהלה.

אויף די נאַלעווקעס האָט לוטעק ראָטבלאַטס אָפּטיילונג אָראָפּגעצויגן פון די דייטשישע דערהרגעטע זייערע מלבושים, העלמען און צוגענומען זייער געווער.

אין די העלדישע קאַמפן האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט אַ גאַנצע ריי „ווילדע" אָפּטיילונגען, וואָס זענען נישט געווען אין די רייען פון „זשאָב". זיי האָבן זיך, זייענדיק איבערגעטון אין דייטשישע מונדירן, אַריינבאַקומען אין רוקן פון די דייטשישע אָפּטיילונגען און געזייט פאַרוויסטונג אין זייערע רייען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די דייטשן האָבן אָפט געשאָסן אויף זייערע אייגענע פּאַטראָלן, אָננעמענדיק זיי פאַר פאַרקליידעטע יידישע קעמפער.

זעענדיק, אַז דאָס געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צווייטן סטאַלינגראַד און עס איז אַ שווערע זאַך עס מנצח צו זיין, האָט דער נייבאַשטימטער דייטשישער קאָמאַנדיר, דער ס. ס.־ און פּאָליציי־גענעראַל יורגען סטראָפּ באַשלאָסן אָנצווענדן אַ נייע טאַקטיק: מיט פייער און גאַזן באַזיגן דאָס העלדישע געטאָ. דאָס גאַנצע מיליטער איז קאָנצענטרירט געוואָרן מחוץ דעם געטאָ. זיי האָבן אויסגעשטעלט אויף דער אַרישער זייט, אויפן פּלאַץ קראַשינסקי, שווערע אַרטילעריע און, צוזאַמען מיט לופט־עסקאַדרעס, באַשלאָסן אויסצוראָטן די נעסט פון ווידערשטאַנד און דאָס העלדישע געטאָ. זיי האָבן אָנגעהויבן אַ טאָטאַלע באָמבאַרדירונג פון אַלע זייטן, הויפּטזעכלעך — אויפן אָפּשניט פון שוויענטאָיערסקאַ־וואָלאָווע־פראַנטשישקאַנסקאַ, ד"ה אויף די שאָפּן פון די „בערשטןמאַכער".

דער גאַנצער הימל איז איינגעהילט געוואָרן אין ריזיקע פייער־און־רויך־וואָלקנס פון די ברענענדיקע הייזער. זיי האָבן אויך אראָפּגעבראַכט אַלע פּוילישע פייערלעשער־קאָמאַנדעס פון וואַרשע, וועלכע האָבן באַקומען אַ באַפעל צו לעשן נאָר די הייזער פון די קריסטלעכע קוואַרטאַלן, וואָס זענען געווען באַדראָט. די פּוילישע פייערלעשער האָבן דעם באַפעל פּינקטלעך אויסגעפירט און אין אַ סך פאַלן מיט געלעכטער זיך צוגעקוקט אויף די ברענענדיקע יידישע הייזער און זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די אומגליקלעכע יידישע פרויען און קינדער, וואָס זענען אין טויט־אַנגסטן געשטאַנען אויף די הייזער. נישט איינער פון די פייערלעשער האָט כסדר צוגערופן: „שפּרינגט, שפּרינגט אַראָפּ אין פייער!"... די דאָזיקע אכזרים האָבן מיט קיין פינגער נישט גערירט, כדי עמיצן פון די יידן צו העלפן אָדער צו ראַטעווען. מיט זייער נידערטרעכטיקער, אוממענטשלעכער האַנדלונג האָבן זיי געטריי צוגעהאָלפן דעם דייטשישן אָקופּאַנט.

ווען די פלאַמען האָבן אַרומגעכאַפּט די הייזער, האָבן אַ סך יידן, נישט וועלנדיק זיך איבערגעבן די דייטשן לעבעדיקערהייט, זיך געוואָרפן פון די העכסטע שטאָקן און פון די דעכער אין פייער אַריין. פון די שכנות־דיקע קריסטלעכע הייזער האָט מען זיך צוגעקוקט ווי מאַמעס מיט קליינע וויינענדיקע קינדער שפּרינגען אין טויט. געווען פאַלן, ווען די אומגליקלעכע קינדער האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די גזימסן פון די פענצטער און הענגענדיק שוין אין די לופטן, געבעטן זיך: „איך וויל נישט שטאַרבן". די מאַמעס האָבן נאָך די קינדער געטרייסט: „שרעקט אייך נישט, קינ־דערלעך, דאָרט וועט אייך זיין בעסער, ווי דאָ" . . .

ווען די פייער־פלאַמען האָבן ביסלעכווייז אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע געטאָ, איז די אַרבעט פון די יידישע קעמפער שטאַרק באַשווערט געוואָרן. זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די פּאָזיציעס און זיך צוריקציען אין די בונ־קערס. די טונעלן, וואָס האָבן פאַרבונדן די „בערשטן־מאַכער" - שאָפּן מיט דער אַרישער זייט, זענען דורך די דייטשן אַנטדעקט געוואָרן. דעם בונקער, וואָס האָט זיך געצויגן דורך אַ לאַנגן טונעל איבער קראַשינסקים גאָרטן צו די קעלערן פון געריכט, האָבן דייטשישע סאַפּערן אויפגעריסן, נאָך דעם ווי זיי האָבן אַריינגעלאָזט אַהין שטיקנדיקע גאַזן און געצוווּנ־גען די יידן פון דאָרט אַרויסצוגיין. אין די טונעלן, ווו ס'האָבן זיך גע־

פונען טויזנטער מענטשן, האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. מענטשן זענען אַרומגעלאָפן ווי משוגעים, שטיקנדיק זיך צוליבן מאַנגל פון לופט. די דייטשן האָבן דערוויל אומאויפהערלעך באַשיט דאָס געטאָ מיט פייער און אייזן.

אין די ערשטע טעג פון די קאַמפן ביי די „בערשטן־מאַכער" איז אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט דער בונדישער טוער און קעמפער אינזשעניער מיכאל קלעפּפיש. אין די נאָענט־קאַמפן מיט די דייטשן האָבן גרויס העלדישקייט אַרויסגעוויזן די אָפּטיילונגען פון מאַרק עדעלמאַן, יעקב פּראַשקער, הענעך גוטמאַן, הערש בערלינסקי, בעריש אָוערבאַך, משה בוים, אברהם שניידמיל און פיל, פיל אַנדערע קעמפער.

אַ גרויסע שטערונג אין די קאַמפן איז געווען די ציוויל־באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן אין די בונקערס און באַהעלטענישן און וועלכע מען האָט אויך געמוזט שיצן פאַר איבערפאַלן. די מסירת־נפשדיקע יידישע קעמפער האָבן אין די פאַרביטערטסטע, שווערסטע קאַמפן קיינמאָל נישט פאַרגעסן וועגן די אויסבאַהאַלטענע יידן און ווי נאָר עס האָט זיי געדראָט אַ געפאַר, איז תמיד אויסגעוואַקסן, ווי אַ שטאָלענע וואַנט, אַ גרופּע יידישע קעמפער און נישט דערלאָזט אַהין די דייטשן (דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַן אָרט אין ערשטן עטאַפּ פונעם אויפשטאַנד). דאָס האָט אָבער געשטערט די קעמפער אין זייער עלאַסטישקייט און פרייהייט אין די באַוועגונגען.

צוליב דער נייער טאַקטיק, וואָס די דייטשן האָבן אָנגענומען און די אויסזיכטלאָזיקייט פון דער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעמיטן אַן אָפענעם קאַמף, האָט די אָנפירערשאַפט אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאַראייניקן זיך מיט די קעמפער אין גרויסן געטאָ, איבערלאָזנדיק ביי די „בערשטן־מאַכער" אייניקע קאַמפּס־אָפּטיילונגען, כדי צו שיצן די בונקערס מיט דער אויסבאַהאַלטענער ציוויל־באַפעלקערונג.

ביינאַכט איז אַרויס אַ גרופּע בראַש מיט מאַרק עדעלמאַן, הערש בערלינסקי, הענעך גוטמאַן, יעקב פּראַשקער און שמחה ראַטהייזער („קאַזשיק"). די דאָזיקע גרופּע האָט, נישט געקוקט אויפן שווערן וועג, וואָס זי האָט געהאַט דורכצומאַכן, באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז זיך דורכצושלאָגן

צום גרויסן געטאָ. די קעמפער האָבן געמוזט גיין, האַלטנדיק אין איין האַנט ס׳געווער און אין דער צווייטער — אַ נאַס טיכל ביי דער נאָז, כדי נישט דערשטיקט צו ווערן פונעם רויך. דער הימל איז געווען העל־באַלויכטן פון די פלאַמען פייער, וואָס האָבן זיך בייגאַכט מער אָנגעזען ווי ביי טאָג.

אויפן וועג האָבן זיי זיך אייניקע מאָל אָנגעשטויסן אויף פּאַטראָלן פון די דייטשן, לעטן, אוקראַינער, ליטווינער און — צום ערשטן מאָל אין אויפשטאַנד — אויף פּוילישער פּאָליציי... אויך זיי האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון! עס איז געקומען צו אַ העפטיקער שיסעריי, בעת וועלכער די פאַרקויפטע דייטשישע קנעכט האָבן זיך תמיד צוריקגעצויגן. פלוצלינג האָבן די יידישע אויספירער באַמערקט אויפן וועג דייטשישע נעסטן פון מאַשין־געווער. דער פאַראויסמאַרש פון אַזאַ גרויסער גרופּע איז דעריבער געווען צו געפערלעך. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו טיילן די גרופּע.

יעקב פּראַשקער מיט זיין אָפּטיילונג איז צוריקגעגאַנגען צו די „בערשטן־מאַכער". די איבערגעבליבענע גרופּע איז צעטיילט געוואָרן און צו „פינף" האָבן זיך בשלום דורכגעקריגן די אָפּטיילונגען פון מאַרק עדעלמאַן, הערש בערלינסקי און הענעך גוטמאַן. זיי האָבן באַשלאָסן איינבערצוואָרטן אין „אַפּראָוויזאַציע"־בונקער פון אברהם געפּנער אויף פראַנטשישקאַנסקע גאַס, ווו עס האָט זיך אויך געפונען די קאַמפּס־גרופּע פון שלאָמעק שוסטער.

אַ גאַנצן טאָג האָבן די קעמפער דאָרט אויסגערוט און ביינאַכט אַרויסגעשיקט אַן אויספירער־גרופּע מיט שמחה ראַטהייזער בראש, כדי אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט די קאַמף־אָפּטיילונגען פון גרויסן געטאָ. אויף נאַלעווקי 36 האָבן זיך די אויספירער אָנגעשטויסן אויף לוטעק ראָטבלאַטס קאַמפּס־גרופּע און אַזוי אַרום אָנגעבונדן דעם קאָנטאַקט מיט דער הויפּט־קאָמאַנדע פון „זשאָב" (יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע).

דאָס זענען געווען די ערשטע נגנויערע באַריכטן, וואָס מיר האָבן באַקומען אין גראָכאָווער לאַגער, נאָכן פאַרלאָזן דאָס וואַרשעווער געטאָ.

עס האָט זיך גאַרנישט געוואָלט גיין ליגן שלאָפן, הגם די שעה איז שוין געווען זייער שפּעט און 5 פאַרטאָג דאַרף מען אויפשטיין צו דער

אַרבעט. עס האָט זיך געוואָלט איינזאַפּן אין זיך און מיטלעבן דאָס גאַנצע געראַנגל און מסירת נפש פון אונדזערע העלדישע קעמפער. דורך די פענצ־טער זעט מען כסדר דעם רויטן הימל פון ברענענדיקן און קעמפנדיקן געטאָ. מיינע חברים זענען אוועק צו זיך אין די באַראַקן און איך האָב זיך גענומען גרייטן אויף מיין פּריטשע צו מיין באַפאָרשטייענדיקן קאַמף מיט דער אינוואַזיע פון לייז . . .

6.

# דאָס לעבן אין לאַגער

די טעג פאַרגייען איינער ענלעך צום צווייטן. דער לאַגער ווערט אי־בערגעפּולט מיט נייע קרבנות, געבראַכטע פון געטאָ, געכאַפּטע אויף דער־אַרישער זייט, אָדער דורך „פּריוווילעקע", ד. ה. אַזעלכע, וואָס זענען אַהער אַנטלאָפן צוליב די שאַנטאַזשן אויף דער אַרישער זייט. די לעצטע האָבן פאַר גרויסע געלטער איבערגעקויפט די פּוילישע פּאָליציי, מען זאָל זיי צופירן צום גראָכאָווער לאַגער. מיר האָבן געהאַט אַ שם פאַרן בעסטן לאַגער און מען האָט געוואָלט קומען צו אונדז... דער פאַקט, וואָס אין אונדזער איבערגעפּולטן לאַגער נעמט מען אויף אַלע וואָס מען ברענגט, אָדער קומען אַהין, שטאַרקט מיך נאָך מער אין דער איבערצייגונג, אַז לאַנג קאָן אַזאַ סיטואַציע נישט אָנהאַלטן. עס איז „צו גוט", אַז די דייטשן זאָלן זיך אַזוי גלייכגילטיק צוקוקן צו דעם און נישט נעמען אונדזער לאַ־גער אונטער אַ שטאַרקערן קאָנטראָל.

מיר באַקומען אַלץ נייע געסט. עס איז צו אונדז געקומען אַ יונגער בחור פון קאַרטשעווער לאַגער. ער דערציילט אונדז, אַז די יידן, ס'רוב „געכאַפּטע" בעת די אַקציעס אין אָטוואָצק, נאָך פאַר דער דאָרטיקער ענד־גילטיקער ליקווידאַציע, האָבן געאַרבעט ביי די באַפעסטיקונגען פון די ווייסל־וואַלן. די גרופּע איז באַשטאַנען פון 300 געזונטע יידן, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין קאַרטשעווער לאַגער און נישט געקוקט אויף דער שווע־רער אַרבעט, וואָס זיי האָבן דאָרט געהאַט, שטייענדיק גאַנצע טעג ביז אין

דער העלפט אין וואסער, האבן די דייטשן זיי פארזיכערט, אז דארט וועלן זיי שוין איבערלעבן די מלחמה. מיט א פאר טעג צוריק האט מען זיי גע־הייסן אויסגראבן א גרויסן גרוב, צונויפגעטריבן אהין אלע ארבעטער און זיי דערשאסן אויפן ארט. געציילטע יידן האבן באוויזן צו אנטלויפן, צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער באריכט־אפגעבער. האבנדיק א „גוטן אויסזען" (ענלעך געווען צו א קריסט), איז ער צו אונדז געקומען אלס אויסשפירער, צו זען וואס פארא לאגער דא איז, ווייל אויך די איבעריקע, וואס באהאלטן זיך אוים אין וואלד, ווילן אהערקומען.

צו אונדז זענען אויך צוגעקומען 6 „פינקערטאווצעס" (יידן, וואס האבן געארבעט אין ווארשע, אין מאטל פינקערטס לוויה־אנשטאלט, ביים מקבר זיין דערהרגעטע). זיי האט אהערגעבראכט די פוילישע פאליציי. זיי זענען צוזאמען מיטן „קעניג פון די מתים" — מאטל פינקערט — אנטלאפן אויף דער ארישער זייט, ווו עס האבן זיי געזאלט אויסבאהאלטן פוילישע שמוגלער, מיט וועלכע זיי האבן די גאנצע צייט „געהאנדלט" אויפן גענשער בית עולם.

ווען זיי זענען געקומען אין א „מלינה" אויף דער ארישער זייט, האט מען פינקערטן מיט זיין צווייטער פרוי געזאלט איינארדענען — ווי זיינע פוילישע פריינט האבן אים פארזיכערט — אין פראגע. מען האט פינקערטן אוועקגעפירט אין פראגער וועלדל ביי דער ווייסל, אים דארט בארויבט — ער האט געהאט מיט זיך א ריזן־פארמעגן — און אים דער־שאסן אויפן ארט. וועגן דעם האט דערציילט די איבעריקע „פינקער־טאווצעס" א פוילישע פרוי, וואס האט געהאנדלט מיט זיי. זי האט זיך עם דערוווסט בעת א „סעודה", וואס די באנדיטן האבן איינגעארדנט נאכן אויספירן דעם מארד. זי איז — ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן — געווען א געוויסנהאפטער מענטש און געוואלט ראטעווען די איבעריקע יידן. זי האט זיי געראטן צו אנטלויפן, אויב זיי ווילן נישט טיילן פינ־קערטס גורל.

נישט האבנדיק וווהין צו גיין, האבן זיי זיך אנטשלאסן צו גיין אין גראכאווער לאגער. דורך באקאנטע פוילישע פאליציאנטן, וועלכע זיי האבן גוט באצאלט פאר דער „טרחה", האט מען זיי, כלומרשט אלס

ארעסטירטע, געבראַכט צו אונדז אין לאַגער, ווו די טויערן האָבן זיך פאַר זיי ברייט געעפנט.

זיי האָבן אונדז דערציילט נאָך זאַכן, וועגן וועלכע מיר האָבן נישט געוווּסט: דער אינטענדענט פונעם וואַרשעווער בית־עולם, פּאָזנער (אַ זון פון הרב חיים פּאָזנער), וועלכער האָט אין לעצטן עטאַפּ, כדי צו באַקומען לעבנסרעכט, זיך אָנגעשלאָסן, צוזאַמען מיט זיין סעקרעטאַרין לעסעל־באַום־טראַקענהיים, צו די „פּינקערטאָווצעס", איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אויפן בית־עולם (פריער איז אויפן זעלביקן אָרט דער־שאָסן געוואָרן זיין זון). אויך לעסעלבאַום־טראַקענהיים (אַ שוועסטער פון פרידאַ זרובבל) לעבט נישט. דעם זעלביקן גורל האָט געטיילט דער חזן שערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט ביי די פּינקערטאָווצעס.

זיי האָבן אונדז אויך דערציילט, אַז געוועזענע מיטאַרבעטער פון דער „גיכער הילף" ביים „13טל". פירן אַרום די דייטשן איבער די חור־בות פונעם וואַרשעווער געטאָ און ווייזן זיי אָן די בונקערס, ווו עס ליגן אויסבאַהאַלטן יידן. די יידישע אויסוואורפן גלויבן אַזוי אַרום צו ראַטעווען זייער אייגן לעבן. צווישן די, וואָס גיבן אויס בונקערס, געפינט זיך אויך ברוך פרידענזאָן, דער זון פון זישע פרידענזאָן, געוו. רעדאַקטאָר פון אָר־טאָדאָקסישן „יידישן טאָגבלאַט" אין וואַרשע.

אין לאַגער רעדט מען נישט צווייָדייטיק, אַז אַ געוויסער „מאָניעק", אַן אונטערוועלטניק, וואָס איז דער בלאָק־עלטסטער פון אַ צווייטן באַראַק אין אונדזער לאַגער, טוט אָפּ נישט מאָראַלישע זאַכן מיט די פרויען פון זיין בלאָק. דעם פּיאַניסט קאַראַבקאָוו, וואָס האָט דעם בלאָק־עלטסטן גע־וואַגט אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז ער דאַרף זיך נישט פאַרגעסן און אויס־נוצן זיין ציטווייליקע מאַכט איבער זיינע פרויען־קרבנות, וואָס זענען בונקט אין אַזאַ אומגליקלעכער לאַגע ווי ער, האָט „מאָניעק" שטאַרק צע־שלאָגן. ווייניק נאָך, וואָס דער אַטלעטיש־געבויטער חברה־מאַן האָט גע־צוווּנגען די שענסטע מיידלעך מיט אים צו לעבן, האָט ער נאָך אונטער־געשיקט אוקראַינער צו פאַרוויילן זיך מיט די אומגליקלעכע.

מען האָט געמוזט אויף אַ שנעלן אופן רעאַגירן אויף דער נידער־טרעכטיקער האַנדלונג. פינקעלשטיין און גאָטליב האָבן מורא געהאַט זיך אַריינצומישן אין דעם ענין, צוגעבנדיק, אַז „מאָניעק" קאָן אומבאַ־

שטראָפט „קאַלט מאכן" זיינע קעגנער. מיר האָבן באַשלאָסן, נאָכן שמועס מיטן יידישן לאַגער־עלטסטן, דעם דייטשישן ייד, וועלכער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט צו מישן אין נישט זיינע — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — ענינים, צו גרינדן אַ לאַגער־ראַט, וואָס זאָל נעמען פעסט אין די הענט אַריין דאָס גאַנצע לאַגער־לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ זאַך האָט נישט געטאָרט דערגיין צו די דייטשן.

נאָך אַ פּאָר טעג אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון אַלע באַראַקן, וואָס האָבן זיך פון אָנהויב אויך געוואַקלט, צי עס איז כדאי זיך איינצורייסן מיט „מאָניעקן", איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ לאַגער־ראַט, אין וועלכן איך בין אַריין אַלס פאָרזיצער און וואַסערקענער — אַלס מיין פאַרטרעטער. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אין אונדזער באַראַק די ערשטע „אָפיציעלע" זיצונג און קודם כל באַהאַנדלט דעם ענין „מאָניעק". מיר האָבן באַשלאָסן אים צו רופן אויף אַ „קאָנפערענץ". „מאָניעק", וועלכער האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט און איז געווען אַ „פּאַן־בראַט" מיט פראַנצן, איז פונדעסטוועגן געקומען צו אונדז.

איך האָב אים דערקלערט דעם ציל פון אונדזער פאַרבעטן אים אַהער; אַז עס רעדן מיט אים נישט סתם לאַגערניקעס, נאָר מענטשן וואָס האָבן אונטער זיך דעם צוטרוי פון אַלע לאַגער־יידן און אונדזערע אָנגענומענע באַשלוסן וועלן, נישט געקוקט אויף קיין שום זאַך, אויסגעפירט ווערן. מיר ווייסן — האָב איך געזאָגט — אַז ער לעבט גוט מיט פראַנצן און מיט די אוקראַאינער און ער קאָן אונדז אויסגעבן אַלס „בונטאָווער־שטשיקעס". מיר רעפּרעזענטירן אָבער דעם גאַנצן לאַגער און אַלע אָן אויסנאַם זענען מיט אונדז. אויב עמיצן פון אונדז וועט עפּעס געשען, וועט אים נישט העלפן קיין פראַנץ און קיין שום אוקראַאינער, — ער וועט ווערן דורך אונדז ליקווידירט.

„מאָניעק" האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן, באַלד איז ער אָבער, רויט פון כעס, אויפגעשפּרונגען און אויסשפּייענדיק אָן אַ זייט געזאָגט:

— וואָס מאַינט עץ (איר), יאָך בין נישט קאַ ייד? יאָך׳ל גאַין מסרן מאַנע ברידאָ (מיינע ברידער)... נעמץ (נעמט) מאָך אָך אַראָן (מיך אויך אַריין) אין די „פּאַרטיע" און איאָ (איר) עט (וועט) זען וואָס מאָניעק

קאָן. אַז איאָ עס מאָך (אַז איר וועט מיך) האַסן קאַלט מאַכן אַפּילו פראַנצן, איז מאַן נאָמען נישט ייד, צי יאָך על עס נישט טוען . . .

אויף אַזעלכע דיבורים האָבן מיר זיך נישט געריכט. מיר האָבן דער־וואַרט, אַז ער וועט זיך וואַרפן אויף אונדז שלאָגן, דראָען און ער וועט וועלן באַווייזן, אַז ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא. אויף דעם פאַל האָבן מיר געהאַט אָנגעגרייט אינעם זעלביקן בלאָק, אין אַ צווייטן באַ־ראַק, אַ חברה געזונטע יונגען, וואָס זאָלן אונדז תיכף קומען צו הילף און אין ערגסטן פאַל — אים אומשעדלעך מאַכן. הערנדיק אָבער ווי ער רעדט מיט אונדז, זענען מיר געוואָרן פעסטער ביי זיך, אָבער אויך ווייכער צו אים. מיר האָבן אָנגענומען אַן אַנדערע טאַקטיק.

— דאָס האָבן מיר טאַקע געוואָלט — זאָג איך צו מאָניעקן — דו ביסט אַ יונגער יונג, קאָנסט אונדזערע יידן נאָך אַ סך נוצן ברענגען און דעריבער ווילן מיר מיט דיר רעדן, ווי צו אַ ייִנגערן ברודער.

און דאָ האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די אָרגיעס, וואָס ער מאַכט מיט די יונגע פרויען פון זיין באַראַק. אַ פאַרשעמטער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן, אַז ער איז יונג, אַז ער דאַרף האָבן אַ סך... אָבער ער צווינגט קיינעם נישט. ווער עס וויל, גייט מיט אים.

איך האָב באַשלאָסן נישט אַריינצורופן קיין עדות, נאָר אויף אַן אַנדערן אופן דעם ענין צו ליקווידירן. איך האָב אים געפרעגט, צי ער האָט געהאַט עלטערן, ברידער, שוועסטער און וואָס איז מיט זיי געוואָרן. ער האָט זיך צעוויינט און געזאָגט, אַז פון זיין גרויסער משפחה איז ער געבליבן איינער אַליין. די עלטערן זיינע (דער טאַטע איז געווען אַ קצב), ווי אויך ער און זיינע ברידער און שוועסטער (פיר ברידער און דריי שוועסטער זענען זיי געווען) — אַלע ווי די דעמבעס — זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען פון בענקשאַפט נאָך זיי. דערפאַר — זאָגט ער — טרינקט ער אַזוי פיל (ער איז תמיד געווען בגלופין), ער זאָל זיך אַ ביסל פאַרגעסן. איך האָב אָנ־געהויבן צו קלאַפּן אויף זיין סענטימענט. איך האָב אים געפרעגט ווי אַזוי ער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט זיין משפחה, קאָן זיך חברן מיט אַזעלכע באַנדיטן ווי פראַנץ און די אוקראַינער, וואָס האָבן אַליין מיט זייערע אייגענע הענט אַוועקגעפירט טויזנטער יידן — און אפשר אויך זיין איי־

גענע משפחה — צום טויט; ווי קאָן ער, צוגייענדיק צו די אומגליקלעכע מיידלעך ביי אונדז אין לאגער, נישט טראכטן, וואָס עס וואָלט געווען אין אַזאַ פאַל, ווען אַנדערע וואָלטן געטון דאָס זעלביקע מיט זיינע שוועסטער. און אויסער דעם אַלעם, ווי קאָן ער נאָך, אַלס ייד, אונטערפירן די אוקראַי־נער, וואָס זענען דורכגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, צו יידישע פרויען.

מאָניעק איז די גאַנצע צייט געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ גרויסער בער און נישט אויפגעהערט צו כליפּען. צום סוף איז ער אויפ־געשפּרונגען, אָנגעהויבן זיך צו שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ און גע־האַלטן אין איין איבערחזרן, אַז ער קאָן מער נישט לעבן, אַז ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען. מיר האָבן דעם ריז קוים איינגעהאַלטן און אים באַ־רואיקט.

— פאַרקערט — זאָגן מיר צו אים — איצט מוז ער לעבן, כדי צו דערלעבן נקמה פאַר זיינע אומגליקלעכע עלטערן, שוועסטער און ברידער און פאַר אַלע אומשולדיק־אומגעבראַכטע יידן.

דער ריז איז שטיין געבליבן ווי אַ פאַרלוירן קינד און געפרעגט:

— טאַ זאָגט מאַ (זאָגט מיר) וואָס דאַרף יאַך טוען? יאַך על ענק הערן אין אַלעם.

פון היינט אָן — האָב איך אים געזאָגט — וועלן מיר יעדן אָוונט, נאָכן עסן, זיך צונויפקומען ביי אונדז אין בלאָק, מיר וועלן זיך דערציילן איינער דעם אַנדערן, ווי אַזוי מיר האָבן געלעבט ביזן חורבן; מיר וועלן מאַכן פּלענער ווי אַזוי ווייטער צו לעבן... מיר וועלן אָרגאַניזירן קאָנ־צערטן, מען וועט זינגען יידישע לידער, דערציילן זאַכן פון אונדזערע שרייבער און פאַרברענגען אַזוי ווי מען דאַרף פאַרברענגען אין אַזעלכע שווערע מינוטן פונעם לעבן. און אויב עס וועלן פאָרקומען עפּעס וויכ־טיקע פאַלן ביי אונדז אין לאַגער, וועלן מיר זיי אויף די צוזאַמענקונפטן דערליידיקן און אויב מען וועט דאַרפן עפּעס טון, עפּעס באַשליסן, וועלן מיר אַלע צוזאַמען דאָס טון.

ביים אַרויסגיין פון אונדזער באַראַק בעט ער מיך, איך זאָל אויף אַ מינוט מיט אים מיטגיין. אין קאָרידאָר איז ער צו מיר צוגעפאַלן, מיך אָנגעהויבן צו קושן און מיט טרערן אין די אויגן מיר געזאָגט, אַז כ׳האָב אים אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה, ווייל ער אַליין האָט אויך געוווסט, אַז

ער טוט נישט גוט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ארויס פון דעם פאַר־בישופטן ראַד. ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז מער קיין בזיונות וועלן מיר פון אים נישט האָבן. ער האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט אונדז קיין בזיונות מער נישט פאַרשאַפט. איצט האָבן מיר אים געמוזט היטן, ער זאָל נישט אַוועקלייגן פראַנצן, אָדער איינעם פון דער אוקראַאינער וואַך, ווייל דאָס וואָלט אונדז געבראַכט אַן אומגליק. מאַניעק איז שפּעטער, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, אומגעקומען צוזאַמען מיט די העלדישע אויפ־שטענדלער פון טרעבלינקע, בעתן אַרויסרייסן זיך פונעם טויטן־לאַגער.

דער ערשטער געלונגענער אַרויסטריט פון אונדזער לאַגער־ראַט, האָט אויף אַלע לאַגער־מענטשן געמאַכט אַ גרויסן רושם. מען האָט זיך פשוט נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזאַ זאַך ווי דער פאַל מיט מאַניעקן האָט געקאָנט געלינגען.

איצט האָבן מיר געהאַט אַ שווער פּראָבלעם מיט די אוקראַאינער, וואָס זענען שוין, אויף איינענער האַנט, געקראָכן צו די פרויען. מיר האָבן זיך בּאַראַטן מיט אונדזער לאַגער־עלטסטן, דעם דייטשן ייד. ער האָט אַ מאַך געטון מיט די הענט, אַז ער קאָן דערצו גאָרנישט העלפן און ער האָט אונדז אויך געראָטן צו קוקן אויף דעם צווישן די פינגער. בכלל איז דער יידישער לאַגער־עלטסטער נישט געווען צופרידן פון אונדזער צופיל אַריינמישן זיך אין די אינעווייניקסטע ענינים פון לאַגער. ער האָט מורא געהאַט, אַז די אַבסאָלוטע מאַכט, וואָס ער האָט ביז איצט געהאַט — אגב, קיין שלעכטס האָט ער קיינעם נישט געטון — וועט זיך אַרויסגליטשן פון זיינע הענט, אָבער ער האָט אונדז נישט געשטערט אין אונדזער טעטיקייט, ווייל — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — האָט ער אַליין זיך אויך געוואָלט אַרויסראַטעווען פונעם לאַגער. צוזאַמען מיט זיין שוועסטער.

די אָנפאַלן ביינאַכט אויף אונדזערע פרויען מצד די אוקראַאינער האָבן נישט אויפגעהערט. מיר האָבן באַשלאָסן אָנצונעמען ראַדיקאַלע מיטלען. ווי אונדזערע „פּאַראַרבעטער" פינקעלשטיין און גאַטליב האָבן איבערגעגעבן, איז איינער פון די עלטסטע, אין ראַנג, אוקראַאינער, אַן אָנשטענדיקער גוי. זיי האַנדלען מיט אים און ער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין געוויסנהאַפט. זיי ווילן מיט אים קודם כל רעדן. ער קומט אָפט

אריין צו אונדז אין בלאָק. איך האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן מיט אים וועגן דעם נישט רעדן, נאָר איך וועל אין זייער קעגנוואַרט כאַפּן מיט אים אַ שמועס. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב עס וועט זיך נישט לאָזן מיט גוטן אָפּשטעלן די וואַקכאַנאַליעס, וועלן מיר לגבי די שולדיקע אָנווענדן געוואַלט־מיטלען.

ווען דער אוקראַינער איז אַריינגעקומען אין באַראַק און פינקעל־שטיין האָט מיר געגעבן אַ צייכן, בין איך צוגעגאַנגען. פינקעלשטיין האָט מיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין אַ באַקאַנטער יידישער אַרטיסט און כ׳האָב געשפּילט אויך אין פילמען — אפשר האָט ער מיך אפילו אַליין געזען אויך. ווי נאָר דער אוקראַינער האָט דערהערט, אַז איך בין אַ יידישער אַרטיסט, איז ער אינגאַנצן אויפגעלעבט געוואָרן. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב אַמאָל געשפּילט אין לעמבערג ביי גימפּעלען. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געענטפערט, אַז יאָ. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ זון פונעם הויז־וועכטער אויף יאַגעלאָנסקע 11, וווּ עס איז געווען דאָס גימפּעל־טעאַטער אין לעמבערג.

דער אוקראַינער איז נאָך געווען זייער יונג. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן, אַז ער האָט קיינמאָל יידן קיין שלעכטס נישט געטון. פאַר־קערט, אין לעמבערג האָט ער געהאַט בלויז יידישע חברים. ער האָט נאָר געוואָלט קעמפן קעגן די פּאָליאַקן, דערפאַר — האָט ער געזאָגט — איז ער אַריינגעטרעטן אין דער אוקראַינישער הילפס־אַרמיי און מען האָט אים דאָ אַהערגעשיקט. אַז ער איז נישט גאָט די נשמה שולדיק, איז פאַר מיר געווען קלאָר, ווייל די אַלע אוקראַינער, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט היטלערן, האָבן קודם כּל אויסגעפירט די בלוטיקע „אויסזידלונגען" פון יידן און ערשט שפּעטער זענען זיי פונאַנדערגעטיילט געוואָרן אין די פאַרשידענע לאַגערס אַלס וואַך־לייט.

אָבער אַז מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַראָפּ פון דער תליה. איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב איך האָב דאָ שוין יאָ געטראָפן אַזאַ „אָרנטלעכן מענטש", ווייל איך טאַקע, אַז ער זאָל אונדז צוהעלפן שיצן אונדזערע יונגע פרויען, וואָס ווערן באַלעסטיקט דורך זיינע קאָלעגן, און געטראַכט האָב איך מיר — אפשר פון אים אַליין אויך! — זיי, די אוּ־קראַינער, האָבן דאָך — זאָג איך — אַ פרייען אַרויסגאַנג פונעם לאַגער,

זיי קאָנען זיך דאָך דאָרט פאַרשאַפן וויפל פרויען זיי ווילן נאָר אַליין,
דאַרפן זיי גראָד האָבן די אומגליקלעכע באַשעפענישן פונעם לאַגער, וואָס
לעבן קוים . . .

אפנים, אַז ער האָט זיך געוואָלט פאַר אונדז אויספיינערן, ווייל איך
גלויב נישט, אַז מיין אַפּעל צו זיין געוויסן האָט דאָ געווירקט. ער האָט
מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך מיט דער זאַך פאַרנעמען און נאָך היינט
וועט ער וועגן דעם איבעררעדן מיט זיינע אוקראַינישע קאָלעגן. ער זאָגט,
אַז ער איז איבערראַשט דאָס צו הערן פון אונדז, אַז ער וואָלט זיך דאָס
קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, א. א. וו., א. אַ. וו.

די נאַכט איז דורך רואיק. צומאָרגנס נאָך דער אַרבעט, איז ער צו
מיר אַריינגעקומען און געזאָגט, אַז ער האָט גערעדט מיט זיינע קאָלעגן,
ליידער קאָן ער אָבער גאָרנישט מאַכן. ער זאָגט, אַז ער האָט זיי געדראָט,
אַז ער וועט די זאַך איבערגעבן דער העכערער מאַכט און אין אַזאַ פאַל
דראָט זיי אַ גרויסע שטראָף. זיי לאַכן זיך אָבער אויס פון אַלעם. איינס
— זאָגט ער — וואָס ער קאָן טון, איז דאָס, אַז ער וועט ביי די סאָלדאַטן,
וואָס האָבן נישט קיין דינסט, צונעמען דאָס געווער, ווייל די וואָס האָבן
דינסט, שטייען דאָך סיי ווי מחוץ דעם לאַגער. אין אַזאַ פאַל אַז מען וועט
כאַפּן ביינאַכט אַן אוקראַינער אין באַראַק, וואָס באַלעסטיקט אונדזערע
פרויען, זאָל מען אים גוט מקיים פּסק זיין אַזוי, אַז עס וועט אים שוין
אָפּפאַלן דער חשק נאָך אַמאָל אַהין צו קומען.

איך האָב פּשוט געשטוינט דאָס פון אים צו הערן. אַפּנים, אַז יעדער
באַנדיט האָט זיך זיין עטיק באַהאַלטן ערגעץ אין אַ ווייט קעמערל, צו
וועלכן מען דאַרף נאָר אין אַ פּאַסיקן מאָמענט קאָנען צוקומען. דער או־
קראַינער האָט, פאַרשטייט זיך, צו דעם געשעפט נישט צוגעלייגט. מיר
האָבן אים גוט באַפרידיקט. צו דעם צוועק האָבן מיר דורכגעפירט אין
לאַגער אַ געלט־זאַמלונג.

די אוקראַינער וואָס האָבן פּראָבירט ביינאַכט זיך אַ נעם טון צו
די לאַגער־פרויען, האָט מען גוט די ביינער אָנגעבראָכן און אַרויסגע
וואָרפן. ספּעציעל האָט זיך דערביי אויסגעצייכנט מאָניעק. היות קיין גע־
ווער האָבן די אוקראַינער נישט געהאַט מיט זיך, זענען זיי געווען אומ־
שעדלעך. די אוקראַינער האָבן זיך שפּעטער געשעמט וועגן דעם מודה

צו זיין זייערע עלטסטע, אזוי, אז מיט דער צייט איז די דאָזיקע פּלאַן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ס'זענען אָבער געווען נאָך אַנדערע פּלאַנען, וואָס מיר האָבן געהאַט צו באַזייטיקן. מען האָט אונדז צוגעטראָגן, אַז אַ געוויסע פרוי פון לאַגער פאַרקויפט זיך פאַר געלט און נעמט אויף, לויט אַ ריי, געסט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען די זעלביקע שיינע פּאָליציאַנטין פון דער געטאָ־תפיסה, וואָס האָט אויך דאָרט אַנטיילגענומען אין די אַרגיעס, אָבער דאָרט האָט זי עס געטון פון „ליבע"... איך האָב מיט איר גערעדט אָפּענע דיבורים, אַז מיר וועלן אין לאַגער אַזאַ זאַך נישט טאָ־לערירן. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי טוט עס דערפאַר, ווייל זי האָט נישט קיין כח מער צו הונגערן און קיין אַנדערן אויסוועג ווי אַזוי צו קאָנען זיך צוקויפן עפּעס צו עסן, ווי אַנדערע טוען דאָס, האָט זי נישט. מוז זי אויף אַזאַ אופן פאַרדינען . . .

די דאָזיקע ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אומבאַשרייבלעכן איינדרוק. געפינענדיק זיך אין לאַגער, אין אַ סביבה פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט גאַנץ גוט, געהאַט געלט, געהאַנדלט, איז מיר נישט געקור־מען אויפן געדאַנק, אַז אין לאַגער קאָנען זיך געפינען אויך מענטשן, וואָס הונגערן (ווייל פון די לאַגער־עסנס האָט מען נישט געקאָנט זיין זאַט). דורך דעם פּיינלעכן צופאַל איז פאַר מיר אַרויסגעשוווּמען אַ פּראָבלעם, וואָס האָט נישט געטאָרט פאַרשוויגן ווערן.

איך האָב אין זעלביקן אָוונט צונויפגערופן אַ זיצונג פון אונדזער ראַט, זיי פאָרגעשטעלט דעם ענין און מיר האָבן באַשלאָסן נאָך היינט צונויפרופן אַלע שטוב־עלטסטע און זיי הייסן אונדז ביז מאָרגן צושטעלן אַ רשימה פון אַלע מענטשן, וואָס געפינען זיך אין זייערע באַראַקן און אָנגעבן אונדז ווי אַזוי די מענטשן לעבן, צי זיי פאַרדינען אויך אין אַ זייט און צי זיי האָבן געוויסע געלט־מיטלען. דער שטוב־עלטסטער האָט דאָך יעדן פון זיינע מענטשן גוט געקענט. מען האָט נישט געקאָנט וויסן וואָס פאַראַ פאַרמעגן יעדער באַזיצט, — אַזעלכע זאַכן האָט איינער דעם צווייטן נישט אָנפאַרטרויט — אָבער ווי אַזוי יעדער איינער עסט, האָט מען געוווּסט.

עס האָט זיך ליידער אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך — כמעט פופציק

פּראָצענט — פון די לאַגערניקעס געפינען זיך אויסשליסלעך אויף לאַגער־„דיעט". מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די פאַרמעגלעכערע, דאָס הייסט אַזעל־כע וואָס קויפן זיך צו אין דער זייט בעת דער אַרבעט, מוזן זיך באַ־שטייערן מיט געלט, אָדער מיט טאָגטעגלעכע עסן־פּאָרציעס פאַר די, וואָס האָבן גאָרנישט. אַלע האָבן זיך אונטערגעוואָרפן אונדזער באַשלוס און דער הונגער איז אויסגעמיטן געוואָרן. פון קיין פּראָסטיטוציע, אין פולן זיך פון וואָרט, האָט מען מער ביי אונדז נישט געהערט.

אויף אונדזערע צוזאַמענקונפטן האָבן מיר יעדן טאָג אַריינגעצויגן וואָס מער מענטשן, אַזוי אַז אין די אָוונטן האָט מען שוין נישט געטראָפן אַרומדרייען זיך מענטשן אויפן הויף. אַזוי ווי אין אונדזער באַראַק האָט שוין פאַרפעלט פּלאַץ, האָט מען אַזעלכע צוזאַמענטרעפן איינגעאָרדנט אין יעדן באַראַק באַזונדער. מאָניעק פלעגט אָבער זיין אונדזער גאַסט און פון דעם האָט ער שוין נישט רעזיגנירט ביזן סוף פון מיין זיין אין לאַגער. מיר האָבן אויך באַשלאָסן אויפצונעמען רשימות פון אַלע לאַגערניקעס; זייערע געבוירע נעמען, פון וואַנען זיי קומען, זייער פריערדיקער באַרוף, א. אַ. וו. דאָ האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן, וואָרום אַ סך פון די לאַגערניקעס, ס'רוב דער אינטעליגענטערער עלעמענט, האָבן פּשוט מורא געהאַט אויפצוגעבן זייער באַרוף, האַלטנדיק, אַז די רשימות וועלן אַריינפאַלן צו די דייטשן און דאָס קאָן דראָען מיט שווערע קאָנ־סעקווענצן פאַר זיי.

ווי מיר האָבן זיך נישט באַמיט צו איבערצייגן די מענטשן, אַז דאָס זאַמלען מיר נאָר פאַרן אינערלעכן געברויך, אַז מיר ווילן די רשימות איבערשיקן דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף וויסן פון יעדן איינעם וואָס געפינט זיך אין לאַגער. אַזוי אַרום קאָן מען האָפן אויף אַ געוויסער הילף פון אונדזער אונטערערד און אפשר וועט זיך אויך שאַפן אַ מעגלעכקייט אונדז אַרויסצובאַקומען פון דאָרט. די אַלע רייד האָבן גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן געטענהט, אַז ס'איז זיי גוט אין לאַ־גער, זיי דאַרפן נישט קיין הילף און זיי ווילן גאָר נישט אַרויס פון דאַנען. מען האָט יעדן איינעם געמוזט באַאיינפלוסן, איבערצייגן, אויפקלערן און דאָס איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען.

דער געדאַנק צו טון אַזאַ אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן נאָך פריער.

ווי עס האָבן מיר איבערגעגעבן אונדזערע לאַגערניקעס, וואָס פלעגן גיין אויף אַרבעט אין שטעטל מארקי, האָבן זיי דאָרט געטראָפן די שריפט־שטעלערין רחל אויערבאַך, וועלכע האָט זיי אויך צוגערעדט צוצושטעלן אַזעלכע רשימות.

אין דער אַליינהילף־אַרבעט ביי אונדז אין לאַגער האָבן אַ סך כח און מסירת־נפש אַריינגעלייגט: וואַסערקענער, מאָרדכעלעס, קאַראַבקאָוו, האַלצקענער, ענגעלבערג, גזשיבאָווסקי, לוקסענבורג א. אַ.

אויף די צוזאַמענטרעפן האָט יעדער איינער איבערגעגעבן זיינע איבערלעבונגען, וואָס מיר האָבן זאָרגפעלטיק נאָטירט. מען האָט גע־האַלטן פאַר די פאַרזאַמלטע צוגעגרייטע רעפעראַטן, מען האָט געזונגען באַקאַנטע לידער, רעציטירט און געפירט שמועסן. מען האָט אויך גע־שפילט שאַך, דאָמינע און קאָרטן. פון די געלטער האָט מען אָראַפּגענומען פּראָצענטער, וואָס זענען געגאַנגען אויפן הילפס־פאָנד. אַזוי אַרום איז געפירט געוואָרן אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־געזעלשאַפטלעכע און סאָ־ציאַלע אַרבעט. מיר האָבן אויך אויסגעטיילט אַ געריכט, וואָס האָט יעדן טאָג דערליידיקט די אָנקלאַגעס, וואָס זענען ליידער וואָס אַמאָל אַלץ מער אַריינגעפלאָסן צו אונדז.

מיר האָבן אויך אָנגענומען מיטלען צו פאַרבעסערן די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען אין אונדזער לאַגער. קודם כל האָבן מיר באַ־שטימט יעדן טאָג ספּעציעלע סאַניטאַר־דיזשורן פאַר יעדן בלאָק באַזונ־דער, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף דער ריינקייט פון יעדן לאַגערניק און אויף די באַראַקן. מיר האָבן געטון אַלץ, כדי צו דערפירן צו אַ געוויסער ריינקייט, וואָס איז אונדז ליידער זייער שווער אָנגעקומען. די לייז־מגפה איז ממש אוממעגלעך געווען צו באַקעמפן, נישט געקוקט אויף אַלע אָנ־גענומענע מיטלען. דער לאַגער איז געווען אַזוי פאַרלויזיקט, אַז כדי פּטור צו ווערן פון דער פּלאָג, וואָלט מען גענראַפט דעם גאַנצן לאַגער אונ־טערצינדן. מיר האָבן אויך באַשלאָסן אַרומצוקלאַפּן די לאַטרינע אויף אייגענער האַנט. היות אונדזערע ווענדונגען צו דער לאַגער־פאַרוואַלטונג זענען געבליבן אָן אָפּקלאַנג, האָבן מיר באַשלאָסן אַליין אויסצופּאַרטיקן די לאַטרינע אַזוי, אַז די פרויען זאָלן זיין אָפּגעטיילט פון די מענער און מיר האָבן אויך אויפגעשטעלט ווענטלעך אַרום און אַרום און אויפגע־

קלאַפּט אַ דאַך מיט ברעטער, וואָס זאָל אונדז פּילווייניק שיצן פאַרן רעגן. ברעטער האָבן אונדז נישט געפעלט, ווייל זיי האָבן זיך געוואַלגערט מאַסנ־ווייז אויפן הויף. ווען די לאַטרינע איז געוואָרן אויסגעפּאַרטיקט, האָט דער דייטשישער לאַגער־קאָמענדאַנט אונדז געזאָגט ביים אַפּעל, אַז אַזעלכע זאַכן טאָר מען אויף אייגענער האַנט נישט טון, אָבער אַז ס'איז שוין אָפּ־געטון געוואָרן, וויל ער עס נישט צעשטערן*). ער האָט אונדז נאָר גע־מאַכט אַ פאָרוואורף.

איינמאָל — דאָס איז געווען ביינאַכט, ווען מיר אַלע זענען שוין געשלאָפן, האָט אונדז מאַניעק אויפגעוועקט. ביי אים אין בלאָק איז גע־שען אַן אומגליק: אַ יונגערמאַן האָט זיך פאַרסמט. מיר זענען אַהינגע־לאָפן און געטראָפן, לײדער, שוין אַ טויטן. ער האָט זיך פאַרסמט, איינ־נעמענדיק אַ גרויסע דאָזע לומינאַל. דאָס איז געווען זייער אַן איידעלער יונגערמאַן, זיך געגאַנגען זיין וועג און מיט קיינעם קיינמאָל נישט געהאַט צו טון. ער האָט די טראַגעדיע פון חורבן נישט געקאָנט איבערטראָגן און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. צומאָרגנס האָבן מיר אים מקבר געווען ביי די דראָטן פון לאַגער. דאָס איז געווען דער ערשטער לאַגער־קרבן.

דער דאָזיקער פאַל האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַ דערשי־טערנדיקן איינדרוק, הגם מיר אַלע פון לאַגער זענען שוין געווען צוגע־וווינט צו קרבנות פון פריער. צומאָרגנס, בעתן אַפּעל, האָט מען געמאָלדן דעם דייטשישן לאַגער־שעף, אַז איין לאַגערניק פעלט.

אַ צווייטער פאַל, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען, האָט אויף אונדז אויך געמאַכט אַן אומבאַשרייבלעכן איינדרוק. בעת מיר זענען אין אַ גע־וויסן טאָג געגאַנגען פון דער אַרבעט, האָבן מיר אויפן שאָסיי, נאָענט פון אונדזער לאַגער־טויער, באַמערקט זיצן אַ צען־יעריק מיידעלע, מיט אַ פּרעכטיק שיין פּנימל, מיט צוויי לאַנגע בלאָנדע צעפּעלעך און מיט אַ פּאָר גרויסע, הימל־בלאָע אויגן. איינער פון אונדזערע לאַגער־מענטשן, וואָס איז מיט אונדז געגאַנגען, האָט פּלוצלינג אויסגעשריען: „אוי ווי

---

*) יעדן טאָג האָבן מיר געמוזט צוקלאַפּן פון אַן אַנדערער זייט אַ ברעט, וואָס די אוקראַינער האָבן אויפגעריסן, כדי צו קאָנען אַריינקוקן צו די פרויען.

איז מיר, דאָס איז דאָך מיין שוועסטערס קינד!" מען האָט דאָס קינד אריינגענומען אין לאַגער. פראַנץ מיט זיינע געהילפן זענען אַלעמאָל גע־ ווען גרייט אריינצוקריגן צו זיך וואָס מער יידן. אפנים, אַז זיי האָבן גע־ וווּסט, אַז ארויסבאַקומען זיך פונעם לאַגער וועט נישט זיין אַזוי לייכט...

פונעם קינד האָבן מיר זיך דערוווּסט פאָלגנדיקס: די עלטערן האָבן זי אָנגעדונגען צו באַקאַנטע קריסטן אויף דער ארישער זייט. ביז צום אויפשטאַנד האָט די קריסטלעכע משפּחה דערהאַלטן פונעם קינדס על־ טערן געלט. דערנאָך האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אַלץ איבערגעריסן, ווי ס׳האָט זיך מסתמא אויך איבערגעריסן דאָס לעבן פון די עלטערן פונעם שיינעם יידישן מיידעלע.

די קריסטלעכע משפּחה האָט פון די עלטערן געוווּסט, אַז דעם מיי־ דעלעס פעטער געפינט זיך אין גראָכאָווער לאַגער. האָבן זיי באַשלאָסן דאָס קינד אהינצוברענגען. וואָס האָבן זיי זיך געדאַרפט פאַרדרייען דעו־ מיט אַ קאָפּ, אַז קיין געלט וועלן זיי דאָך שוין סיי ווי נישט קריגן. זאָל זיך דעם קינדס פעטער ברעכן דעם קאָפּ פאַר איר. און מען האָט דאָס קינד אהערגעבראַכט און געהייסן עס אוועקזעצן זיך און וואַרטן ביז דער פעטער וועט קומען . . .

פאַר מיר פערזענלעך איז דער פאַל געווען נאָך שרעקלעכער מיט דעם, ווייל איך אַליין בין דאָך געווען אין אַן ענלעכער לאַגע: מיין קינד האָט זיך אויך געפונען ביי פרעמדע מענטשן און ווער ווייסט, צי נאָך דעם בריוו וואָס איך האָב אַמאָל דערהאַלטן פון איר אפּיטראָפּוסטע*), קאָן דאָך מיט איר אויך געשען אַזאַ פאַל, אַז זי זאָל ארויסגעשטעלט ווערן אויף דער גאַס אויף „גאָטס באַראָט" — ווי די באַרטשינסקי האָט גע־ שריבן אין איר בריוו צו מיר . . .

טרערן האָבן מיך געשטיקט, ווען איך האָב באַטראַכט דאָס אונטער־ געוואָרפענע יידישע מיידעלע. זי האָט געהאַט אַ הונדערט־פּראָצענטיק אַריש אויסזען און איז דאָך געווען אַ מיידעלע — אַלע שאַנסן אָפּגעראַ־ טעוועט צו ווערן. האָט זי אָבער נישט געהאַט קיין מזל אָנצוטרעפן אויף גוטע מענטשן.

---

*) זע מיין בוך „אַזוי איז עס געווען", זייט 446.

דאָס קינד איז געוואָרן אונדזער לאַגער־ליבלינג. מען האָט פאַר איר געזאָרגט, הגם זי האָט געהאַט אין לאַגער אַ פעטער.

נאָך אַ פאַל, וואָס האָט אויף אונדז געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק: צוריקגייענדיק פון דער אַרבעט איבערן לאַנגן שאָסיי, רופט זיך פּלוצלינג אָן צו מיר מאָרדכעלעס:

— „מיין קינד גייט!" . . .

מאָרדכעלעס פרוי — אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין אין וואַרשעווער געטאָ, איז אומגעקומען בעת די פריערדיקע „אַקציעס". מאָרדכעלעס האָט זיין קינד (אַ יינגעלע מיט נישט קיין שלעכטן אויסזען, ד. ה. נישט זייער ענלעך געווען אויף אַ ייד) איבערגעגעבן אויף דער אַרישער זייט צו זיין געוועזענער פּוילישער דערציערין, וואָס האָט זיך פּשוט מקריב געווען פאַרן יונגן מאָרדכעלעס און איז געווען צו אים ווי אַ מאַמע. זי האָט זיך דערוווּסט, ווו מאָרדכעלעס געפינט זיך, האָט זי געמאַכט מיטן קינד אַ שפּאַציר אין יענער געגנט, כדי צו געבן אים אַ מעגלעכקייט זיך צו זען מיטן פאָטער. דאָס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבעניש נישט נאָר פאַר מאָרדכעלעסן, נאָר אויך פאַר אונדז אַלע.

7.

## דער ערשטער נאַכט־אַלאַרם

ס'איז געווען אַרום 2 אַזייגער ביינאַכט, ווען מיר זענען אויפגעוועקט געוואָרן פון גרויסע דעטאָנאַציעס. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז עס איז פאָרגעקומען אַן ערד־ציטערניש. באַלד נאָך דעם איז אויסגעשלאָגן געוואָרן אַן אַלאַרם און מיר זענען בליצשנעל געווען אויף די פיס.

אַ דייטשישער באַן־באַאַמטער האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אויפן גרויסן הויף, ווו מען האָט אונדז אַלע אָן אויסנאַם אויסגעשטעלט און געגעבן אַ באַפעל אָפּצומאַרשירן אין דער ריכטונג פון דער באַן־ליניע.

קיינער פון אונדז האָט נישט געוווּסט, וואָס דאָ איז געשען. נישט

מען האָט אונדז געזאָגט, נישט מיר האָבן געפרעגט. אין אַ לאַגער שטעלט מען נישט קיין פראַגן. מען האָט אונדז צוגעפירט צום באַן־וואַל און דאָ האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַן איבערגעדרייטן פראַכט־צוג, פון וועלכן די ערשטע וואַגאָנען האָבן געברענט, מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט דורכגעפירט אַ סאַבאָטאַזש־אַקט.

דורך די איבערגעדרייטע וואַגאָנען האָט מען אונדז געהייסן אַריבערגיין אויף יענער זייט וואַל און זיך אויסשטעלן גרייט אויפצונעמען באַפעלן. מיר זענען נישט געווען אַליין. אַ סך דייטשישע סאָלדאַטן, דייטשישע באַן־באַאַמטע און אַרבעטער און באַלד נאָך דעם זענען צוגעקומען פייערלעשער און סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע מען האָט אהערגעבראַכט צו דער אַרבעט פון אַ נישט ווייטליגנדיקן לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען די טויט־געפאַר, וואָס עס דראָט אונדז דאָ. מיר זענען געשטאַנען פאַר אַ פראַכט־צוג, אָנגעפילט מיט אַמוניציע און קריגס־מאַטעריאַלן. די ערשטע וואַגאָנען האָבן געברענט. צו אונדזער גליק זענען דאָרט געווען מעבל. די פייערלעשער האָבן געטון אַלץ, כדי צו לאָקאַליזירן דאָס פייער און נישט לאָזן עס אַריבערוואַרפן זיך אויף די איבעריקע וואַגאָנען מיט אַמוניציע. מיר האָבן געדאַרפט אויף שנעל אַרויסנעמען פון די איבערגעדרייטע וואַגאָנען די אַמוניציע און זי אַריבערטראָגן ווייטער, אויף אַ זיכערן פּלאַץ. איך האָב דערזען וואָס פאַראַ געפאַר עס דראָט אונדז בעת דער אַרבעט און זיך שוין געזעגנט מיטן לעבן.

איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו אַ גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אויסליידיקן אַ פול־אָנגעשטופּטן וואַגאָן מיט שווערע אַעראָפּלאַן־באָמבעס. די דייטשן האָבן אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ביי דער מינדעסטער אומפאָרזיכטיקייט קאָנען מיר צוזאַמען מיט די באָמבעס פליען אין דער לופטן. אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אויפצוהויבן דעם קאַסטן (די באָמבעס זענען געלעגן אין ספּעציעלע שמאָלע, לאַנגע, אָפענע קאַסטנס, וואָס האָבן געהאַט פון אַלע פיר עקן — פון שטריק געפלאָכטענע הענטלעך), אים אויסגלייכן און שפּעטער אים איבערגעבן אַנדערע פיר מענטשן,

וואָס דאַרפֿן עס אַראָפּנעמען פֿון וואַגאָן און איבערגעבן עס ווייטער צו אַנדערע פֿיר. אויפֿן קוק האָט עס אויסגעזען — נישט רעדנדיק וועגן דער דראָענדיקער געפֿאַר — צו זיין נישט קיין שווערע אַרבעט. ווי נאָר אָבער איך האָב אָנגענומען פֿאַרן הענטל, האָב איך געמיינט, אַז די קישקעס רייסן זיך מיר אונטער, אַזוי שווער איז עס געווען. ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג איז מיר, פּונקט ווי מיינע איבעריקע גורל־חברים, געלונ־גען אויפֿצוהויבן די באָמבע און זי איבערצוגעבן ווייטער. פּונקט אַזוי גיך ווי איך האָב זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט צוגעוווינט, האָב איך אויך גיך פֿאַרלוירן די כחות און איינמאָל שיער נישט אַראָפּגעלאָזט די באָמ־בע פֿון מיין זייט. אַ זעץ פֿון אַ דייטש און איך בין ווידער שטאַרק געוואָרן.

אויסגעליידיקט דעם וואַגאָן, האָט מען אונדז פֿון דאָרט געהייסן אַרויסגיין און אָפּרוען זיך 10 מינוט. דערנאָך האָט מען אונדז צוגעפֿירט צו אַן אַנדערן וואַגאָן, ווו מיר האָבן איבערגעחזרט די אַרבעט, מיט דעם אונטערשיד, אַז די גרופּע פֿון 4, וואָס האָט פֿריער געאַרבעט אין וואַגאָן, האָט איצט אויסגעפֿירט די אַרבעט נעבן וואַגאָן, ד. ה. מיר האָבן זיך גע־ביטן מיט די, וואָס זענען געשטאַנען פֿון דרויסן.

איך האָב דערזען נעבן זיך אונדזער גוט־באַקאַנטן אינספּעקטאָר, וואָס איז געווען אַ קינסטלער צו דערלאַנגען אַ קאָפּ צווישן די פֿיס. דעם טעם האָב איך נישט געוואָלט פֿאַרזוכן. ליידער האָבן עס אַנדערע יאָ פֿאַר־זוכט ביי דער אַרבעט. אויסער דעם אינספּעקטאָר זענען געשטאַנען אויפֿן אָרט פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע אַ סך הויכע באַן־באַאַמטע, פּאַרטיי־ און מיליטער־לייט. מען האָט געהאַלטן אין איין יאָגן: „שנעלער, שנעלער". עס איז זיי, ווייזט אויס, געווען געלעגן, אַז די אַרבעט זאָל פֿאַרענדיקט ווערן ביזן טאָגליכט. מיר האָבן געאַרבעט ביים שיין פֿון גרויסע רעפֿ־לעקטאָרן. די ברענענדיקע וואַגאָנען זענען שנעל אָפּגעטיילט געוואָרן פֿון די איבעריקע און דאָס פֿייער איז פֿאַרלאָשן געוואָרן.

נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעליידיקט דעם צווייטן וואַגאָן — ווידער אַן איבעררייס אויף 10 מינוט. איך האָב זיך צוגעזעצט נעענטער צו די סאָוויעטישע קריגס־געפֿאַנגענע. כ'האָב געוואָלט הערן עפּעס אַ גוט וואָרט. איך האָב איינעם פֿון זיי געפֿרעגט פֿון וואַנען ער איז.

— פון ראָסטאָוו, — ענטפערט ער מיר. — אַגב איז די שטאָט שוין צוריק פאַרנומען געוואָרן פון אונדזערע. זאָרגט אייך נישט, קירצלעך וועט איר פּאָליאַקן אויך פריי ווערן.

— צי ווייסט איר, וואָס עס טוט זיך איצט אין וואַרשע? — פרעג איך אים.

— אוודאי, א בונט פון די יידן, — ענטפערט ער.

— דאָס איז אַן אויפשטאַנד, אַ קאַמף אויף לעבן און טויט מיט די פאַרשאָלטענע דייטשן. איך און די אַלע, וועלכע דו זעסט דאָ, זענען יידן. מיר אַלע קומען טאַקע פון דאָרט.

— „מאָלאָדצי, רעביאַטאַ!" — רופט ער אויס און גיט עס איבער זיינע חברים · קריגס-געפאַנגענע. דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן. מען מוז ווידער גיין צו דער אַרבעט. דער סאָוויעטישער קריגס-געפאַנגענער איז אַריינגעפאַלן אין אַ גוטער שטימונג און האָט עפּעס געזאָגט צו זיין דייטשישן באַגלייטער. וואָס ער האָט געזאָגט, האָב איך נישט געהערט, — מסתמא האָט ער זיך געוויצלט אויף זיין חשבון, — אָבער דעם קלינגענדיקן פּאַטש, וואָס ער האָט באַקומען פונעם דייטש, האָב איך יאָ געהערט. אַ ווײַלע איז דער קריגס-געפאַנגענער שטיין געבליבן מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל אויפן פּנים, ווי ער וואָלט באַטראַכט ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף דעם. אַ ווײַלע זענען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן: דער קריגס-געפאַנגענער — אַ ריז און דער דייטש, אַ מאָגערער, מיט צוויי קעפּ קלענער פון אים. דער רוס האָט דאָך מיט איין קלאַפּ פון דער האַנט געקאָנט מאַכן פון זיין דייטשן אויפזעער אַ תל. ער האָט זיך, משמעות, אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון די קאָנסעקווענצן וואָס זיין האַנדלונג וואָלט געקאָנט ברענגען אויף אַלע זיינע חברים קריגס-געפאַנגענע און ער איז שווייגנדיק געגאַנגען צו זיין אַרבעט. דער דערמוטיקטער דייטש האָט אים נאָך געגעבן אַ קאָפּ פון הינטן.

ווען איך בין מיט מיין סאָוויעטישן באַקאַנטן ווידער געזעסן צוזאַמען בעתן קורצן אָפּרו, האָט ער מיר שנעל געזאָגט:

— דו וווּנדערסט זיך געוויס, וואָס כ'האָב דעם נאַצי-הונט פאַרשוויגן די עוולה? זאָרג זיך נישט, כ'וועל נישט פאַרשווייגן נישט מיין עוולה, נישט אונדזער אַלעמענס עוולה. קירצלעך וועט קומען צו זיי אַ

סוף! גיב איבער דיינע העלדישע יידן, אַז זיי זאָלן נישט פאַלן פון מוט. עס גייט אויף די דייטשן אַ וויסטער סוף. — און פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ דריי־גאָרנדיקער רוסישער קללה . . .

איך האָב זיך פונעם סאָוויעטישן קריגס־געפאַנגענעם דערוווּסט, אַז ער געפינט זיך אין רעמבערטאָווער לאַגער. דאָרט, נישט ווייט פון זיי, איז געווען אויך אַ יידן־לאַגער פון אַ פּאָר הונדערט מענטשן — כמעט אַלע פון וואַרשע. מען האָט זיי דאָרט אין אַ געוויסן טאָג — ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער קריגס־געפאַנגענער — אַלע אויסגעשאָסן. איך דערמאָן זיך, ווי ראַטמאַן ראָזען, לייטער פונעם אַרבעטס־אַמט ביים וואַרשעווער יודענראַט און זיין פאַרטרעטער אָראָנזאָן האָבן מיך צוגערעדט צו פאַר־שרייבן זיך פרייוויליק אין דעם רעמבערטאָווער לאַגער. דאָס איז דער בעס־טער און לייכטסטער אַרבעטס־לאַגער — האָבן זיי מיר פאַרזיכערט און זיי האָבן געראָטן מיר און מיין פרוי אַוועקצוגיין אַהין. דאָס איז געווען אין דער צייט פון אָנהויב פון די „אַקציעס" אין וואַרשעווער געטאָ. אַהין זענען, צווישן אַנדערע, אויך אַוועק מיינע חברים: די פילם־שוישפּילערין אירמאַ גרען־קאָן, דער שוישפּילער יעקב גרינשפּאַן און די פּויליש־יידישע אַקטריסע אינאַ גראָכאָווסקאַ. געפינען זיי זיך, הייסט עס, שוין אויך צווישן די דאָרטיקע קדושים. דאָס שטאַרקט מיך נאָך מער אין דער אי־בערצייגונג, אַז איך מוז אַלץ טון, כדי וואָס גיכער זיך אַרויסצובאַקומען פון אונדזער „גוטן" גראָכאָווער לאַגער, ווייל איך זע לײַדער פאָראויס פאַר אים דעם זעלביקן סוף, וואָס עס האָט געהאַט רעמבערטאָוו.

די אַרבעט ביים אויסלאָדן די וואַגאָנען האָט זיך נישט פאַרענדיקט אַזוי שנעל, ווי די דייטשישע מאַכטהאָבער האָבן געוואָלט. מיר האָבן אַזוי אָפּגעאַרבעט ביז 3 אַזייגער בייטאָג, ביז מיר האָבן ענדלעך פאַרענדיקט די קאַטאָרזשנע אַרבעט. מיר האָבן פרייער אָפּגעעטעמט. אָבער — נאָר אויף אַ ווייל.

אונדזער הינטישער אינספּעקטאָר האָט באַשלאָסן אונדז היינט צו געבן די אמתע לעקציע. נאָך דעם ווי מען האָט די רוסישע קריגס־געפאַנ־גענע אַוועקגעפירט און אַלע איבעריקע זענען זיך אויך צעגאַנגען, האָט דער אינספּעקטאָר, נישט קוקנדיק אויף אונדז, געזאָגט: „איצט וועט איר באַקומען אַ שיינע אַרבעט און איר וועט שפּעטער האָבן אַ גוטן אַפּעטיט

צום עסן". (אגב האָבן מיר גאָרנישט געהאַט אין אונדזער מויל פון נעכטן 6 אַזייגער אָוונט). ער האָט אונדז געהייסן אָפּטראָגן די אַרויסגע־ריסענע דורך דער קאַטאַסטראָפע באַן־שינעס אין די וואַרשטאַטן קיין פּראַגע.

מיר האָבן זיך גענומען צו דער נייער אַרבעט. צו יעדער שינע האָט מען צוגעטיילט אַ פּאָר מענטשן, וועלכע האָבן זי געמוזט אָפּטראָגן אַ פּאָר קילאָמעטער. ס'איז געפאַלן דער באַפעל: מאַרש! — און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס מאָל האָט דער אינספּעקטאָר אַליין איבער־גענומען די קאָמענדע איבער אונדז. ער האָט אונדז געהייסן מיט דער משא אַראָפּגיין פון וואַל און ווידער אַרויפגיין, און אַזוי כסדר הין און צוריק. איך האָב געפילט, אַז אַלץ רייסט זיך ביי מיר איבער אונטער דער שווערער משא און אָט־אָט וועל איך אַוועקפאַלן. די פיס האָבן מיך קוים געטראָגן, ס'האָט מיר פאַרפעלט אָטעם און כ'האָב געוואָלט אָפּלאָזן די שינע און אַוועקלייגן זיך אויף דער ערד, נישט געקוקט אויף דער געפאַר, וואָס מיר האָט געדראָט.

מיינע חברים, אגב, אין דער גרופּע, אַ סך שטאַרקערע פון מיר, האָבן מיך כסדר געמוטיקט, כ'זאָל אויסהאַלטן, כ'זאָל נישט ברענגען אויף זיך קיין אומגליק. זיי האָבן זיך באַמיט, מיינע טייערע, הארציקע לאַגער־חברים איבערצוּוואַרפן די לאַסט אויף זיך און זיי האָבן אַלץ געטון, כדי מיר צו פאַרלייכטערן. איך ווייס נישט מיט וועלכע כחות איך האָב זיך דערשלעפּט צו די וואַרשטאַטן. איך בין שוין געווען אינגאַנצן מאַכטלאָז. איבערגעבנדיק, צוזאַמען מיט מיינע חברים, די שינע צו די וואַרשטאַטן־אַרבעטער, בין איך אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און געמיינט, אַז דאָס איז שוין מיין סוף. די וואַרשטאַט־אַרבעטער האָבן מיר געגעבן אַ גלאָז וואַסער, וואָס איך האָב נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען. איך האָב קוים־קוים געכאַפּט דעם אָטעם. 7 אַזייגער אינאָוונט, נאָך אַ מעת לעת איבער־מענטשלעכער אַרבעט, נישט האָבנדיק גאָרנישט אין מויל, זענען מיר צו־ריקגעקומען אין אונדזער לאַגער. אַ טויט־מידער האָב איך זיך געוואָרפן אויף דער פּריטשע. מיט כח האָט מיך מיין שכן גאָטליב געצווּנגען עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין. דאָס איז געווען די ערשטע נאַכט, ווען איך בין גוט געשלאָפן און נישט געפילט די אינוואַזיע פון די לייז.

צוזאַמענגנס האָט מען אונדז, ווי תמיד, געוועקט 5 אַזייגער פֿאַרטאָג צום אַפּעל. די אַרבעט אין דעם טאָג, אין פֿאַרגלייך צו נעכטן, איז געווען אַ שפּילעכל. די מידקייט איז אָבער נישט געווען קיין קלענערע. ווען מיר זענען אינאָווונט געזעסן ביים טיש, האָב איך איבערגעגעבן די חברים מיין שמועס מיטן רוסישן קריגס־געפאַנגענעם פֿון ראָסטאָוו און דערציילט זיי וועגן גורל פֿונעם רעמבערטאָווער לאַגער. איך האָב געפּרוּווט צו איבער־ציִיגן מיינע גורל־חברים, אַז מען מוז ווי אַמשנעלסטן אַוועק פֿון דעם לאַ־גער. ווער ס'האָט אַ מעגלעכקייט צו גיין אויף דער אַרישער זייט, טאָר עס נישט אָפּלייגן, נאָר תיכף גיין; ווער נישט — זאָל גיין צו די פּאַרטי־זאַנער אין די וועלדער.

ליידער האָבן נישט אַלע געטיילט מיין מיינונג. אייניקע, וואָס זע־נען שוין געווען אויף דער אַרישער זייט, האָבן געזאָגט, אַז וואָס עס זאָל מיט זיי נישט געשען, וועלן זיי מער נישט גיין אַהין. זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין כח אויסצוהאַלטן פֿון די אַלע „שמאַלצאָווניקעס" (שאַנטאַ־זשיסטן) און פּוילישע „אַפּיטרופּסים", וואָס האָבן ביי זיי אויסגעזויגן דאָס בלוט. אַנדערע האָבן איבערגעגעבן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט, ווען מען האָט אויף זיי אָנגעשיקט די דייטשן. אַנ־דערע, ווידער, ווי האַלצקענער, מאַרדכעלעס, ווינאָגראַד, האָבן געזאָגט, אַז ביי זיי איז עס נאָר אַ פֿראַגע פֿון געציילטע טעג און זיי האָפֿן, אַז מען וועט זיי פֿונעם לאַגער אַרויסנעמען. גאָטליב האָפֿט אויך אין אַ קורצער צייט אַרום צו קאָנען זיך פֿאַראייניקן מיט זיין פֿרוי. ער וויל נאָר — זאָגט ער — שאַפֿן זיך אַ ביסל געלט, ווייל ביי זיין פֿרוי ענדיקט זיך שוין דאָס אָפּגעשפּאַרטע, מוז ער דאָך האָבן אַ געוויסן קאַפּיטאַל אויסצוהאַלטן די צייט, ווען ער וועט זיין אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. אָן געלט וועט זיי דאָך קיינער נישט וועלן האַלטן. בערנאַרד פּינקעלשטיין האַלט זיך ווייטער ביי זיינס: אונדז דראָט נישט קיין שום געפֿאַר. דאָ איז נישט רעמבערטאָוו, דאָ איז נישט קיין מיליטערישער און נישט קיין ס. ס.־לאַגער. דאָ וועט מען די מלחמה איבערלעבן. דער בעסטער סימן, אַז ער האָט זיין פֿרוי און טאָכטער אויך נישט געלאָזט גיין אויף דער אַרישער זייט, ווו זיי האָבן באַקאַנטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיי אַלע געוואָלט אויפֿ־נעמען. און געלט האָבן זיי אויך געהאַט גענוג.

די מערהייט האָט אָבער געטיילט מיין מיינונג. אייניקע האָפן, אַז זיי וועלן זיך קאָנען אַריינבאַקומען אין „האָטעל פּאָלסקי״ אין וואַרשע. וועגן דעם האָטעל און זיין ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט, וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. די אַנדערע ווילן גיין צו די פּאַרטיזאַנער. אָבער ווי אַזוי? ווי בינדט מען אָן מיט זיי אַ קאָנ־טאַקט? ווינאָגראַד דערוואַרט זיינס אַ קוזינע, וואָס אַרבעט אין דער אונ־טערערדישער באַוועגונג. זי וועט, מסתמא, אים אַרויסציען פון לאַגער. ענגעלבערג, גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג מיט זייערע פרויען האָפן, אַז די אונטערערדישע באַוועגונג וועט זיי פונעם לאַגער אַרויסציען. און איך? — איך פרעג פינקעלשטיינען, צו וועלכן כ'האָב אַן אומבאַגרענעצטן צוטרוי, צי ער קאָן מיר געבן אַ זיכערן מענטש, וואָס זאָל מיך פאַרבינדן מיט וואַרשע. ער זאָגט מיר צו צו געבן איינעם פון די פּוילישע באַן־אַר־בעטער, וואָס אַרבעט אין דער באַוועגונג (אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע) און ער וועט אָפּטראָגן מיין בריוו, וווּהין איך וויל. איך ווייס נישט ווו עס געפינט זיך אַדאָלף בערמאַן, יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), דוד גוזשיק, אָדער אולאַ עקהייזער, וועלכע איך וואָלט געקאָנט צווישן געבן, ווו איך געפין זיך. מיין פרויס אַדרעס ווייס איך אויך נישט. איך ווייס בכלל נישט, וואָס מיט איר איז געשען. דעם איינציקן אַדרעס, וואָס איך האָב, איז — מיין קינדס. האָב איך אָבער אַ רעכט צו דעקאָנספּירירן איר אויפנטהאַלט; צי מעג איך, ווילנדיק ראַטעווען מיין לעבן, שטעלן אין קאָן איר יונג לעבן?! די דאָזיקע ספקות עגבערן מיר דעם מוח. אָבער איך פיל, אַז עפּעס מוז איך טון און דאָס ווי אַמשנעלסטן, ווייל אַנדערש קאָן שוין זיין צו שפּעט.

איך באַשליס צו שרייבן דירעקט צו יוזעף באַרטשינסקי (דער באַ־לעבאָס פון דער דירה, ווו מיין קינד וווינט) און נישט דערמאָנענדיק קיין וואָרט וועגן מיין קינד, בעטן אים איבערצוגעבן מיין פרוי (איך האָב גע־האָפט, אַז ער ווייסט ווו מיין פרוי געפינט זיך), ווו איך בין און זי זאָל זען צו שאַפן — אַזוי האָב איך געשריבן — וואָס גיכער אַ דירה פאַר מיר, ווייל דאָ, ווו איך וווין איצט, איז „צו היים״ און עס באַדראָט מיין אַזוי אויך שוואַכן געזונט־צושטאַנד.

איך האָב געשריבן, פאַרשטייט זיך, אַזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז די, צו

וועלכע איך האָב געשריבן, זאָלן אַלע פאַרשטיין און אין פאַל, ווען דער בריוו זאָל אַריינפאַלן אין נישט באַרופענע הענט, זאָל ער אויסקומען אינ־גאַנצן אומשולדיק און נישט דערוועקן קיין שום חשד.

פינקעלשטיין האָט ביי מיר גענומען דעם בריוו און צוזאַמען מיט 50 זלאָטעס פאַרן וועג איבערגעגעבן עם זיינעם אַ באַקאַנטן און — ווי ער האָט מיר פאַרזיכערט — זיכערן מענטש — אַ באַן־באַאַמטן, אַוועקצוטראָגן עם אויף וספולנע 73 אין וואַרשע און עם איבערגעבן יוזעף באַרטשינסקין.

## 8.

# „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס"

אונדזער דייטשישער אינספעקטאָר האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן שטאַרק צו אינטערעסירן מיט אונדז. ביז איצט האָט זיין מאַכט געגרייכט נאָר אויף די אַרבעט־אָפּשניטן פון דער באַן. אין לאַגער גופא פלעגט ער כמעט נישט קומען. איצט אָבער האָט ער אויך עפּטער אָנגעהויבן „אַריינ־צושמעקן" אין לאַגער און זיך אויספרעגן אויף אונדז, ווי מיר לעבן אין לאַגער, ווי עס גייט אונדז, א. א. וו.

ווען מען האָט אים געוויזן ווי ריין און ציכטיק אונדזער לאַגער איז און אַז דאָס אַלץ וואָס ער זעט האָבן מיר אַליין מיט אייגענע הענט אויס־געפירט, נאָכן צוריקקומען פון דער אַרבעט אין לאַגער אַריין, האָט ער אויסגערופן: „נו, יאָ, אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס!"

ער האָט זיך ביי דעם לאַגער־שעף געפרעגט, צי ער האָט אַ גענויע רשימה פון אַלע אַרבעטער און צי אַלע וואָס געפינען זיך אין לאַגער — אַרבעטן. אויפן ענטפער פונעם לאַגער־שעף, אַז יאָ, האָט ער זיך גֶעהייסן צושטעלן די פולע רשימה פון אַלע לאַגער־באַוווינער.

דאָס האָט ביי אונדז אַרויסגערופן אַ גרויסע מהומה. צו וואָס דאַרף ער פּלוצלינג האָבן אַזאַ רשימה?! אַגב זענען טאַקע נישט אַלע געווען ביי אונדז רעגיסטרירט און אַ סך לאַגער־מענטשן געניסן גאַרנישט פונעם לאַ־

גער־עסן, נאָר לעבן אויף אייגענער האַנט. דעם אמת געזאָגט, איז אין דעם פּרט געווען אַ גרויסער כאַאָס וואָס איז אונדז אָבער געווען אויף דער האַנט. אונדזער לאַגער־שעף, פון וועלכן פינקעלשטיין און גאָטליב האָבן אַזוי שטאַרק געהאַלטן, האָט געזאָגט, אַז ער וועט דעם אינספּעקטאָר נישט צושטעלן קיין שום רשימות; אַז אין לאַגער איז ער באַלעבאָס, נישט דער אינספּעקטאָר, וועלכער האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן. די דאָזיקע רייד זענען געקומען נאָך דעם, ווי די יידן האָבן אונטערגעפירט דעם לאַגער־שעף, פאַרוואָס ער דערלויבט אַריינצומישן זיך אין זיינע ענינים, — אַז דאָס רייסט אַראָפּ זיין פּרעסטיזש, א. אַ. וו. מען האָט אים אַזוי צעבונטעוועט, דעם נאַרישן, איינגעבילדעטן דייטש, אַז ער האָט באַשלאָסן גיין זיך באַקלאָגן אויפן אינספּעקטאָר. און דאָ האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן דער אָנהויב פונעם סוף . . .

אויף מיין בריוו, וועלכן איך האָב געשיקט צו באַרטשינסקין קיין וואַרשע, האָב איך דערווייל קיין שום ענטפער נישט באַקומען, הגם דער באַן־באַאַמטער האָט פאַרזיכערט פינקעלשטיינען, אַז ער האָט דעם בריוו איבערגעגעבן אייגנהענטיק באַרטשינסקין און יענער האָט זיך זייער דער־פרייט. איך באַשליס אָנצושרייבן צו אים אַ פּאָסטקאַרטל און דורך פינ־קעלשטיינען דערליידיקן, אַז אַ באַן־באַאַמטער זאָל עס אַריינוואַרפן אין אַ בריווקאַסטן. אין קאַרטל האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגעגעבן מיין נאָמען און אויך נישט דאָס אָרט, ווו איך געפין זיך. איך האָב נאָר אויס־געדריקט מיין פאַרוווּנדערונג, וואָס כ'האָב נאָך ביז איצט נישט קיין שום ידיעה און באַמערקט, אַז מיין קראַנקהייט פאַרערגערט זיך פון טאָג צו טאָג און אויב מען וועט נישט שאַפן פאַר מיר וואָס שנעלער אַ „ליכטי־קע, טרוקענע" דירה, קאָן אַמאָל שוין זיין צו שפּעט. אונטערגעשריבן דאָס קאַרטל האָב איך — יאַנעק. אַזוי האָב איך געהייסן פאַר דער אַרישער זייט.

דערווייל גייט די אַרבעט ביי אונדז — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן — נאָרמאַל. אַמאָל שווערערע אַרבעט, אַמאָל — לייכטערע, אָבער אַז „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס", איז דאָך נישט שייך . . .

פון צייט צו צייט קומען פאַר געשעענישן, וואָס רודערן אויף אונ־דזער מעכאַניזירט לאַגער־לעבן. דער סטאָליאַר פון סעראַצק — מען האָט

אים גערופן: אברהם, — וואָס איז אַמאָל געווען אַן אַמאַטאָר - באָקסער, האָט זיך שטאַרק איינגעריסן מיט פראַנצן. פראַנץ האָט געוואָרפן אויף אים אַן אומחן און כסדר זיך געטשעפּעט צו אים, הגם אברהם האָט גע־הערט צו די בעסטע און געזונטסטע ארבעטער ביי אונדז אין לאַגער.

צוריקגייענדיק אַמאָל פון דער אַרבעט, האָט אים פראַנץ געגעבן אַ שטויס, פאַרוואָס ער גייט אַזוי לאַנגזאַם און האַלט זיך נישט אין דער ריי. פראַנצס אַ שטויס האָט מען לאַנג געפילט... אברהם האָט גאָרנישט געענטפערט, פאַרביסן די ליפּן און זיך געגאַנגען ווייטער זיין וועג. ווען מען איז אַריינגעקומען אין לאַגער און די אוקראַינער זענען זיך צעגאַנ־גען, איז אברהם צוגעגאַנגען צו פראַנצן און אין קעגנוואַרט פון די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן לאַגער־פעלד, האָט ער אים געפרעגט פאַר־וואָס ער האָט אים אַ שטויס געטון. איידער פראַנץ האָט באַוויזן אַרויס־צוזאָגן אַ וואָרט, האָט אים אברהם דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער פויסט אין פּנים אַריין, אַז יענער האָט זיך פאַרגאָסן מיט בלוט. מיר האָבן אויסגע־נוצט דעם מאָמענט, וואָס פראַנץ איז פונעם געזונטן קלאַפּ געבליבן צע־טומלט און מיר האָבן שנעל אַוועקגעשלעפּט אברהמען און אים באַהאַלטן אין באַראַק. קומענדיק צו זיך פון דעם פעסטן קלאַפּ, וואָס ער האָט באַ־קומען, האָט פראַנץ, ציטערנדיק פאַר כעס, געזאָגט: דער פערפלוכטע יודע וועט שוין וויסן, וואָס עס הייסט אויפהויבן אַ האַנט אויף אַ דייטש!... ער איז אַריינגעלאָפן צו די אוקראַינער און אַרויסקומענדיק מיט אייניקע פון זיי, באַלד אַריין אין אונדזער באַראַק, ווו עס האָט אויך געוווינט אברהם. מען האָט איבערגעטרייסלט דעם גאַנצן באַראַק און אברהמען נישט געפונען. מיר האָבן אַלע געשטוינט: ווו האָט ער געקאָנט אַהינקו־מען? ער איז דאָך נאָר וואָס דאָ געווען... פראַנץ איז צוריק אַרויס און געמאָלדן, אַז מאָרגן, צום אַפּעל מוז זיך אברהם צושטעלן. ער מאַכט אונדז אַלע דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך. אַ פאַרשעמטער פאַר אונדז און פאַר די אוקראַינער, האָט פראַנץ פאַרלאָזט דעם לאַגער.

אברהם האָט זיך געפונען אין באַראַק. ווען מיר האָבן אים גע־פרעגט, ווו ער איז געווען, האָט ער נישט געוואָלט זאָגן... ביינאַכט, איי־דער מיר זענען געגאַנגען שלאָפן, האָט ער מיך צוגערופן און אָנגעוויזן אויפן סופיט. — „זעסט, דאָרט בין איך געווען”. איבער מיין פּריטשע

האָט מען פון סופיט געקאָנט אַרויסרוקן אַ פּאָר ברעטער פון אַן עפענונג, וואָס האָט געדינט פאַר אַ באַהעלטעניש. אברהם האָט מיטגעהאָלפן בויען דעם באַראַק און ער האָט אין זינען געהאַט צו מאַכן אַ באַהעלטעניש אויף יעדן פאַל... דאָס איז געווען אויף אַ געווים אָרט אַ טאָפּלטער סופיט, וועלכער האָט זיך קונציק געעפנט און פאַרמאַכט.

— אַזוי ווי דו ליגסט אונטער דעם אָרט אויף דיין פּריטשע — זאָגט ער צו מיר — וועסטו זיך שנעל קאָנען אַריינבאַקומען אַהין, ווען די שעה וועט שלאָגן... אָבער געדענק, זאָג עס קיינעם נישט, ווייל עס קאָן נאָך עמיצער פאַרשיטן . . .

נאָך דעם ווי עס איז שטיל געוואָרן די געשיכטע מיטן צעשלאָגן פראַנצן, פון וועלכן אַלע אין לאַגער האָבן געהאַט גרויס הנאה, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עפּעס צוויי יונגעלייט זענען היינט געקומען אין לאַגער אַריין. זיי געפינען זיך אין צווייטן באַראַק־בלאָק. צוזאַמען מיט נאָך איי־ניקע חברים בין איך אַהין אַוועק. זיי זענען געקומען פון די שאָפּן שולץ־טעבענס, זיי זענען שוין געווען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, אַריינגעשטופּט צו ווערן אין די וואַגאָנען, אַרויסגעשפּרונגען אין מיטן פאָרן, דערנאָך האָבן זיי זיך אַ פּאָר טעג אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט און לסוף — באַשלאָסן אַריינצוקריגן זיך אין אונדזער „גוטן" לאַגער.

זיי דערציילן אונדז, אַז אויפן געביט פון די שאָפּן שולץ־טעבענס זענען אין דער ערשטער פאַזע פונעם אויפשטאַנד נישט פאָרגעקומען קיין גרעסערע שלאַכטן. שפּעטער האָבן זיך אין די דאָרטיקע קאַמפן אויסגע־צייכנט די אָפּטיילונגען פון אליעזר געלער, דוד נאָוואָדוואָרסקי, שלום סופיט, בנימין וואַלד, הערשל קאַווע, גדליה ראָטמאַן, וו. ראָזאָווסקי, עדעק הימעלפאַרב, וו. גאָלדשטיין און אַנדערע.

די יידן פון די בלאָקן שולץ־טעבענס, זייענדיק אָפּגעשניטן פון די קאַמפס־געביטן אין גרויסן געטאָ און נישט האָבנדיק קיין שום ידיעות פון „פראָנט", האָבן זיך געלאָזט אַרויספירן „פרייוויליק" אין די „גן עדנס" פּאָניאַטאָוו און טראַווניק — אויף אַ זיכערן אומקום. קלענערע גרופּעס יידן זענען אַראָפּ אין די בונקערס און באַהעלטענישן, פון וואַנען די דייטשן האָבן זיי, מיט פאַרשידענע אין זייער רשות שטייענדיקע מיט־לען שפּעטער אַרויסבאַקומען פון דאָרט.

איינצלנע מענטשן האָבן באַוויזן דורך די קאַנאַלן און טונעלן זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער אַרישער זייט, — אָבער נאָר איינצלנע ייִדן, ווייל אַלע איבעריקע זענען אויף דער אַרישער זייט אויפגעכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן און דורך די פּוילישע „שמאַלצאָווניקעס”, וועלכע האָבן זיי באַרויבט און דאַן זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

אין אַ באַהעלטעניש, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין אַ הויז פון נאָוואָליפּיע גאַס (שולצס געביט), איז דער איינגאַנג געווען דורך אַן אויוון. אינעווייניק איז געשטאַנען אַ לייטער, דורך וועלכן מען האָט זיך אַרויס־באַקומען אויף אַ בוידעמל, וואָס איז געווען פאַרמויערט און אָפּגעטיילט פון אַלע זייטן. אין דעם דאָזיקן באַהעלטעניש האָבן זיך געפונען: דער פּרעסע־פאָטאָגראַף און פּיאָנער פון די ייִדישע פילמען אין פּוילן — יחיאל בוים מיט זיין פרוי און זון, דער דירעקטאָר פונעם ייִדישן טעאַטער „סקאַלאַ” אין וואַרשע — שמחה ריבאַ מיט זיין משפּחה און אַנדערע. ווען די באַהעלטעניש איז פאַרשיט געוואָרן און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַריינצוּוואַרפן גראַנאַטן אין אויוון אַריין, האָט זיך די גרופּע אונטערגע־געבן. ווען זיי זענען אַרויס פון באַהעלטעניש, האָט מען זיי דערשאָסן.

אין אַנדערע בונקערס ביי שולצן, וווּ ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווי־דערשטאַנד, האָבן די דייטשן אַריינגעלאָזט שטיקנדיקע גאַזן און די ייִדן זענען אויף אַזאַ אויפן אומגעקומען.

אַ גלענצנדיקן בונקער האָט געהאַט איינגעאָרדנט אויף נאָוואָליפּיע 53, אינעם הויז פון שולצס אַפּראָוויזאַציע־אַמט, דער באַקאַנטער עסקן משה פריוועס. דער בונקער איז איינגעאָרדנט געוואָרן מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן און געהאַט דאָרט ריזיקע שפּייז־זאַפּאַסן, וואָס האָבן געקאָנט קלעקן אויף אַ לענגערע צייט. אין שפּייז־מאַגאַזין פון בונקער איז געווען 3.000 קילאָגראַם קאַרטאָפל, 400 קילאָגראַם ציבעלעס, 400 קילאָגראַם צוקערלעך, 144 קילאָגראַם מאַרמעלאַד (12 פּושקעס צו 12 קילאָ), 6 זעק צוקער, 12 ליטער בראָנפן, 5 קאַסטנס אייער, ברויט־סוכאַרן און אַ גרוי־סע צאָל וואַקסענע ליכט.

אין דעם בונקער האָט מען איינגעאָרדנט 3 ווינשטובן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען 31 מענטשן, צווישן זיי: משה פריוועס מיט זיין פרוי און זון, פריוועסעס שווער — דער זקן סענדער גוטמאַן פון לאָדזש

מיט זיין פרוי און זון אברהם גוטמאן, מיט דער פרוי און טאָכטער; וואַקסמאַן מיט דער פרוי און טאָכטער (פון לובלין), אַדער (פון הרוביע־שאָוו) מיט זיין פרוי און 3 טעכטער, קאַראָל פרידמאַן פון וואַרשע, פרוי פישמאַן פון סאַנדאָמיעזש (צוויזמער) מיט איר טאָכטער גוטאַ פישמאַן, וועלכע האָט ביזן סוף געאַרבעט אין דער „יידישער אַליינהילף" אין וואַרשע און דערנאָך אַריבער אין דער אָפּראָוויזאַציע פון שולצן, ווו זי האָט געאַרבעט צוזאַמען מיטן בונדישן טוער י. פאַלק, א. אַ.

אין דעם זעלבן הויז, ווו דער בונקער האָט זיך געפונען, האָט געוווינט אַ פּאַראַליזירטער ייד — דער 30יעריקער יעקב נוסבוים, אַ הענטשקע־פאַבריקאַנט. בעת דער „סעלעקציע" אין „קעסל", האָט מען אים צוגענומען זיין בילדשיינע פרוי און זי אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע — אין די גאַז־אויוונס. נוסבאַום אַליין האָט באַקומען אַ „לעבנס־רעכט־קאַרטע". אַהיימקומענדיק צוריק אָן דער פרוי, איז נוסבאַום פאַראַליזירט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט רירן פון אָרט און איז די גאַנצע צייט געלעגן צוגעשמידט צום בעט. מיט אים האָט זיך פאַראינטערעסירט אַ קליין יינגל, זיינער אַ קרוב, ביי וועמען מען האָט בעת די פריערדיקע „אַקציעס" צוגענומען די עלטערן. מער האָט ער נוסבאַומען נישט פאַרלאָזט און נישט אָפּגעטרעטן פון אים.

בעת דער „פינאַל־אַקציע", זענען די דייטשן אַריינגעקומען אין נוסבאַומס וווינונג און באַמערקנדיק דעם ליגנדיקן אין בעט, האָבן זיי אים געהייסן אויפשטיין. היות נוכבאַום האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט, האָט ער זיך באַמיט אַליין אַרויסצוּוואַרפן פון בעט. דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען. נאָר זיין אויבערשטער טייל קערפּער מיטן קאָפּ האָבן זיך אַריבערגעבויגן צו דער ערד. די דייטשן האָבן נוסבאַומען אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ און ער איז געבליבן ליגן אַ טויטער אין אַ קאַלוזשע בלוט.

דאָס קליינע יינגל, נוסבאַומס קרוב, האָט זיך געהאַט באַהאַלטן אין פענצטער־שענקל. די דייטשן האָבן אים פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט און אים באַפוילן אָנצוּווייזן, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס יידן. דאָס יינגל האָט געוווּסט פון פריוועסעם בונקער, ווייל ער פלעגט תמיד אַראָפּקומען אַהין און באַקומען עסן פאַר זיך און פאַרן קראַנקן. ער האָט אָבער דעם בונקער

נישט אויסגעגעבן, הגם מען האָט אים שטאַרק געשלאָגן און געדראָט צו דערשיסן. ער האָט זיך נישט איינגעבראָכן און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער ווייסט נישט פון קיין שום ייִדן, ווייל ער האָט די גאַנצע צייט נישט פאַרלאָזט דעם קראַנקן. די דייטשן האָבן דאָס העלדישע יינגל אָפּגעפירט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. דעמאָלט האָבן זיי פּריוועסעס בונקער נאָך נישט געהאַט געפונען.

ערשט סוף אַפּריל האָט עמיצער אָנגעוויזן די דייטשן דעם בונקער. אַלע 31 ייִדן זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון דאָרט און אָפּגעפירט געוואָרן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. דאָרט האָט מען זיי, צוזאַמען מיטן געוועזענעם סענאַטאָר און אַגודה־פירער יעקב טראָקענהיים, וועלכן מען האָט אויך געבראַכט צו פירן צוזאַמען מיט אַ קליין מיידעלע פון אַן אַנדערן בונקער, אַריינגעשטופּט אין איין וואַגאָן און זיי אַוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון מאַידאַנעק. דער איינציקער, וואָס האָט זיך פון דער דאָזיקער גרופּע אָפּגעראַטעוועט, איז קאַראָל פרידמאַן, וועלכער איז אינמיטן פאָרן אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַגאָן.

פאַרן סענאַטאָר יעקב טראָקענהיים זענען שפּעטער אָנגעקומען פּאַפּירן פון דער שווייץ. ער האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט. די פּאַפּירן זענען איבערגעגעבן געוואָרן דעם פירער פון די לינקע פּועלי ציון — נתן בוקסבאַום, וועמען זיי האָבן ליידער אויך נישט געהאָלפן.

* * *

ביים אַפּעל צומאָרגנס, נאָך דעם ווי פראַנץ איז צעשלאָגן געוואָרן, האָט ער געמאָלדן דורכן לאַגער־שעף, אַז דער סטאָליאַר אברהם מוז זיך שטעלן צום ראַפּאָרט פאַרן אינספּעקטאָר. אָפּפירנדיק אונדזער גרופּע צו דער אַרבעט, האָט פראַנץ, אין באַגלייטונג פון צוויי אוקראַאינער, אַוועקגעפירט אברהמען. אָוונטצייט איז אברהם צוריקגעקומען אַ שטאַרק צעשלאָגענער. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. דערמיט איז „אויסגעגליכן" געוואָרן דער חשבון מיט פראַנצן... אברהם האָט גאָרנישט געוואָלט דערציילן, וואָס עס איז מיט אים געשען, — ער האָט זיך נאָר געשווירן, אַז ער וועט פראַנצן „קאַלט" מאַכן.

ביי אונדז אין לאַגער האָט זיך געפונען אַ יונגער, שיינער בחור פון אַטלעטישן געבוי, — ער האָט געהייסן דיקשטיין, וואָס איז אַלס קינד אָפּגעשמדט געוואָרן. זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט מיט נישט־יידן. אין געטאָ, ווּהין מען האָט אים אַריינגעוואָרפן, האָט ער זיך צום ערשטן מאָל צונויפגעטראָפן פּנים אל פּנים מיט יידן און ר׳איז אַליין אויך געוואָרן אַ הייסער ייד. אין לאַגער האָט ער זיך אויפגעפירט זייער חבריש, געטיילט זיך מיטן ביסן און אַלעמאָל אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט שוואַכערע פון אים. בעת דער אַרבעט ביי די וואַגאָנען האָט ער זיך צעקוועטשט די רעכטע האַנט, וואָס האָט זיך אַריינגעקריגן צווישן איין וואַגאָן און דעם צווייטן. די האַנט איז צעשמעטערט געוואָרן און מען האָט זי געמוזט אַמפּוטירן. ער האָט באַקומען אַ בלוט־פאַרגיפטונג און אין משך פון דריי טעג איז דער ריז שוין געלעגן אַלס צווייטער קרבן אויף אונדזער נייעם לאַגער־בית עולם. דיקשטיין איז ביי אונדז אַלע געווען זייער באַליבט און זיין טויט האָט אויף אַלע געמאַכט אַ טיפן איינדרוק.

אין דער זעלביקער נאַכט איז פאָרגעקומען אויף אונדזער באַן־ליניע אַ סאָוויעטישער לופט־אַנגריף. אונדזער באַראַק האָט זיך געטרייסלט און מיר האָבן געמיינט, אַז אָט־אָט פאַלט ער איין. די באָמבעס זענען גע־פאַלן נאָענט פון אונדזערע באַראַקן און מיר האָבן יעדע מינוט דערוואַרט דעם סוף. אינטערעסאַנט, אַז פאַר אונדז, לאַגער־מענטשן, האָט מען נישט געמאַכט קיין לופט־שוץ־גרובנס און מיר זענען בעת דעם לופט־אַנגריף געבליבן ליגן אויף די פּריטשעס. מיר זענען דאָך סיי ווי געווען פאַר־משפט צום טויט.

## 9.

# מען גנבעט מיך אַרויס פון לאַגער

אין אַ געוויסן טאָג — איך בין דעמאָלט געווען אויף אַן אַנדערן אַרבעט־פּלאַץ ביים אויסלאָדן קוילן פון וואַגאָנען — ווען מיין גרופּע איז צוריקגעקומען פון דער אַרבעט אין לאַגער אַריין, האָט מען מיר אי־בערגעגעבן, אַז אַ יונגער שגיץ פון וואַרשע האָט זיך געפרעגט אויף מיר:

צי איך געפין זיך אין דעם לאַגער; ווי עס גייט מיר דאָ און אויף וועלכן אַרבעט־פּלאַץ („פּלאַצוווקע) איך געפין זיך.

ווען מען האָט עס מיר איבערגעגעבן, האָב איך — דעם אמת זאָגנדיק — זיך שטאַרק דערשראָקן. איך האָב זיך איינגערעדט, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַן אַגענט פון געשטאַפּאָ, וועלכער זוכט מיך ארום. אגב האָב איך זיך, צוליב די דאָזיקע טעמים, רעגיסטרירט אין לאַגער אויף אַ פרעמדן נאָמען, ווייל איך האָב אַלץ מורא געהאַט, אַז מען זוכט מיך אַרום. איך האָב מיינע חברים געמאַכט פאַרוואונדערן, הלמאי מען האָט מיך דעקאָנספּירירט. פינקעלשטיין האָט מיך באַרואיקט, אַז דאָס איז מען מסתמא געקומען צו מיר אַלס ענטפער אויף מיינע בריוו קיין וואַרשע. איך האָב שוין אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן, אַז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָב איך אָוועקגעשיקט בריוו צו יוזעף באַרטשינסקי... דאָס האָט מיך באַרואיקט און איך בין געווען זיכער, אַז דאָס האָט מען פון וואַרשע געשיקט עמיצן זיך זען מיט מיר. פינקעלשטיין האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט דער שגץ נאָך אַמאָל קומען און איך דאַרף זיין אויף יענעם אָרט. ווי אַזוי ער האָט זיך אַריינבאַקומען דורך די וואַכן אויפן אַרבעט־פּלאַץ, איז פאַר אונדז אַלע געווען אַ רעטעניש. מער בין איך שוין נישט געגאַנגען אויף קיין אַנדערן אַרבעט־פּלאַץ און אַלץ געוואַרט אויף דעם סודותפולן גאַסט.

איך האָב פריער דערמאָנט, אַז איך האָב זיך אין לאַגער רעגיסטרירט. ווייל איך טאַקע דערציילן ווי אַזוי דאָס איז געווען. מיט אַ פּאָר טעג פריער, האָט אונדזער לאַגער־שעף געמאָלדן בעתן אַפּעל, אַז די לאַגער־פאַרוואַלטונג האָט דערהאַלטן אַ שריפט, צוגעשיקט פון דער וואַרשעווער ס. ס.־ און פּאָליציי־אָנפירונג, אַז אין משך פון צוויי טעג זאָל דער גראָכאָווער לאַגער צושטעלן אַ גענויע רשימה פון אַלע אָן אויסנאַם יידן, וואָס געפינען זיך אין לאַגער... איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען פאַר וואָס אונדזער אינספּעקטאָר, אגב אַ הויכער פּאַרטיי־מאַן, האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו אינטערעסירן מיט אונדזער לאַגער.

אונדזער שעף פאַרזיכערט אונדז, אַז דאָס האָט נישט קיין שום פּאָליטישע באַדייטונג, נאָר פאַרקערט — עס קאָן נאָך פאַרבעסערן אונדזער עקאָנאָמישן מצב. אַלע לאַגערן וועלן איצט אַרונטערגענומען אונ־

טער דער קאָנטראָל פון ס. ס. און זיי מוזן דאָך וויסן, וויפל מענטשן זיי דאַרפן פאַרפלעגן. אונדזער שעף האַלט, אַז אונדזער פּראָוויאַנטירונג וועט איצט זיין אַ סך אַ בעסערע, ווייל ס. ס. האָט גרעסערע מעגלעכקייטן, א. א. וו. . . .

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו דעבאַטירן וועגן דער ניי־געשאַפענער לאַגע. און ווידער האָבן זיך אויסגעשיילט צוויי גרופּעס, וואָס האָבן פאַרטיידיקט זייער שטאַנדפּונקט. די גרופּע „איוואַ" (יידן ווילן אַזוי), וואָס האָט אַלץ אויסגעטייטשט צום גוטן, האָט געהאַלטן, אַז איצט קומט פאַר אונדז אַ נייע ערע. ביז איצט זענען מיר געווען „ווילדע", קיינער האָט זיך מיט אונדז נישט אינטערעסירט. איצט וועט מען באַטש וויסן, אַז עמיצער פאַרנעמט זיך מיט אונדז... איך האָב פּשוט געשטוינט, ווי פאַרשטאָפּט עס זענען געוואָרן די מוחות ביי די דאָזיקע מענטשן. זיי האָבן פון די ביז איצטיקע געשעענישן, אפּנים, גאָרנישט געלערנט און זיי זענען ווייטער געבליבן פאַרבלענדט.

ווען מיר האָבן אויפן אָוונט־צוזאַמענטרעף באַרירט די פראַגע, איז די מערהייט פון אונדז געווען מיט דער מיינונג, אַז די „נייע ערע" זאָגט נישט אָן קיין שום גוטס פאַר אונדז... אַ סך פון די חברים האָבן זיך איצט געווענדט צו מיר, אַלס דעם, וואָס וועט איינגיכן פאַרלאָזן דעם לאַגער, אַז איך זאָל עפּעס זען צו טון פאַר זיי, ווען איך וועל שוין זיין אויף דער פריי. דער לעצטער באַזוך פון דעם פּוילישן יונגנמאַן, וואָס האָט זיך געפרעגט אויף מיר, האָט זיי נאָכמער איבערצייגט אין דעם, אַז די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע טוט אַלץ, כדי מיך פון לאַגער אַרויסצונעמען. איך אַליין האָב נישט געגלויבט אין אַזאַ נס . . .

מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דערווייל האָבן מיר נישט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צו גיין זיך רעגיסטרירן. אַ סך מענטשן האָבן, צוליב זיכערהייטס־טעמים, אויפגעגעבן אַנדערע, פאַלשע נעמען. אַזוי האָב איך אויך געטון. מיר האָבן אויך באַשלאָסן, אַז אויב מען וועט דאַרפן אויפגעבן די פריערדיקע באַרופן, זאָלן מיר אַלע זיך אויפגעבן אַלס אַרבעטער פון פאַרשיידענע בראַנזשעס.

צומאָרגנס, נאָכן אַפּעל, האָט מען אונדז נישט געפירט צו דער אַרבעט, נאָר — אין קאַנצעלאַריע פון אונדזער עלטסטן — דעם דייטשישן

ייד — צו רעגיסטרירן זיך. די רשימות אויסצופילן זענען געוואָרן צוגע־שטעלט פונעם „ס. ס.־ און פּאָליציי־פירער ביים דיסטריקט ווארשע". פאָלגנדיקע רובריקן האָט מען געדאַרפט אויספילן: נאָמען און פאַמיל־יען־נאָמען; עלטערן; שטאָט פון געבוירן; בילדונג; באַרוף ביזן קריג; באַרוף אין קריג; נעמען פון די עלטערן; ווו מען האָט געוווינט ביזן יאָר 1939, ד. ה. ביזן אויסברוך פונעם קריג; משפחה־אָנגעהעריקע; אַדרעס, ווו מען האָט געוווינט אין געטאָ; לעצטער אַדרעס און אויפהאַלט אין ווארשע; ווו מען האָט זיך געפונען נאָכן 18טן אַפּריל 1943 (גאַס, שאָפּ, א. אַ. וו.); ווען מען איז אָנגעקומען אין גראָכאָווער לאַגער און פון וואַנען . . .

פאַר מיר און פאַר דער מערהייט פון אונדזערע לאַגער־יידן איז געווען קלאָר, אַז די דייטשן גרייטן צו, לויט זייער שטייגער, עפּעס אַ טייוולאָנישן פּלאַן. איך האָב אויף אַלע רובריקן אויפגעגעבן געפעלשטע דאַטעס. די „איוואַ"־מענטשן האָבן געהאַלטן, אַז אויב די דייטשן וואָלטן באמת געגרייט פאַר אונדז אַן אויסראָטונג, וואָלטן זיי זיך מיט אונדז בישט געשפּילט, נאָר אַרומגעשטעלט דעם לאַגער מיט ס. ס.־לייט און דורכ־געפירט זייער אויסראָטונגס־פּלאַן. די נאַאיווע מענטשן האָבן געהאַלטן, אַז די דייטשן ווילן דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן שוין איבערלאָזן ביזן סוף פון דער מלחמה און זיי געבן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, כדי צו ווייזן דער וועלט, אַז די יידן, וואָס האָבן געאַרבעט, האָבן טאַקע איבער־געלעבט די מלחמה און די דייטשן האָבן פאַר זיי „געזאָרגט"... מען האָט די קורצזיכטיקע מענטשן מיט גאָרנישט געקאָנט איבערצייגן. ערשט די צייט האָט זיי שפּעטער באַוויזן ווי פאַרבלענדט און לייכטגלויביק זיי זע־נען געווען. עס איז אָבער שוין געווען פאַר זיי ליידער צו שפּעט . . .

אין אַ פּאָר טעג אַרום, מיטאָג־צייט, האָב איך זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט דעם יונגן, בלאָנדן קריסט, וואָס האָט זיך פאַר מיר פאָר־געשטעלט אַלס יוזשעק. ווי נאָר ער האָט מיך באַמערקט אין דער גרופּע ביים פאַרענדיקן די אַרבעט, איז ער גלייך צו מיר צוגעגאַנגען, ווי ער וואָלט מיך גוט געקענט. מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן האָט ער מיך גע־פרעגט, צי איך וויל מיט אים אַרויסגיין פון לאַגער. איך בין פון דער געשטעלטער בליץ־פראַגע געבליבן ווי צעטומלט. איך האָב אים געפרעגט

אין וועמענס נאָמען ער קומט צו מיר. ער האָט מיר געענטפערט, אַז עס האָט אים צו מיר געשיקט די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. ווילנדיק זיך פאַרזיכערן צי דאָס איז נישט קיין פּאָסטקע פאַר מיר, האָב איך אים גע־בעטן, ער זאָל מיר אָנגעבן דעם נאָמען פון דער פּערזאָן, וואָס האָט אים נאָך מיר געשיקט. ער האָט אָנגערופן: מיכאל (אַדאָלף בערמאַנס פּסעוודאָ־נים), אירענאַ (באַשע בערמאַנס פּסעוודאָנים) און אַנטעק (יצחק צוקער־מאַן).

איך האָב נאָך אַלץ געטראַכט: אפשר איז דאָס אַ געשטאַפּאָ־אַגענט, וועלכער קען די אַלע פּסעוודאָנימען און ער וויל מיך אַזוי אַרום אַריינ־נאַרן. נישט זיכער האָב איך אים געפרעגט, צי ער ווייסט נישט עפּעס וועגן מיין פרוי. אויף דעם ענטפערט ער מיר, אַז פרוי דאַנוטאַ (מיין פרוים פּסעוודאָנים) געפינט זיך צוזאַמען מיט מארישען (מיין קינד) ביי יוזעף באַרטשינסקי אויף ווספּולנע 73 און ס'איז ביי זיי אַלץ אין אָרדענונג. ער איז דאָרט געווען און גערעדט מיט זיי. זיי האָבן דערהאַלטן מיין בריוו און דאָס קאַרטל. דאָ האָב איך מיר געטראַכט, אַז אויב זיי אַלע זענען שוין, חלילה, ביי די דייטשן אין די הענט, האָב איך שוין סיי ווי סיי נישט צו וואָס צו לעבן. איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים אָפן.

איך האָב אים דערקלערט, אַז איך וויל אַרויס פונעם לאַגער, אָבער נישט אַזוי אויף איין פוס. אויב איך האָב זיך שוין ביז איצט אַרויסגע־דרייט פון אַזויפיל געפאַרן, האָט דאָך נישט קיין זין, איך זאָל איצט גיין אויף אַ נישט זיכערן וועג און נאַריש אַריינפאַלן. זאָל מען שיקן נאָך מיר — האָב איך געזאָגט — אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וואָס זאָל מיך פון לאַגער אַרויספירן. איך האָב געהערט, אַז די אונטערערדישע באַוועגונג באַנוצט זיך אין אַזעלכע פאַלן מיט מענטשן אין פּאָליציייאישע מונדירן. יוזשעק האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז מען דאַרף קיינעם נישט האָבן, אַז איך קאָן גלייך מיט אים גיין און ער וועט מיך שוין אַרויספירן. עפּעס אַ מאָדנע אומרואיקייט האָט מיך באַהערשט און איך האָב באַין אופן זיך נישט געקאָנט דעצידירן צו גיין מיט אים. זעענדיק, אַז ער קאָן מיט מיר גאָרנישט מאַכן, האָט ער געזאָגט, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט מען קומען נאָך מיר און איך זאָל תיכף גיין מיט דעם מענטש, וואָס זיי וועלן שיקן, ווייל מען טאָר נישט אָפּשלעפּן.

די דאָזיקע נעשעעניש איז געווען די טעמע פון טאָג. אַלע האָבן זיך געפרייט, אַז איך וועל אַרויס פונעם לאַגער. און אַ סך האָבן געהאָפט און געבויט אויף מיר, אַז איך וועל עפּעס טון, כדי אויך זיי אַרויסצובאַקומען פונעם לאַגער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען צו אונדזערע לאַגער־מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין מאַרקי, אַ באַן־אַרבעטער און זיי געפרעגט, צי עס געפינט זיך דאָ נישט צווישן זיי אַן אַרטיסט מיטן נאָמען יאָנאָס טור־קאָוו. ער האָט זיי געזאָגט, אַז די „יידישע קהילה" (גמינא) אין וואַרשע האָט אים באַאויפטראַגט, אונטער אַלע אומשטענדן, מיך צו באַפרייען פון לאַגער. ווען זיי האָבן אים געענטפערט, אַז איך אַרבעט אויף אַן אַנדער פּלאַץ, האָט ער מיר געהייסן מעלדן, אַז אין 2 טעג אַרום זאָל איך זיין גרייט אַרויסצוגיין. ער וועט קומען נאָך מיר אויפן זעלביקן אָרט, אין דער זעלביקער צייט. ווען מען האָט עס מיר איבערגעגעבן, האָב איך, נאָך אַ באַראַטונג מיט מיינע לאַגער־חברים באַשלאָסן נישט צו גיין קיין מאַרקי, נאָר בעטן דעם שליח צו קומען נאָך מיר אויף אונדזער נייעם אַרבעט־פּלאַץ, וואָס געפינט זיך אין פּראַגע גופא. דאָרט, האָרט ביים געוועזענעם מזרח־וואָקזאַל, האָט אַ קליינע גרופּע פון אונדז לעצטנס געאַרבעט אין אַ גערטנדל, וואָס האָט געגרענעצט מיט דער זאַמבקאָווסקאַ גאַס. דאָרט איז אַ גאַנצן טאָג געווען אַ גרויסע באַוועגונג און פון דאָרט וועט מיר לייכ־טער זיין זיך אָפּצורייסן. דער דאָזיקער געדאַנק איז געקומען פון פינקעל־שטיינען, וועלכער האָט געוואָלט, אַז מיין אַרויסגיין זאָל דורך בשלום, ווייל טאָמער וועט מען מיך דערביי כאַפּן, וועל איך ווערן מיט אַ קאָפּ נידעריקער . . .

פינקעלשטיין האָט אויך געהייסן איבערגעבן דעם שליח, אַז ער זאָל פאַר מיר מיטברענגען אַ מונדיר און אַ היטל פון אַ באַן־אַרבעטער, כדי צו זיין זיכער ביים דורכגיין די וואַך. ווען דער שליח איז צום צווייטן מאָל געקומען קיין מאַרקי, האָט מען אים דאָס אַלץ איבערגעגעבן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז צומאָרגנס מיטאָגצייט זאָל איך זיין ביי דער אַרבעט אין גערטנדל פון מזרח־וואָקזאַל אין פּראַגע און ער וועט נאָך מיר קומען.

איך בין געווען ווי פאַרשיכורט פון די געשעענישן. דעם גאַנצן אָוונט

האָב איך פאַרבראַכט צוזאַמען מיט מיינע לאַגער־חברים און אַרומגערעדט מיט זיי די פראַגע, וואָס איך דאַרף טון פאַר זיי נאָך מיין באַפרייאונג. ס'איז געווען אַ שלאָפלאָזע נאַכט נישט נאָר פאַר מיר, נאָר אויך פאַר אַלע איבעריקע. איך בין געווען טיף גערירט פון דער האַרציקייט און איבער־געגעבנקייט, וואָס מיינע לאַגער־חברים האָבן מיר אַרויסגעוויזן. איך האָב דערזען אַ זין אין לעבן. אויב אין אַזעלכע גורלדיקע שעהן האָבן מענטשן, אַליין פאַרמשפּטע צום טויט, נאָך געקאָנט אַרויסווייזן אַזויפיל פרייד מיט דער באַפאַרשטייענדיקער באַפרייאונג פון זייערס אַ גורל־חבר, איז טאַקע כדאַי צו לעבן! די דאָזיקע דערהויבנקייט און מאָראַלישער כח, וואָס איז געווען טיף איינגעוואָרצלט, הגם נישט תמיד געקומען צום פולן אויסדרוק, ביי מענטשן, האָט היטלער, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע טייוולאָניש־סאַדיסטישע מעטאָדן, נישט געקאָנט אויסראָטן ביי די „יידן־שקלאַפן".

נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. בין איך צומאָרגנס, בעתן אַפּעל, צוגע־טיילט געוואָרן צו דער קליינער גרופּע אַרבעטער, וואָס דאַרף אָפּגעפירט ווערן אויפן נייעם אַרבעט־פּלאַץ. מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט בער־נאַרד פינקעלשטיין. מיט מיר זענען געווען: ענגעלבערג, וואַסערקענער, בזשאָזאַ (פון זעגזשע), אברהם דער סטאָליאַר (פון סעראָצק), ווינאָגראַד, ראָזענשטיין (פון נאָווידוואָר), לימבאַך (פון פּלאָצק), גאָלדשטיין (פון טשענסטאָכאָוו), דאַמב (פון גאָסטינין), האַלצקענער און טשיזשיק (פון וואַרשע). אַלע גרופּעס, וואָס זענען געגאַנגען אויף אַרבעט, האָבן אויף פראַנצם קאָמאַנדע אַרויסמאַרשירט פונעם לאַגער, זינגענדיק „אַי, אַי, אַי" און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם הויפּט־שאָסיי. דאָס איז געווען מיין לעצטער מאַרש אינעם לאַגער. איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף די הילצערנע באַראַקן, וועלכע איך וועל שוין מער נישט אָנקוקן, אָבער אין וועלכע עס דאַרפן נאָך שמאַכטן טויזנט יידן, — און ווער ווייסט ווי לאַנג . . .

ווען די גרופּעס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע ריכ־טונגען, האָב איך נאָך באַוויזן אויפצוכאַפּן די בליקן פון מאָניעקן, וועל־כער האָט זיך נאָך פריער מיט מיר האַרציק געזעגנט. ער האָט זיך כסדר אויסגעדרייט און געפאָכעט צו מיר מיט דער האַנט, ביז זיין גרופּע און אַלע אַנדערע גרופּעס זענען פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן.

מיט אַ טאָג פֿריער האָט מען די טשעכישע יידן נישט צוריקגעבראַכט פֿון דער אַרבעט אין זייער לאַגער אַריין. מיר האָבן עס אויסגעטייטשט דערמיט, אַז זיי האָבן, מסתּמא, געהאַט נאַכט־אַרבעט און דערפֿאַר זענען זיי שוין דאָרט פֿאַרבליבן. אויף אונדזער וועג איז אונדז אויסגעקומען פֿאַרבייצוגיין דעם אָפּשניט, וווּ עס שטייען תּמיד די דייטשישע סאַניטאַר־וואַגאָנען. צו מײַן גרעסטער איבעראַשונג האָב איך קיין שום סאַניטאַר־וואַגאָן שוין נישט געזען. דאַקעגן האָב איך אויפֿן פֿעלד געזען אויסגע־שטעלט די גאַנצע גרופּע טשעכישע יידן, וואָס זענען געווען אַרומגע־רינגלט מיט ס. ס.־לייט און דייטשישער פּאָליציי. אַ שנור פֿון דייטשישע גראָע אויטאָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פֿון דער גרופּע. די טשעכישע יידן זענען געשטאַנען ווי פֿאַרשטיינערט. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער סוף פֿון אונדזערע טשעכישע יידן. נישט פֿאַר זיי האָט מען גע־בויט די נייע געבײַדע נעבן אונדזער לאַגער. זיי וועלן זיך אפֿילו שוין נישט אומקערן אין זייערע הילצערנע באַראַקן . . .

אונדזער גרופּע איז צוגעקומען צו דער וואַך, וואָס שטייט אויפֿן נעביט פֿונעם מזרח־וואָקזאַל. אונדז איז אויסגעקומען פֿאַרבייצוגיין דריי וואַכן: אַ וואַך פֿון לעטן, אַ וואַך פֿון באַן־זשאַנדאַרמען און אַ וואַך פֿון ס. ס. די לעצטע זענען געשטאַנען ביים אַרייַנגאַנג אין גערטנדל. פּראָגץ מיט די אוקראַינער האָבן אונדזער גרופּע איבערגעגעבן אויפֿן נייעם אַרבעט־אָפּשניט און זענען צוריק אַוועק.

דאָס גערטנדל איז געווען אַרומגערינגלט פֿון די זייטן, וואָס גייען אַרויס אין שטאָט, מיט הילצערנע שטאַכעטן. פֿון דער צווייטער זייט שטאַכעטן זענען געגאַנגען הין און צוריק פּוילישע פּאָליציאַנטן און נישט געלאָזט זיך דאָרט קיינעם אָפּשטעלן. אויף דער צווייטער זייט גאַס איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. פּוילישע הענדלער און הענדלערקעס האָבן פֿאַרקויפֿט פּרוכטן, שפּייז און סאָדע־וואַסער. פּלוצלינג האָב איך דאָרט דערזען יוזשעקן, — דעמזעלביקן וואָס האָט מיך באַזוכט אין לאַגער. ער איז געגאַנגען הין און צוריק איבער דער גאַס, האַלטנדיק אַ פּוילישע צייַ־טונג אין האַנט. פֿון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפֿן אַ בליק אויפֿן גער־טנדל. פֿינקעלשטיין האָט אים אויך באַמערקט און צוגעלאָפֿן צו מיר,

כדי מיר דאָס איבערצוגעבן. אַ פּאָר שעה צייט האָט זיך יוזשעק דאָרט ארומגעדרייט.

פינקעלשטיין האָט מיך צוגעטיילט צום שניידן דאָס גראָז, וואָס איז געווען נאָענט צום ארויסגאַנג. די איבעריקע לאַגער־מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אַ ביסל ווייטער, האָבן די גאַנצע צייט געקוקט אין מיין ריכטונג. ס'האָט זיך געפילט ביי זיי אַ שטאַרקע שפּאַנונג. אויך פינקעלשטיין איז געווען זייער אויפגערעגט און כסדר געקוקט אויפן גרויסן זייגער, וואָס איז געווען אין דער געביידע פון די באַן־ביוראָס. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהען. ס'איז שוין באַלד 12 אַזייגער און מען זעט קיינעם נישט יוזשעק שפּאַצירט נאָך אַלץ הין און צוריק.

פּלוצלינג רופט זיך צו מיר אָן פינקעלשטיין: „ער איז דאָ!" — אַ יונגער, ענערגישער באַן־אַרבעטער, אין אַ לאַנגן אַרבעטער־כאַלאַט, גייט דרייסט צו צו אים. פינקעלשטיין ווייזט אים אָן אויף מיר. ער גיט מיך אַ קוק אָן און גייט אַריין אין אַ קליינעם, ליידיקן באַראַק, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף. פינקעלשטיין — נאָך אים. ס'דויערט אַ פּאָר סעקונדן, ס'קומט צוריק פינקעלשטיין און הייסט מיך גיין נאָך אים. איך גיי אַריין אין אַ באַראַק. דער באַן־אַרבעטער באַגריסט זיך מיט מיר און שטעלט זיך פאָר: „איך הייס טעאָדאָר פּאַיעווסקי". ער באַטראַכט מיך אַ ווײַלע און זאָגט צו מיר: — „זעסט גוט אויס". (איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט גרויסע וואָנסעס און בין געווען שטאַרק אָפּגעבערענט פון דער זון. איך בין נישט געווען ענלעך צו אַ ייד. מיט די ווערטער: „זעסט גוט אויס", האָט פּאַיעווסקי טאַקע דאָס געמיינט.) „טו זיך שנעל איבער און גיי מיר נאָך. זאָלסט גיין דרייסט און זיך נישט אומקוקן. אויב עמיצער וועט דיך אָפּשטעלן, זאָלסטו זיך נישט דערשרעקן, נאָר דרייסט ענטפערן. דו ביסט איצט אַ באַן־אַרבעטער. דיין נאָמען איז — יאַן טורטשינסקי. אויב מען וועט דיך ביים ארויסגאַנג פרעגן, וווּהין דו גייסט, זאָלסטו זאָגן, אַז דו גייסט טרינקען סאָדע־וואַסער". — ער טוט מיר אָן זיין אַרבעט־כאַלאַט, זיין באַן־היטל מיטן „פייגעלע", נעמט פון מיר צו מיין מאַנטל און היטל, וועלכע ער טוט אָן און הייסט מיך אַ ווײַלע צוּוואַרטן, ביז ער וועט צוריקקומען. פינקעלשטיין, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען מיט מיר אין באַראַק, געזעגנט זיך מיט מיר האַרציק און ווינטשט מיר הצלחה. מיר

באווייזן שוין נישט צו רעדן, ווייל עס קומט צוריק אריין טעאָדאָר פּאַ־יעווסקי און זאָגט צו מיר: „קום יאַנעק, אין אַ מזלדיקער שעה". מיר גייען אַרויס. ער גייט פאר מיר, איך — נאָך אים, טריט ביי טריט. מיר גייען דורך די וואך פון ס. ס. און פון פּוילישער פּאָליציי. זיי פארהאַלטן טעאָדאָרן, — ער ווייזט זיי זיין באַן־לעגיטימאַציע און גייט ווייטער. זיי ווארפן אַ בליק אויף מיר, קוקן מיר גלייך אין די אויגן אריין. איך האָב דעם בליק אויסגעהאַלטן, הגם דאָס הארץ האָט אַ ביסל שטארקער גע־קלאַפּט. זיי האָבן מיך דורכגעלאָזט און נישט געפאָדערט פון מיר קיין לע־גיטימאַציע. אין דעם פאַל וואָלט איך געווען אַ פארלוירענער. צו מיין מזל איז זייער חשד געפאַלן אויפן „ציווילן" טעאָדאָר, ווייל אין מיר האָבן זיי נישט געצווייפלט, אַז איך בין אַ באַן־ארבעטער און אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאָליאַק . . .

מיר זענען שוין אויפן גאַס.

אַ מאָדנע געפיל האָט מיך ארומגעכאַפּט: צי איז דאָס מעגלעך,— בין איך טאַקע פריי?!...

10.

## אין אַ נייער וועלט

גייענדיק אַזוי איבער די פּראַגער גאַסן, האָט זיך מיר־אויסגעוויזן, אַז איך ציִ אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. יעדער בליק פון אַ פארבייגייער, וואָס איז אויף מיר געפאַלן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי ער וואָלט צו מיר געזאָגט: איך ווייס, ווער דו ביסט. שרעק זיך נישט; איך וועל דיך נישט אויסגעבן, אָבער דו וועסט פאַלן פון אַנדערע הענט. עס וועט דיר נישט העלפן דיין גוטער אַרישער אויסזען און דיין פאַר־שטעלן זיך פאַר אַ באַן־ארבעטער. דיינע אומעטיקע יידישע אויגן וועלן דיך סיי ווי פאַרראַטן און אויסגעבן... אַזאַ געפיל האָט מסתמא יעדער פון אונדז, וואָס קומט צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיט אַ נייער פאַר זיך וועלט, וווּ ער מוז לעבן פארשטעלט און זיין אין אַ פרעמדער פאַר זיך סביבה.

איך באַמערק ווי טעאָדאָר פּאַיעווסקי גייט אין דער ריכטונג צו דער וויסל. ער קוקט זיך מער נישט אום אויף מיר און גייט צו גלייך צו דער „ווילדער פּליאַזשע" ביי דער וויסל. דאָרט שטעלט ער זיך אָפּ, דרייט זיך אויס, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן און רופט פּלוצלינג אויס, ווי ער וואָלט דאָ געוואַרט אויף מיר:

— יאַנקו, וואָס מאַכסטו? איך קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן אויף דיר. זעץ זיך אַוועק.

מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויפן גראָז, אויף דער אַזוי גערופענער „ווילדער פּליאַזשע". נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די אַרומיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעברענט אויף דער זון, הויבט טעאָדאָר אָן צו מיר צו רעדן שטילערהייט:

— נו, איצט ביסטו אַ געראַטעוועטער. מיר וועלן באַלד גיין אַהיים. איך ווייס נישט ווייט פֿון דאַנען — אויף ברוקאָווא 8. דאָרט וועט שוין מסתמא עמיצער וואַרטן אויף דיר און דיך צונעמען ווייטער. מען האָט פֿאַר דיר צוגעגרייט אַ דירה. איך וויל דיר נאָך אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער הויזוועכטער פֿונעם הויז, וווּ איך וווין, איז אַ ביטערער מענטש און איך לעב נישט מיט אים בשלום. ער טאָר נישט זען, ווי איך פֿיר דיך אַריין צו מיר. ער קאָן זיך נאָך אָנשטויסן און אָנשיקן פּאָליציי. דו ווייסט, אַלזאָ, אַלס באַן־באַאַמטער אַריינקומען צו מיר. איך וועל גיין פֿאָראויס און וועל דיר עפֿענען די טיר. געדענק, אַז פֿון היינט אָן ביסטו מער נישט קיין ייד און דאָס וואָרט „ייד" טאָר נישט אַרויס פֿון דיין מויל. מיר באַנוצן זיך דאָ מיטן וואָרט „קאָט" (קאַץ), ווען מיר רעדן וועגן אַ ייד. דו אַליין ביסט אַ באַן־באַאַמטער און מיינער אַ קאָלעגע. מיר אַרבעטן מיט דיר אויף איין באַן־אָפּשניט. אַזוי וועל איך דיך פֿאַר פֿרעמדע מענטשן פֿאָרשטעלן.

ער האָט מיר געשילדערט וווּ ער וווינט, ווי אַזוי איך דאַרף דאָרט אַריינגיין און וועלכער טיר אָנקלאַפּן.

פֿינף מינוט נאָך דעם ווי טעאָדאָר פּאַיעווסקי איז אַוועק, בין איך אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט אויף דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. אַגב איז עס געווען זייער נאָענט פֿון דעם אָרט, וווּ איך בין געזעסן אויף דער „ווילדער פּליאַזשע". אַריבערגייענדיק אויף דער צווייטער זייט, האָב איך באַמערקט אַ פּאַטרול פֿון דייטשישע פּאָליציאַנטן, וואָס זענען געגאַנגען

לענגאויס דער ווייסל. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דער איינ־פאַל מיך אַראָפּצובּרענגען אויף דער „ווילדער פּליאַזשע" נישט געווען קיין גליקלעכער, וואָרום זייער אָפּט פלעגן דאָרט די דייטשן אַראָפּפאַלן, אַרומרינגלען די פּליאַזשע און אויפכאַפּן די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און זיך נישט געקאָנט אויסלעגיטימירן, אַז זיי זענען באַ־שעפטיקט אין דער דייטשישער קריגס־אינדוסטריע, אָדער אין אַנדערע פאַר זיי נוצלעכע אינסטיטוציעס. און איך האָב דאָך נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין שום דאָקומענט... אויסער דעם איז דאָרט געווען אַ נעסט פון פאַרשידענע „שמאַלצאָווניקעס" — חברה־לייט, וואָס באַרויבן יידן, שאַנטאַזשירן זיי און גיבן זיי לסוף איבער אין דייטשישע הענט.

אַריינקומענדיק אין הויף פון ברוקאָווע 8, בין איך געגאַנגען אויף־לינקס, אַזוי ווי טעאָדאָר האָט מיר אָנגעוויזן און זיך געלאָזט צו זיין טיר אויף פּאַרטער, וווּ ס'איז געווען אָנגעקלאַפּט אַ בלעכל: „טעאָדאָר פּאַ־יעווסקי". אַקעגנאיבער די טרעפּ אין הויף, אומגעפער אַ 5 מעטער ווייטער, פון דער רעכטער זייט, איז פאַר אַן אָפענער טיר געזעסן אַ מיטל־יעריקער פּאָליאַק און פאַרריכט שיך. דאָס איז געווען דער הויז־וועכטער, וועלכער האָט זיך גלייכצייטיק פאַרנומען מיט שוסטעריי. ער האָט מיך געזען, גאָרנישט געפרעגט און ווייטער געטון זיין אַרבעט. ווייזט אויס, אַז טעאָדאָר האָט מיך דערזען דורכן פענצטער פון קיך, וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אויפן הויף און איז געלעגן צווישן די טרעפּ פון זיין און פון הויזוועכטערס וווינונג. טעאָדאָר האָט געעפנט די טיר און מיך אַריינגע־פירט דורכן פינצטערן קאָרידאָר אין שטוב אַריין.

ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין פרוי, וועלכע האָט געמאַכט אויף מיר זייער אַ גוטן איינדרוק. אויפן האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קינד פון אַ פּאָר וואָכן; נעבן איר איז געזעסן אַ 3יעריק שיין יינגעלע, — וויעשיאָ האָט ער געהייסן. דאָס זענען געווען די פּאַיעווסקיס צוויי קינדער. פון קיך איז אַריינגעקומען אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט זייער אַן איידל פּנים, וועלכע טעאָדאָר האָט מיר פאָרגעשטעלט פאַר זיין — ווי ער האָט געזאָגט — „טשיאָטשיע" (מומע). אויף אַ ווינגשטול, אין אַ זייט, איז געזעסן אַ יונגע, פעסטגעבויטע, געזונטע, הויכע מויד, מיט אַ שיין

פנים און גרויסע, דורכדרינגלעכע, שטאַלענע אויגן. זי האָט זיך געוויגט אויף דער ווינשטול און געוויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— דאָס איז עמילקע — זאָגט טעאָדאָר — זי איז פון דער אונטער־ערדישער באַוועגונג.

די פרוי פּאַיעווסקאַ האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל עפּעס עסן. אויף מיין ענטפער, אַז יאָ, האָב איך באַמערקט, ווי זי רופט אַריין טעאָדאָרן אין קיך און זיי הויבן זיך אָן צו שושקען. ער קומט באַלד צוריק און זאָגט מיר, אַז אין שטוב האָבן זיי גאָרנישט וואָס צו עסן און מען מוז גיין עפּעס קויפן, — זאָל איך זאָגן וואָס איך וויל. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז זיי האָבן נישט קיין געלט. כ'האָב אים געגעבן 50 זלאָטעס און ער איז אַרויס איינקויפן.

דערווייל האָב איך זיך פונאַנדערגעשמועסט מיט עמילקען. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען מיך.

— פון וואַנען? — פרעג איך.

— פון געטאָ.

— ווי קומט איר אין געטאָ?

— איך האָב אַהין געשמוגלט געווער.

— פאַר וועמען?

— פאַר די רעוויזיאָניסטן. איך בין אַליין אויך אַ רעוויזיאָניסטקע — זאָגט זי.

איך בין געבליבן געפּלעפט, נישט פאַרשטייענדיק ווי אַזוי אַ גויע קאָן זיין אַ מיטגליד פון אַ יידישער פּאַרטיי.

זעענדיק מיין פאַרוווּנדערונג, זאָגט זי מיר, אַז זי איז אַ יידישע. זי הייסט: קאָסאָווער און שטאַמט פון ראַדזימין. פון דער גאַנצער משפחה, וואָס זי האָט געהאַט — זאָגט זי — איז איר געלונגען צו ראַטעווען נאָר איין שוועסטער און צוויי ברידער. זיי געפינען זיך אויף אַ „מעטע" (אַזוי האָט מען גערופן ערטער, ווו יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן) אין מאַרקי. די שוועסטער וועט זי אַהערברענגען, ווייל זי האָט אויך אַ גוטן אויסזען און זי דאַרף זיך נישט אויסבאַהאַלטן. אַז זי, עמילקע, איז אַ יידישע, ווייסן דאָ נאָר די פּאַיעווסקיס. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי אַרבעט אין דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג ביי קאַלפּאָרטירן אומלעגאַלע צייט־

טונגען. אירס אַ באַקאַנטער פּאָליאַק פון ראַדזימין, אַן אינזשיניער־אַגראָ־נאָם, אַ געוו. העכערער פּוילישער אָפיציר, איז איינער פון די הויפּט־מאַכערס אין „אַ. ק״. (פּוילישע לאַנד־אַרמיי) און ער האָט זי טאַקע אַריינ־געצויגן אין דער אַרבעט.

זי האָט מיר אויך דערציילט, אַז אַדאַנק איר בין איך אַרויס פונעם לאַגער, ווייל זי האָט עס טעאָדאָרן רעקאָמענדירט דער יידישער „פּאַר־טיי״. און דאָס אַרויסבאַקומען מיך פונעם לאַגער איז טאַקע געווען זיין ערשטער „אויפטריט״, וואָס איז אים אַזוי שיין געלונגען. עמילקע האָט זיך אויך באַקלאָגט אויף די שוועריקייטן, וואָס זי האָט ביים אָנקומען אין דער יידישער „פּאַרטיי״, פאַר וועלכער זי וויל אויך אַרבעטן. מען לאָזט זי אָבער נישט צו.

— וועמען קענט איר פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועג־גונג? — פרעג איך.

— אַניעלע און אירקע — ענטפערט זי. אַניעלע וויל מיך צו גאָר־נישט צולאָזן. זי מיינט, אַז זי וועט טעאָדאָרן אויסנוצן צו דער אַרבעט, אויסמיידנדיק מיך, — מעג זי פאַרגעסן. דאָס איז דאָס ערשטע און לעצ־טע מאָל, וואָס ער גייט אַליין. טעאָדאָר איז מיין שותּף און אַלע געשעפטן מאַכן מיר צוזאַמען. אַז זיי וועלן מיך נישט אַריינגעמען אין דער „פּאַרטיי״, וועט טעאָדאָר מער נישט אַרבעטן פאַר זיי.

מיט די דאָזיקע רייד האָט זי מיך ווי אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער הייס וואַסער. אַזעלכע ווערטער ווי „געשעפט״, „שותּפות״, ווען עס האַנדלט זיך אין מענטשלעך לעבן, האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ בייגעשמאַק. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז די אַרבעט איז אַן אידעאַלישע און ווערט נישט באַטראַכט ווי אַ „געשעפט״ מיט „שותּפים״. איך האָב זי געפרעגט, ווער עס איז די „אַניעלאַ״ און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז די שריפט־שטעלערין רחל אויערבאַך, וועלכע האָט זיך באַקענט מיט פּאַיעווסקין און אים פאָרגעלייגט די „אַרבעט״ פון אַרויסשלעפּן מיך און אַנדערע פון די לאַגערס אַרום וואַרשע. אגב, זאָגט עמילקע, דאַרף אַניעלאַ באַלד דאָ זיין. זי דאַרף ברענגען געלט פאַר „אַרויספירן״ מיך פון לאַגער.

— וויפל געלט האָט איר? — פאַלט פלוצלינג אַ פראַגע . . .

איך האָב זי אָנגעקוקט און נישט געוווּסט פּשוט וואָס צו ענטפערן.

אָבער נאָך אַזעלכע ווערטער ווי „שותפות" און „געשעפט" וואָס איך האָב פון איר געהערט, האָב איך זיך שוין באַצויגן צו איר מיט רעזערוו און איר מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת.

— טויזנט זלאָטעס — זאָג איך איר.

— דאָס איז זייער ווייניק — ענטפערט זי. איר דאַרפט וויסן, אַז די „פּאַרטיי" צאָלט זייער ווייניק, אַזוי. אַז עס וועט פאַר אונדז ביידן כמעט גאָרנישט בלייבן. וועט איר מיר געבן 500 זלאָטעס, גוט?

— גוט, — זאָג איך — אָבער ווען וועט מען מיך אַוועקפירן אויפן אָרט, וווּ איך דאַרף זיין?

— נו, דאָס מוז נאָך אַ ביסל דויערן. קודם כל דאַרף מען נאָך עפּעס דערליידיקן...

הייסט עס — טראַכט איך מיר, — אַז איך ווער דאָ פאַרהאַלטן אַלס משכון... און עס ווערט מיר זייער אומהיימלעך אויף דער נשמה. דאָס געשפּרעך בינדט זיך שוין נישט.

טעאָדאָר פּאַיעווסקי קומט צוריק, מען גרייט צום טיש און אַלע זעצן זיך אַוועק עסן. איך האָב באַמערקט, אַז זיי זענען נעבעך גוט אויסגעהונגערט... נאָכן עסן דערלאַנגט מען טיי מיט סאַכאַרין. איך זאָג, אַז כ'האָב נאָך אַ פּאָר שטיקלעך צוקער (וואָס איז מיר נאָך געבליבן פונעם לאַגער). ווען איך האָב עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש, פרעגט דער קליינער וויעשיאָ (פּאַיעווסקיס זון), אַנווייזנדיק אויפן צוקער: „וואָס איז דאָס?"

— צוקער, מיין קינד. מיט דעם מאַכט מען זיס די טיי, — ענטפערט אים די מוטער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד האָט נאָך אַפילו נישט געזען ווי צוקער זעט אויס... אין אַזאַ אָרימקייט האָבן זיי געלעבט. טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט פאַרדינט אויף דער באַן 160 זל. אַ חודש.

אויף יעדער פראַגע, וואָס איך האָב געשטעלט פּאַיעווסקין, האָט געענטפערט עמילקע. ס'האָט זיך געפילט, אַז סיי ער, סיי זיין פרוי קוקן צו עמילקען אַרויף, ווי זי וואָלט געווען די דעצידירנדיקע פּערזאָן און די הויפּטדעה־זאָגערין. ווען עמילקע זאָגט: יאָ — איז יאָ; אַז זי זאָגט: ניין, באַשטעטיקן זיי דאָס אויך.

עמילקע האָט מיר שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז די „טשיאָטשיע"

(מומע), וואָס וווינט דאָ, איז אויך אַ יידישע פרוי, זי שטאַמט פון יאַבלאָ־נע. זי וווינט שוין דאָ אַ פּאָר חדשים און צאָלט פּאַיעווסקין 50 זל. אַ חודש דירה־געלט. טעאַדאָר פּאַרדינט דאָך זייער ווייניק און ער מאַטערט זיך מיט זיין משפּחה. די 50 זל. שפּילן ביי זיי אַ גרויסע ראָל אין בודזשעט...

ענדלעך קומט אַריין אַניעלאַ (רחל אויערבאַך). מיר האָבן זיך, פאַר־שטייט זיך, שטאַרק דערפרייט. איך האָב זי געזען צום לעצטן מאָל אין גרויסן געטאָ, צווישן איין אַקציע און דער צווייטער. זי האָט מיר דע־מאָלט געזאָגט, אַז זי קלויבט זיך טאַקע צו גיין אויף דער אַרישער זייט. איצט שפּילט רחל אויערבאַך די ראָל פון אַ קריסטין... זי האָט געטראָגן אַ טיכל אויפן קאָפּ, פון אונטער וועלכן ס'האָבן אַרויסגעקוקט גראָע האָר. אין מיינע אויגן האָט זי נישט געהאַט אַזאַ אידעאַלן אַרישן אויסזען, אָבער ביי איר האָט דעצידירט איר זיכערקייט און דרייסטקייט — און דאָס זע־נען געווען גרויסע שאַנסן דורכצולעבן. זי האָט מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון מיין פרוי און קינד. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי קומט אָפט צו זיי אַריין. איצט איז שוין דיאַנאַ אַ ביסל רואיקער, און דאָס וואָס זי האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער פונעם אויפשטאַנד, האָט איר צוגעגעבן נייע כחות. פון אָנהויב, ווען איך בין נאָך געווען אין געטאָ, האָט זי — דערציילט רחל אויערבאַך ווייטער — געהאַט מיט דיאַנאַן גרוי־סע צרות, ווייל זי האָט זיך נאָר געוואָלט צוריק אומקערן אין געטאָ אַריין און ס'איז איר קוים געלונגען זי צו איבערצייגן, אַז זי טאָר דאָס נישט טון.

רחל אויערבאַך האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט שוין דיאַנאַן מודיע געווען, אַז איך בין פריי און איך וועל נאָך היינט אַהינקומען צו איר און צום קינד. דאָרט וועל איך זיין אַ פּאָר טעג, ביז מען וועט געפינען פאַר אונדז אַ וווינונג. איבעריקנס, וועט דאָ באַלד זיין באַשע בערמאַן (אירקע) און מיר אַלץ איבערגעבן. זי דאַרף ברענגען געלט פאַר טעאָדאָרן פאַרן אַרויסראַטעווען מיך פונעם לאַגער. איך פרעג אַניעלען נישט דרייסט, וויפל געלט מען באַצאָלט פאַר מיר. זי זאָגט מיר, אַז דאָס געלט האָט מען נאָך נישט; מען באַמיט זיך טאַקע צו שאַפן די פּאָר טויזנט זלאָטעס און דער־ביי זאָגט זי מיר שטילערהייט: ווען נישט עמילקע (קאַסאָווער), וואָלט מען שוין מיט פּאַיעווסקין דורכגעקומען, אָבער זי האַלט אים פעסט אין אירע

הענט און זי האָט זיך סתם צוגעטשעפּעט צום גאַנצן ענין. איך האָב אָניע־לען נישט געוואָלט זאָגן, אַז עמילקע וויל ביי מיר אויך 500 זלאָטעס, ווייל איך האָב נישט געוואָלט באַלד פון אָנהויב אָנמאַכן אַ בייז לעבן . . .

דערווייל איז אָנגעקומען אַ הויכער, מאָגערער, אָבער ברייטפּלייצי־קער פּאָליאַק, וועלכן מען האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס „סטעפאַן". ער איז געווען אָנגעטאָן אין שטיוול און אין אַ לאַנגן, לעדערנעם מאַנטל. — דאָס איז אַ מענטש פון דער אונטערערדישער באַוועגונג — האָט מען מיר דערקלערט. ער טוט אַ סך פאַר יידן און פאַרנעמט זיך אויך מיט אי־בערפירן יידן צו די פּאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער. איך שמועס זיך פונאַנדער מיט אים. ער רופט אָן באַקאַנטע נעמען: אַנטעק (יצחק צוק־קערמאַן), זיגמונט (זלמן פרידריך), צביה (לובעטקין), קאַזשיק (שמחה ראַטהייזער), סטעפאַן (שלום גראַיעק) א. אַ. מיט וועלכע ער שטייט אין בסדרדיקן קאָנטאַקט.

איך דערוויס זיך פון אים און פון אַניעלען פּרטים וועגן אויפשטאַנד, וועגן טראַגישן סוף פונעם שטאַב פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, מיטן אומפאַרגעסלעכן מרדכי אַניעלעוויטש בראש; אַז נאָר געציילטע קעמ־פער איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט. סטעפאַן גיט מיר אויך איבער וועגן העלדישן טויט פונעם בונדישן טוער ז. פרידריך (זיגמונט), וואָס איז געפאַלן אין אַ נישט גלייכן קאַמף מיט די דייטשן אין דאָרף פּלודי...

די קאַמפן אין געטאָ קומען נאָך ווייטער פאָר... איצט קומט דאָרט פאָר אַ פּאַרטיזאַנער־קאַמף... דאָס גאַנצע געטאָ שטייט אין פלאַמען . . .

סטעפאַן זאָגט מיר, אַז היינט דאַרף ער זיך זען מיט נאָך אַ „סטע־פאַן" (שלום גראַיעק). איך בעט אים איבערצוגעבן אַ בריוול, וועלכעס איך שרייב גלייך אָן אויפן אָרט.

איך פרעג דעם פּוילישן סטעפאַן, צי ער וואָלט געקאָנט אַ ביסל יידן פון גראָכאָווער לאַגער אַריבערפירן צו די פּאַרטיזאַנער.

— זייער גוט — זאָגט ער — מען דאַרף טאַקע האָבן מענטשן, אָבער נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער און קאָנען זיך באַ־גיין מיט געווער.

איך פאַרליר נישט קיין איין מינוט צייט און שרייב באַלד אָן אַ

פאַר בריוולעך צו פינקעלשטיינען, גאָטליבן, וואַסערקענערן, ענגעלבערגן, אַז ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט, מען זאָל זיי אַרויסנעמען פון לאַגער און אַריבערפירן אין די וועלדער. זיי מוזן תיכף ומיד גיין, ווייל מען ווייסט נישט ווי לאַנג מען וועט נאָך קאָנען פאָרן.

טעאָדאָר פאַיעווסקי דאַרף די בריוולעך מאָרגן איבערגעבן אין לאַגער אַריין און באַלד אַרויספירן די מענטשן אויפן זעלביקן אויפן, וואָס מיך פאַרשטייט זיך, אַז גרופּנווייז קאָן מען דאָס נישט מאַכן. סטעפאַן דאַרף נאָך היינט איבעררעדן מיט קאַזשיקן וועגן אַוועקפירן די מענטשן אין וואַלד אַריין. עמילקע (קאָסאָווער) פרעגט, ווער עס וועט באַצאָלן פאַרן אַרויספירן זיי פונעם לאַגער און פאַרן איבערגעבן זיי די בריוו... איך זאָג, אַז די מענטשן האָבן ביי זיך געלט און זיי וועלן מיט דאַנק באַצאָלן פאַר אַלע באַמיאונגען.

דערווייל באַמיט זיך אַניעלאַ (רחל אויערבאַך) ביי סטעפאַנען, ער זאָל אַרויסציען פונעם לאַגער „אָסטבאַן ־ וועסט" אירם אַ פריינט, מיטן נאָמען וואָרם (שוועסטערקינד פון אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו וואָרם). עמילקע וויל מיטפאָרן. מען באַשליסט צו דינגען אַן אויטאָ, וואָס זאָל צופאָרן אויף אַ געוויסן פּונקט, ווו די אַרבעטער פונעם דאָזיקן לאַגער גייען צו זייער אַרבעט. דאָרט וועט זיך וואָרם „אַפּרייסן" און אַריין אין אויטאָ, וואָס וועט אים דאָ אַהערברענגען אויף ברוקאָווע 8. וואָרם האָט געהאַט אַ טיפּיש סעמיטישן אויסזען. ס'הויבט זיך אָן אַ דינגעניש וועגן פּרייז, ביי וועלכן עמילקע שפּילט ווידער די הויפּטראָל. מען קומט ענדלעך דורך און מען באַשליסט מאָרגן דאָס דורכצופירן.

נאָך אַניעלעס (רחל אויערבאַך) אַוועקגיין, זאָגט צו מיר עמילקע (קאָסאָווער):

— ווען נישט זי, וואָלטן שוין אַ סך מענטשן געוואָרן געראַטעוועט. צי ווייסט איר, אַז זי האָט נישט דערלאָזט, מען זאָל אייך, פּאַניע יאַנקו, אַרויספירן פונעם לאַגער פריער, איידער איר באַקאַנטער וועט נישט אַרויסגעראַטעוועט ווערן פונעם לאַגער? דערפאַר האָט עס אַזוי לאַנג געדויערט מיט אייער באַפרייאונג. ווען איך וועל זיך נאָר טרעפן מיט אירקען (באַשאַ בערמאַן), וועל איך איר דאָס אַלץ דערציילן און כ'וועל זען, מען זאָל זי אַרויסוואַרפן פון דער „פּאַרטיי" . . .




Ostbahn — Kolej Wschodnia

Personenausweis | Nr. 2154
Dowód tożsamości osoby |

Nur gültig für die Monate mit gültiger Ausweismarke — Ważny tylko dla miesięcy, na które zalewana marki ważności

D er in nebenstehendem Lichtbild Dargestellte
Na obok zamieszczonej fotografii

Herr Tatarkiewicz Jan
P. (Vor- und Zuname — Imię i nazwisko)

steht als Beamter
pozostaje jako (Dienstbezeichnung)
(Oznaczenie stopnia służbowego)

im Dienst der Ostbahn.
w służbie Kolei Wschodniej.

Das Lichtbild ist von d em Inhaber
Fotografia jest przez właściciela (lkę)
eigenhändig unterschrieben.
własnoręcznie podpisana.

Warschau, den 9 Jan. 1943
dnia

(Unterschrift des Inhabers)
(Podpis właściciela)

OSTBAHN
(Dienstsiegel)
(Pieczęć służbowa)
Verwaltende Abteilung

(Dienstsiegel)
(Miejsce służbowe)

(Unterschrift und Dienstbezeichnung)
(Podpis i stopień służbowy)

*) Nichtzutreffendes ist durchzustreichen
Niepotrzebne skreślić

ka 3 16/2 (Ostbahn) Personenausweis A 4 IV 42 100 000 DrFkV Krakau

די לעגיטימאַציע פון יאַנאַס טורקאָוו (יאַן טאַטארקעוויטש) אלס באַן־באַאמטער

איך האָב, פאַרשטייט זיך, קיין וואָרט נישט געגלויבט וועגן דעם, וואָס זי האָט מיר דערציילט פון אַניעלען (ר. אויערבאַך), אָבער כ'האָב דערזען, אַז מיט עמילקען מוז איך זיין פאָרזיכטיק און היטן זיך פאַר איר, ווייל דאָס איז אַ „טיפּ", וואָס קאָן אַ סך שאָדן ברענגען; זי האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שלעכטן, פאַרביסענעם מענטש אָן געוויסן. אַלץ, וואָס זי טוט, איז מיט אויסרעכענונג, אַלץ איז געבויט אויף געשעפט.

עמילקע האָט מיר שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז ווען זי האָט געטראָגן דאָס געוועהר אין געטאָ אַריין פאַר די רעוויזיאָניסטן — אַגב צוזאַמען מיט דער פּאַיעווסקאַ — האָט זי עס פאַרקויפט אויך אַנדערע.

— ווער ס'האָט געגעבן מער געלט, דעם האָב איך דאָס געוועהר איבערגעגעבן. מען האָט מיר אפילו געצאָלט צו 8 טויזנט זל. פאַר אַ רעוואָלווער, און מיך האָט עס געקאָסט 2 טויזנט זל... — האָט עמילקע געזאָגט.

ווען איך האָב זי פאָרזיכטיק געפרעגט, ווי קומט עס, אַז זי, אַלס רעוויזיאָניסטין זאָל איבערגעבן דאָס געוועהר אַנדערע און נישט אירע פּאַרטיי־אָנגעהעריקע, האָט זי מיר געענטפערט:

— דאָס איז דאָך אַ געשעפט. ווער עס האָט באַצאָלט מער, דער האָט עס ביי מיר באַקומען. און אַז איינער פון מיינע ברידער איז אויך אַ רעוויזיאָניסט, האָט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי עפּעס געטון, צוגעלייגט אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער, כדי אים צו ראַטעווען? ווען נישט איך מיט מיינע פאַרדינסטן, וואָלט ער, צוזאַמען מיטן צווייטן ברודער און מיט דער שוועסטער אומגעקומען, פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע. איך האָב די צוויי ברידער שוין קוים אַרויסגעצויגן פון אַ לאַגער, וווּ זיי זענען געוועזן. — האָב איך דאָך געמוזט האָבן דערצו געלט... און איצט באַקום איך דען עפּעס אַ שטיצע פונעם „קאָמיטעט" (אונטערערדישע באַוועגונג) פאַר זיך און פאַר מיין משפּחה? — אַ פייג! אָבער אַניעלאַ באַקומט אויף אַלץ וואָס זי דאַרף. איך ווייס, אַז זי באַמיט זיך איצט צו קריגן געלט פאַר אירע קרובים די פעלדשוס, וואָס געפינען זיך אין מאַרקי (ד"ר ר. פעלדשו „בן שם" מיט דער פרוי און זייער איינציק טעכטערל, די פענאָמענאַלע פּיאַניסטין און קאָמפּאָזיטאָרין שושנה פעלדשו). אָבער איך וועל דערצו

נישט דערלאָזן, אויב מיין משפּחה וועט אויך נישט באַקומען די חודש־לעכע שטיצע. איר קענט נישט עמילקען. איך וועל צעברעכן דעם גאַנצן קאָמיטעט, אויב זיי וועלן מיר נישט געבן קיין געלט פאַר מיין משפּחה...

איך האָב באַשלאָסן ביי דער ערשטער געלעגנהייט איבערצוגעבן דאָס דער אָנפירונג פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, ווייל מען מוז זיך פאַר איר היטן. וואָס שייך מיין באַציאונג צו איר, האָב איך איינגעזען, אַז אויב איך וויל איבערלעבן די מלחמה, מוז איך מיט איר פירן אַ פאַלשע שפּיל, לעבן מיט איר בשלום און אַלעמאָל האָבן פאַר איר אַ שמייכל און אַ גוט וואָרט אויף די ליפּן.

דאָס ארויסציען וואַרמען פון לאַגער איז דאָס מאָל נישט געלונגען. אַלץ איז געווען ווי געהעריק צוגעגרייט, אָבער ער אַליין האָט נישט געהאַט דעם מוט „אַפּצורייסן" זיך. ער האָט דורכגעלאָזט די גוטע געלעגנהייט. (אין אַ צייט אַרום האָט מען אים דאָך באַוויזן ארויסצוקריגן פונעם לאַ־גער.) דערפאַר איז געלונגען ענגעלבערגן, גזשיבאָווסקין און לוקסענבורגן אָפּצורייסן זיך פונעם לאַגער. זיי זענען געקומען צו טעאָדאָר פּאַיעווסקין. זייערע פרויען האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף אַ פּלאַץ ביי קריסטן. גזשי־באָווסקין האָט איבערגענומען אונטער איר שוץ די באַקאַנטע פּוילישע אונטערערדישע טוערין, וועלכע מען האָט גערופן „פּאַני מאַרילאַ". דאָס איז געווען אַן עלטערע פרוי, אַ געוועזענע לערערין, אַ גרויסע אידעאַליס־טין און יידן־פריינט. זי האָט גזשיבאָווסקין איינגעאָרדנט אויף אַ „מעטע" אין פּראַגע און שפּעטער אויסגעאַרבעט ביי דוד גוזשיקן (פון „דזשאָינט"), מען זאָל אים, אַן געלט, אויפנעמען אין האָטעל „פּאָלסקי", כדי אויסגע־טוישט צו ווערן אַלס אויסלענדישער בירגער . . .

ענגעלבערגן, וועלכן עמילקע האָט גוט געקענט נאָך פון געטאָ (ער פלעגט ביי איר איינקויפן געווער) און צו וועלכן זי האָט געהאַט אַ באַ־זונדערע שוואַכקייט, האָט עמילקע זיך אונטערגענומען איינצואָרדענען אין מאַרקי, ביי אַ באַקאַנטן פּאָליאַק. לוקסענבורג, נישט האָבנדיק קיין געלט, איז צוזאַמען מיט זיין פרוי שפּעטער אויך אַוועק, אַדאַנק די באַ־מיאונגען פון דער זעלביקער פרוי „מאַרילאַ", אין האָטעל „פּאָלסקי"... וואַסערקענער האָט מיר געענטפערט אויף מיין בריוול צו אים, אַז ער מוז נאָך אַ געוויסע צייט בלייבן אין לאַגער, כדי צו דערליידיקן זיינע געלט־

ענינים. אויך ער איז שפּעטער אַוועק אין האָטעל „פּאָלסקי"... קאַזשיק (שמחה ראַטהייזער) האָט שוין געהאַט אַלץ צוגעגרייט, כדי אים, און די אַנדערע פון לאַגער, אָפּצופירן צו די יידישע פּאַרטיזאַנער. מאָרדכעלעס און האַלצקענער איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פונעם לאַגער.

ביי די פּאַיעווסקיס האָב איך געשלאָסן אַ נייע באַקאַנטשאַפט: די שוועסטער פון דער פּאַיעווסקאַ — סטאַניסלאַווא יאַשטשיק, אָדער, ווי מען האָט זי גערופן: „פּאַננאַ סטאַשיאַ". דאָס איז געווען אַן עלטערע פרייליין, אַ סך עלטער פון דער פּאַיעווסקאַ, אַ קליינע, אַ הויקער, און האָט נישט וויסנדיק נאָך דעמאָלט, אַז איך בין אַ ייד, זיך שטאַרק „פּאַראַינטערע־סירט" מיט מיר. הערנדיק, אַז איך זוך אַ צימער, האָט זי מיר פאָרגעלייגט אַ צימער אין איר דירה אויף ראַדזימינסקאַ 2, פּאַר גראָשנס, און מיך שטאַרק צוגערעדט, איך זאָל מיך צו איר אַריינציען. מיט דער פּאַננאַ סטאַשיאַ איז מיר שפּעטער אויסגעקומען אַ סך מאָל זיך צו זען, שוין דע־מאָלט, ווען זי האָט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד און איך האָב איר געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען. דאָס איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, מיט אַ וואַרעם, פילנדיק האַרץ.

דערווייל גייען פאַרביי טעג און קיינער קומט נישט צו מיר. איך האָב געפרעגט טעאָדאָרן, אויף וואָס ער וואַרט, — זאָל ער מיך אָפּפירן אויף וויספּולנע 73 צו מיין פרוי. ער האָט מיך געהייסן פרעגן ביי עמילקען. עמיל־קע, ווידער האָט געדרייט מיט דער צונג. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען וועט מיך פריער נישט אַרויסלאָזן, ביז זיי וועלן נישט באַקומען דאָס אָפּ־גערעדטע געלט.

ענדלעך איז געקומען צו גיין פון גאַס עמילקע, אַ צעשטראָלטע, אַז היינט וועט מיך טעאָדאָר אָפּפירן צו מיין פרוי אויף וויספּולנע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען האָט איר אויסגעצאָלט דאָס געלט. זי האָט זיך גע־טראָפן מיט באַשע בערמאַן אין אַ קליינעם קאַפע־רעסטאָראַן אין פּראַגע, וווּ עס איז געווען אַ טרעף־פּונקט פון די פאַרבינדלער פון דער אונטער־ערדישער באַוועגונג. עמילקע האָט גענומען אויך ביי מיר די 500 זלאָ־טעס און פאַרנאַכט האָט מיך טעאָדאָר געהייסן אָנטון און גיין מיט אים.

מיר זענען אַריין אין אַ טראַמוויי און צוגעפאָרן ביזן הויפּטוואָקזאַל אויף אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ און פון דאָרט צוגעגאַנגען צופוס צו דער

ווספּולנע 73, עק עמיליא פּלאַטער. אין טראַמוויי האָב איך זיך געפילט זייער מאָדנע. צום ערשטן מאָל, נאָך אַ פּאָר יאָר צייט, בין איך געפאָרן אין אַ טראַמוויי. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַלע אויגן זענען געווען געווענדט אויף מיר; אַז אַלע האָבן אין מיר דערקענט דעם ייד. איך האָב אַרויסגענומען מיין טאַשנטוך און צוגעלייגט צום אויג, ווי עס וואָלט מיר עפּעס אַריינגעפאַלן אין אויג און איך קאָן עס נישט עפענען. מיט דעם האָב איך געוואָלט פאַרשטעלן דעם האָרב אויף מיין נאָז, וואָס — ווי עס האָט זיך מיר געדוכט — וועט מיך פאַרראַטן מיט מיין יידישקייט. דערזעענדיק וואָס איך טו, פרעגט מיך טעאָדאָר אויפן גאַנצן קול:

— וואָס איז דיר, יאַנעק? דאָס אויג טוט דיר וויי?

— ס'איז מיר עפּעס אַריינגעפאַלן אין אויג — ענטפער איך אים, נישט מיט מיין קול.

ענדלעך געפין איך זיך שוין ביי דער טיר, וואָס איז אָנגעצייכנט מיטן נומער 14 און מיין האַרץ הויבט מיר אָן שטאַרקער צו קלאַפּן. איך גיב אַ דריק דאָס גלעקל, עס עפנט זיך די טיר און איך דערזע ענדלעך פאַר זיך מיין פרוי און קינד.

## 11.

# צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד

אין שטוב ביי די באָרטשינסקיס איז קיינער, אויסער מיין פרוי און קינד, נישט געווען. צו אונדזער פרייד האָט נישט גענומען קיין סוף. מיין פרוי האָט זיך געהאַלטן מוטיק, דערפאַר אָבער האָט מיין קינד באַקומען אַזאַ ספּאַזמאַטישן פרייד־אָנפאַל, אַז ס'איז זי אוממעגלעך געווען צו באַרואיקן. זי האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון מויל... איך האָב זיי פאָרגעשטעלט מיין באַגלייטער טעאָדאָר פּאַיעווסקי, — דעם, וואָס האָט מיך אַרויסגעפירט פונעם לאַגער. זיי ווייסן נישט וואָס צו טון מיט אים; ווי אַזוי אים צו דאַנקען. אויך ער איז שטאַרק גערירט. ער לאָזט

אונדז איבער אַליין און זאָגט צו מאַרגן צו קומען, אפשר וועל איך אים דאַרפן האָבן.

מיר בלייבן אַליין. מיר נוצן אויס די געלעגנהייט, וואָס קיין פרעמ־דער מענטש איז נישטאָ אינדערהיים און מיר דערציילן זיך וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט ביזן היינטיקן טאָג.

כדי צו שאַפן אַ קלאָר בילד פון די געשעענישן, וואָס האָבן זיך ביז איצט פאַרלאָפן מיט מיין פרוי, וועל איך דאָ איבערגעבן די בריוו, וועל־כע איך האָב דערהאַלטן פון מיין פרוי אין געטאָ, פאַרן אויפשטאַנד, נאָך אַ לאַנגער צייט שטילשווייגן. ס'פלעגן צו יענער צייט אָנקומען שלעכטע גריסן פון דער אַרישער זייט. אַ סך יידן זענען פון דאָרט צוריקגעקומען. זיי האָבן דערציילט, אַז פאָליאַקן גיבן אויס יידן צו די דייטשן, אַז עס האָט זיך דאָרט געבילדעט אַ נייע קאַסטע, וועלכע מען רופט „שמאַלצאָוו־ניקעס" און צו וועלכע ס'געהערן מענטשן פון אַלע שיכטן. די דאָזיקע „שמאַלצאָווניקעס" פאַרנעמען זיך ספּעציעל מיט אויסזוכן יידן, באַרויבן זיי אָן שום רחמנות און שיקן־אָן אויף זיי זשאַנדאַרמען... נישט איין ייד איז אויף אַזאַ אופן דערשאָסן געוואָרן. איך בין געוואָרן זייער אומרואיק. אולאַ עקהייזער (זשיוטאַ) באַווייזט זיך נישט מער אין געטאָ. איר פאָטער איז אויך געווען שטאַרק באַאומרואיקט. ער האָט געהאַט נאָך צוויי טעכ־טער אויף דער אַרישער זייט, וועלכע אולאַ האָט דאָרט איינגעאָרדנט.

אין די ערשטע טעג אַפּריל האָב איך דורך עקהייזער דערהאַלטן מיט אַמאָל דריי בריוו פון מיין פרוי.

אין ערשטן בריוו באַשרייבט מיר מיין פרוי, ווי אַזוי זי איז אָנגעקומען פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס און ווי אַזוי זי האָט געמוזט פון דאָרט אַוועק און גיין אויפן אַדרעס פון אונדזער קינד. זי האָט נאָך נישט אָנגעבונדן קיין שום קאָנטאַקט נישט מיט „מיכאַלן" (ד"ר בערמאַן) און נישט מיט זיין פרוי באַשע „(אירקאַ", „אירענאַ"). זי איז פאַרצווייפלט . . .

אין צווייטן בריוו שרייבט זי מיר פאָלגענדיקס:

„היינט איז דינסטיק. איך בין געווען געצוווּנגען, אויב נישט אַראָפּצושפּרינגען פון פינפטן שטאָק, באַצאָלן איר (באַרטשינסקאַ) פאַר אַ וואָך „ביליק" און „פאַר מיר" — 350 זלאָטעס, ווייל זי

(באַרטשינסקאַ) נעמט צו 100 זל. אַ טאָג אויך. דאָ איז געווען אַ מוטער מיט צוויי קינדער (אַ יידישע פרוי פון קראָקע, אַ שוועסטער פונעם אייגנטימער פון דעם פּאָפּולערן אין קראָקע קאַפע־רעסטאָ־ראַן „שמאַטקאַ" אויף דיטלאָווסקע גאַס). מיר זענען דעמאָלט גע־שלאָפן, דריי נעכט צייט, 5 מענטשן אין איין בעט, — האָט זי ביי זיי גענומען 180 זלאָטעס אַ נאַכט, אָן עסן... זיי האָבן מיר געגעבן צו מיטאָג אַ „לורע" (וואַסער־זופּ) פון דער פאָלקס־קיך און אין אָוונט 8 אַזייגער — אַ זופּ. און דערפאַר רעכנט זי מיר צו 50 זל. אַ טאָג. איך אַליין האָב מיר צוגעקויפט אַ האַלב וויים ברויט פאַר 13 זל. טעגלעך. נו, וואָס זאָגסטו דערצו? קאָן מען לעבן? איי, דוכט זיך, אַז דאָס איז אַן אוטאָפּיע. דאָס איז נישט אויף אונדזערע כחות און מעגלעכקייטן. ענדלעך איז ביי מיר געווען פרוי באַראָווסקאַ (באַשע בערמאַן) און וואָס ווייזט זיך אַרויס? זיי קאָנען מיר געבן 500 זל., איך זאָל זיך געפינען אַ וווינונג (דאָס קאָסט מינימום 1500 זלאָטעס אַ חודש). יעדנפאַלס, ווי זי האָט מיר געראַטן, בין איך היינט געווען אין אַלייע יעראָזאָלימסקאַ, ביי אַ פאָטאָגראַף און דאָס — אין מיטן העלן טאָג. איבעריקנס, וואָלט עס בעסער געווען אַריינ־צופאַלן אויף דער גאַס (ד. ה. געכאַפּט צו ווערן פון די דייטשן — י. ט.), ווייל אַליין צו נעמען זיך דאָס לעבן האָב איך נישט קיין כח און ס'איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג. לײדער האָט מיך קיי־נער נישט פאַרטשעפּעט, קיינער האָט מיך נישט אָפּגעשטעלט. איך האָב באַצאָלט פאַר די דריי פאָטאָגראַפיעס 25 זלאָטעס. זיי וועלן זיין פאַרטיק פרייטיק. מען פאַרלאַנגט אַלזאָ פון מיר, איך זאָל זיך אַליין אויסזוכן אַ דירה. מיט וואָס פאַראַ נס? מיט וועלכע געלטער? פון מאָרגן אָן וועל איך אָנהייבן צו לעבן אויף טרוקן ברויט. אָבער דאָס איז אַ נאַרישקייט... מען קאָן אַזוי אויך לעבן, אַבי ס'זאָל זיין אַ באָדן אונטער די פיס... איך וואָלט געדאַרפט האָבן כח אַרויפצוגיין אויפן פינפטן שטאָק און אַראָפּוואַרפן זיך פון דאָרט, אָבער דאָס קאָן איך נישט טון. ווען איך גיב אַ קוק אויף „מאַרישענקע" (אונ־דזער קינד — י. ט.), אויף איר אויסגעדאַרט קערפּערל, אויף איר פּנימל און אייגעלעך, איז מיר אַזוי שווער זי איבערצולאָזן, ווייל

זי האָט אונדז שטאַרק ליב!! דו ווייסט אפילו נישט ווי טראַגיש זי וואָלט איבערגעלעבט אונדזער טויט. זי האָט וועגן אונדז שטענדיק געטראַכט און געטרויסט. דאָס איז שווער צו באַשרייבן, וואָס זי דערציילט מיר אַלץ.

אָבער ווי אַזוי זיך ראַטעווען?... אַזעלכע באַדינגונגען ווי עס האָבן סרעבזשיצקים (אונדזערע באַקאַנטע פון דער מילנע גאַס, וואָס האָבן באַקומען אויף דער אַרישער זייט אַ צימער מיט אַ באַ־העלטעניש), איז אין ערגעץ נישט פאַראַן. (דער ריכטיקער נאָמען פון סרעבזשיצקי, איז — זילבערבערג, פון וואַרשע — דאַמען־היטן־פאַבריקאַנט.) דאָ מוז מען האָבן פּאַפּירן, זיין געמאָלדן און אָדער זיצן אינדערהיים, אָדער גאָר אַרומגיין איבער די גאַסן. וועגן אויסבאַהאַלטן זיך דאָ אין באַהעלטענישן קאָן קיין רייד נישט זיין. איז וואָס? אפשר זאָל איך צו אייך צוריקקומען (אין געטאָ אַריין י. ט.) און ס'וועט אונדז געלינגען צו פאַרבלייבן לעבן אויף דער מילנע גאַס? די פון דער ניזקע גאַס, א. א. בלייבן דאָך אויך (מיין פּרוי מיינט, אַז אפשר זאָלן מיר אַראָפּ אין אונדזער בונקער אויף מילנע גאַס — י. ט.). איך וועל טון אַזוי ווי דו וועסט באַשליסן. אָבער דו לעבסט אין טעות און איך האָב אָפענע אויגן. פאַרטראַכט זיך איבער דעם!! איך קלער וועגן דעם ערנסט, ווייל די הילף דאָ איז בלאָף. דער מענטש מוז זיך דאָ אַליין העלפן. ווי איז מיט מאַרישען? — צו וואָס שרייבן?! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַזוי ווי ס'איז: הונגעריק — אָבער פון דעם קאָן מען נישט שטאַרבן, מען קאָן נאָר אַזוי מאָגער ווערן, ווי זי איז מאָגער גע־וואָרן ! . . .

די „היגיענע" איז דאָ שרעקלעך. די קינדער (מיין טעכטערל און די באַרטשינסקיס — י. ט.) זענען אַזוי פאַרלויזיקט און פאַר־שמוציקט, אַז איך האָב געמוזט באַהערשן מיין עקל־געפיל. איך האָב תיכף געקויפט סאַבאַדיללע, אָפּגעשוירן איר די גאַנצע האָר, איבערלאָזנדיק נאָר פון פאָרנט אַ טשופּרינקע. איך האָב אָנגע־הויבן צו רייבן און צו וואַשן איר קאָפּ און אין משך פון צוויי טעג איז קיין צייכן נישט געוועזן פון שמוץ. זי האָט מיר געזאָגט, אַז

די גאַנצע 8 חדשים(!!!) האָט זי זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די לייז און שמוץ. אַכט חדשים איז אונדזער מאַרישאַ נישט געווען גרינטלעך געוואַשן... איך האָב זיך איצט גענומען צו זיי און ביידע האַלטן זיך ריין. באַזשענקאַ (אַזוי הייסט דאָס מיידעלע פון די באַלעבאַטים — י. ט.) איז אויך געווען סקאַנדאַליעז פאַר־לייזיקט. דאָס בעטגעוואַנט שטינקט אַזוי, אַז אין קאַלטן צימער מוז איך ליגן אויפגעדעקט, ביז דער שלאָף כאַפּט מיך אַרום. ערשט דער־מאָלט מוז איך מיך צודעקן. אַפּנים, אַז אויך פון דעם קאָן מען נישט שטאַרבן... אויסערלעך, פאַרן אויג, איז דאָרט זויבער. נישט געקוקט אויף דעם, מוז „מאַרישאַ" דאָרט פאַרבלייבן, ווייל ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה.

זי (באַרטשינסקאַ) האָט זיך באַקלאָגט, אַז זי באַקומט פון אונדז גאָרנישט, אינדערצייט, ווען די „אָפּיעקאַ" (פּוילישע הילפס־שטעלע ביים מאַגיסטראַט) צאָלט פאַר אונדזער קינד, יעדן ערשטן פון חודש, 1000 זלאָטעס. וואָס זאָגסטו צו דעם?.. אָבער, אויב נאָך עמיצער וועט נישט צאָלן פאַר איר, וועט עס זיך נוקם זיין אָן אונ־דזער קינד. עס האָט מיר געזאָגט די פּוילישע „אָפּיעקונקע" (זאַפּיאַ ווישניעווסקאַ — י. ט.), אַז זי איז אויסער זיך!! און זי (באַר־טשינסקאַ) לאָזט מיך נישט פאַרבלייבן מיט איר אויג אויף אויג, ווייל זי האָט מורא, אַז דער אמת וועט אַרויסשווימען. די „אָפּיע־קונקע" מאַכט זיך מכלומרשט אויך נישט ווויסנדיק, אָבער סוף כל סוף וועט פון דעם עפּעס אַרויס, ווייל זי (באַרטשינסקאַ) נעמט טאָפּלט געלט און דערביי באַקומט דאָס קינד אַזאַ שרעקלעכע פאַר־פלעגונג. צו פרעמדע מענטשן זאָגט באַרטשינסקאַ אין מיין קעגנ־וואַרט, אַז זי באַהאַנדלט ביידע קינדער גלייך... און איך מוז שווייגן. זאָל איך איין וואָרט זאָגן, וועט זי דאָס קינד אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס. זי איז אויף דעם פעאיק. ער (באַרטשינסקי) איז אַ מענטש מיט האַרץ און אַן ערלעכער, אָבער זי דאָמינירט און דעצידירט וועגן אַלעם. ווען נישט ער, וואָלט איך געמוזט באַצאָלן צו 100 זלאָטעס אַ טאָג".

„...מיטוואָך אין דער פרי. איך שרייב איצט ווייטער, ווייל נעכ־

טן אָוונט איז אינדערמיט אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס עלעקטרישע ליכט. דאָ איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז בעת די לופט־אַטאַקעס און אַלאַרמען וועלן אַלע מוזן אַרונטערגיין אין די שוץ־קעלערס. איז אויך איך און דו... און וואָס דעמאָלט? אין דער וואוינונג קאָן זיין אַ קאָנטראָל, — וואָס טוט מען דעמאָלט? איך זיץ דאָך כסדר אין שטוב און דאָ איז נישטאָ אינגאַנצן וווּ זיך צו באַהאַלטן. איך שרייב שוין אפשר צופיל, אָבער כ'וואָלט אַזוי געוואָלט, דו זאָלסט זיך אָריענטירן אין דער לאַגע. מ'זאָגט, אַז איך קאָן אָנגיין אַלס אַריערין, אָבער די פרוי מיט די 2 קינדער (פון קראָקע — י. ט.) זאָגט אַלץ להיפוך... היינט דאַרף ווידער קומען באָראָווסקאָ (באַשאַ בערמאַן) און דערפון וועט ווידער גאָרנישט אַרויסקומען, ווייל איך האָב נישט און וועל נישט האָבן קיין „לאָקום". און פון וואַנען? באַרטשינסקאַ וואָלט זיך אפשר באמת צו באַקומען פאַר מיר אַ „ווינקל" ביי עמיצן, אָבער זי זאָגט, אַז דאָס דאַרף קאָסטן 1500 זל. אַ חודש... זי איז איבערהויפּט אַן ערשטראַנגיקער געשעפטס־מענטש! זי וואָלט געקאָנט אָן אַ פינטל מיטן אויג צוקוקן זיך צו עמיצנס ליידן. מאַרישענקע איז הויך, מאָגער, בלאַס, מיט אַ סוב־טעל פּנימל; אַ פריילעכע, אָבער אין תוך גענומען ליידט זי און לעבט שטאַרק איבער דעם ווייטיק פון צעשיידן זיך מיט אונדז, פונעם טרוקענעם באַגיין זיך מיט איר מצד דער „טשיאָטשיע" (באַרטשינ־סקאַ — י. ט.) און פון איר נישט גערעכטיקייט... זי בענקט נאָך דיר זייער שטאַרק. ווען מען איז צו מיר אַ צייט לאַנג נישט געקומען, האָט זי מיך באַרואיקט, אַז מסתמא פאַרנעמט מען זיך מיט ד י ר, דערפאַר האָבן זיי נישט קיין צייט צו מיר, — ווייל איך בין דאָך שוין „געראַטעוועט"... וויפל מאָל מען קלאַפּט אין טיר, זאָגט זי: אפשר יאַנעטשעק? — הער, איך זאָג עס פון טיפסטער איבערצייי־גונג: אפשר צוריקקומען און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן? — וואָס הערט זיך ביי דיר? וואָס פאַראַ שטימונג איז ביי אייך (אין געטאָ — י. ט.)? — — נאָר וואָס איז פון מיר אַוועק די חברטע פונעם דיכטער מאַנגער. זי האָט זיך גלענצנדיק איינגעאָרדנט. זי האָט מיך דערמוטיקט. זי האָט מיר פאַרבאָטן דיר אַרויסצושיקן אַזאַ

פּאַרצווייפלטן בריוו. זי האָט זיכער רעכט. זי זאָגט, אַז דו מוזט דיך נאָר באַמיען צו באַקומען געלט. דאָס ווייסט מען. אַז מען האָט אַ סך געלט, האָט מען שאַנסן דאָ איבערצולעבן. קאָנסטו זיך פאַר־שאַפן געלט??! ביי פּאָלע (דאָס מיינט מיין פרוי די פאַמיליע זשיע־מיאַנסקי אויף דער פּאָלנע גאַס, צו וועלכער זי איז געקומען גלייך פון געטאָ — י. ט.) האָב איך דעמאָלט איבערגענעכטיקט, ווי דען אַנדערש? איך האָב זיך זיי אין אַלעם מודה געווען און זיי האָבן מיך נישט אַרויסגעוואָרפן, אָבער צומאָרגנס האָב איך געמוזט אַוועק. מאַך זיך דאָרט (אין געטאָ — י. ט.) אַן אויפנאַמע. דוכט זיך, אַז 2 אָדער 3 פאָטאָגראַפיעס דאַרף מען האָבן, אויף אַ ווייסן פאָן, מיטן אויפגעדעקטן לינקן אויער. דאָס איז נויטיק לויט דער פאָר־שריפט . . .

...נאָר וואָס איז ביי מיר געווען באַראָווסקאַ (באַשאַ בערמאַן). איך האָב שוין די מעטריקע. עס איז שוין גוט. איך האָב פון איר באַקומען 500 זל. באַראָווסקאַ האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זי האָט גערעדט וועגן מיר מיט אירענאַ סאָלסקאַ (איינע פון די גרעסטע פּוילישע אַרטיסטינס). זי איז גליקלעך, וואָס איך האָב זיך גערא־טעוועט פונעם גיהנום... זי וועט זיך מיט מיר פאַרנעמען און וועט מיר העלפן. אפשר וועט שוין טאַקע פון איצט אָן זיין מזלדיק. אויף דער פּאָלנע גאַס בין איך זייער געפעלן געוואָרן און מעגלעך, אַז מען וועט מיך דאָרט אויפנעמען פאַר 500 זל. אַ חודש. און ווייי־טערדיקע פלענער? פּאָלאַ (זשיעמיאַנסקאַ) האָט צוויי קינדער און זי נויטיקט זיך אין אַ דינסט און אין אַ דערציערין! אפשר וועט זי מיך נעמען צו דעם צוועק. דאָס וואָלט געווען אַ נס!! יעדנפאַלס באַדויער איך, וואָס כ'האָב פריער געשריבן. איך בין שוין אין אַ בעסערער שטימונג און אַ ביסל זיכערער. וואָס איז מיט דיר? ווען?? (מיין פרוי מיינט, ווען איך וועל זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ און קומען אויף דער אַרישער זייט) איך צעריים נישט דעם בריוו, ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט אַריינקוקן דעם אמת אין די אויגן אַריין.

...נאָך דיין בריוו איז מיר ווידער צוריקגעקומען די האָפע־נונג און מיין שטימונג האָט זיך פאַרבעסערט. איך האָב האָפענונג

זיך איינצואָרדענען, אָבער דאָס מוז נאָך געדויערן. יעדנפאַלס נעָ־גיר איך שוין אַלץ, וואָס כ׳האָב דיר אין אָנהויב געשריבן. איך וועל לעבן מיט דער האָפענונג, אַז דו וועסט אונדז פאַרהיטן פון שלעכטס. איך הויב אָן צו ביסלעך צו באַקומען מוט. דאָס געלט האָב איך דערהאַלטן און כ׳האָב צוגעצאָלט באָרטשינסקאָן די רעשט און גע־געבן אַ קאָנטאָ 1000 זל. אויפן חודש אַפּריל. פאַר די געבורטס־טאָג ווונטשן — אַ דאַנק. איך וועל זיך באַמיען, אַז דאָס אַלץ זאָל מקוים ווערן. איך קוש דיך שטאַרק — דאַנקאַ״.

דער דריטער בריוו:

מיין קינדס צושריפט — „דו שרייבסט מיר, אַז דאַנקעלע (מיין פרוי — י. ט.) האָט מיך אַזוי שטאַרק ליב, ווי קיינער וואָלט נישט אימשטאַנד געווען, — האָסטו אַ גרויסן טעות, ווייל אויב נישט מער, האָב איך אייך פּונקט אַזוי שטאַרק ליב. איצט ווייניט שוין נישט דאַנקעלע אַזוי פיל, ווי פון אָנפאַנג, ווייל זייער מעגלעך, אַז זי וועט האָבן זייער אַ גוט אָרט (דירה — י. ט.). די אַלע אַרטיקלען פאַר־קויפן מיר פאַרשידן: אין די געוועלבער (געשעפטן), אונטער דער האַלע — ווו עס לאָזט זיך. די וואָל פאַרקויפט זיך אַמבעסטן אין די פריזיר־אַנשטאַלטן, — דאָרט קויפן אַ סך פרויען. (ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די קינדער — מיינע און באָרטשינסקיס — אַנשטאַט צו לערנען אין שול, געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אין גאַס, פאַרקויפן פאַרשידענע זאַכן — י. ט.). איך האָב אויסגעלערנט דאַנקעלען צו פלעכטן קוישלעך און איצט העלפט זי מיר צו. דיין אַממייסטן דיך ליבנדע מאַריסיאַ״.

מיין פרויס צושריפט:

„שבת, 6 אָוונט. נו, זעסטו, עס ווייזט זיך שוין ווידער קיי־נער נישט. דערפאַר פאַל איך אַריין אין אַ שלעכטע, האָפענונגלאָזע שטימונג. דערצו נאָך די אומרואיקייט צוליב דיר!! איך האָב גע־הערט וועגן עפּעס, וואָס כ׳האָב מורא צוצולאָזן דעם געדאַנק, אַז ס׳איז אמת... מען רעדט דאָ שטאַרק, אַז מען האָט אָפּגערוימט דעם מענטש, וואָס טראָגט דעם ביינאָמען פון גוטעס מאַן און מאַרישענ־קעס נאָמען?! (מיין קינד האָט געהייסן לויט די אַרישע פּאַפּירן —

מארישיא קאָנראדט). וואָס קאָן איצט געשען? איך בין פון דער ידיעה איגנאנצן צעטרייסלט. וואָס וועט זיין מיט אייך? איך ווארט אויף דיין ענטפער, ווי אויף אַ נס. (דאָס האָט מיין פרוי געמיינט דעם ס. ס.־אָבערשטורמפירער קאָנראד, לייטער פון דער „ווערט־ערפאסונג", וווּ איך האָב געארבעט. ער איז געווען דער לעצטער קאָמיסאר פונעם ווארשעווער געטאָ, ביז צום אויפשטאנד. אויף דער ארישער זייט האָט זיך פארשפרייט אַ קלאנג וועגן אַטענטאַט אויף אים — י. ט.).

נעכטן האָט זיך געזאָלט אויפקלערן דער ענין מיט פּאָלען (זשיעמיאנסקא) און היינט וועט שוין מסתמא אויך קיינער נישט קומען. דאָס זיצן דאָ רעגט מיך אויף. זי (בארטשינסקא) האָט מיך נישט ליב און נישט דאָס קינד. איך באַמי זיך צו זיין ווי עטערישע לופט און נישט באַמערקבאר, אָבער זי איז אַ פּסיכאָפּאַטקע און אַ שלעכטער דעמאָן. זי טשעפּעט זיך אַפילו צו דער לופט. איך לייד אומבאַשרייבלעך. דער פּראָיעקט מיט שימאָן לעימאַן איז געניאַל, אָבער ער איז צו שיין, ער זאָל זיך קאָנען פארווירקלעכן... איך טרוים וועגן דעם סיי אין חלום, סיי אויף דער וואָר. (איך האָב מיין פרוי געשריבן אין לעצטן בריוו פון געטאָ, אַז אונדזער פריינט שימאָן לעימאַן, — דער זעלביקער, וואָס האָט אָנגעהויבן די אַקציע צו ראַ־טעווען יידישע קינדער, זוכט אַ דירה אויף דער ארישער זייט, כדי צו זיין מיט אונדז צוזאַמען — י. ט.).

...ד"ר ב. (אַדאָלף בערמאַן — י. ט.) האָב איך נאָך אויף די אויגן נישט געזען... פאַר דער ברוינער מארינארקע וואָלסטו דאָ געקאָנט קריגן מינימום 300 זל. (איך האָב זי אין געטאָ פארקויפט פאַר 80 זל. — י. ט.), איבערהויפּט זענען דאָ די פּרייזן נישט צו פארגלייכן בעסערע און דערפאַר וואָלט איך שוין געוואָלט, אַז די זאַכן זאָלן דערווייל גיין צו דער פרוי זשיוטאַ (אולאַ עקהייזער) און דערנאָך וועט מען ווייטער זען. איך האָב דאָ נישט קיינעם, וואָס זאָל קאָנען גיין נאָך די זאַכן, ווייל באַר . . . קאַ איז אַ גנבטע, אַ צביעותדיקע, — אַ ביטערער מענטש אָן אַ הארץ. מארישענקען דראָט אָבער גאָרנישט און זי מוז ליידער דאָ פארבלייבן.

...נאָר וואָס איז אַוועקגעגאַנגען פרוי באָראָווסקאַ (באַשע בער־מאַן). זי האָט מיר געבראַכט דעם „געשאַנק" פון דער אַרטיסטין אירענא סאָלסקאַ: אַ טרויער־וואָאַלקע צו פאַרדעקן דאָס פּנים . . . מיט דעם וועט זיך געוויס ענדיקן איר „פאַראינטערעסירונג" מיט מיר. מיט פאָלען (זשעמיאַנסקאַ) איז גאָרנישט געוואָרן, אָבער עס זענען דאָ נאָך צוויי פאָרשלאָגן. זיי וועלן קלאָר ווערן ערשט מאָנ־טיק. זעסטו, אַזוי גייען אַוועק טעג און נעכט. געדענק, מאַרישע מוז דאָ האָבן אַ בערעט אויפן קאָפּ, ווייל מען צווינגט זי עס צו קויפן. „באָזשענקאַ" (באַרטשינסקים מיידעלע) איז אויך אַ סחורה, — ענלעך צו איר מוטער. דעספּאָטיש און נישט אויפריכטיק. אי־בערהויפּט איז דאָ אַ סך וועגן דעם צו רעדן. אָבער, פאַרפאַלן, אבי נאָר דאָס איבערצולעבן. באָראָווסקאַ (באַשאַ בערמאַן) זאָגט, אַז דער אַרויספאָר אין דער ריכטונג צו מאַרעקן איז פונקט אַזוי גע־פערלעך און פונקט אַזוי נישט זיכער, ווי דער אַרויספאָר פון די יונגע פּאַוועלסקים...*)

— — — ס'איז שוין מאָנטיק און איך וואַרט אַלץ... זאָלסט מיר אויך שיקן די זאַכן, ווייל דאָ צאָלט מען דערפאַר זייער אַ סך. זיי ליגן אין שענקל נעבן טיר, צווישן די שמוציקע וועש... אויסער דעם מוז איך האָבן דעם בלאָען פאַרטוך מיט די אַרבל. דאָס הענגט אין שענקל, נעבן מיין בעט. דאָס וועט מיר פאַרטרעטן אַ שלאָפראָק, ווייל כ'וועל נישט קאָנען אַנדערפרי פאַראַדירן אין מאַנטל. — — — עס איז שוין דינסטיק. איך האָב אַ לאָקום (וווינאָרט — י. ט.). איך האָב עס נאָך נישט געזען, אָבער כ'מוז זיך פאַרלאָזן. ביי עפּעס אַ קרובה פון פאָלען (זשיעמיאַנסקאַ). פּרינציפּיעל קאָסט עס 500 זל. אַ חודש (אַ ווינקל אין קיך), אָבער פאַרן ערשטן חודש מוז איך

*) איך האָב מיין פרוי געשריבן, אַז מיר זענען אויף דער רשימה אויסגעטוישט צו ווערן קיין אויסלאַנד און מיר וועלן קאָנען פאָרן דאָרט, וווּ מיין ברודער מאַרק איז, ד. ה. קיין אַרגענטינע. די רשימה איז אַוועק־געשיקט געוואָרן אין די שווייץ צו דר. א. זילבערשטיין. די יונגע פּאַ־וועלסקים ווידער זענען צוגענומען געוואָרן פון דער מילנע גאַס און אַוועק־געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

באַצאָלן 1000 זל. די 500 זל., וואָס באַראָווסקאַ (באַשאַ בערמאַן) האָט מיר געגעבן, וועל איך איינצאָלן נאָך היינט, ווייל דאָס געלט ליגט נישט גערירט. דאָס איז געווען פאַרן חודש מערץ (די הילף וואָס מיין פרוי האָט באַקומען פון „וו. פּ. ק." (זש. ק. נ. — י. ט.). איך וועל נאָך באַקומען פאַרן חודש אַפּריל 500 זל., וועט שוין זיין באַצאָלט דירה־געלט אויך פאַרן חודש אַפּריל. היינט 6 אָוונט גיי איך צו פּאָלען און צוזאַמען מיט איר וועל איך גיין אויף שוסטעגאָ שיערפּניאַ גאַס.

דאָ, צום אַוועקגיין, האָט זיך די „קלעמפּע" (באַרטשינסקאַ — י. ט.) פאַרבעסערט. זי רעכנט מיר צו 20 זל. אַ טאָג, אַזוי אַז כ'וועל נאָך האָבן אַ ביסל געלט אויף צו לעבן אויך. די הויפּטזאַך — אַ דאַך איבערן קאָפּ. אויב כ'וועל פון דעם זיין צופרידן, וועט אַלץ זיין גוט. פּאָלאַ נעמט מיך, ווי זי זאָגט, אונטער איר אויפזיכט. מען זעט נישט די פרוי זשיוטאַ (אולאַ עקהייזער). איך בין גליקלעך, אַז ביי דיר איז אַלץ אין אָרדענונג און אַז דו ביסט פול מיט האָפע־נונג. קיין געלט שיק דערווייל נישט מער. איך האָב גענוג. איך וועל זיך באַמיען בעסער צו דערנערן. נאָר וואָס דערהאַלטן די 500 זל. איך וועל זיך באַמיען פון מיין נייער דירה צו שיקן עמיצן דאָנער־שטיק נאָך די זאַכן. איך וואָלט געוואָלט האָבן עפּעס אַ רענצל אויף מיינע זאַכן, וואָס דו האָסט מיר אַרויסגעשיקט. אַלזאָ, דערווייל איז דער אַדרעס ביי פּאָלאַ: פּאָלנע 40, וווינונג 34. קיין אַנדערן אַדרעס קאָן איך דיר נאָך דערווייל נישט אָנגעבן. מאַרישאַ (אונדזער קינד) איז אַוועק אין די האַלעס פאַרקויפן די וואָל... שיק מיר דעם זומער־מאַנטל מיינעם, דעם שוואַרצן, וועל איך פאַרקויפן מיין ווינטער־מאַנטל. דאָס פּעקל מיט די שיכלעך איז נאָך נישט אָנגעקומען. איך קוש דיך שטאַרק — דאַנקאַ".

נאָכן איבערגעבן די וויכטיקסטע אויסצוגן פון מיין פרוים בריוו, וואָס זי האָט מיר געשריבן אין געטאָ אַריין, קאָן איך שוין איבער־גיין צו די ווייטערדיקע עטאַפּן פון מיין פרוים זיין אויף דער אַרישער זייט.

נאָך דעם נישט געלונגענעם וויזיט ביי די זשיעמיאַנסקים האָט מיין פרוי נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צו גיין צו אונדזער קינד,

וואָס האָט געוווינט ביי באַרטשינסקי. זשיעמיאַנסקי האָט מיין פרוי צו־מאָרגנס צוגעפירט צום טויער, ווו די באַרטשינסקיס האָבן געוווינט. ער איז געגאַנגען פאָראויס, זי — נאָך אים. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט די בליקן.

דיאַנאַ איז אריין אין טויער און אָנגעהויבן צו זוכן די וווינונג נומער 14, ווו די באַרטשינסקיס האָבן געוווינט. זי האָט באַשלאָסן ביי קיינעם נישט צו פרעגן, נאָר אַליין אויסצוגעפינען די וווינונג. דורך אַ גליקלעכן צופאַל איז זי אריין אויף די ריכטיקע טרעפ, וואָס האָבן געפירט צו דער וווינונג אויפן 4טן שטאָק. ארויפקומענדיק, האָט דיאַנאַ אָנגע־קלאַפּט אין טיר. געעפנט האָט איר יוזעף באַרטשינסקי. מיט אַ ציטערדי־קער שטים האָט זי אים געפרעגט, צי דאָ וווינט די פאַמיליע באַרטשינסקי. ער האָט געענטפערט, אַז ער איז עס באַרטשינסקי. דעמאָלט האָט אים דיאַנאַ געזאָגט, אַז זי איז די מוטער פון מארישען. באַרטשינסקי האָט, אַ טיף־גערירטער, נישט רעדנדיק קיין וואָרט, אויסגעצויגן צו איר די האַנט און זי הארציק באַגריסט. דערביי האָט ער געזאָגט:

— גוט וואָס איר זענט אַנטלאָפן פון געטאָ. און ווו איז אייער מאַן?

דיאַנאַ איז פון דער וואַרעמער אויפנאַמע אַזוי גערירט געוואָרן, אַז זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט און נישט געקאָנט מער קיין וואָרט ארויס־רעדן. ווען זי האָט זיך ענדלעך באַרואיקט, האָט זי געפרעגט באַר־טשינסקין:

— ווו איז מיין קינד?

— אין דער „שוויעטליצע" — האָט ער געענטפערט, — אָבער זי וועט באַלד קומען.

ענדלעך האָבן זיך דערהערט קינדערישע טריט אויף די טרעפּ און אַ זאָרגלאָז, קינדיש געלעכטער. זי האָט דערקענט מאַרגאַריטקעס שטים. עס האָט זיך געעפנט די טיר און ס'זענען אריין אין שטוב צוויי מיידלעך: אונדזער טעכטערל און באַזשענקאַ — באַרטשינסקיס מיידעלע. מאַרגאַ־ריטקעלע איז געווען זייער מאָגער, בלאַס־דורכזיכטיק און פרעמד־גויאיש. זי איז געווען אויסטערליש אָנגעטון. הגם דאָס קינד האָט גלייך דערקענט איר מוטער, איז זי געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. דערנאָך האָט זי שטי־לערהייט געזאָגט צו באַרטשינסקין.

— דאָס איז מיין מוטער . . .

אָבער צו דער מוטער איז זי נישט צוגעגאַנגען. מיין פרוי איז גע־בליבן נשתומם, וואָס דאָס קינד איז אַזוי גלייכגילטיק צו איר, — דאָס קינד, וואָס האָט אַזוי ליב איר מוטער און זי ממש פאַרגעטערט, האָט נאָך אַזאַ לאַנגער צייט נישט זען זיך מיט איר, אַפילו נישט געמאַכט קיין פרווו צוצוגיין צו איר. אַזוי אויסדרעסירט און מושטרירט איז זי געוואָרן, אַז ביז באַרטשינסקי האָט איר נישט געזאָגט:

— „דאָס איז דאָך דיין מוטער, באַגרים זיך מיט איר" —

איז זי נישט דרייסט צוגעגאַנגען צו איר און זיי זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס. — — —

און מיין פרוי דערציילט ווייטער (איך גיב דאָ איבער אירע פאַר־צייכענונגען, וואָס זי האָט געמאַכט):

—„מיינע טרערן האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט אירע און אין די מינוטן, ווען איך האָב מיין איינציק קינד געהאַלטן אין מיין אָרעמס, ווען איך האָב זי געצערטלט און געטוליעט צו זיך, האָב איך אויף אַ ווייל פאַר־געסן, ווו איך געפין זיך. איך האָב פאַרגעסן, אַז מיר און מיין קינד דראָט אַ גרויסע סכנה אויף דער אַרישער זייט. מיט 8 חדשים צוריק האָב איך זי געשיקט צום לעבן אויף דער קריסטלעכער זייט און זי האָט זיך אין משך פון דער צייט אַזוי שרעקלעך געענדערט. מיין קינד, וואָס האָט אין געטאָ, אין די שוידערלעכסטע היגיענישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אונדז אויסגעקומען צו לעבן, נישט געזען קיין לייז פאַר די אויגן, האָט זי זיי איצט געהאַט פול אין קאָפּ. און ווי אַזוי איז עס צו איר געקומען? — ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלע פרויען אין דעם הויז זענען געווען פול מיט לייז, וועלכע האָבן זיך אויך אַריבערגעטראָגן אויפן קעפל פון אונדזער מיידעלע. זי איז דאָך געשלאָפן צוזאַמען אין איין בעט מיט נאָך 2 טעכ־טער פון איר נייער „טשיאָטשיע" (מומע) — ווי זי האָט זי גערופן.

שפּעטער איז אָנגעקומען די פרוי באַרטשינסקאַ, וואָס האָט מיך אויפגענומען גאָר פריינטלעך. איך האָב זיי דערקלערט מיין שרעקלעכן מצב און זיי האָבן באַשלאָסן, פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל, צו לאָזן מיך ביי זיי ווווי־נען, ביז איך וועל מיר געפינען אַ נייע דירה. מען האָט מיר אָפּגעטרעטן דאָס בעט אין קיך, ווו איך און אונדזער קינד האָבן זיך געלייגט פאַר־

מאַטערטע שלאָפן אַרום 1 אַזייגער ביינאַכט. פריער האָט מען זיך אין דעם הויז נישט געלייגט שלאָפן. מיר האָבן זיך איינגעטוליעט אין זיך און לאַנג, לאַנג, אינדערנאַכט גערעדט מיט זיך. זי האָט מיר דערציילט, אַז די מומע וואָלט געוועזן די בעסטע פרוי פאַר... היטלערן, — אַזאַ שלעכטער, דעם־פאָטישער מענטש איז דאָס געווען. פאַר יעדער קלייניקייט האָט זי זי גע־שלאָגן מיט דער באַרשט, אָדער בעזים איבערן קעפּל; נישט געהאַט פאַר איר קיינמאָל קיין גוט וואָרט. צום הונט און צו דער קאַץ, וואָס איז געווען ביי זיי אין שטוב, האָט זי זיך באַצויגן מיט מער וואָרעמקייט, מיט מער צערטלעכקייט. דאָס קינד האָט, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, דערציילט, אַז אין בעסטן שלאָף, פאַרטאָג, האָט זי באַרטשינסקאַ געוועקט, זי זאָל אַראָפּ־פירן דעם הונט אויפן הויף... זומער איז עס נאָך נישט געפערלעך — זאָגט אונדזער קינד — אָבער ווינטער, גלייך פון בעט אַראָפּ אויף אַ פראָסט אויפן הויף . . .

דאַקעגן ווען דער „פעטער" (יוזעף באַרטשינסקי) קומט אַהיים — זאָגט זי ווייטער — איז גלייך ווי אַ זון־שטראַל וואָלט זיך באַוויזן אין שטוב, — אַזאַ גוטמוטיקער מענטש איז דאָס. איך האָב צוזאַמען מיט איר מיטגעוויינט, אָבער כ'האָב זיך גלייכצייטיק געטרייסט: וואָס וואָלט געווען ווען דער „פעטער" וואָלט אויך געווען אַ שלעכטער?!

איך בין געבליבן ביי די באַרטשינסקיס פול מיט מורא פאַרן גורל פון אונדזער קינד. איך האָב דאָ אויסצושטיין געבראַכטע צרות. טאָמער האָב איך, חלילה אַראָפּגעגאָסן אויפן דיל אַ טראָפּן וואַסער, האָט די באַר־טשינסקאַ געמאַכט סקאַנדאַלן. איך האָב געמוזט אויפשטיין פאַרטאָג, כדי זיך צו וואַשן, ווי אויך, כדי צו וואַשן אונדזער פאַרלייזיקט קינד. איך האָב איר געמוזט אָפּשערן די שיינע צעפּעלעך, וועלכע זי האָט געטראָגן, כדי זיך צו פאַרלייכטערן די אַרבעט. ווען די באַרטשינסקאַ האָט דאָס באַמערקט, איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל. זי האָט, ווייזנדיק מיטן פינגער אויפן שטערן, געגעבן אַלע שטויביקע אָנצוגעהערן, אַז איך בין „צע־דרייט"... נישט ביים קלאָרן זינען, — ווייל ווי קומט עס, אַז אַ נאָרמאַ־לער מענטש זאָל אַזוי אָפּהיטן ריינקייט?

ווען אונדזער קינד איז אַרויס אויף דער אַרישער זייט, האָב איך איר מיטגעגעבן, צווישן אַנדערן, אַ צאָן־בערשטל. מיט איר צאָנבערשטל

האָבן זיך אַלע שטוב־מענטשן געפּוצט די ציין... און איך האָב געמוזט שווייגן, ווייל רעדן אין שטוב האָט געהאַט אַ רעכט נאָר די „טשיאָטשיע" (באָרטשינסקאַ)... אַלע זאַכן, ווי קליידער, סוועטערס, הענטשקעס, א. אַ. וו., וואָס מיר האָבן מיט גרויס אָנשטרענגונג געשיקט צו אונדזער קינד, האָבן אַלע אין שטוב געטראָגן, אַ חוץ... אונדזער קינד. די באָרטשינסקאַ האָט געטראָגן איר סוועטער; די 2 טעכטער פון באָרטשינסקאַ האָבן געטראָגן אירע זשאַקעטלעך, בלוזקעס און סוועטערס, דער זון זייערער — אירע הענטשקעס און אונדזער קינד האָט אויסגעזען, ווי די אָרימע יתומה און איז געווען אָנגעטון ווי אַ בעטלערקע. דערביי האָט זי נאָך געטראָגן ענגע שיכלעך, כאָטש מיר האָבן איר געשיקט פון געטאָ צוויי פּאָר נייע שיך, וועלכע איך האָב אויסגעקושט און געבענטשט זיי, אַז זיי זאָלן זיך טראָגן געזונטערהייט אויף די פיסלעך פון מיין קינד. די צוויי פּאָר נייע שיכלעך האָבן שוין צוגענבעט די שליחים . . .

עס זענען געגאַנגען פאַר מיר ביטערע טעג און ביטערע נעכט, ביי יעדן קלאַפּ אין טויער, ביי יעדע טריט, וואָס איך האָב געהערט אויף די טרעפּ, האָט מיין האַרץ געציטערט: אָט גייט מען נאָך מיר, און איך... פאַר־פאַלן, סיי ווי וועל איך נישט איבערלעבן די שרעקלעכע מלחמה, אָבער מיין אומשולדיק קינד וועט דאָך איבער מיר אריינפאַלן, — און אויך די באַ־לעבאַטים, וואָס האַלטן זי. די טעג האָבן זיך לאַנג געצויגן, די שרעקלעכע, שלאָפלאָזע נעכט — נאָך לענגער. די גריסן, וואָס זענען צו מיר אָנגעקו־מען פון יענער זייט מויער, זענען געווען שוידערלעכע, דאָס געטאָ קעמפט מיט די לעצטע כחות... מאַמעס וואַרפן אַראָפּ די קינדער פון די העכסטע שטאָקן, דערנאָך וואַרפן זיי זיך אַליין אַראָפּ. מען ברענט יידן לעבעדיקער־הייט. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי משוגע. יאָנאַסנס גורל האָט מיר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען. איך האָב נישט געקאָנט לעבן. און קוקנדיק אויף מיין מיידעלע, האָב איך אויך נישט געוואָלט שטאַרבן. איך בין געוואָרן אַזוי נערוועאיש, אַז איך האָב מיין קינד נישט דערלויבט צו מיר צו רעדן. דאָס לעבן איז געווען נישט אריבערצוטראָגן. און דאָ האָב איך אַ ניי אָנשי־קעניש: מיינע באַלעבאַטים באַמיען זיך מיך צו באַרואיקן... נו, מילא, פאַרפאַלן, זאָגט די באָרטשינסקאַ, קיין טויטע קען מען שוין נישט מאַכן צוריק לעבעדיק. דיין מאַן לעבט נישט מער, דאַרפסטו זיך אויסזוכן אַ

בייעם „יונג" (נאָוועגאָ כלאָפּאָ). איך האָב דאָ זייער אַ פיינעם יונגנמאַן, וועלכער וועט מיט דיר חתונה האָבן און אַזוי אַרום וועסטו זיך שוין זיכער ראַטעווען. זיי האָבן מיך נאָר געוואָלט אויסגעבן פאַר זייער שכן פּראַנעק לאַסאָצקי, וואָס האָט געאַרבעט אין די גאַז־אַנשטאַלטן. זיי זאָגן, אַז איך געפעל אים און ער איז גרייט מיט מיר חתונה צו האָבן... די אַלע זאַכן האָבן נאָך שווערער געמאַכט מיין געמיט און איך האָב געמוזט זיך שטאַרק אָנשטרענגען, כדי נישט צו באַגיין קיין נאַרישקייט און איבערלאָזן מיין קינד אַלס יתומה . . .

עס האָבן מיר נישט פאַרלייכטערט די טרייסט־ווערטער פון באַשאַ בערמאַן, וועלכע האָט מיך לעצטנס עפּטער באַזוכט. עס האָבן נישט געהאָלפן די ווערטער פון „וואַנדאַ", די פאַרבינדלערין פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע פלעגט שטענדיק קומען אַ מוטיקע, טראַגנדיק אין האַרצן אַליין אַ גרויסע וווּנד, הלמאי איר שוועסטער, די באַקאַנטע אונטערערדישע טוערין, פאַלאַ עלסטער, איז „געכאַפּט" געוואָרן. אויב אויף אַלע כמעט, מיט באַשע בערמאַן בראש, האָבן מיינע באַלעבאַטים געזאָגט, אַז דאָס זענען יידן, איז קיין איין מאָל נישט געפאַלן קיין חשד אויף וואַנדאַ, אַז זי איז אויך אַ יידישע... אָבער ווען איך האָב געזען דעם טיפן טרויער אין אירע אויגן, האָט מיך עפּעס אַ ריר געטון. כ'האָב מיר געטראַכט: אַזאַ איידעלע, גוטהאַרציקע און פיין־פילנדיקע גויע... בעת אַ געוויסן געשפּרעך, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי איז אַ יידישע און אַז זי איז די שוועסטער פון פאַלע עלסטער. איך בין געווען דערשטוינט! „וואַנדאַ" פלעגט ברענגען געלט פאַר דער באַרטשינסקאַ, פאַר מיר און פאַרן קינד.

ענדלעך איז געקומען די פרוי זשיעמיאַנסקאַ, די זעלביקע, צו וועלכער איך בין, על פּי טעות, אַריינגעפאַלן די ערשטע נאַכט, קומענדיק פון געטאָ. זי איז געקומען מיך אַהינפירן אויף מיין נייער דירה. איך וועל דאַרפט צאָלן צו 500 זל. אַ חודש.

פּאַרפּאַקט מיינע „זאַכן", וואָס זענען באַשטאַנען פון אַ נאַכט־העמד, 2 האַנטוכער, אַ שטיקל זייף און אַ צאָן־בערשטל, בין איך, אין טויט־שרעק, אַוועקגעגאַנגען אויף מיין נייער דירה, וואָס האָט זיך געפונען אויף

שוסטעגאַ שיערפּניאַ נאַס 2, קעגנאַיבער דער געשטאַפּאָ. געזעגנט זיך מיט מיין קינד און אַוועק.

מיין נייע היים האָט זיך געפונען אויפן 5טן שטאָק ביי אַן אָרימער, אָרנטלעכער פרוי. דאָרט איז געווען שרעקלעך שמוציק. נישט האָבנדיק קיין אייגענע קינדער, האָט די פרוי גענומען צו זיך אויף דערציאונג 2 מיידעלעך. איינע איז געווען אירע אַ קרובה — אַן איידעלע, אָבער אַ פינצטער און פראָסט מיידל, פונקט ווי איר מומע. מיט דער צייט האָט זי חתונה געהאַט און איז איצט דאָרט צוזאַמען מיט איר מאַן און 2 קינדער. זי איז געווען שווינדזיכטיק קראַנק און איינס פון די קינדער — אויך. דאָס קינד — זייער ערנסט. דאָס צווייטע מיידל, וואָס איז דערצויגן געוואָרן ביי מיין נייער באַלעבאָסטע, איז געווען אַ ממזר פון עפּעס אַ דינסטמיידל, וואָס האָט זיך דאָרט דערצויגן פון די פריסטע קינדעריאָרן. זי איז געווען זייער אַ שיינע, אָבער אַ געמיינער, נידערטרעכטיקער טיפּ. איך האָב געהאַט פון איר גרויסע, געבראָטענע צרות, באַלד פונעם ערשטן טאָג אָן — ביז מיין אַנטלויפן פון דעם הויז. איך האָב איר שטילערהייט געמוזט געבן „שמאַלצאָווע" (אונטערקויפן זי), זי זאָל מיר אָפּטרעטן דאָס בעט צום שלאָפן, ווייל זי האָט געזאָגט, אַז דאָס בעט געהער צו איר. די דאָזיקע פאַרשווינטע האָט געפירט אַ לוסטיק, אויסגעלאַסן לעבן; זי פלעגט כסדר פאַרבעטן צו זיך אין שטוב אַריין פיל שנצים און שיקסעס און יעדן זונטיק איינאָרדענען דאָרט „טאַנץ־אָוונטן". דעמאָלט האָב איך זיך געמוזט פאַרקלייבן אויף אַ בוידעם, ביז די טענץ האָבן זיך געענדיקט און די געסט זענען אַוועק. עס פלעגט זיין ביי איר אַ שטענדיקער איינגייער אַ יונגער, שיינער סטודענט פונעם וואַרשעווער אוניווערזיטעט — זיין נאָמען איז געווען זדזשישיאַ, דער דאָזיקער חברה־מאַן האָט געוואָרפן אויף מיר אַן אויג און פלעגט מיך כסדר פרעגן: „וואָס זיצט איר שטענדיק אינדערהיים, פריילין דאַנושאַ?... וואָס האָט ,איר אַזעלכע טרויעריקע אויגן פריילין דאַנושאַ?"... זיינע בליקן פלעגן מיך ברענען. איך האָב פאַראויסגעפילט, אַז דאָס פּאָרל וועט מיך נישט לאָזן לעבן, זיי וועלן מיר געבן גוט צו פילן, וואָס עס הייסט אַ חוצפּה פון אַ יידישקע, וואָס וויל לעבן. זי האָט מיר אַליין אַמאָל דערציילט, אַז דער סטודענט וויל מיך שאַנטאַזשירן, אָבער זי לאָזט נישט צו דערצו.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד אין געטאָ. זי איז געווען אויסער זיך און געשאָלטן די יידן מיט די ביטערסטע קללות. — פאַרוואָס האָבן די זשידעס נישט געוואַרט מיט זייער „פּאָווסטאַניע" (אויפשטאַנד) ביז נאָך פּסח? פאַרוואָס האָבן זיי איר צעשטערט די גלענצנדיקע פּרנסה?! — זי איז געווען אָן אַנגעשטעלטע ביי טעבענסן אין שאָפּ, ווו עס האָבן שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן קריסטלעכע אַרבעטער, נאָך איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די רעשטלעך יידן. דאָרט פלעגט זי זיך טרעפן מיט יידישע אַרבעטער, וועלכע פלעגן איר געבן פאַרשידענע טייערע קליידער און אַנדערע ווערטפולע זאַכן פאַר גראָשנס און זי האָט זיי פאַרקויפט אויף דער אַרישער זייט פאַר גרויסע געלטער... אין מיינע אויגן האָט זיך די פאַרשווינטע פאַרוואַנדלט פון אַ פּשוטער בעטלערקע אין אַן עלעגאַנטער דאַמע. זי האָט פאַרדינט שטיקער גאָלד... ווען ס'האָבן זיך געענדיקט די „געשעפטן", האָט זי געזוכט אַנדערע וועגן ווי אַזוי רייך צו ווערן ביי יידן . . .

דאָס געטאָ האַלט אין איין ברענען און עס קומען נישט אָן קיין שום ידיעות פון מיין מאַן. מיין האַרץ האָט געבלוטיקט. איך האָב געוויינט טאָג און נאַכט. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי משוגע און דאָ הער איך, ווי דער מוידס „חתן" — דער סטודענט — זאָגט: „ווי שיין די זשידקעס פּרעגלען זיך!... די זשידקעס ברענען"... אַ סך שכנים פון אונדזער הויף פלעגן בייניאַכט אַרויפקומען צו אונדז אויפן 5טן שטאָק זען די „פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע" פון געטאָ־פייער, ווו די יידן ברענען . . .

מיין צער און ווייטיק איז נישט צו באַשרייבן. איך בין דאָ און מיין מאַן ברענט... וואָס וועט זיין דער סוף? נישט איין מאָל האָב איך געשריבן צו מיין מאַן, אַז איך וויל צוריק אין געטאָ. איינמאָל האָט מיר רחל אויערבאַך געזאָגט: „צי זענט איר פון זינען אַראָפּ? איר ווילט דאָרט צוריקגיין?! זיי אַלע דאָרט חלומען דאָך דאָ צו זיין" . . .

איך האָב זיך געמוזט אין מיין נייער דירה איינמעלדן. אירקע (באַשע בערמאַן) האָט מיך געהייסן, ווען איך בין נאָך געווען ביי די באַרטשינסקים, גיין צו אַ פאָטאָגראַף און זיך מאַכן בילדער צו דער „קענקאַרטע" (פּאַס), וואָס זי וועט מיר מאַכן. איך דאַרף נישט מורא האָבן — ווייל דער פאָטאָגראַף איז אַ „בלאַטער", אַזוי, אַז עס דראָט מיר נישט קיין

שום געפאַר. איך האָב זיך דעמאָלט אָנגעטון זייער באַשיידן, איך זאָל אויף דער גאַס אויסזען „גרוי". איך האָב פאַרטוישט מיינע גוטע שיך אויף אַלטע, צעריסענע און זיך געלאָזט גיין אין וועג אַריין. איך בין בשלום אָנגעקומען צום פאָטאָגראַף אויף אַלייע יעראָזאָלימסקע, איך שטיי שוין ביים אָביעקטיוו און דאָ זאָגט מיר די פרוי, וואָס מאַכט די אויפנאַמע: „וואָס זענט איר אַזוי טרויעריק? מאַכט אַ פריילעכן אויסדרוק, ווייל די אויגן זענען ביי אייך צו אומעטיק"... צי זי האָט געוווּסט, ווער איך זי פאָטאָגראַפירט, ווייס איך נישט, אָבער נאָכאַמאָל גיין אַהין אויסקויפן די פאָטאָגראַפיעס האָב איך שוין מורא געהאַט. איך האָב אַהינגעשיקט מיין אייגענע „קריסטין" — מיין קינד.

די פאָטאָגראַפיעס האָב איך איבערגעגעבן באַשע בערמאַן, וועלכע איז אומדערשראָקן אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג אויף דער אַרישער זייט, מיט אירע גרויסע, הערלעכע בלאָע אויגן, אָבער... מיט דער כאַראַקטעריסטישער יידישער נאָז. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרצן הוט מיט אַ גרויסער טרויער־וואָאַלקע. ווען זי האָט מיר געבראַכט די „קען־קאַרטע" (פּאַס) אַלס דאַנוטאַ טורטשינסקאַ, רוימיש־קאַטויליש, האָב איך זי, צוזאַמען מיט דער געפעלשטער מעטריקע (געבוירן־שיין), אָוועקגעגעבן מיין באַלעבאָסטע, זי זאָל מיך איינמעלדן אין מיין דירה.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, הער איך ווי דער הויזוועכטער רופט אַרויף פון הויף: „דאַנוטאַ טורטשינסקאַ!" — עס איז אין מיר אַלץ פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס רופט מען מיך. קיינער איז דעמאָלט נישט געווען אינדערהיים, נאָר איך און די 2 קליינע קינדער. איך קוק אַראָפּ פון 5טן שטאָק. דער הויז־וועכטער רופט מיך, איך זאָל קומען צום „זשאַנדצע" (מעלדונגספירער) פונעם הויף. איך שריי אַראָפּ, אַז איך בין אַליין מיט די קינדער. דער הויז־וועכטער שרייט צוריק אַרויף, אַז ווי נאָר עמיצער וועט קומען, זאָל איך גיין צום „זשאַנדצע". ווען די באַלעבאָסטע איז צוריקגעקומען, האָב איך איר דערציילט וועגן דעם. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז גיין. מיט אַ שלעכט פאַרגעפיל בין איך אַרויף צום ד"ר ריכטער — „זשאַנדצע" פונעם הויז.

ריכטער אַליין האָט מיר געעפנט די טיר. איך זאָג, אַז איך בין דאַנוטאַ טורטשינסקאַ. ער בעט מיך „העפלעך" אַריין:

— ביטע, גייט אריין אין דעם צימער, איך קום שוין צוריק.

ווען איך בין אריין, איז מיר פינצטער געוואָרן פאר די אויגן: דער סטודענט זדזשישיא, וואָס האָט מיך כסדר געפרעגט: „וואָס זענט איר אזוי טרויעריק, פאננא דאנושא?" (אין פאס בין איך געווען אָנגעגעבן אלס פריילין, א קינדער־דערציערין), זיצט ביים שרייבטיש און קוקט אויף מיר ארויספאָדערנדיק. נישט טויט, נישט לעבעדיק, באמי איך זיך ארויסצו־באקומען א שמייכל אויפן פנים און איך פרעג אים: „פאניע זדזשישיו, וואָס טוט איר דאָ?" — ער ענטפערט: „איר וועט באלד הערן"... אין איך האָב דערהערט, אז איך בין א יידין, אז ער ווייסט עס און פאָדערט פון מיר מאָנאטלעך צו 1000 זל., ווייל דער „זשאָנדצע" ריזיקירט דאָך, וואָס ער מעלדעט מיך איין, א. א. וו. אין דעם מאָמענט איז, ווי אויף אן אָפגערעדטן צייכן, אריינגעקומען ד״ר. ריכטער. איך הויב זיך אָן צו פארענטפערן, אז איך בין נישט קיין יידישע, אז ער האָט א טעות... ד״ר ריכטער זאָגט, אז ער גלויבט מיר, אָבער — זדזשישיא לאָזט נישט אָפ. ער ווייסט, אז איך בין יאָ א יידישע און אז ער ווייסט עס שוין יאָ, ווייל ער דערביי פארדינען, ווייל ער וויל מיך נישט אויסגעבן, און איך ווייס דאָך, — זאָגט ער — אז אקעגנאיבער געפינט זיך די געשטאפאָ . . .

איך ברעך זיך איין און צעוויין זיך. ד״ר ריכטער איז, ווי איך באַ־מערק, א ביסל געריררט, אָבער ער האָט אויך מורא פארן סטודענט־שאנ־טאזשיסט. זעענדיק, אז עס וועט מיר גאָרנישט העלפן, זאָג איך צו זיי, אז כ׳וועל זיי צאָלן און אין הארצן טראכט איך מיר: לאָמיך שוין ארויס פון זייערע נעגל... דער סטודענט פונעם ווארשעווער אוניווערזיטעט זדזשי־שיאָ, באשליסט צו ווארטן דאָ און דער דאָקטאָר ריכטער גייט מיט מיר אין מיין דירה, כדי צו באקומען פון מיר דאָס געלט. מער ווי 500 זל. האָב איך אין מיין אייגנטום נישט געהאט. איך גיב אים אוועק דאָס געלט, וואָס איך האָב באקומען פון באשע בערמאַן פאר דער דירה און אויף צו לעבן א גאנצן חודש. איך פארזיכער אים, אז מאָרגן וועל איך אים צוגעבן דאָס רעשט געלט.

ווי נאָר דער דאָקטאָר ־ „שמאלצאָווניק" איז אוועק, האָב איך פאר־פאקט מיינע זאכן: דאָס נאכטהעמד, די 2 האנטיכער, דאָס צאָן־בערשטל און די זייף און זיך ארויסגעגנבעט פון דער דירה, וויסנדיק, אז סיוועט

דערוואַרטן מיך דאָ גרויסע צרות מצד דער אויסגעלאַסענער מויד און איר געליבטן, דעם סטודענט זדזשישיאָ.

אָבער וווּהין זאָל איך גיין? ווער וועט מיך אויפנעמען און מיר געבן אַ פּלאַץ צום שלאָפן... איך גיי ווידער צו די באַרטשינסקיס. אויפן וועג טראַכט איך מיר: אפשר איז גאָרנישט כדאי די גאַנצע שפּיל? אפשר אליין אַוועק אין געשטאַפּאָ און זיך איבערגעבן אין זייערע הענט? מיין מאַן „בראַט זיך" איצט אין געטאָ צוזאַמען מיט אַלע איבערגעבליבענע אומגליקלעכע יידן, — טאָ צו וואָס לעבן? און דאָך קערעוועט מיך מיין אינסטינקט צום לעבן. איך קום אָרויף צו די באַרטשינסקיס. איך דערצייל מיין טראַגישע סיטואַציע. אַנשטאַט האַרציקייט, הער איך דאָס בייזע געלעכטער פון דער באַרטשינסקאַ, וואָס זאָגט, אַז איך בין אַ נאַר, אַן אידיאָט. צו וואָס האָב איך זיי געגעבן די 500 זל?! זי קאָן עס מיר נישט מוחל זיין. זי האַלט מיך אין איין זידלען, באַליידיקן מיך, אַז איך טויג צו גאָרנישט, אַז כ'בין נאָר אַ „זשידאָווסקאַ פּלאַטשקאַ"... מיין טעכטערל הערט ווי זי חוזקט אָפּ פון מיר, פון וועלכער מיין קינד איז אַזוי שטאָלץ געווען. וויפל מאָל האָט זי דערציילט איר חברטע, אַז איר מאַמאַ איז אַ שיינע, אַז איר מאַמאַ איז אַ גרויסע יידישע שוישפּילערין, אַז איר מאַמאַ איז באַרימט א. א. וו. — און דאָ מאַכט מען פון איר מאַמאַ צו בלאָטע גלייך!... און אירע גרויסע, זיסע אייגעלעך ווערן גרעסער און טונקעלער פון צער, וואָס נעמט אַרום איר קליין יידיש, אויסגעמאַטערט הערצעלע...

אָבער, צום גליק, גייט באַרטשינסקאַ איין אויף דעם, אַז איך זאָל ביי איר וווינען. איך וועל איר צאָלן — זאָגט זי — 500 זל. אַ חודש, אָבער פאַרן קינד קומט איר אַזוי פיל געלט און זי קאָן שוין לענגער נישט וואַרטן. איך באַרואיק זי, אַז אינקורצן וועל איך איר אַלץ באַצאָלן.

באַשע בערמאַן האָט מיר, בעת איר לעצטן באַזוך, געזאָגט, אַז מיינער אַ באַקאַנטער פונעם קראָקעווער יידישן טעאַטער, וועט מיר שיקן יעדן חודש צו 1000 זלאָטעס... זי האָט מיר באַין אופן נישט געוואָלט זאָגן זיין נאָמען, ווייל ער האָט עס איר פאַרווערט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז עס געווען דער טייערער, אומפאַרגעסלעכער „מיקאָליי" (ד"ר לעאָן פיינער פון קראָקע), דער אָנפירער פונעם אונטערערדישן „בונד" אין פוילן.

און ווידער זענען פארלאָפן טעג און נעכט פול מיט שרעק. ביי יעדן טריט אויף די טרעפ איז מיין האַרץ שטיין געבליבן. אין אַ געוויסן טאָג (ס'איז דעמאָלט געווען זיבן אַזייגער אינדערפרי) האָב איך דערהערט שווערע טריט אויף די טרעפ. אַ פאַרגליווערטע בין איך אַראָפּגעלאָפן פון בעט און צו צום שליסל־לאָך פון דער טיר. די טיר פון קיך, ווו איך בין געשלאָפן, איז אַרויסגעגאַנגען גלייך אויף די טרעפ. איך האָב דערזען גיין אַ פוילישן פּאָליציאַנט... איך בין אַריינגעלאָפן צו באַרטשינסקין און אים געזאָגט וועגן אַנקומענדיקן גאַסט. ער שפּרינגט אַרויס פון בעט און הייסט מיר זיך אַהין אַריינלייגן. ער הייסט דאָרט אויך אַריינקריכן זיין זון באָגדאַן (אַ 16יעריקער שגץ, אַ הפקר־יונג, וואָס האָט מיין קינד נישט גערופן אַנדערש ווי: „פּאַרשיווואַ זשידוווקאַ"), וועלכער באַהאַלט זיך מיטן קאָפּ אונטער דער פּערינע. דאָס איז מען טאַקע געקומען נאָך אים. וועגן דער געפאַר וואָס עס דראָט מיר, אַלס יידישקע, האָט קיינער דעמאָלט נישט געטראַכט... איך האָב מיך געמאַכט שלאָפן און זיך צוגעהערט צום גע־שפּרעך, וואָס זיי האָבן געפירט. דער פּאָליציאַנט איז געקומען נאָך באָג־דאַנען, ווייל ער גייט נישט צו די דייטשן אויף אַרבעט. באַרטשינסקי האָט געזאָגט צום פּאָליציאַנט, אַז זיין זון איז טאַקע אַוועקגעפאָרן צו די דייטשן אויף אַרבעט. צו מיין מזל האָט דער פּאָליציאַנט דאָסמאָל גע־גלויבט און נישט געזוכט אין ערגעץ. ער האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, ווער עס ליגט אין בעט.

אין אַ געוויסן טאָג קומט די באַרטשינסקאַ פון גאַס און האַלטנדיק אַ בריוו אין האַנט, זאָגט זי צו מיר פּאַטעטיש:

— צלמט אייך איבער און פאַלט אויף די קני פאַר דער מאַטקע באָסקע! . . .

מיט אַ ציטערדיק האַרץ פרעג איך ביי איר וואָס עס איז געשען. זי גיט מיר איבער אַ בריוו פון מיין מאַן, אין וועלכן ער שרייבט, אַז ער איז קראַנק, געפינט זיך דאָ און דאָ, און בעט מען זאָל אים צוגרייטן אַ פּאַסיקע וווינונג, כדי ער זאָל קאָנען געזונט ווערן . . .

אַ צערודערטע פון גליק, האָב איך זי אָנגעהויבן קושן און ס'האָבן זיך ביי מיר אָן עפּן געטמון די קוואַלן פון טרערן, — אָבער דאָס מאָל: טרערן פון גליק. אַזאַ נס! אַזאַ נס! אין געטאָ קומען דאָך אום צענדליקער

טויזנטער יידן אָן שום האָפענונג אויף א רעטונג פון דרויסן און דאָ — אַזאַ מזל... איך האָב פארשטאַנען, אַז מיין מאַן געפינט זיך אין א לאַגער אין גראָבאָוו, נישט ווייט פון ווארשע און אַז מען טאָר זיך איצט נישט שפּילן, ווייל יעדער טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט אפילו, איז טייער. איך בעט מיך רחמים ביי באַרטשינסקין, ער זאָל דאָרט אהינפאָרן. אפשר וועט אים געלינגען זיך זען מיט מיין מאַן. אַלע אין שטוב זענען קעגן דעם. דאָס איז א טויט־געפאר. מען טאָר צו קיין יידישן לאַגער נישט גיין. אָבער איך האָב דעם גוטמוטיקן יוזעף באַרטשינסקי דאָך איבערצייגט, ער זאָל אהינ־פאָרן און א „שמעק" טאָן וואָס דאָרט איז, — אפשר וועט אים געלינגען צו זען מיין מאַן.

נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָט ער באַשלאָסן ענדלעך צו פאָרן. איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף זיין צוריקקומען... פארנאַכט איז באַרטשינס־קי צוריקגעקומען און דערציילט, אַז דאָרט איז א שווערער לאַגער; מען טאָר נישט אַריין און נישט אַרויס און וועגן אָנבינדן א קאָנטאַקט מיט יאָנאַסן קאָן קיין רייד נישט זיין. איך בין ווידער געבליבן מיט מיין גרויסן צער און שרעקלעכן פארגעפיל, אַז מען מוז זיך צואיילן מיט דער רעטונג, ווייל עס וועט זיין צו שפּעט. אין א צייט אַרום איז אָנגעקומען פון מיין מאַן נאָך א בריוו (א פּאָסט־קאַרטל) מיטן זעלביקן אינהאַלט.

אין א געוויסן טאָג קומט צו מיר צו גיין א יונגערמאַן, מיטן נאָ־מען „יוזשעק". ער זאָגט מיר, אַז אים האָבן געשיקט צו מיר די באָ־ראָווסקים (בערמאַן) צו דערוויסן זיך ווי עס גייט מיר. איך האָב באַלד דערקענט אין אים „עמך", אָבער ווען איך האָב אים געפרעגט און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז א קריסט, האָב איך עס געלאָזט צורו. דאָס איז דאָך נישט געווען וויכטיק. דאָס וויכטיקסטע איז איצט געווען: ראַ־טעווען מיין מאַן! איך באַפעל אים ממש און בעט אים צו ראַטעווען מיין מאַן! „איר זענט נישט קיין ייד — זאָג איך אים — „און איר ווייסט נישט, ווער עס איז יאָנאָס טורקאָוו. ער איז דער און דער געווען ביז דער מלחמה, דאָס און דאָס האָט ער געטון אין געטאָ (יוזשעק האָט וועגן דעם אַלעם געוווּסט, אָבער ער האָט דאָך פאַר מיר געשפּילט די ראָל פון א פּאָליאַק!!) ראַטעוועט אים און דערמיט וועט איר אויך ראַטעווען מיך און מיין קינד!! איך האָב אים נישט אָפּגעלאָזט, ביז ער האָט מיר נישט

צוגעזאָגט, אַז די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע וועט דעם ענין ווי אַמ־שנעלסטן באַטראַכטן און זען וואָס מען קאָן טון. עס האָבן זיך פאַר מיר ווידער אָנגעהויבן שרעקלעכע טעג און נעכט אין דערוואַרטונג אויפן גרויסן נס! און דער גליקלעכער טאָג איז געקומען.

אין אַ געוויסן טאָג העד איך טריט אויף די טרעפּ. איך לויף, ווי געווענלעך, צו צום שליסל־לאָך פון טיר און איך זע, ווי עס גייען 2 באַן־באַאַמטע. יאַנאַס איז געווען געענדערט נישט צום דערקענען. און דאָך האָב איך אים באַלד דערקענט. ער איז געווען אָפּגעבערענט ווי אַ מולאַט, מיט לאַנגע, שווארצע וואָנסעס (אַלאַ פּילסודסקי), וועלכע האָבן פאַר־דעקט זיין גאַנץ מויל און פאַרקלענערט זיין נאָז. ביי דער אָפּגעברענט־קייט האָבן זיינע אויגן העל אַרויסגעשיינט. אַן אמתער גוי! איך האָב גע־שטוינט קוקנדיק אויף אים. קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז דאָס קאָן זיין אַ ייד. אָבער דאָס אַלץ איז געווען גוט, ווען ער האָט געטראָגן דעם מונדיר און דאָס באַן־היטל. ווי נאָר ער האָט אַראָפּגענו־מען דאָס היטל, האָט שוין מאָדנע אויסגעזען דער הויכער, אינטעליגענ־טער שטערן און עס האָבן זיך געקאָנט אַריינגנבענען ספקות וועגן זיין קריסטלעכקייט...

ענדלעך, ענדלעך זענען מיר ווידער צוזאַמען."

אָט אַזוי האָט מיין פרוי פאַרשריבן אירע איבערלעבונגען אויף דער אַרישער זייט, ביז מיר האָבן זיך ווידער באַגעגנט.

12.

## יאַן טאַטאַרקעוויטש

פאַרן פאַרלאָזן טעאָדאָר פּאַיעווסקיס דירה אין פּראַגע, האָב איך אים געגעבן מיינס אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס כ'האָב געמאַכט אין געטאָ און צוגעזאָגט אים 1000 זלאָטעס, ער זאָל אויסאַרבעטן אַ באַן־לעגיטימאַציע פאַר מיר, אויפן נאָמען פון יאַן טאַטאַרקעוויטש.

פּאַיעווסקי האָט זיך געקענט מיט אַ באַן־באַאַמטן, דעם שעף פון דער קאַנצעלאַריע, וואָס האָט פאַר אַ געוויסע סומע געלט אויסגעפּילט און אָפּגעשטעמפּלט די דאָזיקע לעגיטימאַציעס. די לעגיטימאַציעס האָבן גע־דינט פאַר פּאָליאַקן, וואָס האָבן נישט געאַרבעט אין קיין שום נוצלעכע פאַר די דייטשן אינסטיטוציעס און האָבן געהערט צו דער פּוילישער אונ־טערערד. די דאָזיקע לעגיטימאַציעס האָבן די מענטשן געראַטעוועט פון געכאַפּט צו ווערן דורך די דייטשן. אַזעלכע לעגיטימאַציעס, ד. ה. גע־פעלשטע, זענען אויסגעשטעלט געוואָרן בלויז אין פּראַגע אין די הונ־ז'עריטער.

ווען טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט מיר געבראַכט די לעגיטימאַציע אויף מיין נייער דירה, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער. איך בין דאָך איצט שוין נישט ענלעך געווען צו דער פּערזאָן אויפן בילד, וואָס איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן אין געטאָ. איצט בין איך געווען אַ סך מאָגערער, טונקעלער און — וואָס די הויפּטזאַך — געהאַט אַ פּאָר וואָנסעס... ס'איז אָבער שוין געווען פאַרפאַלן. וועל איך זיך מוזן, יעדעס מאָל ביים אויסלעגיטימירן זיך, פאַרענטפערן פאַרוואָס איך בין אויף דער פאָטאָגראַפיע אָן וואָנסעס... אָבער, אַז דאָס מזל האָט צוגעשפּילט, האָט אַזאַ אויסרייד אויך געקאָנט דורכגיין.

פון „יוזשעקן" (דער זעלביקער, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט און געקומען צו מיר אין לאַגער אַריין צוויי מאָל) האָב איך זיך דערוווּסט, בעת זיין באַזוך ביי מיר אויף דער ווספּולנע גאַס, אַז אויסער דער לעגי־טימאַציע מוז איך אויך האָבן אַ „קען־קאַרטע" (פּאַס). איך וועל, אַלזאָ, מוזן גיין צו אַ פאָטאָגראַף און מאַכן זיך אַ נייע פאָטאָגראַפיע, ווייל די, וואָס כ'האָב געגעבן אויף דער באַן־לעגיטימאַציע, טויג נישט. יוזשעק האָט בכלל געהאַלטן, אַז איך טאָר זיך נישט באַנוצן מיט דער לעגיטימאַציע, ווייל איך קאָן אַריינפאַלן. אין דעם פאַל האָט ער נישט געטראָפן, ווייל ס'איז מיר שפּעטער נישט איין מאָל אויסגעקומען זיך צו לעגיטימירן און די באַן־לעגיטימאַציע האָט מיר טאַקע געהאָלפן זיך אַרויסצודרייען פון די דייטשישע הענט.

איך בין אוועקגעפאָרן אויף דעם דורך יוזשעקן אָנגעוויזענעם אַדרעס צום פאָטאָגראַף אויף דער פילטראָווע גאַס און באַשטעלט ביי אים

6 קליינע פאס־פאטאגראפיעס, וועלכע האבן געדארפט זיין פארטיק אין א פאר טעג ארום.

אויסנוצנדיק מיין ערשטן שפאציר אין גאס אלס „אריער”, האב איך באזוכט מיין פריינט געראַרד גאדייסקי, וואס האט געוווינט אויף קאַ־שיקאַווע גאס. ער האט פארנומען א קליינע פארטער־דירה אינעם הויף. די טיר האט מיר געעפנט גאדייסקי אליין און מיך געפרעגט וואס איך וויל. ווען איך האב אים געזאגט, ווער איך בין, האט ער זיך אנגעהויבן צו צלמען און ארויפגעפאלן מיך קושן. מיט טרערן אין די אויגן האט ער מיר געזאגט, אז ער איז געווען איבערצייגט, אז איך בין אומגעקומען אין געטא; ער האט שוין געשטעלט ליכט אין קאשטשיאל צו מיין אנדענק און געדאוונט פאר מיין נשמה.

— נו, איצט וועסטו שוין לאנג לעבן — זאגט ער מיר — נאך דער־צו מיט אזא אויסזען... ס'איז דאך פשוט אוממעגלעך דיך צו דערקענען... ער האט מיך אנגעהויבן אויספרעגן אף מיין קינד, אויף דיאנא. ער האט מיר געזאגט, אז ס'האט אים זייער וויי געטון, וואס ער האט זיך געמוזט אויפהערן צו אינטערעסירן מיט מיין קינד, אבער ער האט פשוט מורא געקריגן פאר דער בארטשינסקא, זי זאל אים נישט שאנטאזשירן. און ער אליין איז דאך אויך נישט כשר... ער האט — ווי ער האט מיר גע־זאגט — ארויסגעראטעוועט פון געטא די פרוי אירענא נוימארק (איר מאן יוליאן נוימארק איז אומגעקומען אין געטא בעת די אויסזידלונגען) ווי אויך איר שנור זוזאנא נוימארק מיט דער משפחה. גאדייסקי האט אויך ארויסגעראטעוועט פון געטא די שוועסטער פון אירענא נוימארק — העלענא מיט איר מאן ד"ר יוסף מאקאווסקי (פון מלאווע) און זייער טעכ־טערל. דאס קינד איז ארייננגעגעבן געווארן אין א קלויסטער. די פרוי פון ד"ר מאקאווסקי לעבט אלס קריסטין אין ווארשע. ד"ר יוסף מאקאווסקי, וואס האט נישט געהאט אזא אידעאלן ארישן אויסזען, איז נישט ארויס־געגאנגען פון שטוב. ביינאכט פונעם 12־טן אויפן 13־טן מאי, בעת א סאוויעטישער לופט־אטאקע, איז אריינגעפאלן א באמבע אין דעם הויז, ווו ער האט געוווינט (ער האט מורא געהאט ארפצוגיין אין שוץ־קעל־לער) און מאקאווסקי איז פארוווּנדעט געווארן אין פוס. גאדייסקי האט אים אוועקגעפירט אין שפיטאל, ווו ער געפינט זיך טאקע ביזן היינטיקן

טאָג. גאַדייסקי האָט געאַרבעט אין דער פּוילישער אונטערערדישער באַ־וועגונג און ער האָט אויסגעווירקט ביי די אָנפירער און דאָקטוירים פון שפּיטאָל, אַז זיי זאָלן דאָרט האַלטן מאַקאָווסקין ווי לאַנג עס וועט זיך נאָר לאָזן. זיי האָבן געוווּסט, אַז ד״ר מאַקאָווסקי איז אַ ייד און האָבן אים אַרומגערינגלט מיט אַ ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט. מעגלעך, אַז זיי האָבן עס געטון דערפאַר, ווייל די פּוילישע אונטערערדישע אָרגאַני־זאַציע האָט זיי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער זיכערקייט פון ד״ר מאַקאָווסקי.

זוזאַנאַ נוימאַרק (זוזשיאַ) אַרבעט אַלס פאַרבינדלערין אין דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און קומט יעדן טאָג מיט שפּייז־פּעקלעך פאַר ד״ר מאַקאָווסקין. ווען איך האָב גאַדייסקין געבעטן, ער זאָל מיר אָנגעבן דעם אַדרעס פון פרוי אירענאַ נוימאַרק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז אוממעגלעך צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים. איך האָב זי ביז דער באַפרייאונג קיין איין מאָל נישט געזען.

גאַדייסקי האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז ער טרעפט אָפט אין קאַפע די זינגערין בערטאַ יארעצקאַ, וועלכע שפּילט גלענצנדיק די ראָל אַלס קריסטין. לאַנג האָט זי אָבער די דאָזיקע ראָל נישט „געשפּילט״. זי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון האָריזאָנט — משמעות פאַרשיט פון „שמאַל־צאָווניקעס״. דעם זעלביקן גורל האָט אויך געהאַט דער פּיאַניסט גאָלד־פעדער (זון פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער באַנקיר), וועלכער האָט גע־וווינט מיט זיין קריסטלעכער פרוי. אויך דער באַקאַנטער וואַרשעווע־אָפּערן־זינגער פּרעשעל, וואָס איז געווען געשמדט לאַנגע יאָרן פאַרן קריג און געלעבט די גאַנצע צייט מיט זיין קריסטלעכער פרוי אויף דער אַרי־שער זייט, איז דורך זיינס אַ בינע־קאָלעגע אויסגעגעבן געוואָרן צו די דייטשן, וועלכע האָבן אים דערשאָסן.

גאַדייסקי האָט מיך געוואָרנט נישט אַריינצוגיין אין קאַפע „מאָקאַ״ אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, וווּ עס זיצט גאַנצע טעג מיינס אַ געוועזענער מיטאַרבעטער פון דער יידישער אַליינהילף — דער יונגער מאָלער מאַרק ראָזענבערג. ער מאַכט דאָרט צייכענונגען און קאַריקאַטורן פון די געסט און פאַרקויפט עס זיי. איך האָב ראָזענבערגן געהאַלטן פאַר טויט. ער איז ביים אָנהויב פון דער „אַקציע״ אין געטאָ צוגעטרעטן צו דער קליינע־

גרופּע פון דער יידישער אַליינהילף, וואָס האָט זיך געשטעלט אויפן רוף פונעם „יודענראַט" צוצוהעלפן דער יידישער פּאָליציי ביי דער אויסזידלונג". פאַר דער דאָזיקער האַנדלונג האָבן מיר דעמאָלט ראָזענבערגן אויסגעשלאָסן פון אונדזער מיטאַרבעטער־קרייז. מער האָב איך אים שוין פאַר די אויגן נישט געזען. נאָך זייענדיק אין געטאָ, האָט ראָזענבערג געאַרבעט אַ פּאָר שעה אין טאָג אין קאַפע „שטוקאַ", אויף לעשנאָ גאַס, וווּ ער האָט פאַרדינט פון די צייכענונגען, וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט פון די געסט. קאַפע „שטוקאַ" (אינהאַבער: ראַטמאַן זאַבלודאָווסקי, גורעוויטש, וויינטראַוב, משומד טשאַרנעצקי) איז געווען אַ נעסט פון אַלע יידישע, פּוילישע און דייטשישע געשטאַפּאָ־לייט און אַ סך פון די מיטאַרבעטער פון קאַפע „שטוקאַ" האָבן אויך מיטגעאַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ. ווייזט אויס, אַז ראָזענבערגן איז געלונגען בעת די „אַקציעס" אין געטאָ אַריבערצוקריגן זיך אויף דער אַרישער זייט און איצט טוט ער די זעלביקע אַרבעט אין קאַפע „מאָקאַ", וואָס איז אויך דער טרעף־פּונקט פון די פרעמדע און יידישע געשטאַפּאָ־לייט מיט די באַקאַנטע „העלדן": פראַנטשישקאַ מאַנעווונאַ, לאָלעק סקאָסאָווסקי, אַדאַם זשוראַווין, קעניגל און וולאָדאַווסקי. גאַדייסקי איז איבערצייגט, אַז דער מאָלער מאַרק ראָזענבערג איז אַן אַגענט פון געשטאַפּאָ, ווייל נישט געקוקט אויף זיין גוטן אַרישן אויסזען, איז ער דאָך אַלע געשטאַפּאָ־ און קריפּאָ־לייט באַקאַנט נאָך פון געטאָ. ווען ער וואָלט זיי נישט געבראַכט קיין נוצן, וואָלטן זיי דאָך אים זיכער נישט געלאָזט פריי אַרומגיין און דערצו נאָך אַרבעטן אָפיציעל אין אַ פּוילישן קאַפע. אגב האָב איך שוין באַוויזן צו לייענען אויף מיין נייער דירה ביי די באַרטשינסקים אייניקע נומערן פונעם „אינפאָרמאַציע־ביוּלעטין" (אַרויסגעגעבן דורך דער דעלעגאַטור פון דער פּוילישער אונטערערד „אַ. ק."), אַז קאַפע „מאָקאַ" אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס איז דער טרעף־פּונקט פון אַלע געשטאַפּאָ־לייט, צווישן וועלכע מען טרעפט אָפט די קאַבאַרעט־זינגערין — די יידישקע — וויערא גראַן, צוזאַמען מיטן געשטאַפּאָ־אַגענט לעאָן סקאָסאָווסקי"... ווען איך האָב דאָס איבערגעגעבן גאַדייסקין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אויב עס גייט וועגן וויערא גראַן, איז עס אַ בלבול, ווייל זי לעבט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען. זי איז ביי אים געווען און זיך באַקלאָגט אויף איר שווער לעבן. ער האָט מיר

געוויזן אַ ריי גרויסע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון וויערא גראַן, וועלכע זי האָט באַ אים איבערגעלאָזט, ער זאָל זיי באַהאַלטן. אין די ווייטערדיקע עטאַפּן האָב איך ווידער געהערט וועגן דער מיטאַרבעט פֿון וויערא גראַן מיט געשטאַפּאָ און אין אַ ווייטערדיקן נומער פֿון „ביולעטין" איז נאָך אַמאָל געווען דערמאָנט דער נאָמען וויערא גראַן צווישן די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן.

געראַרד גאַדייסקי האָט מיר נאָך איבערגעגעבן וועגן אַ ריי יידן, וואָס ער זעט אויף דער אַרישער זייט, ווו זיי שפּילן די ראָל פֿון קריסטן, ווי למשל: די באַקאַנטע אָפּערן־זינגערן העלענאַ אָסטראָווסקאַ, איזאַ שע־רעשעווסקאַ, די אַרטיסטין סטעפֿאַ גראָדזשענסקאַ, שימאָן באָגדאַנאָוויטש, אָבערסקאַ, יעזשי יוראַנדאָט, ראָמאַנאַ ליליאַן־ליליענשטיין, די מוזיקער: פּראָפֿעסאָר ז. וואַגהאַלטער, ראַפּאָפּאָרט־ראַפּאַצקי.

געזעגנענדיק זיך מיט גאַדייסקין, וועלכער האָט מיך געבעטן צו קומען צו אים עפּטער, האָבן מיר זיך אָפּגערעדט, אַז טאָמער וועל איך ביי אים צופֿעליק טרעפֿן פֿרעמדע מענטשן, זאָל איך אים פֿרעגן, צי ער דאַרף האָבן פּוטער. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז אַלס באַן־באַאַמטער פֿאַר־קויף איך אים פּרישע פּוטער, וואָס איך ברענג פֿון דער פּראָווינץ.

אַרויסגייענדיק פֿון גאַדייסקיס טויער, בין איך אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, ווו עס זענען אַמאָל געווען די באַקאַנטע שפּייז־האַלעס. דאָרט האָט אַמאָל אויך געהאַנדלט מיין פֿרוים משפּחה — טוביה זינגער — אַ גרויס־פֿאַרצווייגטע משפּחה, וועלכע איז אומגעקומען אין וואַרשע־ווער געטאָ. נאָר איין זון האָט זיך געראַטעוועט, ווייל ער איז פֿאַרן קריג אַוועק קיין אַרגענטינע. די האַלעס אויף קאָשיקאָווע גאַס זענען צעשמע־טערט געוואָרן בעת דער סאָוויעטישער לופֿט־באָמבאַרדירונג פֿונעם 12טן אויפֿן 13טן מאַי 1943. גרופּקעס פּוילישע הענדלער זענען דאָרט איצט געשטאַנען אויף די חורבות מיט זייערע קוישלעך און אויסגערופֿן זייערע סחורות צום פֿאַרקויפֿן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך באַ־קלאָגט אויף זייער טראַגישן גורל, וועלכן זיי האָבן צו פֿאַרדאַנקען — ווי זיי האָבן געזאָגט — די יידן, וואָס האָבן געגעבן סיגנאַלן די סאָוויע־טישע לופֿט־פֿליערס און „אויס נקמה פֿאַרן צעשטערטן געטאָ, אָנגעוויזן זיי די האַלעס" . . .

אויף מיין וועג אהיים איז מיר אויסגעקומען פארבייצוגיין א פּאָליציי־קאָמיסאריאט אויף פּאָזנאנסקע גאַס. פאַרן טויער פונעם קאָמיסאַריאַט האָב איך געזען אַ גרעסערע גרופּע מענטשן און אַ גרויסן טומל. איך האָב מיר געטראַכט: אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט גאַס, אָדער פאַרבייגיין דעם טויער. דערמיט האָב איך געוואָלט אויספּרוּוון מיין „אויסגעהאַלטנקייט". איך בין דאָך שוין איצט אַ „קריסט" און איך הייס יאַן טאַטאַרקעוויטש, מוז איך דאָך אַריין אין מיין נייער „ראָל" און פאַרגעסן, אַז איך בין דער ייִד יאָנאַס טורקאָוו. ווען איך בין צו נאָענט צום טויער פונעם פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, האָט זיך דער עולם שוין געהאַלטן ביים פונאַנדערגיין. אַ חברה יונגוואַרג האָט זיך געוויצלט און געשעפּט פון עפּעס נחת. איך גיי צו צום דיזשורירנדיקן פּאָליציאַנט, וואָס שטייט ביים טויער און פרעג אים:

— וואָס איז דאָ אַזוי פריילעך?

— מען האָט געכאַפּט אַ זשידעק און אים געבראַכט אין קאָמיסאַריאַט. לאָבוזעס קוועלן. ווען זיי וואָלטן געווען אויף זיין אָרט, וואָלט זיי נישט געווען אַזוי פריילעך אויפן האַרצן — זאָגט מיר דער פּאָליציאַנט — אַן עלטערער פּאָליאַק.

איך האָב אים אַ ווייל אָנגעקוקט און איך בין אַוועק. דער פּוילישער פּאָליציאַנט האָט זיך זיכער נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס האָט מיט אים גערעדט אַ „זשידעק" . . .

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָט שוין מיין פרוי געוואַרט אויף מיר מיט שרעק. זי האָט זיך שטאַרק באַאומרואיקט, וואָס איך בין אַזוי לאַנג נישטאָ צוריק. איך האָב איר איבערגעגעבן די געשעענישן פונעם היינטיקן טאָג — דעם ערשטן טאָג. לעבן אַלס יאַן טאַטאַרקעוויטש.

* * *

אין זעלביקן טאָג, מיטאָגצייט, האָבן מיר געהאַט אַ גאַסט: מיכאַל באָראָווסקי (ד"ר אַדאָלף בערמאַן). איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט מיט זיין באַזוך. אַגב איז ער דאָס ערשטע מאָל געווען ביי די באָרטשינסקיס אין שטוב. ד"ר בערמאַנען האָב איך נישט געזען אַ יאָר צייט. צום לעצטן מאָל האָבן מיר זיך געזען פאַר דעם אָנהויב פון די „אַקציעס" אין וואַר־

שעוועד געטאָ. ער האָט זיך שטאַרק געענדערט: אַן אמתער פּאָליאַק מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען. ד״ר בערמאַן, וואָס איז שטאַרק מאָגער גע־וואָרן, האָט זיך פּאַרלאָזט וואָנסעס און געטראָגן אויף דער האַנט אַ טרויער־באַנד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וווינט מיט זיין פרוי אַלס ברודער און שוועסטער (באַשיאַ בערמאַן האָט אויך געטראָגן טרויער). ד״ר בערמאַן האָט מיר דערציילט ווי שווער עס גייט־צו די אַרבעט; וועגן די אַלע שוועריקייטן אויף וועלכע מען שטויסט זיך כסדר אָן, אָבער ער איז פול מיט האָפענונג, אַז דאָס ביסל יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, וועלן שוין ווי עס איז דורכהאַלטן די שווערע צייט . . . .

דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, בראש פון וועלכן ער שטייט, האָט פּאַרבינדונגען מיט דער „דעלעגאַטור״ (פאָרשטייער פון דער לאָנ־דאָנער פּוילישער רעגירונג), ווי אויך מיט די פאָרשטייער פון דער לינקער־גרופּע (שפּעטערדיקע פּ. פּ. ר.). עס קומט, אַזוי אַרום, אויס צו פירן אַ „טאָפּלטע בוכהאַלטעריע״, ווייל די „דעלעגאַטור״ טאָר נישט וויסן וועגן זיין קאָנטאַקט מיט די לינקע עלעמענטן, וועלכע זענען פאַר זיי טריף... דאַקעגן די לעצטע ווייסן יאָ פון זיין קאָנטאַקט מיט דער „דעלעגאַטור״. אַנדערש האָט, ביי די געשאַפענע באַדינגונגען, נישט געקאָנט זיין, ווייל די הילף פון אויסלאַנד איז אָנגעקומען דורך דער „דעלעגאַטור״. אַגב איז די הילף דערווייל זייער אַ באַגרענעצטע, אָבער מען האָפט, אַז קירצלעך וועט ווערן בעסער. דער מאַנגל אין געלט האָט גורם געווען צו דער שלעכ־טער באַוואָפענונג פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. איצט קומט צו אַ נייער פּראָבלעם, אַגב דער שווערסטער: איינאָרדענען אין די־רות די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן פון געטאָ. מען פּאָדערט גרויסע געלטער ביים אויפנעמען יידן. עס פעלן מענטשן מיט אַן אַרישן אויסזען צו דער אַרבעט ביים אויסזוכן דירות און איינאָרדענען די גרויסע צאָל יידן אויף דער אַרישער זייט. ס׳זענען שוין געווען מערערע דורכפאַלן. דאָס איז טאַקע איינע פון די גרעסטע פּלאָגן, וואָס מען האָט ביים אויס־זוכן „מעטעס״ (דירות) און ביים באַקעמפן די מוסרים און „שמאַלצאָוו־ניקעס״ (שאַנטאַזשיסטן), וועלכע מערן זיך פון טאָג צו טאָג, ווי שוואָ־מען נאָך אַ רעגן. דאָס פּרעזידיום פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט באַ־שטייט פון ד״ר אַדאָלף בערמאַן, יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) און דוד גו־

זשיק (דניאל קאפטור). פריער האָט צום פּרעזידיום אויך געהערט מנחם קירשענבאום. דערנאָך זענען צוגעקומען: אדוואָקאט שימאָן גאָטעסמאַן (פון קראָקע), צביה לובעטקין, יוסף סאַק, לייזער לעווין און שלום גראַיעק.

דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט שטייט אין כסדרדיקן קאָנ־טאַקט מיטן קאָמיטעט פונעם „בונד"; הגם די קאָמיטעטן אַרבעטן זעלבסט־שטענדיק פירנדיק זייער הילפסאַרבעט, זענען זיי דאָך פאַרבונדן דורך אַ קאָאָרדינירן־קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון ד"ר בערמאַן, גוזשיק, ד"ר לעאָן פיינער (מיקאַליי) — פאָרזיצער פונעם בונדישן קאָמיטעט און ס. פישגרונט (הענריק).

זיי שטייען אויך אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיטן פּוילישן הילפס־ראַט. ביי דער פּוילישער רעגירונגס־דעלעגאַטור האָט זיך אויך געגרינדעט אַ הילפס־ראַט צו העלפן יידן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „זשעגאָ־טאַ", בראָש פון וועלכן עס שטייען: טאַדעוש רעק, מאַרעק ארטשינסקי (געוועזענער סיים־דעפּוטאַט) און גראָביעלני. פאָרשטייער פון דער יידישער אונטערערד ביי „זשעגאָטאַ" זענען: ד"ר אַדאָלף בערמאַן (באָראָווסקי), פון „יי. נ. ק." און ד"ר לעאָן פיינער (מיקאַליי), פונעם „בונד". סעקרע־טאַר פון „זשעגאָטאַ" איז ד"ר אַלפרעד באָרענשטיין, געוועזענער סעקרע־טאַר פונעם יידישן הילפס־קאָמיטעט אין געטאָ. ד"ר א. באָרענשטיין האָט נישט לאַנג פאַרנומען דעם פּאָסטן פונעם סעקרעטאַר פונעם ראַט אויף דער אַרישער זייט.

פון ד"ר אַדאָלף בערמאַן האָב איך זיך אויך דערוווּסט איינצלהייטן וועגן די לעצטע געטאָ־קאַמפן, וועגן העלדישן אומקום פונעם שטאַב פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע בראָש מיטן אומפאַרגעסלעכן מרדכי אַניעלעוויטש. וועגן גליקלעכן אַנטרינען פון אַ גרופּע קעמפער פונעם וואַר־שעווער געטאָ מיט צביה לובעטקין, אַבראַשאַ בלום, מאַרק עדעלמאַן, טאָשיאַ אַלטמאַן, אליעזר געלער, שלום גראַיעק, קאַזשיק (שמחה ראַט־הייזער), טוביה באָזשיקאָווסקי, וועלכע געפינען זיך אויף דער אַרישער זייט; וועגן די רעשטלעך קעמפער בראָש מיט דוד נאָוואָדוואָרסקי און הערש בערלינסקי, וואָס זענען אַוועק אין די ווישקאָווער וועלדער, וועגן וואָס איך שרייב באַזונדער.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם, פאַר וועלכן מען שטייט איצט — זאָגט

ד"ר בערמאַן — איז די דירה־פראַגע: פאַר די, וואָס האָבן נאָך אַ גוטן אויסזען (זענען נישט ענלעך אויף יידן) און קאָנען אָנגיין אַלס קריסטן, איז לייכטער צו באַקומען אַ דירה; ערגער איז אָבער מיט אַזעלכע, וואָס האָבן אַ סעמיטישן אויסזען. אַט געפינט זיך דער פועלי ציוניסטישער פירער נתן בוקסבוים (אַנטאָני), צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער אין טאַרגוווּעק (פאָרשטאָט פון פראַגע) אויף אַ „מעטע". דאָרט איז אויך אויסבאַהאַלטן הערש וואַסער, וועלכן ס'איז געלונגען אַרויסצושפּרינגען פון צוג אינמיטן פאָרן, ווען מען האָט אים געפירט אין דער ריכטונג פון לובלין אין לאַגער אַריין. צוזאַמען מיט אים אין וואַגאָן איז אויך געווען פּאָלאַ עלסטער, וועלכער ס'איז לײדער דעמאָלט נישט געלונגען אַרויס־צושפּרינגען פון וואַגאָן, ווי זיי האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט.

— איר — זאָגט צו מיר ד"ר בערמאַן — קאָנט דרייסט גיין און אַליין זיך אויסזוכן אַ דירה. „וואַנדאַ" (בעלאַ עלסטער) וועט אייך געבן אַ ריי אַדרעסן אויף מאָקאָטאָווסקע גאַס (זי וווינט אין יענער געגנט) און איר וועט זיך דאָרט דינגען אַ צימער אַלס „אַריער". עס איז נישט געזונט, אַז איר זאָלט דאָ פאַרבלייבן צוזאַמען מיט אייער קינד.

איך האָב באַקומען פון ד"ר. בערמאַנען 1000 זלאָטעס און באַ־שלים טאַקע אויף אייגענער האַנט צו זוכן זיך אַ דירה. איך האָב געוואָלט דינגען צוויי באַזונדערע צימערן פאַר מיר און מיין פרוי. צוליב זיכער־הייטס־טעמים איז בעסער נישט צו וווינען צוזאַמען. אגב האָט מיר אויך גערארד גאַדייסקי צוגעזאָגט זיך צו פאַראינטערעסירן מיט אַ דירה פאַר אונדז.

איך האָב ד"ר בערמאַנען איבערגעגעבן וועגן די יידן פונעם גראָ־כאָווער לאַגער, וואָס ווילן גיין צו די פּאַרטיזאַנער און געבעטן אים זיך צו פאַראינטערעסירן מיט דעם ענין.

אונדזער געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל ס'איז אָנגע־קומען די פרוי באָרטשינסקאַ, וואָס האָט געבראַכט פאַר אונדז מיטאָג פון דער פאָלקס־קיך. איך האָב איר פאָרגעשטעלט מיכאַל באָראָווסקי (בערמאַן), וועלכער האָט געמאַכט אויף איר אַן אויסערגעוועינלעך גוטן איינדרוק. ווען ער איז פון אונדז אַוועק, האָט זי מיך געפרעגט, ווער דער

מאן איז. איך האָב איר געזאָגט, אז דאָס איז א וויכטיקע פיגור פון דער פוילישער אונטערערד.

נאָך מיטאָג איז געקומען צו אונדז וואנדא (בעלא עלסטער) און מיר איבערגעגעבן אייניקע אדרעסן, וווּהין איך דארף גיין וועגן א דירה. וואנדא האָט מיר געזאָגט, אז איר שוועסטער (פאָלא עלסטער) געפינט זיך אין לאגער פאָניאטאָוו (לובלינער געגנט). מען זוכט א מעגלעכקייט זי פון דאָרט ארויסצוציען. פון וואנדא האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אז ד״ר עמנואל רינגעלבלום געפינט זיך אין לאגער טראַווניקי. דאָרט זאָל אויך זיין דער ציוניסטישער עסקן א. ל. בלאָך און דר. יצחק שיפּער. (ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז א. ל. בלאָך געווען אין לאגער בודזין, נעבן קראשניק און ד״ר. י. שיפּער — אין טויטן־לאגער מאידא־נעק. דאָרט איז אויך געווען נחום רעמבא).

וואנדא איז געווען זייער נידערגעשלאָגן, וואָס זי קאָן גאָרנישט טון פאר איר הייסגעליבטער שוועסטער. דערווייל האָט מען נאָך נישט קיין פארבינדלער מיט די ווייט־ליגנדיקע לאגערס.

## 13.

# דער טראַגישער סוף פון דער הויפּט־קאָמאַנדע פון „זשאב"

דעם 23טן אפּריל 1943 האָט דער הויפּטאָנפירער פון דער יידישער קאמפּס־ארגאניזאציע „זשאָב" מרדכי אַניעלעוויטש איבערגעשיקט צו זיין פארטרעטער יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וואָס האָט זיך געפונען זייט דעם 13טן אפּריל אויף דער ארישער זייט, כדי אָנצובינדן א קאָנטאַקט מיט דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, פאָלגנדיקן בריוו:

„דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, קאָן מען מיט קיין ווערטער נישט באַשרייבן. מיר גיבן זיך אָפּ א דין וחשבון, אז דאָס וואָס עס איז געשען שטייגט איבער אונדזערע דרייסטסטע חלומות.

די דייטשן זענען צוויי מאָל געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפן פון געטאָ. איינע פון אונדזערע אָפּטיילונגען האָט אויסגעהאַלטן אויף איר פּאָזיציע 40 מינוט, אַ צווייטע אָפּטיילונג — 6 שעה. אַ מינע, וואָס מיר האָבן פאַרלייגט אויפן געביט פון די בערשטן־שאָפּן האָט אויפגעריסן. עטלעכע פון אונדזערע אָפּטיילונגען האָבן אַטאַקירט די דייטשן און זיי פאַרטריבן. אונדזערע פאַרלוסטן אין מענטשן זענען מינימאַלע — דאָס איז אויך אַ זיג! י. איז ביים מאַשין־ביקס אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט. איך האָב דאָס געפיל, אַז מיר מאַכן אַ גרויסע זאַך, אַז דאָס וואָס מיר האָבן גע־וואָגט, האָט אַ דערהויבענע באַדייטונג.

אָנהויבנדיק פונעם היינטיקן טאָג גייען מיר אַריבער אויף אַ טאַקטיק פון פּאַרטיזאַנער־קאַמף. היינט ביינאַכט גייען אַרויס דריי קאַמפּס־אָפּטיילונגען. זיי האָבן צוויי אויפגאַבן: אויסשפּיר און געוועער־דעראָבערונג. געדענקט, אַז קורץ געוועער האָט פאַר אונדז נישט קיין שום באַדייטונג. מיר באַנוצן זי זעלטן. מיר ברויכן דרינגנד: גראַנאַטן, ביקסן, מאַשין־געוועער און אויפריים־מאַטעריאַלן.

עס איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן אין וואָס פאַרא באַדינ־גונגען עס לעבן די יידן אין געטאָ, — נאָר איינצלנע וועלן עס קאָ־נען איבערטראָגן, אַלע איבעריקע וועלן פריער אָדער שפּעטער אומ־קומען. זייער גורל איז געחתמעט. כמעט אין אַלע בונקערס, ווו עס באַהאַלטן זיך אוים טויזנטער יידן, קאָן מען קיין ליכט נישט אָנ־צינדן, ווייל עס פעלט לופט.

זיי געזונט, מיין טייערער, אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן! דער טרוים פון מיין לעבן איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן. די יידישע זעלבסטשוץ אין געטאָ איז געוואָרן אַ פאַקט. דער יידישער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד איז צו שטאַנד געקומען. איך בין דער עדות פון די דערהויבענע העראָאישע קאַמפן פון די יידישע אויפ־שטענדלער.

געטאָ, דעם 23 אַפּריל 1943.

מרדכי אַניעלעוויטש".

ווי עס האָט מיר, אין אַ צייט אַרום, איבערגעגעבן יצחק צו־קערמאַן (אַנטעק), איז דער אָריגינאַל פון אַניעלעוויטשס בריוו פאַרלוירן געגאַנגען. די דאָזיקע שורות זענען איבערגעגעבן געוואָרן פון זכרון.

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. די הייזער ברענען, מענטשן ווערן דערשטיקט פון רויך און מאַנגל אין לופט. עס פאַרפעלט וואַסער און... אַמוניציע. די צוגעזאָגט הילף פון דרויסן קומט נישט. די 20 ביקסן, וואָס מען האָט באַקומען אויף דער אַרישער זייט, קאָן מען נישט אַריינפירן אין געטאָ. אַ גרופּע קעמפער פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע" האָט זיך באַמיט פון דער אַרישער זייט צו קומען צו הילף דורך אַ דיווערסיע־אַקט. די גרופּע איז אָבער צעקלאַפּט און צעריבן געוואָרן דורך די דייטשן, איבערלאָזנדיק אַ סך קרבנות.

אויסער איינצלנע פּאַטראָלן, האָבן זיך די דייטשן מער נישט באַוויזן אין געטאָ.

אויפן צענטן טאָג פון אויפשטאַנד האָט די הויפּט־קאָמאַנדע (מרדכי אַניעלעוויטש, הערש בערלינסקי, אריה ווילנער, מארק עדעלמאַן, לוטעק ראָטבלאַט, הענעך גוטמאַן, טאָשיאָ אַלטמאַן, זכריה אַרטשטיין, דוד נאָוואָדוואָרסקי, אליעזר געלער, מיכאל ראָזענפעלד, ווי אויך צביה לובעטקין (וועלכע איז געשטאַנען בראש פון דער חלוצישער באַוועגונג אין פּוילן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע און איז געווען איינע פון די איניציאַטאָרין פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד) באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ פּאַרטיזאַנער־קריג און צוביסלעך אַרויסצופירן די קעמפער אין וואַלד אַריין, כדי דאָרט פאָרצוזעצן דעם ווייטערדיקן קאַמף.

עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן אויף דער אַרישער זייט זיגמונט (זלמן) פרידריך, שמחה ראַטהייזער (קאַזשיק), טוביה באָזשיקאָווסקי א. אַ., זיי זאָלן אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיטן קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף דער אַרישער זייט — יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), כדי צוצוגרייטן דאָס אַרויספירן די קעמפער פון געטאָ.

אין דער נאַכט פונעם 30טן אַפּריל גייען די שליחים אַוועק אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ און דורך אַ טונעל, וואָס די רעוויזיאָניסטן האָבן געהאַט אויפגעבויט, זענען זיי אַריבער אויף דער אַרישער זייט. צביה לובעטקין בראש פון אַ גרופּע קעמפער פאַרלאָזן צוזאַמען דעם בונקער פון

דער הויפּט־קאָמאַנדע איז וואַרטן אין אברהם געפּנערס בונקער אויף פּראַנטשישקאַנער גאַס 30, וווּ עס האָט זיך אויך געפונען די אָפּטיילונג פון הענעך גוטמאַן מיט דער העלדישער קעמפּעריין, די ביליד־שיינע דבורה באַראַן, ביז די שליחים וועלן זיך אומקערן פון דער אַרישער זייט.

די הויפּט־קאָמאַנדע פון די יידישע אויפשטענדלער האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין אַ בונקער אויף מילאַ 18 און געהאַט זעקס איינגענג. דעם דאָזיקן בונקער, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, האָבן איינגעאָרדנט אַ גרופּע וואַרשעווער גנבים און אונטערוועלטניקעס מיט זייער „רבין" בראש. דאָרט האָט געהערשט אַ שטרענגע אָרדענונג און דיסציפּלין. זיי האָבן דאָרט גערן אויפגענומען די יידישע קעמפער און מיט גרעסטן יראת הכבוד זיך באַצויגן צו זיי. דאָרט האָט זיך געפונען דער גאַנצער שטאַב מיט מרדכי אַניעלעוויטש בראש, ווי אויך 120 יידישע קעמפער. ס'איז דאָרט אַריינגעצויגן געוואָרן אַ טעלעפאָן, וואָס האָט געהאַט פאַרבינדונג מיט דער אַרישער זייט, ביז דאָס פייער האָט איבערגעדיסן און פאַרברענט אַלע טעלעפאָן־נעצן אין געטאָ. ס'איז דאָרט אויך געווען אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט.

די דייטשן האָבן אַראָפּגעבראַכט אויפן שלאַכטפעלד אַ גרופּע פּרעסע־קאָרעספּאָנדענטן, וואָס זענען באַשטאַנען, אויסער פון פאָרשטייער פון דער דייטשישער פּרעסע, פון קאָרעספּאָנדענטן פון איטאַליענישע, אונגאַרישע, פינלענדישע און שוועדישע צייטונגען. די פּרעסע־גרופּע איז געפירט געוואָרן דורך פאָרשטייער פון דייטשישן פּראָפּאַגאַנדע־אַמט און געשטאַפּאָ־אָפיצירן. די קאָרעספּאָנדענטן האָט מען דערקלערט, אַז אין געטאָ קומט פאָר אַ פּאַציפיקאַציע פון „יידישע קאָמוניסטן און רוסישע פּאַראַשוטיסטן", וואָס האָבן זיך דאָרט באַפעסטיקט . . .

ווען די דייטשן האָבן די קאָרעספּאָנדענטן געפירט דורך די ווילדע גאַסן, זענען זיי פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט פון באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס דייטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין האַנט מאַשין־געווער, גרייט אויף יעדן פאַל . . .

הימלער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ מיט דער גאַנצער שטרענגקייט און אומברחמנותדיקייט. די דייטשן האָבן זיך באַנוצט, אויסער מיט אַרטילעריע און צינד־באָמבעס,

זועלכע זענען געוואָרפן געוואָרן פון אעראָפּלאַנען, אויך מיט מינע־וואַר־פערס און גאַזן. די פאַרלוסטן פון דער יידישער באַפעלקערונג זענען דער־גאַנגען צו די טויזנטער. מאַסן מענטשן זענען פאַרשיט געוואָרן פון די אויפגעריסענע הייזער און פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. גרופּעס דייטשן, וואָס האָבן געוואַגט אַריינצובאַקומען זיך אין „בערשטנמאַכער־בלאָק" האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן איבערמענטשלעכן ווידערשטאַנד מצד די יידישע קעמפער, וואָס האָבן זיי באַוואָרפן מיט גראַנאַטן און ברען־פלעשער און קוים איינצלנע דייטשן האָבן זיך באַוויזן אַרויסצובאַקומען פונעם גיהנום. יידישע קעמפער רייסן זיך אַרויס אויף דער אַרישער זייט און אַטאַקירן דייטשישע גרענעץ־פּאָסטנס. אין די דאָזיקע קאַמפן באַ־טייליקן זיך אויך יידישע מיידלעך פון „זשאָב". ביינאַכט גייען יידישע קעמפער אַרויס פון די באַהעלטעניש און באַפאַלן דייטשישע פּאַטראָלן. זיי פלעגן די שיך אַרומוויקלען מיט שמאַטעס, כדי מען זאָל נישט דער־הערן די טריט. ביינאַכט פלעגט מען אויך אַרויסגיין זוכן פּראָוויאַנט און געווער, וועלכע מען פלעגט צונעמען ביי די דערהרגעטע דייטשן. מען קעמפט אין די קאַנאַלן און אונטערערדישע טונעלן, אָבער זעלטן ווען די דייטשן וואַגן אַהין אַריינצוגיין. זיי באַנוצן זיך אין דעם פאַל מיט גאַזן.

גאַנץ אַנדערש וואָלט געווען דער אויסגאַנג פון די קאַמפן, נישט געקוקט אויפן איבערוויגנדיקן שונא, ווען די דייטשן וואָלטן נישט אַריינ־געפירט אין קאַמף אעראָפּלאַנען, שטיקנדיקע גאַזן און ווען זיי וואָלטן זיך נישט אַרויסגעצויגן פונעם קאַמף פּנים אל פּנים. נישט געווען פּשוט מיט וועמען צו קעמפן און... ביי וועמען צוצונעמען דאָס געווער.

דעם 8טן מאַי 1943 איז דער בונקער פונעם הויפּטשטאַב און קאַמפס־קאָמאַנדע פון „זשאָב" אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן. זיי האָבן אויפגעפאָדערט אַלע אַרויסצוגיין, אין פאַרקערטן פאַל — וועלן זיי אַריינלאָזן גאַזן. פונעם בונקער זענען נאָר אַרויס די גנבים און אונ־טערוועלט־מענטשן. די אויפשטענדלער האָבן געענטפערט מיט אַ שטאַר־קער שיסעריי. ווען די דייטשן האָבן געזען, אַז די קעמפער גיבן זיך נישט אונטער, האָבן זיי אַריינגעלאָזט אין בונקער שטיקנדיקע גאַזן.

14 קעמפער, בראש מיט טאָשיאַ אַלטמאַן און מיכאל ראָזענפעלד, געלינגט זיך אַרויסצוראַטעווען פונעם בונקער און דורך די קאַנאַליזאַציע־

רערן ארויסצובאַקומען זיך אויף דער ארישער זייט. דעם 24טן מאַי 1943 איז טאָשיאַ אַלטמאַן פאַרברענט געוואָרן אויפן בוידעם פון דער פאַבריק פון פילם־ און צעלולאָאיד־מאַטעריאַלן אין פּראַגע, 11 ליסטאָפּאַדאַ גאַס 10, ווו זי איז געווען אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט אַנדערע געראַטעוועטע געטאָ־קעמפער. צוליב אַ נישט פאַרזיכטיק אָנגעווענדן שוועבעלע איז געקומען צו דער שריפה און שטאַרקן אויפרייס, אין וועלכע ס'זענען אומ־געקומען: מאַניע גראַיעק — די פרוי פון שלום גראַיעק (סטעפאַן), מ. מאַיראָוויטש, מ. שאַרפשטיין, ז. קירשנער און יצחק מאָרגנלענדער. גע־ראַטעוועט האָבן זיך נאָר אליעזר געלער און מאיר שוואַרץ. טאָשיאַ אַלט־מאַן און שפרה האָבן זיך, שווער פאַרווונדעטע, באַוויזן ארויסצובאַקומען פונעם ברענענדיקן הויז, זיי זענען אָבער דורך דער פּוילישער פּאָליציי איבערגעגעבן געוואָרן די דייטשן, וועלכע האָבן זיי שפּעטער — משמעות אין שפּיטאָל — אומגעבראַכט.

פון די איבערגעבליבענע אין בונקער אויף מילע 18 העלדישע קעמ־פער זענען אַלע מיטן קאָמענדאַנט מרדכי אַניעלעוויטש בראש אומגעקו־מען. לוטעק ראָטבלאַט האָט מיט די לעצטע קוילן, וואָס ער האָט נאָך גע־האַט, מיט דער אייגענער האַנט דערשאָסן זיין מוטער מאַריאַ ראָטבלאַט און שפּעטער אַליין אַ סוף געמאַכט צו זיין יונג, העלדיש לעבן. דאָס זעל־ביקע האָט אויך געטאָן דער העלדישער אריה ווילנער (יורעק) — דער פריערדיקער פאַרטרעטער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף דער ארישער זייט און איינער פון די בויער און העלדישסטע קעמפער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

ווען טוביה באָזשיקאָווסקי איז צוריקגעקומען פון דער ארישער זייט, כדי אריבערצופירן אַהין די איבערגעבליבענע אין געטאָ קעמפער און איז מיט מ. גראַוואַס (מערדעק) און ישראל קענער, ווי אויך מיט צביה לובעטקין צוגעקומען צום בונקער אויף מילאַ 18, האָבן זיי דערזען דאָס שוידערלעכע בילד: מרדכי אַניעלעוויטש, אריע ווילנער, לוטעק ראָט־בלאַט, בערל ברוידע, רבקה פּאַסאַמאַניק, מלך בלאָנעס, העניעק זילבער־בערג, נאַשקע צוקער, רחל זילבערבערג, אהרן האַלזבאַנד און פיל אַנדערע יידישע קעמפער זענען שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. יהודה ווענגראָווער איז געלעגן פאַרגאַזט, אָבער ער האָט נאָך געלעבט. טאָשיאַ

אלטמאן איז געווען פארווונדעט. זיי האבן זייער יונג, העלדיש לעבן מקריב געווען פאר פרייהייט, כבוד און ווירדע פון זייער פאלק.

דורך די קאנאליזאציע־רערן איז דורך קאזשיקן (שמחה ראטהייזער) און זיינע חברים ארויסגעפירט געווארן אויף דער ארישער זייט דעם 12טן מאי 1943 — 40 יידישע געטא־קעמפער, צווישן וועלכע עס זענען געווען: צביה לובעטקין, מארק עדעלמאן, הערש בערלינסקי, יהודה ווענגראווער, טאשיא אלטמאן, מיכאל ראזענפעלד, א. ערליך. די דאזיקע רעטונגס־אקציע האבן דורכגעפירט יצחק צוקערמאן, קאזשיק (שמחה ראטהייזער), זלמן פרידריך (זיגמונט), שלאמעק שוסטער, טוביה באזשיקאווסקי און יורעק בלאנעס.

אויף דער ארישער זייט זענען געשטאנען אנגעגרייט אויף פראסטע גאס, נישט ווייט פון קאנאל, 2 לאסט־אויטאס, וועלכע האבן שוין געווארט אויף די קעמפער. אין ערשטן אויטא זענען אריין די 40 קעמפער און זיי זענען אפגעפירט געווארן אין מלאטשינער וואלד, נעבן ווארשע. דארט האבן זיי זיך פאראייניקט מיט די קעמפער, וועלכע זענען ארויס אויף דער ארישער זייט פריער. צווישן זיי זענען געווען אליעזר געלער, מארק פאלמאן, זיגמונט איגלא, דוד נאוואדוואָרסקי, א. א.

דער שאפער פון אנדערן אויטא (די אויטאס זענען געווען געדונגענע און די פירמע, ווי אויך די שאפערן האבן נישט געוווּסט צו וואס פארא צוועק מען וועט די אויטאס באנוצן. געהייסן האט עס, אז זיי וועלן דארפן אפנעמען א טראנספארט שיך פונעם געטו. קליינעם געטא אויף פראסטע גאס.) האט באוויזן צו אנטלויפן און וועגן דעם מודיע געווען די דייטשן. די גאס איז באלד ארומגעשטעלט געווארן און ס׳האט זיך אנגעהויבן א גרויסע שלאכט אויף דער ארישער זייט. די איבערגעבליבענע ביים ארויסגאנג פון קאנאל, 20 יידישע קעמפער, ווי אויך די שליחים שלאמעק שוסטער, יורעק בלאנעס, רעגינא פודען, שלמה באטשינסקי, האבן זיך פארביטערט פארטיידיקט אבער זיי זענען ליידער אלע אומגעקומען אין דעם נישט גלייכן קאמף.

קורץ נאך דעם ווי דער אויטא מיט די 40 יידישע קעמפער איז אנגעקומען אין מלאטשינער וואלד, האט דער פארגאזטער יהודה ווענגראווער אויסגעהויכט זיין נשמה.

40 טעג האָבן זיך נאָך געצויגן די קאַמפן פון די יידישע אויפ־שטענדלער מיט די דייטשישע תלינים. אַפילו נאָך דער צייט זענען וויי־טער אָנגעגאַנגען ספּאָראַדישע קאַמפן און זיך געצויגן חדשים לאַנג. זייענ־דיק אַרומגערינגלט פון אַ פייער־וואַנט און שטיקנדיקע גאַזן, האָבן די יידישע קעמפער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד לאַנגע חדשים נאָך דעם, ווי דער תלין גענעראַל סטראָפּ האָט ראַפּאָרטירט זיין אויבער־מאַכט, אַז די נעסט פון יידישן ווידערשטאַנד איז געבראָכן. די דייטשישע „איבער־מענטשן" האָבן זיך לאַנג נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די שלעכט־באַוואָפנטע יידישע יינגלעך און מיידלעך פונעם וואַרשעווער געטאָ; אַלע זייערע אַטאַקעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ שטאָלענער מויער פון יידי־שער גבורה און אויסדויער.

דעם 16טן מאַי האָבן די דייטשישע העלדן אויפגעריסן די גרויסע סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס און דערמיט „אָפיציעל" פאַרענדיקט זייערע מלחמה־אָפּעראַציעס מיט די וואַרשעווער יידן. מיטן אויפרייסן די הויפּטשול — די גרויסע וואַרשעווער סינאַגאָגע, האָבן די דייטשן גע־וואָלט סימבאָליזירן דעם סוף פונעם וואַרשעווער יידנטום. די יודאַאיסטי־שע ביבליאָטעק האָבן די דייטשן געשוינט, ווייל אין דער געביידע האָט סטאַציאָנירט דער שטאַב פון ס. ס.

ווי די דייטשן האָבן אָפיציעל געמאָלדן, האָבן זיי בעת די „קריגס־אָפּעראַציעס" געכאַפּט 56.065 יידן (זעקס און פופציק טויזנט פינפאונ־זעכציק), אַריינרעכענענדיק אין דער זעלביקער צאָל 7.000 דערהרגעטע און אַרויסגעפירטע קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק. אויסער דעם זענען, לויט די דייטשישע אָפיציעלע מעלדונגען, אומגעקומען אונטער די חור־בות פון די פאַרברענטע און אויפגעריסענע הייזער — 6.000 יידן. פאַר דער דאָזיקער „העלדישער" אַרבעט איז ס. ס.־גענעראַל י. סטראָפּ אויס־געצייכנט געוואָרן מיטן אייזערנעם קרייץ, 1 קלאַס.

מיט די ווייטערדיקע אָפּעראַציעס אין געטאָ, וואָס האָבן געדויערט ביז סעפּטעמבער 1943, האָט אָנגעפירט דער פּאָליציי־מאַיאָר סטראָנג. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויפרייסן אַלע הייזער אין געטאָ און אויס־גלייכן זיי מיט דער ערד אַזוי, אַז עס זאָל קיין זכר נישט בלייבן פון דער

אַמאָליקער יידן־שטאָט. די דייטשן האָבן צו דעם צוועק אַראָפּגעבראַכט ספּעציעלע מאַשינען.

דעם 27סטן מאַי איז אויף דער אַרישער זייט געקומען צו אַ גרויסן קאַמף צווישן יידישע קעמפער און אַ דייטשישער פּאָליצײ־אָפּטיילונג. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. אַ סך יידישע קעמפער זענען געווען איבערגעטון אין דייטשישע מונדירן. אין די קאַנאַלן, אויף דער אַרישער זייט, וואָס האָבן געפירט פון געטאָ, האָבן די דייטשן אַריינגעלאָזט רויך־באָמבעס און שטיקנדיקע גאַזן.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די עפּאָפּעע פונעם העלדישן יידישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דער קאַמף איז אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט. בראש פון די יידישע קאַמפס־גרופּן איז געשטאַנען יצחק צוקערמאַן (אַנטעק).

די דייטשן האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, אַז דאָס געטאָ איז אומגעבראַכט געוואָרן אַלס נקמה־אַקט „פאַר די מערדערייען אין קאַטין" . . .

ווי באַוווּסט האָבן די דייטשן אויסגעמאָרדעט אין קאַטין, אונטער סמאָלענסק, אַלע פּוילישע אָפיצירן — קריגס־געפאַנגענע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך, אגב, געפונען אויך איניקע יידן־אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמײ. דער דאָזיקער פאַל האָט אַרויסגערופן אַ מוראדיקע אויפרעגונג ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג. די דייטשן האָבן דעם מאַסן־מאָרד צוגעשריבן די „יידן ־ באָלשעוויקעס" . . .

* * *

עס קומט מיר כסדר אויס און עס וועט מיר מסתמא נאָך נישט איין־מאָל אויסקומען צו הערן די פראַגע: פאַרוואָס האָט דאָס וואַרשעווער געטאָ אַזוי שפּעט זיך גענומען צום קאַמף; פאַרוואָס איז דער אויפשטאַנד נישט אויסגעבראָכן דאַן, ווען אין געטאָ זענען נאָך געווען איבער אַ האַלב מיליאָן יידן; פאַרוואָס האָבן הונדערטער טויזנטער יידן זיך געלאָזט פירן צו דער שחיטה, אַזוי ווי די שעפעלעך.

די דאָזיקע פראַגע שטאַמט פון מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען

פונדערווייטנס פון אונדזער טראַגעדיע, ווייט פון אונדזער געטאָ־לעבן,— וואָרום מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין געטאָ גופא ווייסן די סי־בות, וואָס האָבן גורם געווען צו דעם לאַנגן שטילשווייגן און נישט אָפּ־געשלאָגן גלייך אויפן אָרט די קלעפּ, וואָס זענען אויף אונדז געפאַלן. עס זענען געווען אַ סך טיפע פּסיכאָלאָגישע סיבות, וואָס פאַרענטפערן דאָס שטילשווייגן און די פראַגע, פאַרוואָס דער אויפשטאַנד איז אַזוי שפּעט געקומען.

דאָס אחריות־געפיל פאַרן כלל, וואָס האָט באַלד פונעם ערשטן מאָ־מענט אָן אַרומגענומען אַלע שיכטן פון דער יידישער וואַרשע, האָט נישט געקאָנט דערלאָזן צו אַ ברייט־פאַרצווייגטער רעוואַנש־אַקציע, ווייסנדיק, אַז די דייטשן באַנוצן לגבי יידן קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. קיין שום דיסציפּלינירטע גרופּע, קיין שום יחיד האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו שטעלן אין קאָן דאָס לעבן פון הונדערטער טויזנטער יידן, אינ־דערצייט ווען אויף קיין שום ממשותדיקער הילף האָט מען פון דער אויי־סערלעכער וועלט נישט באַקומען; ווען קיין שום הינטערלאַנד איז נישט געווען צוגעגרייט אַלס אַ נויטיק אָפּשפּרינגברעט. דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געפונען ווי אַ מדבר, אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אָפּגעשניטן פון די גרויסע וועלדער, צו וועלכע דער צוטריט איז געווען באַשווערט צוליב דער פיינטלעכער האַלטונג פון דער מערהייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג לגבי אונדז און וועלכע וואָלטן פאַר אונדז אין אַזאַ פאַל געדאַרפט בילדן אַ נאַטירלעכע בריק אָפּצוראַטעווען זיך, אין ערגסטן פאַל — אַלס ווייטערדיקן קאַמפּס־געביט.

דער טראַגישער פאַקט, וואָס מיר האָבן אַ לאַנגע צייט נישט גע־ווּסט, אַז די אַרויסגעפירטע יידן גייען אויף טויט, האָט אויך נישט גע־שפּילט קיין קליינע ראָל.

דער דייטש האָט זיין מאַסן־אויסראָטונגס־פּלאַן דורכגעפירט סיס־טעמאַטיש, לויט אַ גענויעם פּלאַן אין די קלענסטע פּרטים, פּרעציז, און אים אַזוי ראַפינירט דורכגעפירט, אַז אַ לאַנגע צייט האָט מען זיך נישט געכאַפּט אַז דאָ גייט ווען אַ פיזישער אויסראָטונג פון אַלע יידן. דער דאָזיקער פּלאַן איז דורך די דייטשן דורכגעפירט געוואָרן שטופּענווייז, אין פאַרשידענע עטאַפּן.

אנגעהויבן האָבן זיי, די דייטשן, מיט אַ סיסטעם, וואָס האָט גע־זאָלט אַטראָפירן די חושים, מאָראַליש דעגראַדירן און דערפירן צו אַ מאַסן־אַפּאַטיע און ווילנלאָזיקייט ביי דער יידישער באַפעלקערונג — דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ; דער צווייטער עטאַפּ — מיט יידישע הענט דורכפירן די גוט־צוגעגרייטע אויסראָטונג. נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע איז אָבער די דייטשן געלונגען.

נישט געקוקט אויפן אומבאַשרייבלעכן טעראָר, הונגער און דיס־קרימינאַציע־פּאָליטיק, וואָס די דייטשן האָבן געפירט לגבי אונדז, איז דאָך אָנגעגאַנגען אין געטאָ — אין די שווערסטע באַדינגונגען — אַן אומאויפהערלעכע אונטערערדישע, ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט, הילפס־ און קאַמפס־אַרבעט. עס איז די דייטשן אויך נישט געלונגען אויס־צופירן זייער טייוולאָנישן פּלאַן דורך יידישע הענט.

ווען מען זאָל אפילו נעמען דעם פּראָצענט יידן, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון דער אונטערוועלט, אָדער, וואָס זענען באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס האָבן מאָראַליש נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און מיטגעהאָלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטונגס־אַרבעט, וועט ער זיך אַרויסווייזן אַלס נישטיק קליינער סיי אין דער צאָל סיי אין די אַלגעמיינע פּאָזיטיווע דערשיינונגען פונעם יידישן געטאָ־לעבן, ווי דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען די חלוצישע און אַרבעטער־יוגנט, ווי אויך די פּראָגרעסיווע איני־טעליגענץ. זיי האָבן מיט זייער אויסדויער, אייזערנעם ווילן און אידעאישן באַגאַזש, זיך אַנטקעגנגעשטעלט אַלע שטורעמס און מכשולים; זיי האָבן ווירדיק אָפּגעהיטן דעם כבוד פון ייד און מענטש.

מענטשן, וואָס קומען מיט פאָרווורפן, זענען נישט ביכולת אַריינ־צודרינגען אין דער פסיכיק און מהות פונעם געטאָ־מענטש, פונעם געטאָ־לעבן. זיי דאַרף געניגן דער פאַקט, אַז אויך פעלקער, וואָס האָבן געגאָסן פון אַלע פרייהייטן און זענען געווען באַלעבאַטים פון זייערע אייגענע טעריטאָריעס האָבן אויך אָן ווידערשטאַנד זיך געלאָזט אַרויספירן אין די מיליאָנען פון זייערע היימען, צוזאַמען מיט זייערע גאַנץ הויזגעזינט, און זיך געלאָזט פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע־אַרבעט אין די דייטשישע קאָנ־צענטראַציע־ און אַרבעט־לאַגערן; הונדערטער טויזנטער סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע זענען, פונקט ווי מיר, יידן, ווידערשטאַנדלאָז פאַרגאַזט,

אָדער אויסגעראָטן געוואָרן — און קיין מאַסן־ווידערשטאַנד איז ביי זיי נישט געווען.

ווען מען האָט פיל טויזנטער פּאָליאַקן פּאַרטריבן פון זייערע דערפער פון פּויזנער, קאַלישער, לאָדזשער און לובלינער געגנט און אויף זייער אָרט באַזעצט דאָרט די אָראָפּגעבראַכטע באַלטישע און אַנדערע פאָלקס־דייטשן פון פאַרשידענע לענדער, זענען זיי פּונקט אַזוי געגאַנגען אויף זייערע פאַרשיקונגס־ערטער, ווי מיר יידן — און זיי זענען דאָך געווען די באַלעבאַטים פון זייער אייגענער ערד. ווען מען האָט טויזנטער פּוילישע קינדער אַוועקגעריסן, ווינטערצייט 1942, אין די גרעסטע פרעסט, פון זייערע טאַטע־מאַמעס און זיי אַריינגעשטופּט האַלב־נאַקעטע אין די פּי־וואַגאָנען, וואָס האָבן זיי אָפּגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, האָט זיך נישט געפונען קיין איין פּוילישע קאַמפּס־גרופּע, וואָס זאָל די צוגן אָפּשטעלן און באַפרייען פון דאָרט די נאַקעטע, פאַרפרוירענע קינדער — און זיי האָבן זיך דאָך געפונען אין אייגענעם לאַנד, געהאַט אומעטום אָפענע טירן, סימפּאַטיע און נישט געווען אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע „שמאַלצאָווניקעס” (שאַנטאַזשיסטן) און אַנדערע שוואַרץ יאַר, ווי מיר — יידן. און זיי זענען דאָך נישט געשטאַנען אונטער דער שטענדיקער מורא, אַז דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק וועט אויסגעמאָרדעט ווערן.

ווי נאָר אָבער מיר האָבן דערזען די האָפענונגסלאָזיקייט פון אונדזער לאַגע, אַז אונדזער גורל איז באַשטימט אויף אויסראָטונג, האָבן מיר, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואָס דער אויסגאַנג פונעם נישט גלייכן קאַמף איז פון פאָראויס געווען באַשטימט, אויפגעהויבן די פאָן פונעם קאַמף און ווירדיק געענטפערט דעם גיגאַנטישן קעגנער. דאָס איז געווען אַ מענטשלעכער בונט; אַ פּראָטעסט קעגן ברוטאַלער איבערמאַכט, קעגן דעם אינדיפערענטיזם פון דער וועלט; אַ פּאַטש אין פּנים אַריין די מעכטיקע און שטאַרקע, וואָס האָבן מיט זייער פּאַסיווקייט דערפירט צו אונדזער מיליאָנען־שחיטה. דאָס איז געווען אַ קאַמף נישט פאַרן לעבן, נאָר פאַר אַ ווירדיקן, מענטשלעכן טויט; אַ קאַמף פון נקמה פאַר די אומגעקומענע ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס, פאַר טרעבלינקע און אַנדערע טויט־פאַבריקן; אַ קאַמף פאַרן כבוד פונעם יידישן פאָלק פאַר אַלע דורות.



פּאָלא עלסטער, וואָס איז העלדיש אומגעקומען בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד און איר שוועסטער

בעלאַ עלסטער (וואַנדאַ) די אַקטי־ווע טוערין פון דער אונטערגרונד־באַוועגונג אין וואַרשע



## 14.

# אַ חוצפּה פון יידן צו ווע‍לן לעבן

אויסנוצנדיק אַמאָל די געלעגנהייט, ווען אין שטוב איז קיינער נישט געווען, האָב איך אָנגעוויזן מיין פרוי אויף אַ פּאָר גאָלדענע רינגלעך, וואָס איך זע כסדר ליגן ביי די באַרטשינסקיס אויפן קאָמאָד. איך האָב געפרעגט מיין פרוי, מיט וואָס עס דערקלערט זיך, וואָס די רינגלעך ליגן אויפן קאָמאָד און קיינער באַנוצט זיי נישט.

מיין פרוי האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע טרויעריקע געשיכטע: מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק זענען צו די באַרטשינסקיס געקומען אַ יידישער בחור פון אַ יאָר 18 און אַ יידיש מיידל — פון אומגעפער 16 יאָר.ביידע זענען זיי געקומען פון געטאָ, בעתן אויפשטאַנד, דורך די קאַנאַלן. מען האָט זיי אָנגעוויזן באַרטשינסקיס אַדרעס. דאָרט — האָט מען זיי געזאָגט — וועלן זיי קאָנען איבערנעכטיקן אַ פּאָר נעכט, ביז מען וועט אויסגעפינען פאַר זיי אַ דירה. ביידע זענען זיי געווען זייער שיין און האָבן געהאַט אַ גוטן (אַרישן) אויסזען: ביידע בלאָנד; זי — מיט אַ הערלעכן בלאָנד־קאָפּ און לאַנגע צעפּ און מיט אַ פּאָר העל־בלויע אויגן. זי האָט נאָר געהאַט אַ האָרבאַטע נעזל. ביידע האָבן זיי גערעדט אַ שיינעם פּויליש און האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אינטעליגענטע יונגעלייט. זיי האָבן דערציילט מיין פרוי, אַז זיי געהערן צו דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע („זשאָב”) און האָבן ביז דער לעצטער מינוט געקעמפט אין געטאָ. ווען זיי זענען אַרויס דורך די קאַנאַלן אויף דער אַרישער זייט, האָט מען זיי באַלד אָנגעהויבן צו שאַנטאַזשירן און קוים מיט צרות איז זיי געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון די באַנדיטישע הענט.

די באַרטשינסקאַ האָט זיי דערלויבט איבערצונעכטיקן, אָבער מיטן תנאי, אַז זיי מוזן באַצאָלן פאַראויס פאַרן שלאָפן 150 זלאָטעס אַ נאַכט און פאַרטאָג מוזן זיי פאַרלאָזן די שטוב. געשלאָפן זענען זיי צוזאַמען אין איין בעט. פאַרטאָג האָט זיי די באַרטשינסקאַ אויפגעוועקט און זיי

געהייסן גיין. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט איבער די וואַר־שעווער גאַסן, נישט קאָנענדיק אָנבינדן קיין קאָנטאַקט מיט די אונטער־ערדישע טוער. זיי האָבן ווידער געהאַט אויסצושטיין שאַנטאַזשן. גע־טשעפּעט האָט מען זיך, אייגנטלעך, נאָר צו דעם מיידל. אויף דעם בחור איז קיין חשד נישט געפאַלן, אַז ער איז אַ ייד און ער האָט זיך אַלעמאָל איינגעשטעלט פאַר איר. פאַר דער פּאָליציי־שעה (ווען מען האָט מער נישט געטאָרט גיין אין גאַס) זענען זיי ווידער געקומען צו באַרטשינסקאַ און געבעטן, זי זאָל זיי נאָכאַמאָל דערלויבן איבערצונעכטיקן. היות זיי האָבן נישט געהאַט די נויטיקע סומע געלט, האָבן זיי געגעבן דער באַרטשינסקאַ אַלס משכון די צוויי גאָלדענע רינגלעך. זיי האָבן ווידער איבערגענעכטיקט די נאַכט און פאַרטאָג האָט די באַרטשינסקאַ זיי אויפגעוועקט און גע־הייסן גיין. דערביי האָט זי זיי אָנגעזאָגט, אַז מער זאָלן זיי נישט וואַגן צוריקצוקומען, ווייל זי וועט זיי נישט אַריינלאָזן. מיין פרוי האָט אָנגע־הויבן צו בעטן די באַרטשינסקאַ, אַז זי זאָל נישט זיין אַזוי גרויזאַם און דערלויבן די אומגליקלעכע קינדער, וועלכע קומען פון אַזאַ גיהנום, אי־בערצונעכטיקן נאָך אַ נאַכט, אַדער צוויי און אויב זיי וועלן נישט קאָנען פאַרשאַפן קיין געלט פאַרן נאַכטלעגער, וועט זי פאַר זיי באַצאָלן. די באַר־טשינסקאַ האָט זיך צעשריגן אויף מיין פרוי, אַז זי זאָל זיך נישט מישן אין אירע געשעפטן און זי זאָל דאַנקען גאָט, אַז זי וואַרפט זי נישט אַרויס...

די יונגעלייט האָבן גאָרנישט געזאָגט, נאָר מיט אויגן פול מיט טרערן זיך געזעגנט מיט מיין פרוי און אַוועק. אַכט אַזייגער אינאָוונט איז די באַרטשינסקאַ אַראָפּ פאַרן טויער אָפּוואַרטן זיי. פּינקטלעך ניין אַזייגער אָוונט איז זי צוריקגעקומען און געזאָגט:

— די חוצפּעניקעס זענען דאָך ווידער געקומען. איך האָב זיי גע־שיקט צו אַלע שווארצע יאָר . . .

דאָס איז געשען פּונקט צו דער מינוט, ווען ס׳האָט אויסגעשלאָגן די פּאָליציי־שעה, ווען קיין ציוויל־געקליידעטער מענטש האָט נישט קיין רעכט צו באַווייזן זיך אויפן גאַס, און דערצו נאָך — אַ ייד . . .

וואָס מיט די צוויי יונגע געטאָ־קעמפער איז געוואָרן, ווייסט עד היום קיינער נישט. זיי זענען געווען אָן דאָקומענטן און אָן אָן אַדרעס וווּהין צו גיין. עס איז דאָך קלאָר וואָס מיט די אומגליקלעכע איז געשען.

נישט די בערמאַנס, נישט וואַנדאַ און נישט יוזשעק האָבן עפּעס געוווּסט וועגן די צוויי יונגע מענטשן. אָבער דער באַרטשינסקאַ איז געבליבן נאָך זיי אַ ירושה: צוויי גאָלדענע פינגערלעך . . .

די פרוי פון קראָקע מיט די צוויי קינדער, וואָס האָבן אַ געוויסע צייט געוווינט ביי די באַרטשינסקיס, זענען ליידער אומגעקומען. קיין וואַרשע האָט זיי געבראַכט זייערע אַ באַקאַנטע קריסטלעכע פרוי פון קראָקע — דונין־וואַנסאַוויטש. די דאָזיקע איידעלע פרוי האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו ראַטעווען די יידישע פרוי מיט די קינדער. עס איז איר ענדלעך געלונגען צו געפינען אַן איינזאַמען פּאָליאַק, וואָס איז איינגעגאַנגען פאַר אַ גרעסערע סומע געלט חתונה צו האָבן מיט דער פרוי אין אַ קאָשטשיאָל. דאָס איז געווען אַ גרויסער שיכור און ליידיקגייער. ווען ער האָט פון איר אויסגענאַרט דאָס גאַנצע געלט, האָט ער זי מיט די קינדער אַרויסגעוואָרפן אויף „גאָטס באַראָט" . . .

מיין קינד, וואָס האָט געפירט אַ טאָגבוך, שרייבט וועגן דער באַרטשינסקאַ :

— „מיין „טשיאָטשע" (מומע) איז געווען אַ מאָדנער טיפּ און ס׳איז שווער צו זאָגן, צי זי איז אַ גוטע, צי אַ שלעכטע; אַ שמוציקע, צי אַ ריינע. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט געהאַלטן, אַז זי איז זייער אַ ריינע, נאָר זי האָט נישט ליב געהאַט — ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט — „איבערגעטריבנקייט". ווען מען איז אַריין אין שטוב, האָט ממש געשמעקט מיט ריינקייט. דער דיל איז געווען ריין געוואַשן. אויפן פענצטער און טיש — אַלעמאָל ריינע פוירהאַנגען און סערוועטן. אָבער ווען מען האָט אויפגעהויבן די קאָלדרע פון בעט, זאָל איין גאָט אָפּהיטן וואָס דאָרט האָט זיך געטון... דאָס בעטגעוואַנט האָט זי געטוישט צוויי מאָל אין יאָר: אויף כריסטוסעס געבוירן (באָזשע נאַראָדזעניע) און אויף פּאַסכע (וויעלקאַנאָץ). אין אַ בעט זענען געשלאָפן צו דריי מענטשן, — קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן דעם ריח און די קאָלירן... געוואַשן האָט מען זיך איין מאָל אַ וואָך. די קעפּ האָט מען נישט געוואַשן חדשים לאַנג. די אויבערשטע מלבושים זענען געווען ריין.

„...וואָס שייך איר גוטסקייט? זי איז געווען טרוקן, קאַלט, גראָבקויטיק און נערוועאיש. ווען ס׳איז עמיצער געקומען צו מיר, אָדער צו

זיי, איז זי גלייך געוואָרן גוטמוטיק, איבערהויפּט דעמאָלט, ווען מען האָט געבראַכט געלט פאַר מיר. זי האָט ליב געהאַט, ווען מען איז געווען מיט איר אָפנהאַרציק. איך האָב אָבער לגבי איר נישט געקאָנט זיין אַזוי. איך ווייס נישט, צי דורך דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין ביי איר געווען אין שטוב, האָב איך כאָטש איינמאָל צו איר אַ שמייכל געטון. איך האָב זי קיינמאָל נישט געקאָנט וועגן עפּעס בעטן, ווייל ווי נאָר איך האָב געעפנט ס'מויל, האָט עס זיך גלייך אַליין פאַרמאַכט. איך האָב, איבערהויפּט אין דער ערשטער צייט, ווען כ'בין געקומען פון געטאָ, נישט געקאָנט לאַכן און שפּילן זיך. איך האָב געקאָנט גאַנצע טעג אָפּזיצן אַזוי אומבאַוועגלעך. איך האָב ליב געהאַט צו זיין אַליין און צו טראַכטן וועגן פאַרשידענע זאַכן. שפּעטער, ווען כ'האָב זיך שוין צוגעוווינט, האָב איך זיך געשפּילט מיט באָזשענקאַ (באַרטשינסקאַס יינגערע טאָכטער — י. ט.) און דער „פּעטער" (באַרטשינסקי) האָט אונדז אַרומגעיאָגט איבער דער שטוב. דע־מאָלט איז געווען זייער פריילעך.

...די מומע האָט געהאַט אַן אינטערעסאַנטן אופן פון שלאָגן. זי האָט נישט באַנוצט קיין רימען (פּאַסעק), אָדער אַנדערע זאַכן. איר האַנט איז געווען ערגער ווי אַ האַמער. געשלאָגן האָט זי פאַר פאַרשידענע חטאים: 1) פאַר אַ קלענערע שולד האָט זי געגעבן אַ פּאָר קלעפּ מיט דער האַנט, אָדער לייכט אָנגענומען פאַרן אויער און אַזוי לאַנג אים געדרייט, ביז מען האָט דערזען פאַר זיך 4 עלטער־באָבעס, אָדער זי האָט גאַנץ לייכט אָנגע־נומען פאַרן שפּיץ נאָז און זי לייכט אַרומגעדרייט. אַזוי אָבער ווי מיין נעזל איז זייער אַ קליינס, האָט עס זיך נישט געדרייט אַזוי דעליקאַט, דער־פאַר האָט עס אָבער גאַנץ „דעליקאַט" וויי געטון. פון אַזאַ דרייען מיט דער נאָז איז מיר נישט איינמאָל געגאַנגען בלוט. 2) פאַר אַ גרעסערן חטא האָט זי געכאַפּט פאַרן האַלז און האַלטנדיק אים פעסט, האָט זי גע־שלאָגן, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט: איבערן פּנים, איבערן קאָפּ, איבער די הענט, פיס און גאַנצן קערפּער 3) פאַר אַן „אויסערגעוועגלעכן" חטא האָט זי געשלאָגן מיט אַ שפּענדל האָלץ אָדער מיט אַ הייסן פייער־שאָפל... אַמאָל האָט זי מיר געגעבן אַזאַ שטויס, אַז איך בין אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד. ווען די עלטערע טאָכטער פון די באַרטשינסקיס (דאַנושיאַ) האָט

עס באַמערקט, האָט זי זיך אָנגערופן: „דאָס איז אַן אַלטע כאַלערע, נעמט אַ קינד צום דערציען און באַהאַנדלט עס אַזוי״ . . .

דער „פעטער״ (באַרטשינסקי — י. ט.) אָבער איז געווען זייער אַ גוטער און האַרציקער מענטש. ער האָט מיך ליב געהאַט ווי זיין אייגן קינד און קיינמאָל נישט דערלאָזט צו טון מיר עפּעס שלעכטס. אין זיין קעגנ־וואַרט האָט זי נישט געוואַגט מיך צו שלאָגן. נישט איינמאָל איז צווישן זיי אויסגעבראָכן אַ געשלעג, ווען זי האָט מיך אָנגעהויבן צו שלאָגן״.

דאָס זענען בלויז אייניקע אויסצוגן פון איר טאָג־בוך.

אויך איך האָב געהאַט אַן אמתע הנאה צו רעדן מיט דעם פיינפילנ־דיקן, גוטמוטיקן און אַנשטענדיקן יוזעף באַרטשינסקי, וועלכער האָט אָבער געהאַט דעם חסרון, וואָס ער האָט געציטערט פאַר זיין פרויס בליק און אויב ער האָט זיך יאָ אריינגעמישט אין נישט זיינע ענינים, איז עס נאָר געווען אין פאַל, ווען ער האָט געוואָלט באַשיצן מיין קינד פון אירע קלעפּ.

יוזעף באַרטשינסקי האָט געאַרבעט אין דער אַמוניציע־פאַבריק אין וואָליע. אַ צייט פאַרן קריג איז ער געווען דער אָנפירער פון דער פּ. פּ. ס.־אישער מיליץ אין וואַרשע. ער האָט מיך טאַקע געפרעגט, צי איך ווייס נישט וואָס עס איז געשען מיט בערנאַרדן (גאָלדשטיין), וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער בונדישער מיליץ אין וואַרשע. איך האָב אים גע־ענטפערט, אַז פון אָנהויב, פאַרן איינפירן דעם געטאָ, האָב איך זיך גע־טראָפן מיט בערנאַרדן. שפּעטער איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן און מען האָט אים שוין מער נישט געזען. איך ווייס נישט וואָס מיט אים איז געשען.

באַרטשינסקי האָט שטאַרק מיטגעפילט מיטן גורל פון די יידן. ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ליידער האָט מען דאָס פאָלק (פּוילישע — י. ט.) אַזוי פאַרסמט, אַז זייער באַציאונג צו די יידן איז נישט בעסער ווי די דייט־טשישע. באַרטשינסקי האָט געהערט צו די „פראַקעס״ (מאָראַטשעווסקיס גרופּע), וועלכע האָבן זיך גערופן „סינדיקאַליסטן״. ביי אים אין שטוב פלעגן אָפט פאָרקומען פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער פון דער סינ־דיקאַליסטישער פּאַרטיי. פון דער פּראָווינץ פלעגן אָפט קומען צו אים דע־לעגאַטן, שליחים, וועלכע פלעגן אָפט ביי אים נעכטיקן. דאָרט האָט זיך

אויך געפונען דער צענטער פונעם קאָלפּאָרטאַזש פון די אומלעגאַלע פּויליש צייטונגען און ליטעראַטור, נאָך וועלכע עס פלעגן קומען די שליחים און אָפּנעמען די פּעקלעך. ביי באַרטשינסקין האָט מען אויך אויסבאַהאַלטן געווער און אַמוניציע.

יוזעף באַרטשינסקי האָט מיר, בעת איינעם פון אונדזערע געשפּרעכן געוויזן אַ בריוו, וואָס איז אָנגעקומען אויף זיין אַדרעס, נישט דורך דער פּאָסט, פאַרשטייט זיך, פון אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אין די שווענטאָקזשיסקע בערג (קעלצער געגנט) — ס׳רוב זענען דאָס געווען אַרבעטער פון די באַן־וואַרשטאַטן אין סקאַזשיסקאַ קאַמיעננאַ. אין דעם בריוו האָבן די פּאַרטיזאַנער געבעטן צוצושיקן זיי אַ פּאָר מיליטעריש־אויסגעבילדעטע פּאָליאַקן, וואָס זאָלן זיך קאָנען שטעלן בראש פון דער גרופּע, ווייל מיט זייער גרופּע — ווי זיי האָבן געשריבן — פירט אָן... אַ געוועזענער סאָוויעטישער אָפיציר, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער דייטשישער קריגס־געפאַנגענשאַפט און וואָס האָט נאָך דערצו אַריינגענומען אין זייער גרופּע אייניקע יידן... ווען ס׳וועלן קומען די געפאָדערטע מענטשן — האָבן זיי ווייטער געשריבן אין בריוו — וועט מען קאָנען „ליקווידירן" דעם רוסישן אָפיציר און די יידן... — „אָט אַזוי זעען מיר אויס, אַזעלכע שטימונגען הערשן איצט ביים פאָלק" — האָט מיט באַדויערן פאַרענדיקט באַרטשינסקי זיין שמועס.

* * *

איך האָב אָפּגענומען מיינע בילדער ביים פאָטאָגראַף און זיי איבערגעגעבן יוזשעקן, וועלכער פלעגט אָפט קומען צו אונדז. באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש, נאָך מיין אַרויסגנגבענען זיך פונעם לאַגער, האָט זיך „יוזשעק" מיר מודה געווען, אַז ער איז אַ ייד. זיין ריכטיקער נאָמען איז: יוסף זיסמאַן. איצט הייסט ער — יוזעף זשיעמיאַן. ער האָט געאַרבעט אין וואַרשעווער „צענטאָס" און איצט איז ער איינער פון די אַקטיווסטע און דרייסטסטע פאַרבינדלער פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג. ער האָט באַוויזן צו ראַטעווען זיין עלטערן ברודער, וועלכן ער האָט איינגעאָרדנט ביי אַ פּויער. ער אַליין איז אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס און פירט דורך די געפערלעכסטע שליחותן.

„יוזשעק" האָט געראַטן מיין פרוי, אַז זי זאָל צערייסן איר „קענקאַרטע" (דאָקומענט) און מעטריקע, וואָס זי האָט געהאַט אויפן נאָמען דאַנוטאַ טורטשינסקאַ, ווייל נאָך דעם דורכפאַל, וואָס זי האָט געהאַט צוליבן שאַנ־טאַזש אויף שוסטענגאַ שיערפּניאַ גאַס, איז שוין געווען געפערלעך, זי זאָל זיך איינמעלדן ערגעץ אויף די זעלביקע פּאַפּירן. מען האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז דער סטודענטל זדזשישיאַ, וואָס האָט מיין פרוי שאַנטאַזשירט, וועט נישט וועלן אַרויסלאָזן אַזאַ פעטן ביסן פון האַנט און וועט זי אַרומ־זוכן איבער וואַרשע. אויב זי וועט זיך מעלדן אויפן זעלביקן נאָמען, וועט ער זי, דורכן אַדרעסן־ביוראָ לייכט קאָנען אויסגעפינען.

מיר צערייסן מיין פרויס קענקאַרטע און מעטריקע און זי באַקומט אַנדערע דאָקומענטן אויפן נאָמען: דאַנוטאַ ביאַלקעוויטש. ביים אויס־שטעלן געפעלשטע דאָקומענטן, האָט זיך די אונטערערדישע באַוועגונג תמיד באַנוצט מיט דער ערשטער אַלפאַבעטישער בוכשטאַב פונעם אינ־האַבער ביים אויסשטעלן די אַרישע פּאַפּירן; למשל: טורקאָוו — טאַטאַר־קעוויטש, רינגעלבלום — רידזעווסקי, בערמאַן — ביערנאַצקי (באַראָוו־סקי), וואַסער — וואָדניצקי, זיסמאַן — זשיעמיאַן א. א. וו. אַזוי אַרום איז צווישן טויזנטער געפעלשטע דאָקומענטן, מיט וועלכע די ייִד. אונטער־ערדישע באַוועגונג האָט באַזאָרגט די יידן, לייכטער זיי געווען צו אידענ־טיפיצירן צו די אמתע אינהאַבער.

יוזשעק (זיסמאַן ־ זשיעמיאַן), וואָס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויסגעפונען די פאַמיליע זשיעמיאַנסקי אויף פּאָלנע 40, פונקט ווי ער האָט אויסגעפונען אַנדערע פּוילישע פאַמיליעס, וואָס האָבן פאַר אַ געהעריקן אָפּצאָל מסכים געווען אויסצובאַהאַלטן יידן, האָט אונדז צוגע־זאָגט איבערצורעדן מיט דער פאַמיליע זשיעמיאַנסקי, — אפשר וועלן זיי וועלן אונדז אויפנעמען צו זיך. אגב, זאָגט יוזשעק, איז דאָרט דאָ אַ גוטע מעגלעכקייט איינצוּאָרדענען אַ באַהעלטעניש. יעדנפאַלס וועט ער זיך אינ־טערעסירן וועגן אַ דירה פאַר אונדז און ער האָפט, אַז ער וועט אונדז ערגעץ ווו איינאָרדענען.

ווען יוזשעק איז פון אונדז אוועק, האָט באַרטשינסקאַ אונדז גע־מאָלדן, אַז זי וועט אים מער נישט אַריינלאָזן צו זיך אין שטוב, ווייל אַלע שכנים רעדן שוין אָפן, אַז ביי איר איז אַ זאַמל־פונקט פון „זשידעס"... זי

זויל זיך נישט איינשטעלן צוליב אים און דערלויבט אים מער נישט צו קומען צו אונדז.

פאַר אונדז איז דאָס געווען זייער אַ גרויסער קלאַפּ, וואָרום יוזשעק האָט אונדז אַלעמאָל געבראַכט נייעס פון דער יידישער אונטערערד און דאָס פאַרלירן די פאַרבינדונג מיט אים, האָט אונדז זייער וויי געטון. ס'איז אָבער נישט געווען קיין אַנדערע ברירה. ווען „יוזשעק" האָט אונדז געבראַכט די „קענקאַרטן", האָבן מיר אים איבערגעגעבן באַרטשינסקאָס פאָדערונג און מיט אַ שווער האַרץ זיך געזעגנט מיט אים. יוזשעק האָט מיר אָנגעגעבן אַן אָרט, וווּ איך וועל אים קאָנען טרעפן יעדן טאָג, און די פרימאָרגן שעהען. דאָס איז געווען אַ שפּייז־געוועלבל, ניט ווייט פון אונדז.

מער האָט זיך יוזשעק (זיסמאַן) נישט באַוויזן אין דער דירה פון די באַרטשינסקיס. איך האָב דער באַרטשינסקאַ געזאָגט, אַז יוזשעק וועט מער צו אונדז נישט קומען, אָבער זי באַגייט דערמיט אַ גרויסע עוולה, ווייל, ערשטנס, איז ער נישט קיין ייד, און צווייטנס געהערט ער צו דער פּוילישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע: „אַ. ק." . . .

— מעגלעך — זאָגט די באַרטשינסקאַ — אַז ער איז נישט קיין ייד, אָבער איך זע אין אים אַ ייד און איך וויל נישט איינשטעלן מיין הויז צוליב אים.

איך בין געגאַנגען אויף די אָנגעוויזענע דורך וואַנדאַ (עלסטער) אַדרעסן. אין אַ דירה פון אַ צימער מיט אַ קיך, אויף פּולאַווסקע גאַס, האָט געוווינט אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער מיט זיין פרוי, וועלכע האָט אַ גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין שטוב ביי דער אַרבעט. זי איז געווען אַ שניידערין. איך בין איר הפּנים געפעלן געוואָרן, וואָרום זי האָט מיך שטאַרק צוגעדעדט, איך זאָל דינגען ביי זיי דאָס צימער. זיי זענען געשלאָפן אין דער גרויסער קיך.

— דו ביסט דאָך — זאָגט זי צו מיר — אַ באַן־באַאַמטער, קומסט דו דאָך, פּונקט ווי מיין מאַן, אַהיים נאָר שלאָפן, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע צימער וועט זיין צו דיין פאַרפיגונג. איך אַרבעט אין צימער נאָר בייטאָג.

אויף מיין פראַגע, וווּ עס געפינט זיך די טואַלעט (קלאָזעט), האָט זי מיר געענטפערט, אַז נישט ווייט אויפן הויף, פון דער לינקער זייט...

דאָס איז שוין נישט געווען פאַר מיר קיין פּלאַץ, אָבער איך האָב נאָך ווייטער געשטעלט א פראַגע:

— וויפל קאָסט דאָס צימער ?

— 40 זלאָטעס א חודש — ענטפערט זי מיר (ביי יידן האָט מען גענומען 1000 און 1500 זל.!).

— אזוי פיל — זאָגט זי ווייטער — האָט מיר געצאָלט מיין פאָריקער לאָקאַטאָר. דאָס איז געווען זייער אַן אַנשטענדיקער, רואיקער און אינטעליגענטער הער און ס'וואָלט מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז געווען א ייד... שטעלט אייך פאָר, אַז ער האָט ביי מיר געוווינט 3 חדשים, זיך זייער פיין אויפגעפירט און מיר האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם. פּלוצלינג איז געקומען צו גיין א פּאָליציאַנט און געפרעגט זיך אויף אונדזער לאָקאַטאָר. ער איז גראָד נישט געווען אין שטוב. ער האָט געאַרבעט, ווי ער האָט אונדז געזאָגט, אַלס בוכאַלטער אין א גרויסער פירמע. דער פּאָליציאַנט האָט אים געהייסן איבערגעבן, אַז מאָרגן זאָל ער זיך מעלדן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. ווען אונדזער לאָקאַטאָר איז אין אָוונט אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָבן מיר אים דאָס געזאָגט. ער האָט נאָר געענטפערט:

— וואָס פאַרדרייען זיי מיר א קאָפּ. ווער האָט צייט פאַר זיי — און זיך געלייגט שלאָפן. צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען, ווי געוויינלעך, און אַוועק צו דער אַרבעט, — רעדט זי ווייטער, — מער האָבן מיר אים שוין נישט געזען פאַר די אויגן... מסתמא איז ער טאַקע געווען א ייד... אָבער איך זאָג אייך: אַן אָרנטלעכער מענטש געווען! ווער ווייס וואָס מיט אים איז געשען. דער אַדמיניסטראַטאָר פונעם הויף האָט אונדז געמאָלדן, אַז אויב מיר וועלן איצט אַריינגעמען א נייעם לאָקאַטאָר, וועט ער מוזן אַליין אַרויפקומען צו אים, מיט אַלע דאָקומענטן, זיך איינמעלדן. אָבער דאָס וועט דאָך אייך נישט צונעמען קיין סך צייט, פּאַניע טאַטאַרקעוויטש (ווי זי האָט געדענקט מיין נאָמען!...) איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט ביי אונדז וווינען, וועט טאַקע זיין היימלעכער און מיין מאַן וועט זיך פרייען צו האָבן ביי זיך אין שטוב א קאָלעגע פון דער באַן... וווּ אַרבעט איר?" — פרעגט זי מיך — „אויף דער אָסט־באַן? דאָרט אַרבעט דאָך אויך מיין מאַן" . . .

איך בין אוועק מיט דעם, אז מאָרגן וועל איך איר געבן אן ענטפער.

אויף א צווייט אָרט, אויף מאַקאָטאָווסקע, ווי נאָר איך בין אריין אין טויער פון אן איינשטאָקיג הויז, האָב איך דאָרט דערזען ווי עס שטייען צערטלעך ארומגענומען א שיקסע מיט אן ס. ד.־מאן. ווען זי האָט באַמערקט, אז איך גיי צו צו דער לאָקאַטאָרן־ליסטע, וואָס הענגט אין טויער, האָט זי זיך אָנגערופן:

— פּאַניע קאָלעיאַזשו! (הער באַן־באַאַמטער), וועמען זוכט איר?

איך האָב אויסגעטראַכט א נאָמען און געפרעגט, אין וועלכער וווינונג ער געפינט זיך.

— „אונאָס ניעמאַ טאַקעגאָ" (ביי אונדז איז נישט פאַראַן אזא איינער) — האָט זי מיר געענטפערט.

איך האָב איר באַדאַנקט און צוריק אַרויס אויף דער גאַס. צוליבן שיקסל מיטן דייטש איז מיר שוין דאָס הויז נישט געפעלן. ביים אַרויסגיין, האָט מיר דער דייטש נאָך נאָכגעשריגן: „ניעמאַ, ניעמאַ"... און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

איך האָב באַשלאָסן צוריק אהיימצוגיין צו פוס. אויפן פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען א טראַמוויי־סטאַציע, האָב איך באַמערקט א באַקאַנט פּנים: דאָס איז געווען די טאָכטער פונעם אדוואָקאַט אדלער. זי האָט געאַרבעט ביי אונדז אין געטאָ, אין דער אַלײנהילף. איך ווייס נישט, צי זי האָט מיך דערקענט, אָבער א ווייל האָט זי זיך איינגעקוקט אין מיר און איך האָב דערפילט ווי זי ווערט נערוועאיש. איך האָב שנעל אוועקגעדרייט דעם קאָפּ און ווייטער געגאַנגען מיין וועג. שפּעטער האָב איך זיך אָפּגעגעבן א דין וחשבון, אז מיך האָט זי נישט געקאָנט דערקענען, אָבער זעענדיק, אז א גוי קוקט זיך אזוי איין אין איר, האָט זי מסתמא אויף א ווייל פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט מיינענדיק אפשר אז איך בין א „שמאַלצאָווניק" . . .

15.

# מיר מוזן אַנטלויפן

3 וואָכן האָב איך מיט מיין פרוי געוווינט אין דער דירה פון די באַרטשינסקיס. דאָס זענען געווען דריי וואָכן טויטשרעק. יעדער קלאַפּ ביינאַכט אין טויער, יעדעס אָפּשטעלן זיך פון אַן אויטאָ פאַרן הויז, אָדער טריט פון שטיוול אויף די טרעפּ, האָבן אָפּגעשטעלט דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער. מיר זענען יעדן טאָג אויפגעשטאַנען 5 אַזייגער פאַרטאָג, כדי זיך צו קאָנען אָרנטלעך ארומוואַשן אין קיך, ווי מיר זענען געשלאָפן.

די פאַמיליע באַרטשינסקי איז געשלאָפן אין דערבייאיקן צימער און די טיר פון קיך איז געווען פאַרמאַכט. אָפּגעהיטן וואָלטן מיר געמעגט ווערן, ווען די באַרטשינסקאַ וואָלט באַמערקט וואָס מיר טוען. מיר האָבן זיך געמוזט היטן פאַר איר אפילו מיטן וואַשן. נאָכן ארומוואַשן זיך, האָבן מיר זיך געמוזט גוט ארומקוקן, צי עס איז, חלילה, נישט געבליבן נעבן וואַסער־קראַן, אויפן דיל, א טראָפּן וואַסער. מיין פרוי האָט מיר געמאַכט א באַנדאַזש אויף די ווונדן, וואָס האָבן נאָך אַלץ געאייטערט פון די ביסן פונעם הונט, וואָס די דייטשן האָבן אויף מיר אָנגערייצט, בעתן ארויספירן מיך פונעם אומשלאַגפּלאַץ. דערנאָך האָב איך זיך אוועקגעזעצט נעבן פענצטער, כדי זיך אָפּצוברענען פון דער זון. צום גליק איז דאָס פענצטער אין קיך ארויס אויפן הויף, קעגנאיבער וועלכן עס איז געווען א בלינדע וואַנט, אַזוי אַז קיינער האָט מיך נישט געקאָנט זען. איך האָב געוואָלט, דורכן אָפּברענען זיך, איינהאַלטן דעם טונקעלן קאָליר פונעם פּנים, ביי וועלכן מיינע אויגן האָבן אויסגעזען העלער. מיט יעדן טאָג בין איך אַלץ מער ברוינער געוואָרן. מיר האָבן זיך אויך באַמיט וואָס פריער ארויסצוגיין אין דער טואַלעט, וואָס איז געווען אין קאָרידאָר א געמיינזאַמע פאַר אַלע דירות. מיר האָבן געמוזט אַזוי אויסרעכענען, אַז די שכנים זאָלן אונדז נישט באַמערקן. נישט אַלעמאָל איז עס אונדז אָבער געלונגען. אַמאָל האָבן מיר זיך געשראָקן פאַר צוויי שכנים: דעם אַלטן באַבראָווסקי

— א מיאוסער כוליגאַן, וואָס האָט געוווינט אין דער דירה נר. 16 און פאַרן שכן פון נר. 15 — אָן אָגנענט פון דער געשטאַפּאָ (ער האָט געוווינט אויף א פאַלשן נאָמען).

אין דער וווינונג נר. 18 האָט געוווינט פראַנעק לאַסאָצקי, אַן אַרבעטער אין די שטאָטישע גאַז־אַנשטאַלטן, פאַר וועלכן די באָרטשינסקאַ האָט געוואָלט חתונה מאַכן מיין פרוי... פראַנעק פלעגט אָפט אַריינקומען צו אונדז אין דער וווינונג. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. פאַר אים האָבן מיר נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן.

מיר איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אויף די שכנים בעת מיין אַריין־און־אַרויסגיין פון טואַלעט, דערפאַר האָט אָבער מיין פרוי געהאַט אַזאַ בייז מזל, אַז ווי נאָר זי איז אַרויס, האָט זי זיך אָנגעשטויסן פּנים אל פּנים מיטן כוליגאַן, וואָס האָט זי הפּנים ספּעציעל נאָכגעשפּיאָנירט. אַמאָל האָט ער געפרעגט די באַרטשינסקאַ:

— וואָס טוט ביי איך די רויטע יידין?

ער איז, מסתמא, געווען א ספּעציאַליסט אויסצושמעקן יידן. באָרטשינסקאַ האָט אים אויסגעזידלט פאַר דער חוצפּה אָנצורופן איר קוזינע (אַלס אַזעלכע איז מיין פרוי דאָרט געווען) „זשידאָוויצאַ" און זי האָט אים פאַרמאַכט דאָס מויל. פאַר דער באָרטשינסקאַ האָבן אַלע שכנים מורא געהאַט, אפילו דער שכן — דער דייטשישער קאָנפידענט . . .

ס'איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די טריט אונטער אונדז הויבן אָן צו ברענען. אויסער דעם פלעגט אונדז די באָרטשינסקאַ פאַרסמען אונדזער געמיט מיט די נייעסן, וואָס זי האָט געבראַכט יעדעס מאָל פון גאַס:

— „איצט האָט מען געכאַפּט א יידישע פרוי מיט א קינד", אָדער

— „די יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון געטאָ מאַכן רויבאָנפאַלן אויף פּאָליאַקן" . . .

לעצטנס איז זי געקומען מיט א שפּאָגל נייער מעשה: מען האָט געפונען א פּאָר יידן אין א פּויליש הויז, האָט מען אַלע — סיי די יידן, סיי די באַלעבאַטים פּאָליאַקן — דערשאָסן אויפן אָרט... מיט אַזעלכע „נייעסן" פלעגט אונדז די באָרטשינסקאַ מהנה זיין א פּאָר מאָל א טאָג, ווי נאָר זי

איז צוריקגעקומען פון גאס. פון גרויס אויפרעגונג האט מיין פרוי באקו־מען א רויז אויפן פנים.

מיר האבן געפילט, אז לאנג וועלן מיר דא נישט קאנען פארבלייבן. און קיין נייע דירה האבן מיר נאך אלץ נישט געהאט. איך בין געווען גליק־לעך, ווען איך בין פון שטוב ארויס אויף דער גאס. איך האב מיך באמיט וואס לענגער ארומצודרייען זיך איבער די גאסן. דארט האב איך זיך גע־פילט זיכערער און רואיקער ווי אין שטוב... אבער יעדעס מאל, ווען איך בין אוועק אין שטאט, האט זיך מיין פרוי באאומרואיקט פאר מיין גורל.

פון צייט צו צייט פלעגן קומען צו אונדז טעאדאר פאיעווסקי, באשיע בערמאן, וואנדא, עמילקע קאסאווער און מיין שווענערין רוזשע בלומענ־פעלד, וועלכע מען האט גערופן „פאני דאקטאר", אדער „סטעפא". זי האט געהאט א וואנדערבאר אריש אויסזען — לגמרי נישט אויסגעזען ווי א יידישע און קיינעם וואלט נישט איינגעפאלן, אז זי איז א יידיש קינד. אירס א געוועזענער פראפעסאר פון ווארשעווער אוניווערזיטעט, ווו זי האט געענדיקט סטאמאטאלאגיע, האט איר אויסגעארבעט ארישע פאפירן און זי אפילו רעגיסטרירט אין דער דאקטוירים־קאמער, אזוי, אז זי האט אלס „קריסטין" געהאט א רעכט צו פראקטיצירן. זי האט געארבעט און גע־ווינט אינעם שטעטל פיאסעטשנא, נישט ווייט פון ווארשע. איר מאן, מיין פרוים ברודער — פאלעק בלומענפעלד — האט זי איינגעארדנט אויף א „מעטע" (אן ארט) אויף מאריענשטאט, עק קראקאווער פארשטאט; זייער איינציקן זון, דעם 13יעריקן יורעק, וועלכער האט אויך געהאט א הונ־דערטפראצענטיק אריש אויסזען, האט זי איינגעארדנט צוזאמען מיט איר מוטער ברייטערמאן — אויף זשאליבאזש, א פארשטאט פון ווארשע.

מיין שווענערין „סטעפא" פלעגט צוויי מאל א וואך קומען קיין ווארשע און איינקויפן פראוויאנט פאר איר משפחה און זיי עס איבער־געבן. „סטעפא" האט זייער שווער געארבעט און קוים פארדינט אויף אויס־צוהאלטן זיך אליין. מיר האבן גערעדט וועגן איר מיט די בערמאנס און זיי האבן באשטימט פאר איר א חודש־הילף פון 500 זלאטעס. שפעטער האט מען, א דאנק די באמיאונגען פון וואנדא (בעלא עלסטער) די סומע פארגרעסערט און „סטעפא" האט שוין באקומען שטיצע אויך פאר איר גאנצער משפחה. מיר האבן געשטוינט, פארוואס „סטעפא" (מיין שווע־

געריין) באַהאַלט אױס איר קינד. יורעק, האָבנדיק אַזאַ אױסערגעװײנלעך גוטן אױסזען, האָט דאָך דרײסט געקאָנט ערגעץ אָנגעדונגען װערן אַלס קריסטלעך קינד. דאָס װאָלט פֿון צװײ שטאַנדפּונקטן געװען בעסער: אי צוליב זיכערהײטס־טעמים, אי פֿון מאַטעריעלער זײט. אױב יורעק װאָלט אָנגענאַנגען אַלס קריסטלעך קינד, װאָס איז מכלומרשט געקומען פֿון דער פּראָװינץ קײן װאַרשע, װאָלט מען פֿאַר אים געדאַרפֿט צאָלן אַ צענטל פֿון דעם, װי מען צאָלט פֿאַר אים אַלס ייִדיש קינד. װײזט אױס, אַז „סטעפֿאַ" איז געװען שטאַרק איבערגעשראָקן, װײל איר יורעק איז שױן געװען אױף אַן אָרט, װוּ מען האָט, איבערצײגנדיק זיך, אַז ער איז אַ ייִד, נאָך אַ פּאָר טעג האַלטן, אים אַרױסגעשטעלט אױף דער גאַס. מיר האָבן זיך באַמיט זי צו איבערצײגן, אַז יענע מענטשן האָבן דאָך געװוּסט, אַז יורעק איז אַ ייִדיש קינד, דאַרף זי אים אָפּגעבן צו װילד־פֿרעמדע מענטשן און נישט דערצײלן זײ, װער ער איז. מײן שװעגעריין האָט באַשלאָסן אַזױ צו טון, אָבער ערשט נאָך דעם װי זי װעט איבער אים דורכפֿירן אַ כירורגישע אָפּעראַציע, װאָס זאָל פֿאַרװישן די שפּורן פֿון זײן ייִדישקײט. זי איז שױן געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט אַ געװיסן ד"ר גאַנדז, אַ געװו. מאַיאָר פֿון דער פּױלישער אַרמײ. איך האָב דעם פֿאַרשױן גוט געקענט פֿון װאַרשע־װער געטאָ. ער איז דאָרט געװען אַ „באַקאַנטע" פֿיגור — אָנפֿירער פֿון די דעזינפֿעקציע - קאָלאָנעס און סאַניטאַר־הילף־פּאָליצײ, צוזאַמען מיט די אױסװוּרפֿן שמערלינג (שפּעטערדיקער קאָמענדאַנט פֿונעם אומשלאַג־פּלאַץ) און פּאָליצײ־אָפֿיציר פֿלײשמאַן. (זע: „אַזױ איז עס געװען" — חורבן װאַרשע).

מאַיאָר גאַנדז (אַזױ האָט מען אים גערופֿן) איז איצט געװאָרן אױף דער אַרישער זײט אַ פֿאַרמיטלער צװישן דעם כירורג, װאָס האָט דורכגע־פֿירט די אָפּעראַציעס און די ייִדן, װאָס האָבן זיך געלאָזט אָפּערירן, כדי צו פֿאַרװישן די אײנציקע שפּור פֿון זײער ייִדישקײט. צענדליקער ייִדן האָבן שױן דורכגעפֿירט די דאָזיקע אָפּעראַציעס. אײניקע דאָקטױרים אױף דער אַרישער זײט האָבן דערפֿון „געמאַכט אַ לעבן". צװישן די דאָקטױ־רים האָט זיך אױך געפֿונען דער באַקאַנטער ייִדישער דאָקטאָר טעמערסאָן, װעגן װעלכן מען האָט דערצײלט, אַז ער אַרבעט מיט מיט דער געשטאַפּאָ. מאַיאָר גאַנדז האָט דעם פּאַציענט געבראַכט צום כירורג אױף אַ פּאַרקאָנ־

ספּירירט אָרט. גאנדז האָט פאר דער דאָזיקער אָפּעראַציע גענומען ריזיקע סומעס געלט, פון וועלכע ער האָט א טייל באַצאָלט דעם כירורג. ביי מיין שווערין האָט ער געפאָדערט א סומע, וואָס זי איז נישט אימשטאַנד געווען צו באַצאָלן. פון דער סומע האָט גאנדז גאָרנישט געוואָלט אָפּלאָזן און עס האָבן נישט געהאָלפן קיין בקשות און סענטימענטן — און אז מאַיאָר גאנדז האָט נישט געוווּסט פון קיין סענטימענטן, האָבן מיר אַלע, וואָס האָבן אים געקענט פון געטאָ פון זיין „גאַבעלער" אַרבעט, געהאַט די געלעגנהייט נישט איינמאָל זיך צו איבערצייגן.

מיין שווערין האָט נאָך געהאַט פאר דער מלחמה א ווערטפולע דענטיסטישע באָר־מאַשין, וועלכע איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אירס א באַקאַנטער קריסטין אויף דער אַרישער זייט, האָט זי באַשלאָסן עס צו פאַרקויפן. די מאַשין איז ווערט געווען 5 מאָל אַזוי פיל, וויפל מען האָט איר געוואָלט געבן און זי האָט זי געהאַלטן אויף א „שוואַרצער שעה". איצט אָבער, כדי צו ראַטעווען איר קינד, און קאָנען דורכפירן די אָפּעראַציע, האָט זי די מאַשין געמוזט פאַרקויפן און נעמען פאר איר וויפל מען האָט איר געגעבן. דעם מאַיאָר גאנדז האָט מיין שווערין געמוזט דאָס גאַנצע געלט איינצאָלן פאָראויס, נאָך פאר דער אָפּעראַציע, ווייל אַנדערש האָט ער נישט געוואָלט איינגיין.

א פּאָר טעג נאָך דער אָפּעראַציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז זי איז נישט געלונגען. ווען מיין שווערין איז געקומען צו גאַנדזן א שטאַרק פאַרצווייפלטע און אים דערציילט וועגן רעזולטאַט, האָט גאנדז קאַלט־בלוטיק א ציי געטון מיט די אַקסלען און געענטפערט:

— טאָ וואָס ווילט איר פון מיר? איך האָב דאָך פון אייך גענומען געלט פאר דער אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע איז דורכגעפירט געוואָרן, יאָ, צי ניין? אַי, זי איז נישט געלונגען — דערפאַר האָט איר דאָך נישט באַצאָלט... אויב איר ווילט, מען זאָל אייער זון נאָכאַמאָל אָפּערירן מוזט איר באַצאָלן פאר א צווייטער אָפּעראַציע . . .

ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין בקשות, נישט קיין טרערן. גאנדז איז געבליבן האַרט ווי א שטיין.

מיין שווערין איז אַרומגעלאָפן, כדי צו קאָנען זיך פאַרשאַפן די געפאָדערטע סומע געלט. נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען און זוכענישן, איז

איר געלונגען, מיט דער מיטהילף פון איר אַ געוועזענעם פּאַציענט מגר. קאָוואַלסקי, דער ליטער פון דער אַפּטייק „קאַראַל װענדע", אויף קראַקע־װער פּאַרשטאָט, צו באַקומען די איינציקע טויזנט זלאָטעס. די גאַנצע סומע האָט זי אָבער באַין אופן נישט געקאָנט פאַרשאַפן. װען זי איז געקומען צום מאַיאָר גאַנדז מיט דעם געלט און אים ממש די הענט געקושט, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן, האָט דער בלוטזויגער, װאָס האָט געמאַכט אַ פּאַרמעגן אויפן ייִדישן אומגליק, „באַװיליקט" אָנצונעמען דאָס געלט מיטן תנאי, אַז מײַן שװעגערין װעט אים יעדן חודש, ראַטעסװײַז, באַצאָלן די איבעריקע סומע.

די צװייטע אָפּעראַציע האָט מען געמוזט דורכפירן אויפן פעלד אין זשאַליבאָזש, װײַל דאָס האָט שוין געטון אַ צװייטער דאָקטאָר, װעלכער האָט עס נישט געװאָלט מאַכן בײַ זיך אין שטוב. אויך די צװייטע אָפּעראַציע איז נישט געלונגען. יורעק איז פון דער דאָזיקער אָפּעראַציע אַרויס אַ קאַליקע... מײַן שװעגערין האָט אים װידער באַשלאָסן אויסצובאַהאַלטן. אַנדערע ייִדן האָט די אָפּעראַציע יאָ געהאָלפן און זיי האָבן זיך אַזוי אַרום געראַטעװעט פון אַ זיכערן טויט. די „שמאַלצאָװניקעס" און שאַנטאַ־זשיסטן האָבן לעצטנס אויסגעפונען אַ נײַ מיטל װיאַזוי צו דערקענען אַ ייִד. זיי האָבן אים פּשוט געהייסן אויפקנעפּלען די הויזן און אַזוי אַרום זיך איבערצייגט, צי עס איז אַ ייִד. אַפילו די דײַטשן װאָלט עס קיינמאָל אין לעבן נישט געװען אײַנגעפאַלן. נישט איין קריסט איז צוליב דעם דאָזיקן „ייִדן־געניעג" געפאַלן אַ קרבן. די „שמאַלצאָװניקעס" האָבן גע־לױערט אויף טריט און שריט און װען עמיצער האָט זיי אויסגעװיזן צו זײַן פאַרדעכטיק, האָבן זיי אויף אַזאַ אופן פעסטגעשטעלט זײַן אַריש־קייט . . .

לייכטער איז שוין געװען מיט די ייִדישע פרויען. זיי האָט מען אויך „אונטערזוכט", אָבער אויף אַן אַנדערן אופן. זיי האָבן געמוזט קע־נען אַלע קריסטלעכע מנהגים און תפילות פון אויסנװייניק און גאָט זאָל אָפּהיטן, זיי זאָלן אַ װאָרט פאַרגעסן. מײַן קינד, למשל, װאָס איז צװיי מאָל אַ טאָג געגאַנגען אין קאָשטשאָל אַרײַן, האָט די קריסטלעכע תפילות געקענט בעסער, װי די קריסטן אַליין.

מײַן פּױלישער פרײַנד געראַרד גאַדייסקי, אַ הונדערטפּראָצענטיקער



שלמהלע גזשיוואטש (x) מיטן גלח און קלויסטער־קינדער צווישן וועלכע עס זענען זיכער פֿאַראַן נאָך יידישע קינדער

קריסט פון דור דורות, איז אויך געווען אויסגעשטעלט אויף א „יידן־אונ־טערזוכונג". דער זונדל פונעם הויזוועכטער, ווו ער האט געוווינט צענדלי־קער יארן, האט געהאט א חשד, אז גאדייסקי איז א ייד און ער האט אויף אים אנגעשיקט „קריפא" (קרימינאל־פאליציי). עס האט נישט געהאלפן זיין פארטיידיקן זיך,— מען האט אים מיט געוואלד אויפגעקנעפלט די הויזן און צו זייער גרעסטן באדויערן האבן זיי זיך איבערצייגט, אז ער איז נישט קיין ייד . . .

גראד אין זעלביקן טאג, ווען ער האט געהאט דעם אינצידענט, האט זיך מיר פארגלוסט אים צו באזוכן. ער איז פון דעם פארפאל געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט אזש געציטערט פאר כעס:

— איך בעט דיך, האב גאט אין הארצן, קום מער נישט צו מיר, — האט ער אויסגערופן — ווייל דו וועסט ארייגפאלן. אז מען האט שוין אויף מיר א חשד, וועט מען מיין דירה כסדר נאכשפיאנירן און דו קאנסט נאך פארלירן דיין לעבן.

איך האב נאך באוויזן זיך צו דערוויסן, אז ד"ר יוסף מאקאווסקי, וועלכן ער האט ארייגגעבן אין שפיטאל, ווערט אויך שאנטאזשירט און ער מוז פון דארט ווי אמשנעלסטן אנטלויפן. דערווייל האט מען נאך נישט געפונען פאר אים קיין ארט.

אויף דער גאס הענגען פארשידענע אנטי־יידישע פלאקאטן מיט קאריקאטורן אויף יידן, וואס די דייטשן האבן ארויסגעהאנגען. איינער פון זיי: א ייד מיט פיאות אין געשטאלט פון א טייוול, איינגעהילט אין א טלית; אויפן קאפ תפילין און הערנער. ארום אים — פייער און בלוט, מיט אן אויפשריפט פון אויבן: „דאס איז קאטין!". מיט אזעלכע „ אויפ־קלערערישע" פלאקאטן האט מען געררייצט די נידעריקסטע אינסטינקטן פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג, פארגרעסערנדיק אזוי ארום ביי זיי די שנאה און נקמה־געפילן.

אין קאטין, הינטער סמאלענסק, זענען דאך אויסגעשאסן געווארן דורך די דייטשן טויזנטער פוילישע אפיצירן, אבער די דייטשן האבן דעם מאסן־מארד צוגעשריבן די „יידן־באלשעוויקעס". איז דען א ווונדער, אז ביי אזא ברייט־פארצווייגטער פראפאגאנדע, אונטערשטיצט און דערמוטיקט פון כלערליי פוילישע רעאקציאנערע פארטייען, מיט זייער פרעסע,

האָט מען ביי דער מערהייט פונעם פאָלק פאַרסמט אַלע מענטשלעכע חו־שים; דערפירט זיי דערצו, אַז זיי האָבן געקאָנט אויסגעבן אומשולדיקע יידישע קינדער, וואָס האָבן געזוכט אַ רעטונג אויף דער אַרישער זייט ביי גוטע מענטשן... און נישט נאָר, וואָס זיי האָבן אויסגעגעבן די קינדער צו זייערע אייגענע שונאים — די דייטשן, — נאָר אין אַ סך פאַלן זיי מיט זייערע אייגענע הענט דערהרגעט און אין בעסטן פאַל — גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט צו די מאָרדן איבער די ווערלאָזע און שוצלאָזע קינדער. די זעלביקע פּאָליאַקן, וואָס האָבן גלייכצייטיק געפירט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן אַלגעמיינעם שונא — די דייטשן, — האָבן אויך געקעמפט קעגן די פאַרפאָלגטע יידן.

אין אַזאַ אַטמאָספער איז דורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ חודש נאָך אַ חודש. אומעטום, ווו מען האָט זיך נאָר געריהרט, ווו מען האָט זיך נאָר אַ קער געטון, האָט מען קיין אַנדערע טעמע נישט געהערט, ווי די יידישע, קיין אַנדער בילד נישט געזען, ווי יידן־אויסראָטונג. און קומענדיק צוריק אַהיים — ווידער „נייעס" וועגן יידן..

ווען טעאָדאָר פּאַיעווסקי איז געווען ביי מיר צום לעצטן מאָל, האָב איך אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל מיך און מיין פרוי אַריינגעמען צו זיך אין שטוב. היות ער האָט געוווינט אין אַ קליין הויז, אויפן פּאַרטער, איז געווען אַ גוטע מעגלעכקייט צו מאַכן ביי אים אַ באַהעלטעניש, אַזוי, אַז עס זאָל אים נישט דראָען קיין שום געפאַר. איך האָב אים צוגעזאָגט אַזאַ פּרייז פאַרן אויפנעמען אונדז, וואָס האָט אים הפנים אימפּאָנירט. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט גאָרנישט דאַקעגן, אָבער ער מוז אי־בעררעדן מיט זיין פרוי. אַמבעסטן וואָלט געווען — ווי ער האָט געזאָגט — איך זאָל אַליין אַהינקומען צו אים און מיט איר רעדן.

איך באַשליס נישט אָפּצולייגן די זאַך און באַלד צומאָרגנס טאַקע אַהינפאָרן צו אים.

אין דער וווינונג פון די באַרטשינסקיס פלעגן כסדר קומען שליחים פון דער פּראָווינץ, וואָס פלעגן דאָרט נעכטיקן. דאָס זענען געווען מיט־גלידער פון שטאַב פון דער סינדיקאַליסטישער פּאַרטיי. זיי פלעגן דאָרט אָפּהאַלטן באַראַטונגען, אַהינברענגען און צונעמען פון דאָרט געווער, אונ־טערערדישע ליטעראַטור און פּרעסע. אַגב זענען זיי אין דעם פּרט געווען

זייער טעטיק. ביי די באַרטשינסקיס פלעגט מען אויך האַלטן און פאַר־טיילן געווער. מיט איין וואָרט: דאָרט איז געווען אַ צענטער פון דער סינ־דיקאַליסטישער אונטערערד.

די פרוי באַרבאַראַ, אָדער ווי מען האָט זי גערופן: „פּאַני באַשיאַ", איז געווען די הויפּט־טוערין פון דער גרופּע, וואָס פלעגט אַהין קומען. דאָס איז געווען אַ וווּנדערבאַרע, ליכטיקע געשטאַלט, — די פרוי פון אַ פּוילישן קאַפּיטאַן, וואָס האָט זיך געפונען אין דער דייטשישער קריגס־געפאַנגענשאַפט, האָט זי זיך מיט לייב און נשמה אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן די דייטשן. דאָס איז געווען דער זין פון איר לעבן. באַרבאַראַ איז געווען אַ מענטש מיט העכערער בילדונג, זי האָט אָבער געהאַט אַ גע־מיינזאַמע שפּראַך מיט פּשוטע פאָלקסמענטשן און אַרבעטער, וועלכע האָבן זי ממש פאַרגעטערט. באַרבאַראַ האָט זיך אויך שטאַרק איבערגענומען מיטן גורל פון די ייִדן און זי האָט זיך באמת ביי יעדער געלעגנהייט, ווי ווייט מעגלעך זיי צו העלפן. זי איז געשטאַנען אין כסדרדיקער פאַר־בינדונג מיט דער „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ" (סאָציאַלע הילף) ביים וואַר־שעווער מאַגיסטראַט, איבערהויפּט מיט אירענאַ סענדלער, וואַנדאַ ווירו־באָווואַ און אַנדערע. זי האָט תמיד געפונען צייט, ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט אין אַרויסהעלפן ייִדן. זי האָט אַ סך אויפמערקזאַמקייט געשאָנ־קען די אָפּגעראַטעוועטע פון געטאָ ייִדישע קינדער. די זעלביקע איידעלע פרוי באַרבאַראַ האָט געבראַכט צום ערשטן מאָל מיין קינד צו די באַר־טשינסקיס, ווו זי האָט זי איינגעאָרדנט אויף אַ פּאָר וואָכן, איידער מען האָט זי געזאָלט אַריינגעבן אין אַ קלויסטער אַריין, כדי זי זאָל זיך אין דער קריסטלעכער שטוב באַקענען מיט די קריסטלעכע מנהגים. היות די באַרטשינסקאַ האָט מסכים געווען מיין קינד פאַרהאַלטן ביי זיך ביז אי־בער דער מלחמה, איז פון דעם פּלאַן מיטן קלויסטער גאָרנישט געוואָרן.

איך ווייס וועגן אַ סך פאַלן, ווו די פרוי באַרבאַראַ האָט אַרויסגע־וויזן ייִדן אַ סך הארץ. זי האָט מיר דערציילט וועגן ייִדן — אירע אוני־ווערזיטעט־חברים, וועלכע זי האָט געוואָלט ראַטעווען פון געטאָ. זי האָט נאָך זיי געשיקט שליחים, אָבער לײַדער האָבן יענע זיך אַלץ געוואַקלט און אָפּגעשלעפּט אַריבערצוגיין אויף דער אַרישער זייט. דערנאָך איז שוין גע־ווען צו שפּעט: זיי האָבן שוין נישט באַוויזן אַריבערצוגיין אויף דער אַרי־

שער זייט און געטיילט דעם גורל פון די איבעריקע יידן. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געדעדט וועגן די דאָזיקע יידן. זי האָט אויך שטאַרק אי־בערגעלעבט די נידערטרעכטיקע באַציאונג פון דער גרויסער טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט מיטגעהאָלפן אומברענגען זייערע יידי־שע מיטבירגער. זי האָט מיר דערציילט אַ פאַקט, וואָס זי האָט אַליין מיט־געמאַכט אויף דער באַגנאָ גאַס: אַ גרופּע פּוילישע כוליגאַנישע קינדער האָבן אַנטדעקט אַ יידישע פרוי און זי געפירט צו די דייטשן. זי האָט גע־וואָלט די יידישע פרוי ראַטעווען, האָבן זי די פּוילישע קינדער אויך אַריינ־גענומען אין ראָד אַריין און זי צעשלאָגן, ביז ס'איז אָנגעקומען דייטשישע פּאָליציי און ס'איז איר קוים מיט צרות געלונגען אויפצווייזן, אַז זי איז אַ קאַטאָליקין און די דייטשן האָבן זי באַפרייט. אַגב האָט זי דעמאָלט גע־האַט ביי זיך אומלעגאַלע ליטעראַטור. די יידישע פרוי איז, לײדער, אָפּ־געפירט געוואָרן דורך די דייטשן און וואָס עס איז מיט איר געוואָרן, איז דאָך קלאָר. ווען באַרבאַראַ האָט וועגן דעם גערעדט, האָט זי אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג.

אַ צווייטער פון דער סינדיקאַליסטישער גרופּע — אויך איינער פון די הויפּטאָנפירער — איז געווען אַ געוויסער „שיקאָרא" פון סקאַזשיסקאַ־קאַמיעננאַ; אַ מיטליעריקער פּאָליאַק, וואָס האָט געאַרבעט אין די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען פון די באַן־אַרבעטער, — אַן איידעלער, פיין־פילנ־דיקער מענטש, וואָס האָט אָרגאַניזירט אין סקאַרזשיסקער ראַיאָן (קעל־צער געגנט) די באַן־אַרבעטער צום קאַמף קעגן די דייטשן.

דער דריטער — אַ געוויסער „טאַדעאוש" — איז געווען דער רע־דאַקטאָר פון דער אונטערערדישער פּרעסע פון די סינדיקאַליסטן, וואָס האָט געוווינט אויף סאַסקאַ־קעמפּאַ, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, אויף יע־נער זייט ווייסל, וווּ ער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב אַ געהיימע דרוק־קעריי. אויך מיט אים פלעגט מיר אָפּט אויסקומען צו רעדן. ער האָט גע־האַלטן, אַז... די יידן באַגייען אַ פעלער, וואָס זיי טוען אַלץ אויף איינגע־נער האַנט.

— זיי האָבן — האָט ער געזאָגט — נישט גדאַרפט דורכפירן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ, נאָר... וואַרטן ביז עס וועט קומען אַ פּאַסיקער מאָמענט און צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אַרויסטרעטן געמיינזאַם... (מיט

אנדערע ווערטער: ווארטן ביז מען וועט אלע יידן ביז איינעם אויסקוילען — י. ט.). אויף מיין פראגע, פארוואס מען האט די יידן נישט געגעבן קיין ממשותדיקע הילף בעתן אויפשטאנד אין געטא, האט ער געענטפערט, אז ס'איז נישט געווען קיין פּאסיקער מאמענט פאר אזא אויפשטאנד... אויך דאס, וואס די יידישע פארשטייער פאדערן פאר זיך דאס געלט, וואס מען שיקט פאר זיי פון אויסלאנד דורך דער רעגירונגס־דעלעגאטור, האט ער אויך געהאלטן פאר א גרויסע עוולה, ווייל איצט דארף נישט זיין קיין אונ־טערשיד צווישן די בירגער, צו וועלכער אפשטאמונג זיי זאלן נישט גע־הערן... איך האב געפילט, אז דער „פאן טאדעאוש" זינדיקט א קליין ביסל אונטער מיט אנטיסעמיטיזם, הגם ער האט כסדר אונטערגעשטראכן, אז ער מיינט נאר אונדזער גוטס, א. א. וו. ווי עס זאל נישט זיין — קיין גרויסער פריינט פון יידן איז ער נישט געווען.

די דריי אויסגערעכנטע — אגב זענען מיר זייערע ריכטיקע נעמען אומבאקאנט, איך קען נאר זייערע פארטיי־צונעמען — זענען געווען די הויפט־אנפירער פון דער סינדיקאליסטישער פארטיי בעתן נאציש] רע־רעזשים. פון די דריי איז געבליבן ביים לעבן בלויז איין שיקארא. די ווונ־דערבארע, רייצנדיקע בארבארא איז אין א צייט ארום אומגעקומען. דאס איז געשען ביי פאלגנדיקע אומשטענדן: גייענדיק אין א געוויסן טאג צו איינעם פון די געווער־מאגאזינען אויפן פלאץ פון די דריי קרייצן (פלאץ טשעך קזשיזשי), האט זי פארן טויער פון דעם הויז באמערקט דייטשישע זשאנדארמען. זי האט זיך בליץ־שנעל אריענטירט אין דער לאגע און נישט וועלנדיק ארויסרופן ביי די דייטשן קיין חשד, איז זי נישט צוריקגעגאנגען, נאר אריין אין א דערבייאיק געשעפט, כלומרשט צו טעלעפאנירן. די דייטשן האבן זי אבער באמערקט און אריין נאך איר אין דעם געשעפט, פון וואנען זיי האבן זי ארויסגעפירט און געבראכט אין דער וווינונג, וווּ עס האט זיך געפונען דער מאגאזין פון געווער. פון דארט האט מען באר־באראן צוזאמען מיט די איבעריקע מענטשן, וואס מען האט ארעסטירט, אפגעפירט אין תפיסה אריין (פאוויאק). צוויי חדשים צייט האט מען זי דארט געמאטערט, זי זאל אויסגעבן ווייטערדיקע מענטשן. מורא האבנ־דיק, אז זי וועט די פייניקונגען נישט אויסהאלטן, האט זי זיך פארסמט מיט ציאנקאלי, וועלכע זי האט שטענדיק געהאט מיט זיך, באהאלטן אין די האר.

ווען די ידיעה וועגן איר טויט איז דערגאַנגען אין שטאָט, האָט זי אַרויסגערופן אַ שטאַרקן טרויער ביי אַלע, וואָס האָבן מיט איר געאַרבעט און זי געקענט, נישט איין ייד האָט אויך באַוויינט דעם פּריציייטיקן טויט פון דעם פּרעכטיקן מענטש און גרויסער קעמפערין פאַר פרייהייט און יושר.

טאַדעאוש איז נאָך פאַר איר אומגעקומען. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט זיין הויז אויף סאַסקאַ קעמפּאַ, וווּ ער האָט געוווינט און וווּ עס האָט זיך געפונען די אומלעגאַלע דרוקעריי. ס׳האָט זיך פאַרבונדן אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן. טאַדעאוש האָט שעהען־לאַנג באַשאָסן פון אַן אויטאָמאַט די דייטשן און זיי נישט דערלאָזט צום אַריינגאַנג. ווען ער האָט דערזען, אַז עס גייען אים אויס די קוילן, האָט ער דערשאָסן זיין פרוי מיט זייער פּיצל קינד, וואָס איז אַלט געווען קוים דריי חדשים און דערנאָך זיך אַליין אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. די דייטשן האָבן זייער „נצחון״ אויסגעקויפט מיט אַ סך דערהרגעטע און פאַרוווּנ־דעטע. די העלדישע פאַרטיידיקונג פון טאַדעאושן אויף סאַסקאַ קעמפּאַ איז געווען אַין ווארשע די טעמע פון לאַנגע חדשים.

* * *

איך בין אַוועקגעפאָרן צו טעאָדאָר פּאַיעווסקי, קיין פּראַגע, וועגן דער דירה. איך בין צוגעגאַנגען צום הויפּט־וואָקזאַל און אַוועקגעשטעלט זיך ביי דער טראַמוויי־סטאַציע, אַנטקעגנאיבער דעם וואָקזאַל, כדי צו וואַרטן אויפן טראַמוויי וואָס גייט קיין פּראַגע. שטייענדיק אַזוי, האָב איך באַמערקט ווי עמיצער קוקט אויף מיר די גאַנצע צייט. אינסטינקטיוו האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דערזען פאַר זיך אַן עלעגאַנטן פּאָליאַק אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט פון מיר נישט אַראָפּגענומען זיין בליק. גראָד איז אָנגעפאָרן דער טראַמוויי, אין וועלכן איך האָב געדאַרפט אַריינ־גיין. בליצשנעל האָב איך זיך אָריענטירט, אַז איך דאַרף נישט אַריין אין דעם טראַמוויי, ווייל אויב דער פּאָליאַק, וואָס אָבסערווירט מיך, איז אַן אַגענט, אָדער „שמאַלצאָווניק״ און ער וועט מיר נאָכגיין, איז בעסער אין אַזאַ פאַל צו שטעלן אַלץ אין קאָן. איך האָב אים חוצפּהדיק אָנגעקוקט און אויסגעהאַלטן זיין בליק. ער האָט זיך צעשמייכלט און אַוועקגעדרייט

דעם קאָפּ. משמעות איז ער נישט געווען זיכער צי איך בין א ייד. ס'איז אָנגעקומען נאָך א טראַמוויי (אַגב נישט מיינער) און איך האָב זיך איינגעזעצט אין אים. דער פאַרשווין איז מיר אָבער נאָכגעגאַנגען. די טראַמוויי צו יענער צייט זענען געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן. איך האָב אַזוי מאַנעווירט, אַז כ'זאָל זיין נענטער צום ארויסגאַנג. אין א געוויסן מאָמענט, ווען כ'האָב באַמערקט, אַז מיין פאַרשווין האָט מיך אויף א רגע פאַרלוירן פון זיין בליק, בין איך ארויסגעשפּרונגען אין מיטן פאָרן. דאָס איז געווען אויף אַלייע יעראָזאָלימסקא, נעבן דער בראַצקאַ גאַס. איך בין בליצשנעל אריין אין א טויער, אָפּגעוואַרט דאָרט א צען מינוט און צוריק אַרויס. זעענדיק, אַז מיין נאָכשפּירער איז נישטאָ, בין איך צוגעגאַנגען צו דער גאַס נייע וועלט און גענומען א טראַמוויי, וואָס האָט מיך אריבערגעפירט די ווייסל־בריק. ביי דער קירך אין פּראַגע בין איך אַראָפּ און צוגעגאַנגען צו דער ברוקאָווא גאַס — צו טעאָדאָר פּאַיעווסקי.

אין שטוב האָב איך געטראָפן די פרוי פּאַיעווסקי מיט די קינדער, ווי אויך די פרוי, וועלכע די פּאַיעווסקיס האָבן מיר פאָרגעשטעלט אַלס זייער „מומע". זי האָט זיך גראָד געפּאַקט און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי פאָרט קיין יאַבלאָנע. זי האָט דאָרט ווערטפולע זאַכן, וועלכע זי האָט געוואָלט אָפּנעמען ביי א באַקאַנטן פּאָליאַק. זי האָט זיך מיר מודה געווען, אַז זי איז א יידישע — אַגב האָט זי געהאַט א „גוטן אויסזען". ליידער איז די אומגליקלעכע פרוי שוין מער נישט צוריקגעקומען. די פרוי האָט מען אין יאַבלאָנע איבערגעגעבן אין דייטשישע הענט.

אין שטוב ביי די פּאַיעווסקיס זענען דאַסמאָל אויך געווען צוויי נייע מענטשן: א געוויסער „זאַוואַדזקי" — א סטאָליאַר פון ראַדזימין, אונטער וואַרשע. און א פרוי מיטן נאָמען „העלענאַ" (זייערע ריכטיקע נעמען קען איך נישט). זי איז אויך געווען פון ראַדזימין. איך בין געווען איבערצייגט, אַז דאָס זענען געווען הונדערטפּראָצענטיקע פּאָליאַקן. ער — א פּשוטער, אָבער האַרציקער מענטש, פעסט געבויט, גערעדט א גוטן פּויליש; זי — אַן אינטעליגענטע פרוי — זייער א שיינע, מיט א בלאָנדן קאָפּ האָר, העלע, בלאָע אויגן און א פאַררייסן גויאיש נעזל. די פרוי פּאַיעווסקי האָט זיי מיר פאָרגעשטעלט, אָנרופנדיק מיין ריכטיקן נאָמען. איך

בין נשתומם געבליבן... זעענדיק מיין אויפרעגונג, רופן זיךביידע אָן צו מיר:

— שרעקט אייך נישט, מיר זענען אויך „עמך" . . .

איך האָב פשוט נישט געגלייבט מיינע אייגענע אויערן. זיי זאָגן מיר, אַז זיי קענען מיך גוט און האָבן מיך געזען שפּילן. איך פרעג, ווו טעאָדאָר פּאַיעווסקי איז. זיי ענטפערן מיר, אַז ער איז צוזאַמען מיט „עמילקע" (קאָסאָווער) אַוועק אין שפּיטאָל צו זאַוואַדסקים פרוי, וועלכע האָט געבוירן אַ זון... אָפּגעבנדיק זאַוואַדזקין מזל טוב, פרעג איך אים ווי אַזוי ער האָט ריזיקירט די פרוי אַוועקצוגעבן אין אַ פּוילישן שפּיטאָל. ער האָט זיך צעלאַכט און מיר געזאָגט, אַז זיין פרוי זעט אויס ווי צען גויעס... און טאַקע דער פאַל פון געבוירן דאָרט אַ זון, וועט זיי איצט ראַטעווען, וואָרום דער זון וועט אַרויסבאַקומען אַ נישט געפעלשטע מעטריקע פון געבוירן און אַן אַקט פון שמד. קיין בעסערן דאָקומענט דאַרף מען נישט היינטיקע צייטן.

די פרוי פּאַיעווסקי זאָגט מיר, אַז טעאָדאָר האָט מיט איר גערעדט וועגן אונדז און זי האָט גאָרנישט דאַקעגן, מיר זאָלן דאָרט וווינען. ס'איז מיר אָראָפּגעפאַלן אַ שטיין פון האַרץ. זי וויל נאָר — זאָגט זי — איך זאָל איר דינגען אַ זומער־וווינונג, ווו זי וויל וווינען צוזאַמען מיט די זאַוואַדזקים, ווי נאָר די פרוי זאַוואַדזקי וועט זיך אויסשרייבן פון שפּיטאָל. די פרוי „העלענאַ" האָט געוווינט אין מאַרקי, צוזאַמען מיט עמילקעס ברידער און שוועסטער — קאָסאָווער. זיי קענען זיך נאָך פון ראַדזימין, פון וואַנען זיי אַלע שטאַמען. „העלענאַ" פאָרט מיט זאַוואַדזקין אויף „שמוגל". זיי ברענגען פּראָוויאַנט פון שעדלעצער געגנט, ווו עס איז ביליקער און פאַרקויפן עס דערנאָך אין וואַרשע. פון דעם מאַכן זיי אַ גוט לעבן. איינמאָל אַ וואָך קומען זיי צוריק, פאַרבלייבן אַ פּאָר טעג און פאָרן ווייטער.

איך רעד אָרום מיט זאַוואַדזקין די מעגלעכקייט פון מאַכן אין שטוב אַ באַהעלטעניש. ער זאָגט מיר, אַז ער האָט סיי ווי געטראַכט וועגן דעם אויף יעדן פאַל. ער ווייזט מיר אָן דאָס אָרט. ער וועט — זאָגט ער — אויסשניידן די שוועל צווישן ביידע צימערן און דאָרט וועט זיין דער אַריינגאַנג צום בונקער. גראָד אונטערן ערשטן צימער געפינט זיך אַ קע־

לער. דער אַריינגאַנג אין קעלער פירט דורך טרעפּלעך פון פינצטערן קאָרידאָר. דער בונקער וועט אַלזאָ האָבן פון איין זייט די ציגל־וואַנט פונעם קעלער און ווייטער וועט מען מוזן אויסגראָבן אַ לאָך אונטער דער פּאָדלאָגע פונעם צווייטן צימער. היות אונטערן צווייטן צימער איז נישטאָ קיין ספּעציעלער פונדאַמענט, נאָר בלויז זאַמד, וועט מען דעם בונקער קאָנען מאַכן אין משך פון צוויי טעג. ער זאָגט מיר צו, אַז ער וועט עס אַליין מאַכן, איך וועל נאָר דאַרפן דאָס זאַמד אַראָפּטראָגן אין קעלער. ער וועט עס מאַכן — זאָגט ער — ווייל ווער ווייס, עס קאָן נאָך אַמאָל קומען אַ טאָג, ווען ער אַליין וועט זיך מוזן דאָרט באַהאַלטן... איך בין גליקלעך, וואָס אַלץ האָט זיך אַזוי גוט צוזאַמענגעלייגט. ערגער וואָלט געווען, ווען מ׳וואָלט געמוזט דאָס זאַמד אַרויסשיטן אויפן הויף — דאָס וואָלט שוין געווען אַ סכנה, אַז די שכנים פונעם הויף זאָלן עס באַמערקן און ממילא וואַרפן אַ חשד, אַז עפּעס קומט פאָר ביי די פּאַיעווסקים נישט כשרעס . . .

אין דעם איז אָנגעקומען טעאָדאָר מיט עמילקען. איך האָב געזאָגט טעאָדאָרן, אַז כ׳האָב שוין גערעדט מיט זיין פרוי און זי איז מסכים אונדז אַריינצונעמען. עס בלייבט נאָר איבער, מיר זאָלן אַרויספאָרן דינגען אַ דירה פאַר זיי אויפן זומער. פלוצלינג רופט זיך אָן „עמילקע״ (קאָסאָווער):

— לאָמיר פריער געפינען אַ דירה, דערנאָך וועט מען רעדן . . .

אַלע אין שטוב זענען מיטאַמאָל ווי שטום געוואָרן. איך האָב דערזען, אַז דער ענין הויבט זיך אָן צו קאָמפּליצירן, ווייל אויב עמילקע וועט נישט וועלן, וועט פון דעם גאַנצן עסק גאָרנישט אַרויסקומען. עס איז מיר אָבער באַלד איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק. פון דער קורצער באַקאַנטשאַפט מיט „עמילקען״, האָב איך שוין געוווּסט, אַז מען דאַרף מיט איר „האַנדלען״ און זי פּשוט איבערקויפן, אויב איך וויל נישט, זי זאָל מיר קאַליע מאַכן דעם ענין. איך רוף זיך אָן:

— פאַרשטייט זיך, אַז פריער דאַרף מען דינגען אַ דירה און דערנאָך וועט מען ווייטער רעדן. — און באַלד נאָך דעם רוף איך זיך אָן צו עמילקען, ווי כ׳וואָלט זיך נאָרוואָס וועגן עפּעס דערמאָנט: — יאָ — זאָג איך צו איר — כ׳האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו זאָגן. ביי מיר איז געווען באָראָווסקי (א. בערמאַן) און איך האָב מיט אים גערעדט וועגן אייך. איך

האָב איך עפּעס מיטצוטיילן וואָס וועט אייך שטאַרק אינטערעסירן. איר קאָנט ביי מיר זיין היינט נאָכמיטאָג?

— „אוודאי — זאָגט זי — כ׳האָב דען עפּעס בעסערס צו טון . . .

איך בין נאָך אַ ביסל מיט זיי געזעסן און זיך אָפּגערעדט, אַז מאָרגן וועל איך קומען צו זיי און מיר וועלן ארויספאָרן דינגען אַ דירה. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָרן קיין וועסאָלאַ — אַן אָרטשאַפט, וואָס ליגט נעבן רעמבערטאָוו, הינטער וואַרשע. איך געזעגן זיך מיט זיי און וויל ארויסגיין. עמילקע רופט זיך אָן, אַז זי וועט מיך באַגלייטן. ארויסגייענדיק אויפן גאַס, פרעגט זי מיך וואָס איך האָב גערעדט מיט בראָוווסקין וועגן איר. איך זאָג איר, ווי דער אמת איז געווען, אַז די „פּאַרטיי" זוכט פּאַסיקע מענטשן, וואָס זאָלן קאָנען פאָרן אין די ווייטערליגנדיקע לאַגערס, כדי אָנצובינדן מיט די אָרטיקע יידן אַ קאָנטאַקט, אהינפירן זיי געלט, ווי אויך ארויסצוגנבענען פון דאָרט געוויסע מענטשן. איך האָב עמילקען געזאָגט, אַז איך האָב פאָרגעלייגט אויף דעם טעאָדאָרן און זי. איך האָב איר אָבער נישט געזאָגט, אַז די בערמאַנס זענען מסכים בלויז אויף טעאָדאָרן און ווילן בשום אופן נישט עמילקען, ווייל זיי האָבן צו איר נישט קיין צוטרוי. איך האָב איר אויך געזאָגט, אַז איך וועל זיך באַמיען, מען זאָל טאַקע זיי נעמען.

— דאָס קאָן זיין פאַר אייך — זאָג איך — „אַ גאָלדן געשעפט"...

— און וואָס נאָך האָט געקאָנט מער ווירקן אויף איר, ווי די פּערספּעקטיוו פון אַ גוט געשעפט . .

עמילקע האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט מיר. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיר דערפאַר דאַנקבאַר זיין דאָס גאַנצע לעבן. איך בין אָבער ווייטער געגאַנגען. וואָס שייך מיין דירה — זאָג איך — וואָס כ׳וויל נעמען פאַר זיך און מיין פרוי ביי די פּאַיעוווסקיס, ווייס איך דאָך, אַז זי, עמילקע, נוויטיקט זיך אין געלט, וויל איך איר דערפאַר געבן 500 זלאָטעס וואָס וועלן איר זיכער צונויץ קומען. עמילקע האָט מיר געענטפערט, אַז זי וויל ביי מיר נישט נעמען קיין געלט, ווייל זי ווייסט, אַז איך האָב אַליין נישט, אָבער איך דאַרף דאָך פאַרשטיין, אַז זי קאָן צו די פּאַיעווסקים אריינזעצן אַנדערע יידן און קריגן דערפאַר אַ פאַר טויזנט זלאָטעס. איך האָב איר געענטפערט, אַז איך ווייס עס זייער גוט און דערפאַר

טאקע זאָל זי נישט בייז זיין אויף מיר, וואָס איך גיב איר אַזוי ווייניק, אָבער איך האָב באמת נישט מער.

נאָך מיטאָג איז עמילקע געקומען צו מיר אויף וספּולנאַ 73 און איך האָב איר געגעבן די 500 זלאָטעס, כדי פּאיעווסקי זאָל מיך און מיין פרוי „אריינלאָזן" אין זיין דירה. ער האָט, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם גאָרנישט געוווּסט.

* * *

אין שטוב ביי די באָרטשינסקיס האָב איך תמיד געטראָגן אויפן קאָפּ מיין באַן־היטל. דאָס האָב איך געטון אויף יעדן פאַל, טאָמער וועלן אריינקומען פרעמדע מענטשן, אָדער „אומגעבעטענע געסט", זאָל עס הייסן, אַז איך בין נאָרוואָס געקומען צו גאַסט אָדער גרייט מיך שוין אַוועק־צוגיין. אין דעם טאָג האָב איך זיך טאַקע געגרייט אַוועקצוגיין צו פּאַיעווסקין און פאָרן מיט אים אין דער אָרטשאַפט וועסאָלאַ אויסצוזוכן אַ זומער־וווינונג, — האָבן מיך געפּאַקט „אומגעבעטענע געסט" זיצן ביים טיש און לייענען דעם וואַרשעווער „קוריער", אָדער ווי מען האָט אים ביי אונדז גערופן — דעם „שמאַטלאַוויעץ" . . .

זייער אָפט פלעגט די באָרטשינסקאַ איינגאַנצן אָפּן לאָזן די טיר פון נעם קאָרידאָר. דעמאָלט פלעגן מיר אָבער זיצן אין צווייטן צימער און זי — אין קיך, טוענדיק עפּעס. דאַסמאָל ווייס איך נישט וואָס עס איז געשען מיט מיר, וואָס איך האָב נישט געהערט קיין טריט אויף די טרעפּ. איך בין געווען פאַרטון אין לייענען. עס איז געווען אַ פּאָר מינוט נאָך ניין אינדערפרי. מיין פרוי האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דערבייאיקן צימער, צוזאַמען מיט דער באָרטשינסקאַ. דאָס קינד אונדזערס איז געווען אין גאַס. מער איז קיינער נישט געווען אינדערהיים.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער קלונג אין טיר. איך ריר זיך נישט פונעם אָרט. באָרטשינסקאַ איז אריין פונעם צימער און נישט פרעגנדיק, ווער דאָס איז (אַגב האָט מען ביי די באָרטשינסקיס — און גאַנץ ריכטיק — קיינמאָל נישט געפרעגט ווער דאָס קלינגט) ברייט גע־עפנט די טיר.

עס האָבן זיך באַוויזן 3 ציוויל־געקליידעטע מענער און זיך פאָרגע־

שטעלט: „מיר זענען פון „קריפּאָ" (דייטשישע קרימינאַל־פּאָליציי). באַר־טשינסקאַ האָט זיי גלייך אַריינגעבעטן אין דערנעבנדיקן צימער און פאַר־מאַכט הינטער זיך די טיר. כ'בין דערווייל אויפגעשטאַנען פון מיין אָרט. געני־מען די ציימונג און שטילערהייט אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר. איך באַשליס אָבער איצט נישט אַראָפּצוגיין אויפן גאַס, ווייל עס קאָן נאָך עמיצער פון די חברה־לייט שטיין פאַרן טויער. איך בין אַריין אין אַ קעמערל, וואָס האָט זיך געפונען אין קאָרידאָר. פּלוצלינג קומט מיר אַ געדאַנק, אַז מען קאָן נאָך דאָרט אַמאָל זוכן געווער. איך שפּרינג שנעל אַרויס פון דאָרט און גיי אַריין אין דערבייאיקן קלאָזעט, ווו איך פאַרמאַך זיך פון אינעווייניק. איך וואַרט וואָס עס וועט ווייטער געשען. מיין קאָפּ פּלאַצט מיר שיער נישט: וואָס וועט געשען מיט מיין פרוי . . .

דער „וויזיט" פון די „קריפּאָ"־לייט האָט געדויערט אַן ערך 15 מינוט. מיר האָבן זיי זיך אָבער אויסגעוויזן ווי שעהען. איך הער ווי זיי פאַרלאָזן די דירה און גייען אַראָפּ פון די טרעפּ. עס הערשט אַ טויטע שטילקייט. איך וואַרט נאָך איבער אַ קורצע צייט און גיי צוריק אַריין אין דער וווינונג. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די „קריפּאָ"־אַגענטן געקומען נאָך באַרטשינסקיס זון — באַגדאַן. צום גליק האָבן זיי אים נישט געפונען אין שטוב.

ווען מיין פרוי האָט דערהערט, אַז די „געסט" זענען אַריין אין דער דירה, האָט זי זיך שנעל אַוועקגעזעצט אויף דער ערד נעבן אָפענעם שופ־לאָד פון קאָמאָד און געמאַכט זיך ווי זי וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט און אַזוי אַרום פאַרשטעלט איר פּנים, וואָס איז געווען אינגאַנצן געשוואָלן פון דער רויז־קראַנקהייט, וואָס זי האָט געהאַט. די אַגענטן האָבן אויף איר אפילו קיין אַכט נישט געלייגט. זיי האָבן נאָר געזוכט דעם יונגן באַר־טשינסקי און צוגעזאָגט נאָכאַמאָל צו קומען אין מיטן נאַכט . . .

ווען זיי זענען צוריק אַריין אין קיך, זענען זיי שטיין געבליבן און געפרעגט ווו עס איז דער מענטש, וואָס איז דאָ נאָרוואָס געווען.

— אַ, דאָס איז געווען אונדזערס אַ באַקאַנטער באַן־באַאַמטער, — האָט זי געענטפערט — ער אַרבעט אויפן הויפּטוואָקזאַל. ווען ער האָט אַ פרייע מינוט, כאַפּט ער זיך צו אונדז אַריין, דער פאַן טאַטאַרקעוויטש. ווען די הערן זענען אַריינגעקומען, האָט ער טאַקע געהאַלטן ביים אַוועקגיין...

איך קאָן די הערן צופירן צום הויפּט־וואָקזאַל, ער אַרבעט טאַקע דאָרט... די לעצטע ווערטער האָבן זיי שוין נישט געהערט, זיי זענען אַראָפּ פון די טרעפּ.

דאָס מזל האָט מיר אויך דאָס מאָל צוגעשפּילט, וואָס איך בין נישט אַראָפּ אין גאַס, ווייל פאַרן טויער וואָלט מען מיך פאַרהאַלטן. דאָס טויער איז געווען באַוואַכט פון ציווילע אַגענטן.

ווי עס האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן „אַנטעק" (יצחק צוקער־מאַן), האָט ער זיך גראָד דעמאָלט געקליבן מיך צו באַזוכן... נישט ווייט פון אונדזער טויער האָט ער באַמערקט פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וועלכע האָבן אָבסערווירט אונדזער הויז. ער איז, פאַרשטייט זיך, שוין נישט צוגעגאַנגען צום טויער. אויך „אַנטעק" האָט זיך, אַדאַנק זיין בליצשנע־לער אָריענטאַציע, געראַטעוועט פון אַ זיכערן אומגליק.

## 16.

# פּנים אל פּנים מיט וולאַסאָוועצעס

צוויי פּוילישע באַן־באַאַמטע: טעאָדאָר פּאַיעווסקי און יאַן טאַטאַר־קעוויטש (דאָס הייסט איך) האָבן זיך איינגעזעצט אין צוג, וואָס פירט קיין וועסאָלאַ, נישט ווייט פון וואַרשע. מיר זענען אַריין אין דער אָפּטייר־לונג פון באַן־אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געהאַט די פּריווילעגיע נישט צו קויפן קיין בילעטן. די אָפּטיילונג איז געווען איבערגעפּולט מיט באַן־אָנגע־שטעלטע. דאָס האָב איך געהאַלטן פאַר אַ גרויס גליק פאַר מיר. איך האָב געקאָנט שטיין ביים פענצטער און אַרויסקוקן, אויסמיידנדיק בליקן און פראַגעס. צווישן די אָנוועזנדיקע האָט דאָך געקאָנט זיין אַ באַן־באַאַמטער פון דעם אָפּשניט, וווּ איך האָב מכלומרשט „געאַרבעט" און ער וואָלט דאָך מיך באַלד „געכאַפּט ביי דער האַנט"...

טעאָדאָר פּאַיעווסקי — פון דער נאַטור זייער אַ פריינטלעכער — האָט באַלד אָנגעהויבן צו דערציילן פאַרשידענע מעשיות און שיטן מיט

וויצן. ס'האָט זיך אין אונדזער אָפּטייל גלייך געשאַפֿן אַ געמיטלעכע אַט־מאָספֿער. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט באַלד אַריבערצוגיין צו דער יידן־פֿראַגע. אַלע פֿון די אַנוועזנדיקע האָבן מסכים געווען, אַז איין גוטע זאַך האָבן די דייטשן יאָ אָפּגעטון, וואָס זיי האָבן אויסגעקוילעט די יידן...

יעדער איינער פֿון זיי האָט דערציילט פֿאַרשידענע „נייעסן" וועגן געכאַפּטע יידן, וואָס טוען זיך איבער פֿאַר פּוילישע באַן־אָנגעשטעלטע און ווילן אַזוי אַרום אָפּנאַרן די דייטשן און פּאָליאַקן.

— מיך — רופֿט זיך אָן איינער פֿון די כוליגאַנעס — וועלן זיי נישט אָפּנאַרן. איך דערשמעק זיי באַלד נאָך זייער ציבעלע־ריח . . .

די געזעלשאַפֿט פֿון אונדזער אָפּטייל נעמט עס אויף מיט אַ הילכיקן געלעכטער און די שטימונג ווערט וואָס אַמאָל הייטערער. אין מיינע שלייפֿן קלאַפּט עס אָבער ווי מיט האַמערס. איך מוז זיך באַהערשן, כדי נישט אַרויסצוּווייזן די מינדעסטע אויפֿרעגונג.

טעאָדאָר פּאַיעווסקי הויבט אָן צו ווייזן פֿאַרשידענע „קונצן", אויף וועלכע ער איז געווען אַ גרויסער מומחה. מען האָט אים באַלד אָנגעהויבן צו רופֿן: „פּאַניע מאַגיקו" (הער מאַגיקער) און ער געווינט די סימפּאַטיע פֿונעם גאַנצן עולם. די צייט לויפֿט שנעל פֿאַרביי און מיר דערנענטערן זיך צו אונדזער ציל. מען געזעגנט זיך מיט די „קאָלעגן" און מיר גייען אַראָפּ אויף דער סטאַציע וועסאָלאַ.

עסווימלט דאָרט ממש פֿון מיליטערלייט אין דייטשישע מונדירן. דאָס זענען אָבער נישט קיין דייטשן. דאָס זענען וולאַסאָווצעס — די רו־סישע פֿאַררעטער, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער נאַצישער אַרמיי. מען רופֿט זיי „וולאַסאָווצעס", לויטן נאָמען פֿונעם רוסישן גענעראַל וולאַ־סאָוו, וועלכער איז, ווי באַקאַנט, אַריבער מיט זיין גאַנצער אַרמיי צו די דייטשן. מען הערט דאָרט נישט קיין איין דייטשיש וואָרט, נאָר: רוסיש, טאַטאַריש, גרוזיניש און אוזבעקיש. לרוב זע איך אָבער טאַטאַרן, מיט זייערע כאַראַקטעריסטישע אייגעלעך. מען זעט אויך אַ סך מיליטערלייט געקליידט אין רוסישע מונדירן פֿון דער אַמאָליקער צאַרישער אַרמיי.

פֿון וועסאָלאַ ביז רעמבערטאָוו ציען זיך אומצאָליקע לאַגערס פֿון די דאָזיקע חברה־לייט, וואָס באַקומען דאָרט זייער מיליטערישע אויסשולונג, לויטן מוסטער און לויט די כללים פֿון דער דייטשישער אַרמיי.

ווי נאָר מיר זענען אראָפּ פון דער סטאַציע, האָב איך זיך אָנגע־שטויסן אויף א באַקאַנט פּנים — דאָס איז געווען דער פּולקאָווניק משטשיסלאַוו בוטקעוויטש, דער שעפער פון דער ערשטער פּוילישער רייטער־דיוויזיע פון גענעראַל זשעליגאָווסקיס אַרמיי. ער איז שפּעטער געוואָרן א מיטשותף צו דער אַמעריקער פילם־געזעלשאַפט „טשעך־פילם" אין וואַרשע. זיין אַמביציע איז אָבער געווען צו ווערן א פילם־סטאַר, א צווייטער עמיל יאַנינגס. צוליב דעם טאַקע האָט ער אַריינגעבראַכט אין דער פילם־אונטערנעמונג אַן אוצר מיט געלט. מיך האָט די געזעלשאַפט אַנגאַזשירט אלס רעזשיסאָר און איך האָב נאָך גוט געדענקט די משוגענע שטיק, וואָס בוטקעוויטש פלעגט מאַכן בעת די פילם־פּראָבע־אויפנאַמעס. מיר אַלע האָבן דעמאָלט געהאַלטן, אַז ער איז נישט נאָרמאַל און ער האָט פּאַר אַלעמען געדינט אַלס אָביעקט פון חוזק. איצט, ווען איך האָב דערזען בוטקעוויטשן, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ער איז שוין דווקא נאָרמאַל, וואָס ער, אַלס געוועזענער פּוילישער פּולקאָווניק, געפינט זיך נישט אַלס דייטשישער קריגס־געפאַנגענער, נאָר דרייט זיך פראַנק און פריי אַרום און דאָס — אין א מיליטערישער זאָנע פון די וואָלאָסאָוועצעס. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז בוטקעוויטש איז דאָרט געווען א גאַנצער „מאַכער" און פאַרבינדונגס־מאַן צווישן שטאַב פון די דאָרטיקע וואָלאָסאָווצעס און דער דייטשישער מיליטער־קאָמענדאַנטור. בוטקעוויטש האָט געשטאַמט פון הינטער לידע, גראָדנער גובערניע, ווו ער איז געווען א גרויסער גוטבאַזיצער.

קענענדיק גוט די רוסישע שפּראַך און געניסנדיק פונעם דייטשישן צוטרוי, איז ער דורך זיי באַשטימט געוואָרן אַלס פּאַרטרוויאַונגסמאַן. אָט דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש אין ווערסאַלאַ.

אין משך פונעם טאָג, וואָס איך האָב מיט פּאַיעווסקין פאַרבראַכט אין ווערסאַלאַ, האָב איך געטראָפן בוטקעוויטשן אייניקע מאָל אויף דער גאַס און אין סאָדע־וואַסער־געוועלבל. ער האָט מיך געזען, אָבער מיך נישט דערקענט. אינעם דאָזיקן געוועלבל האָבן מיר באַקומען אייניקע אַדרעסן פון ווילעם, ווו ס'זענען געווען זומער־וווינונגען צו פּאַרדינגען. מיר האָבן זיך געלאָזט אויף די אָנגעוויזענע אַדרעסן.

גייענדיק פון ווילע צו ווילע, האָבן מיר אומעטום באַגעגנט די

„ליכטיקע" פּנימער פון די „וואָלאָסאָווצעס". איך האָב פּאַיעווסקין געראַטן נישט צו דינגען אין וועסאָלאַ קיין דירה. איך האָב געהאַלטן, אַז די געזעלשאַפט פון די וואָלאָסאָווצעס איז נישט פאַר פרויען, וועלכע דאַרפן דאָרט פאַרברענגען דעם זומער, נאָך דערצו, אַז עס דאַרף זיך דאָרט געפינען אַ יידישע פרוי (די פרוי זאַוואַדזקי), צו וועלכער עס וועט אָפט קומען איר יידישער מאַן. פּאַיעווסקי איז מיט מיר נישט מסכים געווען. ער האָט געהאַלטן, אַז טאַקע דאָרט איז דאָס זיכערסטע אָרט, ווייל קיינעם וועט נישט איינפאַלן, אַז יידן וועלן וואַגן צו וווינען אין אַ צענטער פון וואָלאָסאָווצעס . . .

איין דירה, אַ באַזונדער הייזל פון צוויי שטובן מיט אַ קיך, איז פּאַיעווסקין געפעלן געוואָרן. ער האָט די דירה געדונגען, געגעבן דערויף האַנטגעלט און אָפּגערעדט, אַז נאָכדעם ווי די באַלעבאָסטע פון הויז וועט די דירה אויסרעמאָנטירן, וועט ער זיך אריינציען אַהין. די סומע, וואָס מען האָט פאַרלאַנגט פאַר דער דירה, איז אין פאַרגלייך מיט די געלטער, וואָס יידן האָבן געמוזט צאָלן פאַר זייערע דירות געווען גאָר אַ נישטיקע.

אין אַ ווילע, אין וועלכער מיר זענען, צווישן אַנדערען, אריין, האָב איך באַמערקט זיצן אויף אַ וועראַנדע, אַ געזעלשאַפט, צווישן וועלכע כ'האָב דערזען אַ מענטש, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין באַקאַנט. אינעם ערשטן אויגנבליק האָב איך זיך נישט געקאָנט דערמאַנען, ווער ס'איז דער מענטש מיטן אינטערעסאַנטן פּנים. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער וויסנשאַפטסמאַן פון יידישער אָפּשטאַמונג — פּראָפעסאָר ד"ר לודוויג הירשפעלד. ער האָט זיך שטאַרק געענדערט פון דער צייט, ווען איך האָב אים צום לעצטן מאָל געזען מיט אַ יאָר צוריק אין וואַרשעווער געטאָ.

צום אָפּגיין פון אונדזער צוג האָבן מיר געהאַט נאָך צוויי שעה צייט. זייענדיק מיד פון דעם כסדרדיקן ארומגיין איבער וועסאָלאַ, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אויפן וואָקזאַל און באַשלאָסן דאָרט צו וואַרטן, ביז דער צוג וועט אָנקומען. אויף אַ רפואה האָט מען נישט געזען קיין ציווילן מענטש. אַלץ — וואָלאָסאָווצעס: סאָלדאַטן און אָפיצירן. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערטראָגן געזאַנגען פון די וואָלאָסאָווצעס. איינער פון זיי האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב „ספּיטשקעס" (צינדהעלצער). מען פאַרפירט אַ שמועס. איך פרעג אים, ווי עס געפעלט אים פּוילן. ער איז באַגייס־

טערט. — „כּראָשיע דיעוואָטשקי" (שיינע מיידלעך) — צעלאַכט ער זיך און באַווייזט אַ מויל ציין, וואָס דערמאָנען אין ציינדלעך פון אַ זעג. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט געהאַפּט, אַז אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועט זיך די מלחמה ענדיקן. „דעמאָלט" — זאָגט ער — „וועט ער חתונה האָבן מיט אַ שיינער פּאָלקע און ער וועט זי אַוועקפירן „נאַ ראָדינו" (אין זיין היימלאַנד).

— דו מיינסט — פרעג איך אים — אַז די מלחמה גייט שוין צום סוף?

— אַוודאי — ענטפערט ער — מיר זענען שוין באַלד פאַרטיק מיט די זשידעס און באָלשעוויקעס און די מלחמה פירן מיר דאָך נאָר קעגן זיי... נישט לאַנג האָט — זאָגט ער — פאַר אונדז גערעדט אונדזער גע־נעראַל וולאַסאָוו און ער האָט אונדז געזאָגט, אַז איצט איז אַ „סוויאַש־טשעננאַיאַ וואָינאַ" (הייליקע מלחמה), וואָרום מיר קעמפן פאַר אַ פרייער וועלט. נאָך דער מלחמה וועט נישט בלייבן קיין איין „זשיד" און קיין איין באָלשעוויק . . .

— און וואָס האָסטו געטון ביי זיך אינדערהיים? — פרעג איך אים.

— איך האָב געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז, טשאָרט פּאָבערי (צום טייוול)

— רעדט דער מנוול ווייטער — איך האָב נישט קיין מזל. אַ סך פון מיינע לאַנדסלייט, וואָס זענען דאָ מיט מיר, האָבן אַ סך גאָלד, וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי יידן. זיי האָבן געהערט צו די „אָטריאַדן" (אָפּטיילונגען), וואָס האָבן געאַרבעט אין די יידישע שטעטלעך דאָ, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטריבן די „זשידעס". זיי האָבן ביי די קרעציקע יידן אַלץ צוגענו־מען. מיינער אַ חבר האָט איינער אַליין דערהרגעט איבער 100 יידן. עך, ווען איך וואָלט דאָרט געווען, וואָלט איך מער אויסגעשאָכטן — צעלאַכט ער זיך אויפן קול . . .

אונדזער צוג איז אָנגעקומען. מיט אַ ווילדן געשריי האָבן זיך די חברה וולאַסאָווצעס אַריינבאַקומען אין צוג. זיי זענען אָפּגעפאָרן צוויי סטאַציעס און זענען אויסגעשטיגן מיטן זעלביקן ווילדן געשריי. אין דעם צוג איז נישט געווען קיין אָפּטייל פאַר באַן־אָנגעשטעלטע און מיר זענען געפאָרן מיט זיי אין איין וואַגאָן. אַ יונגע פרוי האָט געזונגען רוסישע ציי־גיינער־ראָמאַנסן פאַר די וולאַסאָווצעס, פון וועלכע זי האָט צוזאַמענגענו־

מען א היבש ביסל געלט. די פרוי האָט געהאַט א פּאָר יידישע אויגן, וועל־כע האָבן אומרואיק ארומגעבלאָנדזשעט איבערן וואַגאָן. דער וואָלאָסאָוויעץ, וואָס האָט מיט מיר פאַרפירט א שמועס אויפן וואָקזאַל, רופט זיך אָן צו מיר:

— פאַר 5 זלאָטעס קאָן מען זיך מיט איר איבערשלאָפן אין וואַלד... זי מאַכט א פאַרמעגן... מיר זענען אָרנטלעך אויסגעהונגערט... אָבער ווו נעמט די סטיערווע אַזוי פיל כוח, ווייס איך נישט... — צעלאַכט ער זיך ווידער מיט זיין הירזשעדיקן קול.

ווען מיר זענען צוריק אָנגעקומען קיין ווארשע, האָב איך אָפּגעמאַכט מיט פּאַיעווסקין, אַז אין א פּאָר טעג ארום וועל איך צו אים קומען און מיר וועלן זיך נעמען אויסצופּאַרטיקן אונדזער באַהעלטעניש.

איך געפין זיך ווידער מיט מיין פרוי און קינד. מיר גיבן זיך אי־בער די נייעסן פון די היינטיקן טאָג. יעדער טאָג האָט געבראַכט מיט זיך פיל נייעס. לײדער איז די לעצטע נייעס געווען גאָר נישט קיין פריילעכע.

## 17.

## א „יידן־אַקציע" אויף דער אַרישער זייט

אין הויז אויף ווספּולנא 73, וווּ מיר האָבן געוווינט, האָט זיך געפּו־נען א שפּייז־געוועלבל, וואָס האָט געהערט צו דער אַלמנה פּיעטזשאַק. זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט אירע קינדער אויפן פּאַרטער פונעם זעלבן הויז, וואָס מיר. זייער דירה האָט זיך געגרענעצט מיטן געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פראָנט־זייט פון ווספּולנא גאַס, נעבן איינגאַנגס־טויער.

די פרוי פּיעטזשאַק, זייער א דיקע פרוי, פלעגט זיצן גאַנצע טעג פאַרן געשעפט, ביים טויער, און אָבסערווירן אַלע מענטשן, וואָס גייען אַריין און אַרויס פונעם טויער. מיין טעכטערל פלעגט יעדן טאָג איינקויפן דאָרט שפּייז פאַר די באַרטשינסקים. די פרוי פּיעטזשאַק האָט זי אַלעמאָל אויס־

געפרעגט, פארוואס קומען צו זיי אזוי פיל מענטשן מיט פארשידענע פעק־לעך. זי האט אויך געפרעגט מיין קינד פארוואס זי פארט נישט אהיים צו אירע עלטערן, נאר זיצט כסדר ביי איר מומען בארטשינסקי אין ווארשע. מארגאריטקעלע האט איר געענטפערט, אז איר פאטער האבן די דייטשן אוועקגעפירט קיין דייטשלאנד אויף ארבעט און איר מוטער איז אומ־היילבאר קראנק און געפינט זיך אין שפיטאל אין לעמבערג. צוליב דעם האט זי די „טשיאטשע" בארטשינסקא גענומען צו זיך קיין ווארשע.

די פרוי פיעטזשאק האט זיך צופיל אינטערעסירט מיט דעם, וואס עס טוט זיך ביי די בארטשינסקים אין שטוב און כסדר געוואלט ארויס־באקומען עפעס פון מיין קינד. און אפטער אריינגייער צו דער אלמנה פיעטזשאק איז אויך געווען אונדזער שכן, דער כוליגאן באבראווסקי, וועל־כער פלעגט זיך מיט איר אלעמאל סודען... די טאכטער פון דער פיעטזשאק, אויך אזוי דיק, ווי איר מאמע, איז „ארומגעגאנגען" מיט א דייטש, וועל־כער האט — ווי מען האט געזאגט — געארבעט אין געשטאפא. דער דייטש פלעגט ביי זיי אפזיצן גאנצע אוונטן און דארט זיך טרעפן מיט באבראווסקין.

אין זעלביקן טאג וואס איך בין געווען אין ווערסאלא, איז צו מיין פרוי געקומען פרוי בארבארא און איר איבערגעגעבן, אז זי האט זיך דער־וווסט פון א זיכערער קוועלע, אז קיין ווארשע זענען אראפגעקומען נייע ס. ס. ־ אפטיילונגען פון בולגאריע; זיי דארפן אין די נאענטסטע טעג אנהויבן „א רייניקונגס־אקציע" אין ווארשע און דערביי אויסגעפינען די פארבאהאלטענע יידן אויף דער קריסטלעכער זייט.

היות מיר האבן נישט קיין באהעלטעניש ביי די בארטשינסקים, איז א גרויסע סכנה, מיר זאלן דארט פארבלייבן. נישט נאר וואס מיר וועלן אליין אומקומען, נאר מיר שטעלן אויך אין געפאר אונדזער קינד, וואס האט, אגב, אלע שאנסן אפגעראטעוועט צו ווערן אלס קריסטלעך קינד. מיר מוזן אלזא. שוין פון דארט אוועקגיין.

איך באשליס נאך אין זעלביקן טאג, הגם עס דערנענטערט זיך די פאליציי־שעה, אראפצופארן צו טעאדאר פאיעווסקי און איבער דער נאכט פארטיק מאכן דאס באהעלטעניש, כדי צומארגנס, באלד אינדערפרי, צו קאנען אהיננעמען אויך מיין פרוי.

ביי טעאָדאָר פאַיעווסקי האָב איך געטראָפן די גאַנצע געזעלשאַפט מיט עמילקע קאָסאָווער און זאַוואַדזקין בראש. איך האָב זיי פאָרגעשטעלט די ניי־געשאַפענע לאַגע. איך האָב זיך געמוזט שטאַרק אָנשטרענגען, כדי זיי צו איבערציייגן, אַז זיי מוזן אונדז תיכף אויפנעמען. פון אָנהויב האָבן די פאַיעווסקים אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי איינס: פריער מוזן זיי אַרויספאָרן קיין וועסאָלאַ און דאָס מוז דויערן, צוליבן רעמאָנט פון דער דירה, ווייניקסטנס אַ וואָך צייט.

זאַוואַדזקי און עמילקע האָבן מיר אָבער צוגעהאָלפן איבערציייגן די פאַיעווסקים, אַז צוליב דער געפאַר, וואָס עס דראָט אונדז, איז זייער חוב אונדז גלייך אויפצונעמען. ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען זאַוואַדזקי האָט מיך צוגעפירט צו דער טיר פונעם צווייטן צימער און אַרויסגענומען די גאַנצע שוועל — דעם אַריינגאַנג אין אונדזער באַהעלטעניש. ער האָט עס שוין באַוויזן צו מאַכן אין משך פונעם היינטיקן טאָג. מען האָט דאָרט נאָר געדאַרפט אַרויסנעמען דאָס זאַמד פון אונטער דעם דיל. מיר האָבן זיך תיכף גענומען צו דער אַרבעט. נאָך אַ פאָר שעה אַרבעט איז דאָס באַהעלטעניש געווען פאַרטיק. דאָס זאַמד האָבן מיר מיט עמערס אַראָפגעטראָגן אין קעלער, וואָס איז געווען אין קאָרידאָר און זיך געצויגן אין דער גאַנצער לענג פון דער ערשטער שטוב. אַ האַלבער קעלער איז געווען אָנגעפילט מיט קוילן, אונטער וועלכע — ווי פאַיעווסקי האָט מיר געזאָגט — עס איז געלעגן אַמוניציע. דאָס האָט געהערט צו אַ קאַמפס־גרופע פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. פון דאָרט פלעגט מען עס אָפּנעמען און פאַרטיילן אין באַשטימטע פלעצער.

פאַר אונדז האָבן די פאַיעווסקים באַשטימט דאָס צווייטע צימער, וווּ מיר האָבן געדאַרפט וווינען. דאָס איז געווען זייער אַ גרויס צימער מיט צוויי פענצטער, וועלכע זענען אַרויס אויף ברוקאָוואַ גאַס. איין פענצטער איז שטענדיק געווען פאַרמאַכט מיט לאָדנס און מיר האָבן באַשלאָסן די לאָדנס מער נישט צו עפענען. דאָס צווייטע פענצטער איז געווען פאַרשטעלט מיט פוירהענגלעך, אַזוי, אַז מיר האָבן אַלץ געזען וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. פון דער גאַסנזייט האָט מען אָבער גאָרנישט געזען, וואָס עס טוט זיך אין צימער, — אפילו ווען מען האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פענצטער און אַריינגעקוקט. מיר האָבן געזען אַלע פאַרבייגייער, וואָ־

רום ס'איז געווען אַ נידעריקער פּאַרטער. פאַרשטייט זיך, אַז קיין ליכט האָט מען שוין אין צימער נישט געטאָרט אָנצינדן. זענען מיר אין די אוונטן טאָקע געזעסן אין דער פינצטער.

אין צימער איז נישט געווען קיין שטיקל מעבל. טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל קויפן מעבל און אַריינשטעלן אין צימער. איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס וועט די שכנים קאָנען אויסזען פאַרדעכטיק, וואָס מען וועט פּלוצלינג אַהינברענגען מעבל. איך האָב אים נאָר געגעבן געלט אויף אַן אייזערנעם מאַטראַץ־בעט, וואָס ער האָט צומאָרגנס געדאַרפט קויפן און דאָרט אַוועקשטעלן. אַ קישן מיט אַן איבערדעק האָבן אונדז די פּאַיעווסקיס געגעבן און אַלץ איז געוואָרן צוגעגרייט אונדז אויפצונעמען.

דעם קליינעם זון פון פּאַיעווסקיס — וויעשיאָ — האָבן די עלטערן אָנגעזאָגט, אַז אויב עמיצער פון די שכנים וועט אים פרעגן, צי עס וווינען ביי זיי אין שטוב פרעמדע מענטשן, זאָל ער זאָגן, אַז קיינער וווינט נישט ביי זיי. מיר האָבן אויספּראָבירט דעם אַריינגאַנג אין באַהעלטעניש און ס'איז זייער שנעל צוגעגאַנגען דאָס אַריינגיין און צוריק פאַרמאַכן די שוועל. פון אינווייניק האָט מען די שוועל געקאָנט פאַרריגלען. נאָכן אויסגראָבן די ערד פונעם באַהעלטעניש האָט מען אויפן פּוסטן אָרט געמאַכט אַ טאָפּלטן סופיט. מען האָט פון אויבן אויסגעקלאַפּט מיט ברעטער און צווישן די ברעטער און דעם דיל פונעם צימער — אָנגעפּילט מיט זאַמד. מען האָט זיך גערעכנט מיט דעם, אַז אויב די דייטשן וועלן קלאַפּן אין דיל, זאָלן זיי נישט הערן קיין ליידיקן אָפּקלאַנג, ווייל דאָס וואָלט באַלד פאַרראַטן, אַז אונטערן דיל געפינט זיך אַ באַהעלטעניש. די דייטשן האָבן שוין געהאַט גענוג דערפאַרונג ביים זוכן יידן און אַזוי אַרום טאָקע נישט איין ייד אַנטדעקט. אונדזער באַהעלטעניש איז געמאַכט געוואָרן אַזוי פּרעציז, אַז עס וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס מענטשן. און וועמען וואָלט אויפן געדאַנק געקומען, אַז אַזאַ שמאָלע שוועל קאָן דינען פאַר אַן אַריינגאַנג אין בונקער. מיר האָבן זיך אויך געוואָלט פאַרזיכערן פאַר הינט, וועלכע די דייטשן פלעגן אָפט מיטנעמען, כדי אויסצושמעקן אויסבאַהאַלטענע מענטשן. מיר האָבן באַשלאָסן אָנצוגרייטן אַ פלעשל אַמאָניאַק, וואָס די הינט קאָנען נישט פאַרטראָגן און אַנט־

לייפן פון דעם אָרט פון וואַנען עס טראָגט זיך דער אַמאָניאַק־ריח.

א שווערער פּראָבלעם איז געווען מיטן דערליידיקן די פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש. קיין טואַלעט איז אין פּאַיעווסקיס דירה בכלל נישט געווען און אַלע האָבן געמוזט גיין אין דער אַלגעמיינער טואַלעט, וואָס איז געווען אויפן הויף. פאַר אונדז איז אָבער געווען א געפאַר, אַז באַווייזנדיק זיך אויפן הויף, וועלן מיר דערמיט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרו־מיקע שכנים. פּאַיעווסקי האָט אונדז באַרואיקט, אַז ער האָט וועגן דעם אויך געטראַכט: אין פינצטערן קאָרידאָרל וועט שטיין אַן עמער, וווּ מיר וועלן יעדן טאָג דערליידיקן אונדזערע באַדערפענישן און ער, אָדער די פרוי וועט עס יעדן טאָג ארויסטראָגן אין הויף־טואַלעט. עס איז נישט גע־ווען קיין אַנדערע ברירה, הגם ס׳האָט מיר ווייט געטון, אַז זיי וועלן דאַרפן אַרויסטראָגן די אומרייניקייטן נאָך אונדז.

אין אונדזער שטוב וועט מען יעדן טאָג אַריינטראָגן א שיסל מיט וואַסער און מיר וועלן זיך קאָנען וואַשן. אין קיך, וווּ עס האָט זיך געפֿו־נען דער וואַש־קראַן מיטן אָפּלויף, טאָרן מיר אויך נישט אַריינגיין, ווייל דאָס פענצטער אין קיך איז ארויסגעגאַנגען אויפן הויף און איז כסדר גע־ווען אָפן. דער הויז־וועכטער איז שטענדיק געזעסן ביי זיין טיר און פון צייט צו צייט האָט ער ליב געהאַט אַריינצוקוקן דורכן פענצטער אין קיך אַריין. פאַרהענגען דאָס פענצטער איז געווען געפערלעך, ווייל די פּלוצ־לינגדיקע ענדערונג האָט אויך געקאָנט אַרויסרופן א חשד. עסן האָבן זיי אונדז געדאַרפט ברענגען פון שפּייז־געוועלבל, וואָס האָט זיך געפונען אויף דערזעלביקער גאַס, קעגנאיבער אונדזער הויז. יעדן טאָג וועלן זיי אונדז קאָכן א זופּ, כדי מיר זאָלן האָבן אויך עפּעס וואַרעמעס אין מויל.

טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט מיך נאָך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אין שטוב מוזן מיר רעדן שעפּטשענדיק, אָדער בעסער אינגאַנצן נישט רעדן און אַרומגיין באָרוויס, כדי מען זאָל נישט הערן אונדזערע טריט אין דער שכנותדיקער דירה, וואָס האָט מיט אונדז געגרענעצט. אין אונדזער שטוב איז געווען א טיר, וואָס איז געווען שטענדיק פאַרשלאָסן און האָט געפירט אין א צימער, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו די פּאַיעווסקיס. איצט איז דאָרט געווען דאָס ביוראָ פון דער הויז־אַדמיניסטראַטאָרין, וועלכע קומט אַהין דריי מאָל א וואָך אויף צוויי שעה אויפצונעמען די הויז־איינוווינער און

צו פירן די מעלדונגס־ביכער פונעם הויז. דער אריינגאנג אין דעם צימער איז געווען פון טויער.

צומארגנס איז טעאדאר פאיעווסקי און עמילקע קאסאווער אוועק־געפארן נאך מיין פרוי און זי געזאלט ברענגען אין דער נייער דירה. איך בין שוין דארט פארבליבן. פארנאכט זענען זיי בשלום צוריקגעקומען מיט מיין פרוי. דיאנא האט געהאט דאס פנים ארומגעוויקלט מיט א טוך, כדי נישט צו פארקילן די רויז, וואס איז געווען אויסגעגאסן אויפן גאנצן פנים.ביים איינשטייגן אין טראמוויי, האט זיך איינער פון די פארבייגייער אנ־גערופן צו זיין שכן: „דאס איז א יידישע"... עמילקע האט עס געהערט און האט זיך אנגערופן:

— צי זענט איר פון זינען אראפ? וואס פארא יידישע איז זי? איר זעט דען נישט אז די פרוי איז ערנסט קראנק און איך פיר זי איצט אין שפיטאל אריין?!...

דאס מזל האט מיין פרוי צוגעשפילט און מען האט מער נישט גע־לייגט קיין אכט אויף איר. מען האט זי געבראכט אויף דער נייער דירה צו די פאיעווסקים — אויף א „ניי לעבן" . . .

מיר האבן זיך אפגערעדט, אז די בארטשינסקים זאלן נישט וויסן פון אונדזער נייעם אדרעס. דאס האבן מיר געטון צוליב זיכערקייט־טעמים. עס האט פאר זיי געהייסן, אז מיר באזעצן זיך אויף דער פראווינץ, אונ־טער ווארשע און זיי דארפן, מכלומרשט, דיאנאן אהינפירן. בלויז מיין קינד האט געהאט אונדזער אדרעס. מיר האבן זי געבעטן פון צייט צו צייט צוקומען צו אונדז איינע אליין און קיינעם נישט אויסגעבן אונדזער אד־רעס. אויסער די בערמאנס, יוזשעק (זיסמאן), וואנדא (עלסטער), יאנינא (רחל אויערבאך), האט נאך געוווּסט פון אונדזער אדרעס — אונדזער שווע־גערין רוזשע בלומענפעלד (סטעפא).

מיר האבן ביי די פאיעווסקים געפונען א גאסטפריינטלעכע אויפ־נאמע. אויפן צווייטן טאג פון אונדזער זיין אויף ברוקאווא 8 ביי די פא־יעווסקים זענען צו די בארטשינסקים אריינגעקומען, איינאווונט, מונדירטע געשטאפא־לייט און זיך געפרעגט אויף די פרעמדע מענטשן (זיי האבן אין אזא פאל קיינמאל נישט געפרעגט אויף יידן), וואס געפינען זיך ביי זיי. די בארטשינסקים האבן זיי געענטפערט, אז ביי זיי געפינען זיך נישט קיין

שום פרעמדע מענטשן. די דייטשן זענען אריין אין צווייטן צימער, ארומ־געקוקט זיך אויף אלע זייטן און צוריק ארויס פון דער דירה. ביים אוועק־גיין האָבן זיי אַ גלעט געטון מיין קינד איבערן קאָפּ... מיר האָבן ווידער געשפּילט מיט מזל. די באַרטשינסקיס זענען געווען איבערציינגט, אַז דאָס האָט די פרוי פּיעטזשאַק, די אייגנטימערין פונעם שפּייז־געוועלב, אָנגע־שיקט אויף זיי די געשטאַפּאָ־לייט.

18.

# ביי טעאָדאָר פּאַיעווסקי

די ערשטע טעג פון אונדזער זיין ביי פּאַיעווסקין האָט זיך אויסגע־וויזן, אַז מיר זענען אריינגעפאלן אין אַ גן־עדן. די מענטשן האָבן פּשוט נישט געוווּסט וואָס מיט אונדז צו טון. זיי האָבן אונדז באַדינט, געזאָרגט פאַר אונדז און זיך באַמיט אונדז צו פאַרשאַפן אַ וואַרעמע סביבה.

אין אַ פּאָר טעג ארום האָט מען צוריקגעבראַכט פון שפּיטאָל די פרוי פון זאַוואַדזקין מיט זייער ניי געבוירן יינגעלע. די פרוי זאַוואַדזקי האָט געהאַט אַ וווּנדערבאַר אַריש אויסזען, אָבער ווי נאָר זי האָט אָנגע־הויבן צו רעדן, האָט מען באַלד דערקענט, אַז זי איז אַ יידישע. מיר האָבן געשטוינט, ווי אַזוי זי האָט זיך נישט פאַרשיט אין שפּיטאָל מיט איר רעדן. האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז זי האָט בעת דער גאַנצער צייט פון איר זיין אין שפּיטאָל קיין וואָרט, אויסער „יעזוס מאַריאַ", נישט ארויסגערעדט . . . עמילקע און טעאָדאָר האָבן אונדז איבערגעגעבן, אַז ווען מען האָט זי אויס־געשריבן פון שפּיטאָל, האָבן די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער פּשוט זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון דער קימפּעטאָרין: אַזאַ איידעלע, שטילע, גאָטספאָרכטיקע פרוי... זי האָט די גאַנצע צייט גאָרנישט געבעטן, קיין שום פאַרלאַנג נישט אויסגעדריקט און אויף אַלעם געענטפערט בלויז „יאָ" אָדער „ניין". זיי האָבן נאָך — האָבן זיי געזאָגט — אַזאַ קראַנקע נישט געהאַט... און דערצו נאָך — אַזאַ פרומע; זי האָט דאָך נאָר גערעדט מיט „יעזוס מאַריאַ" . . .

צו אונדז פלעגן אָפט קומען די עלטערע שוועסטער פון דער פרוי פּאיעווסקי — סטאַניסלאַווא יאשטשיק און זייער יינגסטע שוועסטער — אַ בילד־שיין שיקסל פון אַ יאָר 14. גערופן האָט מען זי — קרישיאַ. ווי עמילקע האָט אונדז איבערגעגעבן, איז דאָס נישט קיין שוועסטער, נאָר די טאָכטער פון דער פרוי פּאיעווסקי, וועלכע זי האָט געבוירן, זייענדיק נאָך אַ פריילין. כדי נישט צו צעשטערן דעם שידוך מיט טעאָדאָר פּאיעווסקין, האָט מען אים איינגערעדט, אַז דאָס איז איר יונג שוועסטערל... טעאָדאָר האָט אין דעם געגלויבט.

פּונקט ווי סטאַניסלאַווא יאשטשיק, איז אויך די יינגסטע קרישיאַ געווען צו אונדז זייער הארציק און ארויסגעוויזן אונדז אַ סך געפיל ביז צום סוף פון אונדזער זיין ביי די פּאיעווסקים.

איין זאַך, וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט פּועלן ביי די פּאיעווסקים איז דאָס, אַז זיי זאָלן אפילו די משפחה־מענטשן נישט ווייזן אונדזער באַהעלטעניש. זיי האָבן, נישט געקוקט אויף אונדזערע פּראָטעסטן, יעדן פון זיי צוגעפירט צום שוועל פון טיר, געעפנט זי און זיי געוויזן וואָס פּאראַקונציק באַהעלטעניש מיר האָבן... אפילו דער קליינער וויעשיאַ (פּאיעווסקים זון) האָט געוווסט פון דעם „בונקער". אמאָל האָט ער זיך טאַקע געריממט, אַז ווען אַ שכנה פונעם הויף האָט אים געפרעגט, צי ביי זיי אין שטוב זענען פאַראַן יידן, האָט ער געענטפערט:

— ביי אונדז זענען נישטאָ קיין שום יידן; ביי אונדז זענען דאָ בלויז צוויי ארטיסטן — אַ מאַן מיט אַ פרוי . . .

דערהערנדיק דאָס, איז אונדז אַלע פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. מען האָט זיך באראָטן וואָס צו טון און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז מען וועט די שכנה, ווי אויך נאָך אַ פּאָר שכנים פונעם הויז פּארבעטן אין שטוב אריין, כדי זיי זאָלן זיך איבערצייגן, אַז ביי די פּאַיעווסקים איז קיינער נישטאָ.

צו דער באַשטימטער צייט זענען מיר אראָפּ אין אונדזער באַהעלטעניש און מען האָט אריינגעפירט די שכנים, כדי זיך מיט זיי, מכלומרשט, צו באַראָטן ווי אזוי אויסצומאָלן די דירה. ליגנדיק אין אונדזער „לאָך", אונטערן דיל, האָבן מיר געהערט ווי די פרוי פּאיעווסקאַ פירט אריין די שכנים אין קיך, אין פּאָדערשטוב, דערנאָך — אין זייער צימער און לסוף

— אין אונדזער שטוב. מיר האָבן געהערט ווי די פרוי פּאַיעווסקאַ האָט זיי דערציילט, אַז איר מאַן האָט באַקומען אַ הוספה פאַר זיין אַרבעט אויף דער באַן און זיי קאָנען זיך איצט דערלויבן אויפצופרישן די דירה, וואָס איז שוין אַזוי לאַנג נישט געווען רעמאָנטירט. איינע פון די „קומאַשקעס" האָט זיך אָנגערופן.

— און איך האָב געמיינט, אַז מען האָט שוין פּאַיעווסקין אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט, ווייל גאַנצע טעג זעען מיר אים אין שטוב . . .

די פרוי פּאַיעווסקאַ האָט זיך נישט פאַרלוירן און גלייך געענטפערט, אַז איר מאַן איז איצט אַן עלטערער באַן־אַרבעטער און ער האָט דאָרט צו טון בלויז אַ פּאָר שעה אין טאָג. איינער פון די שכנים האָט געזאָגט, אַז איצט וועלן שוין די פּאַיעווסקים אים קאָנען געבן צו פאַרדינען, ווייל ער איז אַ שטובנמאַלער.

באַלד אויפן אָרט איז אָפּגעמאַכט געוואָרן דאָס געשעפט. ווען די פּאַיעווסקאַ וועט זיין מיט די קינדער אויף דער זומער־וווינונג, וועט מען אויסרעמאָנטירן די דירה.

נאָך דעם באַזוך פון די שכנים. איז די שטימונג אין שטוב געוואָרן אַ בעסערע. טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט זיך געריבן די הענט:

— איצט — זאָגט ער — וועט שוין דער גאַנצער הויף וויסן, אַז מיר האַלטן נישט קיין „קעץ" (יידן). איך מוז נאָך פאַרבעטן צו זיך דעם „קשיאָנדז" (גלח) פון אונדזער קאָשטשיאָל און כ'וועל פאַר אים צוגרייטן די אמתע אויפנאַמע. זאָל ער זען ווער טעאָדאָר פּאַיעווסקי איז . . .

אַנומלט האָט מען דעם קליינעם וויעשיאָ פּאַיעווסקי ווידער געפרעגט אויפן הויף, וואָס עס איז מיט די אַרטיסטן, וואָס געפינען זיך ביי זיי. וויעשיאָ האָט זיי געענטפערט, אַז זיי זענען שוין נישטאָ...

צו יענער צייט האָבן מיר געהאַט גענוג געלט, כדי צו קאָנען זיך בעסער דערנערן. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט אויפשטעכן די אויגן פון אונדזערע באַלעבאַטים. מיר האָבן געוואָלט, אַז עס זאָל זיך שאַפן ביי זיי דער איינדרוק, אַז מיר האָבן קוים־קוים אויף לעבן און דעריבער קאָנען מיר זיך נישט דערלויבן אויף אַ בעסערע באַשפּייזונג. אויסער דעם. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז וואָס מער מיר וועלן אָפּשפּאָרן פון די געלטער, וואָס

מיר באקומען פון דער אונטערערדישער ארגאניזאציע, אלץ בעסער וועט פאר אונדז זיין, ווייל ווער וויס, וואס עס שטייט אונדז נאך פאר.

יעדן טאג האבן אונדז די פאיעווסקים אדער עמילקע (קאסאווער) מיט איר עלטערער שוועסטער רעגינא, וועלכע זי האט ארויפגעבראכט קיין ווארשע, באזארגט מיט אלעם נויטיקן. רעגינא קאסאווער האט אויך גע־האט א „גוטן אויסזען" און גערעדט גוט פויליש. זי האט זיך פריי געקאנט באוועגן איבער די גאסן אלס קריסטין. זי האט אויך ארויסגעוויזן גרויס פאראינטערעסירונג מיט אונדז.

רעגינא קאסאווער האט מען ביי די פאיעווסקים אויסגענוצט ווי א פשוטע דינסט. זי האט געוואשן די דילן, די פענצטער און געקאכט מי־טאג. איצט האט מען ביי די פאיעווסקים געלעבט א גוטן טאג. זיי האבן געגעסן ווי נגידים אין די גוטע, פארמלחמהדיקע צייטן. אן שנאפס איז קיין מיטאג נישט געווען.

בעתן מיטאג האט מען זיך גאנץ פיין אונטערגעהאלטן. טעאדאר פאיעווסקי האט דערציילט וויצן און א פריילעך, זארגלאז געלעכטער איז דערגאנגען ביז צו דער גאס. אגב דארף דא באמערקט ווערן, אז נישט ווייט פון אונדז האט זיך געפונען די פראגער געשטאפא.

עמילקא און רעגינא — די צוויי שוועסטער קאסאווער — האבן אויך אנטיילגענומען אין דער פריילעכער אונטערהאלטונג און זיך באמיט איינע דער צווייטער איבערצושטייגן מיט זייערע פיקאנטע מעשיות... זייער הויפט־טעמע איז געווען: יידן. ווי דערשטוינט בין איך און מיין פרוי גע־ווארן, ווען מיר האבן פון אונדזער צימער געהערט די דערציילונגען פון די צוויי יידישע מיידלעך קאסאווער, וועלכע האבן זיך באמיט צו איבער־ציינגן די גויים, אז עס זענען נישטא קיין ערלעכע יידישע פרויען.

מיין פרוי האט זיך נישט געקאנט איינהאלטן און אויפמערקזאם געמאכט די שוועסטער קאסאווער, בעת זיי זענען אריין צו אונדז אין צי־מער, ווי אזוי זיי קאנען גאר ארויסברענגען פון מויל אזעלכע אויסדריקן וועגן יידישע פרויען, וועלכע זענען אומגעקומען מיט אזא שרעקלעכן טויט. עס ליגט דאך אויף זיי א חוב צו פארהייליקן דעם ליכטיקן אנדענק פון אונדזערע שוועסטער. רעגינא און עמילקא האבן זיך קנאפ וואס אי־בערגענומען דערמיט און נאך אנגעגריפן מיין פרוי:

— דו דאַרפסט זיי נישט פאַרטיידיקן, דאַנקאַ, — האָט רעגינאַ גע־זאָגט — זיי זענען נאָך ערגער פון קורוועס... בכלל זענען די יידן אַ פאָלק, וואָס דאַרף אונטערגיין . . .

און די צווייטע שוועסטער, עמילקע, האָט צוגעגעבן:

— איך האָב קיינמאָל פון יידן קיין גוטס נישט געהאַט. ווען נישט פאָליאַקן, וואָלט איך מיט מיין שוועסטער און ברידער שוין לאַנג געפוילט אין דער ערד. ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועל איך מיט קיין ייד קיין שום מגע ומשא נישט האָבן . . .

אונדזערע הערצער האָבן געבלוטיקט, ווען אונדז איז כסדר אויסגע־קומען צו הערן געשפּרעכן אויף דער דאָזיקער טעמע און די „שיינע אויס־דריקן" וועגן יידישע פרויען, צו וועלכע עס זענען שפּעטער נאָך צוגעקו־מען די ציניש באַמערקונגען פון טעאָדאָר פּאַיעווסקי.

ווען ס'איז צו אונדז געקומען די שרייבערין רחל אויערבאַך (אַניע־לאַ) האָבן מיר איר איבערגעגעבן וועגן דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס די שוועס־טער קאָסאָווער פירן. רחל אויערבאַך האָט זיך דערביי צעשמייכלט און אונדז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיך היטן פאַר עמילקע קאָסאָווער, ווייל דאָס איז אַ געפערלעכער מענטש און מיר מוזן זיין פאָרזיכטיק מיט איר . . .

ווען רחל אויערבאַך איז אַוועק, רופט זיך אָן עמילקע צו טעאָדאָרן:

— איך פאַרשטיי נישט, צו וואָס לאָזט דו זי דאָ אַריין. דו דאַרפסט איר פאַרווערן אַהערצוקומען. זי קאָן נאָך ברענגען אַן אומגליק אויף אונדז . . .

— געדעכט — רופט זיך אָן טעאָדאָר און ווענדט זיך צו מיר — אַז זי וועט נאָך אַמאָל אַהערקומען, זאָלסטו איר, יאַנקו, זאָגן אַז איך וויל נישט, זי זאָל צו מיר קומען, ווייל די שכנים רעדן שוין סיי ווי, אַז צו מיר קומען צו גיין יידן . . .

— איך וועל איר דאָס נישט איבערגעבן — ענטפער איך — און דו דאַרפסט עס איר אויך נישט זאָגן, ווייל זי געהער צו דער אונטערער־דישער אָרגאַניזאַציע. פונקט ווי זי איז ביז איצט געקומען צו דיר און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז זי איז אַ יידישע, וועט אויך ווייטער קיינעם נישט איינפאַלן זי אין דעם צו באַשולדיקן.

נאָך דעם געשפּרעך האָב איך שוין מורא געהאַט זיי פאַרצושטעלן

מיין שוועגערין רוזשע בלומענפעלד פאַר אַ יידישע. ווען זי איז צו אונדז געקומען, האָב איך זי פאָרגעשטעלט אַלס פרוי „דאָקטאָר סטעפּאַ" — איינע פון די וויכטיקסטע טוערינס פון דער פּוילישער אונטערערד. מיט דעם האָט זי אַרויסגערופן ביי זיי גרויס דרך ארץ.

ווען מיין שוועגערין איז אַריין צו אונדז אין צימער און מיר האָבן זיך מיט איר פאַרמאַכט, האָט זי אונדז דערציילט די טרויעריקע נייעס, אַז איר מוטער (פרוי ברייטערמאַן) איז „פאַרשיט" געוואָרן אין איר דירה און זי איז געבליבן אויף דער גאַס. די אָרימע פרוי ברייטערמאַן האָט געהאַט ביי זיך „ציאַנקאַלי", וועלכע זי האָט איינגענומען. דער סם האָט אָבער נישט געווירקט. ס'איז, משמעות, געווען פאַרעלטערט. זי איז אַרויס אין פעלד אין זשאָליבוזש (אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע), ווו זי האָט זיך אויפגעהאַלטן און דאָרט זיך געוואָלט נעמען דאָס לעבן. ווען זי איז געלעגן אַ פאַרחלשטע, האָבן „שמאַלצאָווניקעס" אַראָפּגעצויגן פון איר דעם מאַנטל, וועלכן זי האָט געהאַט אויף זיך און זי איז געבליבן ליגן אין בלויזן שלאָפראָק. אונדזער שוועגערין איז שרעקלעך פאַרצווייפלט. זי פרעגט אונדז, אפשר קאָנען מיר איר העלפן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו רעדן וועגן דעם מיט עמילקע קאָסאָווער, וועלכע האַנדלט מיט „מעטעס". אפשר וועט זי קאָנען פאַר אַ געוויסע סומע געלט איינאָרדענען אין דער אָרטשאַפט מאַרקי (הינטער וואַרשע) די אַלטע מוטער פון מיין שוועגערין. מיר האָבן אָפּגערעדט מיט איר, אַז זי טאָר באַשום אופן זיך נישט פאַרראַטן, אַז דאָס איז איר מוטער. זי וועט מוזן די גאַנצע צייט, וואָס זי וועט זיין מיט זיי אין קאָנטאַקט, אָנגיין פאַר אַ הונדערטפּראָצענטיקער קריסטין.

איך האָב אַריינגערופן צו אונדז אין שטוב עמילקען. איך האָב איר געזאָגט, אַז די פרוי „דאָקטאָר סטעפּאַ", וואָס אַרבעט אין פּוילישן „רויטן קרייץ" און איז אויך אַן אָנגעזעענע אונטערערדישע טוערין, האָט באַקומען פון איר אָרגאַניזאַציע אַ באַפעל איינצואָרדענען אַן עלטערע יידישע פרוי, אַן אַלמנה פון אַן אומגעבראַכטן אין געטאָ יידישן דאָקטאָר. אַזוי ווי איך ווייס, אַז עמילקע האָט „קאָנטאַקטן" מיט דירות אין מאַרקי, האַלט איך, אַז זי וועט עס אַמבעסטן איינאָרדענען.

— און ווער וועט פאַר איר צאָלן? — פרעגט עמילקע. — פאַרשטייט

זיך, אַז די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג — ענטפער איך. — די פרוי ד״ר סטעפּאַ וועט יעדן חודש ברענגען אַהער דאָס געלט.

מען איז דורכגעקומען מיטן פּרייז און עמילקע מיט טעאָדאָרן זענען איינגעגאַנגען נאָך איינעם זעלביקן אָוונט אַוועקצופירן מיין שווענערינס מוטער, די אומגליקלעכע פרוי ברייטערמאַן, און זי איינצואָרדענען אין דער אָרטשאַפט מאַרקי הינטער וואַרשע, אין איינער פון די דאָרטיקע „מעטעם״.

## 19.

# מיר האָבן א טייערן גאַסט

ביים סוף וואָך פון אונדזער זיין ביי די פּאַיעווסקיס, האָבן מיר געהאַט אַ טייערן, אומדערוואַרטן גאַסט.

באַלד אינדערפרי האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין דער אַריינגאַנגטיר. איך און דיאַנאַ מאַכן זיך גרייט אַראָפּצושפּרינגען אין אונדזער בונקער לאָך. מיר וואַרטן נאָר, ביז די פרוי פּאַיעווסקי וועט עפענען די טיר. פּלוצלינג דערהערן מיר דאָס זיסע שטימעלע פון אונדזער קינד, וואָס פרעגט צי דאָ וווינט דער „פּאַן קאַלעיאַזש טאַטאַרקעוויטש״. די פרוי פּאַיעווסקי ענטפערט אַז נישט און זי וויל שוין פאַרמאַכן די טיר. מיין פרוי שרייט אַרויס:

— דאָס איז דאָך אונדזער קינד!

— אונדזער פרייד איז געווען נישט צו באַשרייבן. דער אומדערוואַרטער וויזיט פון אונדזער טייער קינד האָט אונדז פאַרשאַפט אַ סך פרייד און איז געווען פאַר אונדז אַן אַנגענעמע איבערראַשונג. מיר האָבן נישט געוווּסט וועגן וואָס פריער מיט איר צו רעדן. זי האָט אונדז איבערגעגעבן, וואָס עס האָט זיך אַלץ פאַרלאָפן אין משך פון דער וואָך. וואָס פאַראַ מזל מיר האָבן געהאַט, וואָס מיר זענען באַצייטנס אַוועק פון די באָרטשינסקיס. צוויי מאָל זענען פאַר דער צייט שוין געווען ביי זיי דייטשן און מיר וואָלטן שוין זיכער נישט געלעבט, ווען מיר וואָלטן דאָרט פאַרבליבן.

אונדזער קינד איז גליקלעך, ווען זי דערוויסט זיך פון אונדז, אַז מיר פילן זיך גוט ביי די פּאיעווסקים.

מיר פרעגן אונדזער מאַרגאַריטקעלען, ווי אַזוי עס איז איר געלונגען זיך אַהערצובאַקומען צו אונדז. מאַרגאַריטקע האָט געזאָגט, אַז זי גייט אין „שוויעטליצע" (קינדער־ווינקל) און דערווייל האָט זי זיך אַריינגעזעצט אין טראַמוויי און געפאָרן צו אונדז קיין פּראַגע. דער „פּעטער" (באַרטשינסקי) האָט איר געגעבן געלט אויף סאָדע־וואַסער, אַזוי, אַז זי האָט געהאַט אויף אַ טראַמוויי־בילעט. זי איז געלאָפן צום טראַמוויי, ווי אַ ווילדע, כדי קיינער פון די באַקאַנטע זאָל זי נישט זען. אפילו אין טראַמוויי האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ ווינקל, קיינער זאָל זי נישט באַמערקן, — און אַזוי איז זי אַהערגעקומען. זי האָט געשפּרונגען און געטאַנצט פאַר פרייד, וואָס זי איז ווידער מיט אונדז.

מיר האָבן אונדזער טעכטערל פאַרגעשטעלט דער פרוי פּאַיעווסקי. זי איז געווען אַנטציקט פון איר. ליידער האָט זי ביי אונדז נישט געקאָנט זיצן און פרייען זיך מיט אונדז. איר לאַנגע אָפּוועזנהייט האָט געקאָנט דערוועקן ביי דער באַרטשינסקאַ אַ חשד. מער וואָלט נישט געפעלט! עס האָט דאָך געהייסן, אַז מיר געפינען זיך אין אַ דאָרף הינטער וואַרשע.

צוליב דעם דאַזיקן באַזוך האָט אָבער אונדזער קינד געהאַט גרויס עגמת נפש. אינדערצייט וואָס זי איז ביי אונדז געווען, איז צו די באַרטשינסקים געקומען אונדזער קינדס חברטאָרין און געפרעגט די באַרטשינסקאַ, פאַרוואָס מאַרישיאַ (אונדזער קינד) איז נישט געווען היינט אין דער „שוויעטליצע". ווען זי איז פון אונדז אַהיימגעקומען, האָט זי די באַרטשינסקאַ געפרעגט, וווּ זי איז געווען. צום גליק האָט מיין קינד געענטפערט, אַז זי האָט שפּאַצירט איבער די דערבייאיקע גאַסן. די באַרטשינסקאַ איז געווען אויסער זיך פאַר כעס, וואָס מאַרישיאַ האָט געזאָגט נישט צו גיין אין דער „שוויעטליצע", נאָר אַליין אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן. צוליב דעמדאָזיקן פאַל האָט אונדזער קינד אונדז שוין מער נישט געקאָנט באַזוכן. מיין פרוי האָט כמעט אַ יאָר צייט זי אינגאַנצן נישט געזען.

היות איך פלעג יעדע פאַר טעג אַרויסגיין אין גאַס אַריין, פלעג

איך מיין קינד באַזוכן. פאַרשטייט זיך, אַז ביי די באַרטשינסקיס האָב איך זיך מיט מיין קינד נישט געקאָנט פרייען אַזוי, ווי ביי די פּאַיעווסקיס. דאָרט איז מיין קינד געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע: שטייף און קאַלט. אָבער דאָס איז נאָר געווען אויסערלעך, ווייל זי האָט. אין קעגנוואַרט פון דער באַרטשינסקאַ מורא געהאַט אַרויסצוווייזן אירע אמתע געפילן צו מיר.

איינמאָל, בעת מיינעם אַ שפּאַציר אויף דער נייער וועלט גאַס, ווען איך האָב בדעה געהאַט צו באַזוכן מיין קינד, האָב איך דערפילט עמיצנס בליקן הינטער מיר.

איך בין רואיק צוגעגאַנגען צו אַ שויפענצטער, זיך אָפּגעשטעלט מכלומרשט אָנצוקוקן די זאַכן, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין די שויפענצטער און אַזוי אַרום געזען, ווער עס גייט פאַרביי. איך האָב נישט געהאַט קיין טעות. צוויי יונגע שגצים — מסתמא „שמאַלצאָווניקעס", זענען פאַרבייגעגאַנגען און איינער האָט דעם צווייטן — ווי עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן — אָנגעוויזן אויף מיר.

איך האָב זיך גענומען אין די הענט אַריין. דאָ גייט דאָך איצט וועגן לעבן און טויט. איך רייס זיך אָפּ פונעם שויפענצטער, באַמי זיך אַרויס־צובאַקומען אַ שמייכל אין די אויגן און גיי דרייסט, מיט זיכערע טריט אין דער ריכטונג פון אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ. דאָס מאָל באַמערק איך ווי די צוויי חברהלייט טוען דאָס זעלביקע, וואָס איך פריער. זיי גייען אויך צו צו אַ שויפענצטער און וואַרטן מיך איבער. איך קוק זיך נישט אום און גיי ווייטער.

ביים עק נייוועלט און יעראָזאָלימסקאַ שטייען צוויי ס. ס.־לייט. איך טראַכט נישט קיין סך און גיי גלייך צו צו זיי. מיט אַ צעבראָכענעם דייטש און פּוילישן אַקצענט פרעג איך זיי, וויפל עס איז דער זייגער, ווייל מיינער האַלט זיך הפּנים איין. זיי ענטפערן מיר זייער העפלעך און איך באַדאַנק זיי. דעם דאָזיקן „טריק" האָב איך אויסגענוצט, כדי מיינע „שמאַלצאָווני־קעס צו איבערצייגן, אַז איך בין נישט קיין ייד, — ווייל וועלכער ייד וועט עס וואַגן איינצושטעלן זיך און צוגיין רעדן מיט ס. ס.־לייט.

ביי דער קרוטשאַ גאַס מאַך איך דעם פריערדיקן אָנשטעל: כ'גיי צו צו אַ שויפענצטער און קוק זיך איין. איך באַמערק ווידער די צוויי חברה־לייט. אָבער דער דעציזירנדיקער מאָמענט וועט זיין ביים עק קרוטשאַ און

מארשאלקאָווסקאַ, וואָס וועט מיך ענדלעך איבערציינגן, צי זיי מיינען עס טאַקע מיך. אויף קרוטשאַ גאַס בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַ פּוילישן פּאָ־ליציי־קאָמיסאַריאַט. איך האָב זיך בכיוון אָפּגעשטעלט פאַרן דיזשורירנ־דיקן פּאָליציאַנט און געבעטן ביי אים אַ שוועבעלע צו פאַררויכערן מיין פּאַפּיראָס, וועלכן כ'האָב ארויסגענומען פון טאַש. אויך מיט דעם בין איך אויסן געווען צו צעטומלען מיינע נאָכשפּירער. מער האָב איך זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט, ביז איך בין צוגעקומען צו דער מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס.

ווען איך האָב זיך פאַרקערעוועט אויף רעכטס אין דער ריכטונג צום הויפּט־וואָקזאַל, האָב איך נאָכאַמאָל געמאַכט אַ פּרוּוו מיטן שויפענסטער און כ'האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו איבערציינגן, אַז די חברהלייט שפּיאָנירן מיך כסדר. די לאַגע איז איצט געוואָרן פאַר מיר אַ סך ערנסטער. ווייזט אויס, אַז פּונקט ווי איך האָב זיי געוואָלט אויספּראָבירן, האָבן זיי, מסתמא, דאָס זעלביקע בדעה געהאַט צו טון מיט מיר. פאַר זיי איז קלאָר געוואָרן, אַז איך בין נישט אינגאַנצן כשר... איך בין געווען איבערציַיגט, אַז אָט־אָט וועלן זיי מיך אָפּשטעלן און מיין גורל וועט זיין אַ געחתמעטער.

אין דעם אויגנבליק איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, וואָס האָט מיר אָבער אויך געקענט ברענגען דעם טויט. איך בין גראָד פאַרבייגעגאַנגען אַ חורבה פון אַ צעשטערט הויז אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס, האָב איך זיך וועקגעשטעלט אין מיטן העלן טאָג אויף דער חורבה און דערליידיקט מיינע באַדערפענישן... איך האָב זיך דערביי, ווי קיינמאָל גאָרנישט, אונ־טערגעפּייפט, האַלטנדיק די הענט אין די טאַשן. אויף אַזאַ חוצפּהדיקער זאַך האָט זיך נאָר געקאָנט דערלויבן אַ מענטש, וואָס האָט שוין נישט גע־האַט וואָס צו פאַרלירן. מסתמא האָט מיין זיכערקייט זיי אָפּגעהאַלטן אין נישט דרייסטקייט צוצוגיין צו מיר און נאָכקאָנטראָלירן, צי איך בין אַ ייִד. דאָס איז געווען אַ פראַגע פון געציילטע סעקונדן פון זייער וואַקלעניש. און דאָס האָט דעצידירט וועגן מיין גורל.

אויף דער צווייטער זייט גאַס, אַקעגנאיבער, איז געווען אַ גרויסער אָנלויף פון מענטשן. דאָס האָבן די ס. ס.־לייט און דייטשישע פּאָליציי אָפּגעשלאָסן די גאַס און געגרייט זיך, ווי עס ווייזט אויס, צו מאַכן אַ „בלאָקאַדע" (אַקציע) אויף יענעם אָפּשניט — אויף דער פּאָזנאַנסקע גאַס.

די צוויי חברה־לייט האָבן זיך נייגעריק צוגעקוקט צו דער „סצענע". איך האָב בליצשנעל אויסגענוצט די געשאַפענע לאַגע, אוועקגעלאָפן אָן א זייט, אויסגעמישט זיך צווישן א גרופּע נייגעריקע, וואָס האָבן זיך אויך צוגעקוקט צו דער נייער „סצענע" און אריינגעשפּרונגען אין א טויער אויף קאָשיקאָווע גאַס.

אין טויער האָב איך באַמערקט, אז דאָרט געפינט זיך א פּריוואַטע מעדיצינישע קליניק. איך בין אהין אריין און אָנגעהויבן צו לייענען די אויפנאַם־שעהען פון די פּראַקטיצירנדיקע דאָקטוירים. פאַרטיק ווערנדיק מיט דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס האָט ביי מיר צוגענומען א צען מינוט, ב״ין איך פאַרזיכטיק אַרויס אין טויער, צוגעגאַנגען צו די טויער־שויבן און אַרויסגעקוקט אויפן גאַס. אָפּוואַרטנדיק נאָך א 10 מינוט און נישט זענ־דיק מיינע פאַרפאָלגער, בין איך, מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט אַרויס אין גאַס. איך האָב א קוק געטון אין דער ריכטונג פון מאַרשאַלקאָווסקאַ און איבערצייגנדיק זיך, אז די חברהלייט זענען נישטאָ, בין איך אריין אין טויער, ווו ס'האָט געוווינט מיין פריינט געראַרד גאַדייסקי.

איך האָב אים גאָרנישט דערציילט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, וואָרום איך האָב געזען, אז ער איז זייער אויפגערעגט. מורא האָבנדיק, אז ער זאָל מיך גלייך נישט משלח זיין, האָב איך אים געזאָגט, אז איך בין געקומען צו אים, ווייל כ'האָב איצט א מעגלעכקייט איינצואָרדענען דעם דאָקטאָר יוזעף מאַקאָווסקין אויף דער פּראָווינץ, נישט ווייט פון וואַרשע. איך האָב דאָ געהאַט אין זינען עמילקעם (קאָסאָווער) מעגלעכקייט איינ־צואָרדענען אים אויף א „מעטע" (אָרט) אין מאַרקי. צו מיין גרויס שטוי־נען האָב איך זיך דערוווּסט, אז ד״ר מאַקאָווסקי איז מיט א טאָג צוריק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, איינגעמענדיק „ציאַנקאַלי". דעם אָרעמען האָבן כסדר געהיטן אין שפּיטאָל „שמאַלצאָווניקעס". נישט האָבנדיק ווו־הין צו גיין פון שפּיטאָל, האָט ער געמאַכט א סוף צו זיין לעבן.

דער טויט פון מיין טייערן פריינט מאַקאָווסקי, וואָס האָט מיר אין געטאָ אַרויסגעוויזן אַזא ברידערלעכע באַציאונג בעת מיין שווערער קראַנק־הייט און אָפּעראַציע, האָט אויף מיר געמאַכט א שוידערלעכן איינדרוק. איך האָב זיך ממש נישט געקאָנט שענקען, וואָס איך בין ביי גאַדייסקין נישט געוועזן מיט א פּאָר טעג פריער. אַזוי אַרום וואָלט איך אפשר נאָך גע־

האט א מעגלעכקייט אים צו ראטעווען. נישט קיין קלענערע שולד האט אבער אין דעם געהאט אויך גאדייסקי. ער האט געהאט מיין אדרעס פון טעאדאר פאיעווסקי און האט געזאלט זיין ביי מיר. ער איז נישט געקומען — מסתמא פון פחדנות, אדער ער האט פשוט נישט געגלויבט, אז עס קאן זיין א מעגלעכקייט דורך דעם צו ראטעווען מאקאווסקין.

איך האב פון גרויס ווייטיק קיין ווארט נישט געקאנט ארויסרעדן. איך האב זיך געזעגנט מיט גאדייסקין און א צעבראכענער פון אים אוועק. מער האב איך שוין גאדייסקין פאר מיינע אויגן נישט געזען.

מיט א צייט שפעטער האב איך זיך דערוווּסט פון פרוי אירענא נוי־מארק, אז אויך איר שוועסטער — די פרוי פון ד"ר מאקאווסקי, וועלכע האט געהאט א הונדערטפראצענטיקן ארישן אויסזען און נישט געפעלשטע קריסטלעכע דאקומענטן, ווי אויך איר וווּנדערשיינע טאכטער, וואס איז געווען איינגעארדנט אין א קלויסטער, זענען דורך פוילישע „שמאלצאווני־קעס" אויסגעגעבן געווארן אין דייטשישע הענט און דורך זיי אומגעבראכט געווארן.

אין דעם טאג בין איך שוין צו מיין טאכטער נישט געגאנגען. מיט א שווער הארץ, און מסתמא אויך נישט מיט קיין „פרייליכע" אויגן, בין איך אהיימגעפארן צוריק צו מיין פרוי און איר איבערגעגעבן דעם שרעק־לעכן גרוס וועגן אונדזער טייערן פריינט ד"ר יוזעף מאקאווסקי.

20.

# טעאדאר פאיעווסקי און עמילקע ארבעטן פאר דער יידישער אונטערערדישער באוועגונג

נאכן באזוך פון מיכאלן (ד"ר אדאלף בערמאן), וועלכער האט זיך געזעגנט מיט מיר און דיאנא, צי מען קאן — לויט אונדזער מיינונג — אנפאר־טרויען פאיעווסקין און עמילקען פאראנטווארטלעכע שליחותן, זענען זיי באשטימט געווארן צו פארבינדן זיך מיטן פאניאטאווער לאגער. זיי האבן

דאָרט געדאַרפט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ ריי געזעלשאַפטלעכע אָנפי־
רער, ווי אויך אויספאָרשן די מעגלעכקייט פון ארויסראַטעווען פון דאָרט
יידן. זיי זענען אויך געוואָרן באַאויפטראָגט ארויסצופירן פון פּאָניאַטאָוו
די אונטערערדישע טוערין פּאָלאַ עלסטער

באַלד נאָכן געלונגענעם ארויסראַטעווען מיך פונעם גראָכאָווער לאַ־
גער. האָט שוין דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט געוואָלט אריינציען
פּאַיעווסקין אין דער ארבעט. פּאַיעווסקי האָט אָבער נישט געוואָלט גיין
ארבעטן אָן עמילקען, ווייל ער און זיין פרוי האָבן געהאַלטן, אַז עמילקע
האָט זיי געבראַכט גליק אין שטוב אריין. דאָס פלעגן זיי כסדר, ביי יעדער
געלעגנהייט, אונטערשטרייכן. עמילקע האָט געהאַט אויף די פּאַיעווסקיס
אַ גרויסן איינפלוס און לסוף האָט זי וועגן אַלעם דעצידירט — אפילו
אין פּאַיעווסקיס פּריוואַט־לעבן.

ווי איך האָב פריער אָנגעוויזן, האָט די יידישע אונטערערדישע באַ־
וועגונג צו עמילקען נישט געהאַט קיין צוטרוי און באַין אופן זי נישט
געוואָלט אריינציען אין דער ארבעט. היות אָבער מען האָט געמוזט ווי אמ־
שנעלסטן אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די וויטערליגנדיקע לאַגערס און נישט
געהאַט דערצו די פּאַסיקע מענטשן, האָט מען באַין ברירה, נישט קאָנענ־
דיק אַנדערש געווינען פּאַיעווסקין, געמוזט איינגיין אויף עמילקעס מיט־
ארבעט, ד. ה. זי זאָל ווערן פּאַיעווסקיס שותפטע.

לויט מיינע אָבסערוואַציעס, וועלכע איך האָב געמאַכט ביי די פּאַ־
יעווסקיס אין שטוב, האָב איך ארויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז פּאַיעוו־
סקי איז אַן ערלעכער מענטש און מען קאָן אים אָנפאַרטרויען שליחותן
און גרעסערע סומעס געלט. צו דעם אַלעם איז ער געווען זייער דרייסט,
ענערגיש און פיינט געהאַט די דייטשן.

איך האָב זיך מיט דער מיינונג געטיילט מיט מיכאַלן (ד״ר בערמאַן),
וועלכער האָט אָפּגעמאַכט מיט פּאַיעווסקין און עמילקען, אַז זיי זאָלן זיך
צוגרייטן אָפּצופאָרן אין אַ פּאָר טעג ארום אין לאַגער פּאָניאַטאָוו, וואָס
האָט זיך געפונען אין לובלינער געגנט, פּולאַווער קרייז, נישט ווייט פון
אָפּאָלע.

אויב זיי וועט געליגגען ארויסצובאַקומען פון פּאָניאַטאָוו פּאָלע

עלסטער און ברענגען זי בשלום קיין ווארשע, וועלן זיי דערפאר באקומען 7.000 זלאָטעס.

זיי האָבן אויך געדאַרפט אהינפירן 25.000 זלאָטעס פאר די יידן אין פּאָניאטאָווער לאַגער, געניויע אינסטרוקציעס וועלן זיי נאָך קריגן פארן אָפּפאָרן אהין.

דאָס דערשיינען פון מיכאל באָראָווסקי (ד״ר בערמאַן) אין פּאַ־יעווסקים דירה האָט אויף זיי אַלע געמאַכט אַ גרויסן רושם. זיי האָבן אים נישט געקענט פּערזענלעך, אָבער דער נאָמען „מיכאל באָראָווסקי״ איז פאר זיי געווען לעגענדאַר. זיי האָבן כסדר געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך מיט אים צו קאָנטאַקטירן, וואָס עס איז זיי אָבער קיינמאָל נישט געלונגען. די געלעגנהייט האָבן זיי ערשט באַקומען, ווען מיר האָבן זיך אריינגעצויגן אין פּאַיעווסקים דירה.

נאָך דעם ווי ד״ר בערמאַן איז ארויס פון אונדזער צימער, האָט ער זיי געמאָלדן, אַז מיר האָבן וועגן זיי געגעבן אַ גוטע מיינונג, און ער וויל מאַכן מיט זיי אַ פּרווו; אויב מען וועט זיין פון זיי צופרידן, וועט מען זיי אויסנוצן צו ווייטערדיקער ארבעט. די פאַרבינדלערין צווישן אים, באָ־ראָווסקין, און זיי — וועט זיין וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער). נאָך באָראָווסקיס אוועקגיין האָבן די פּאַיעווסקים און עמילקע פּשוט נישט געוווּסט ווי אַזוי אונדז אָפּצודאַנקען.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די פרוי פּאַיעווסקי מיט די קינדער און פרוי זאַוואַדזקי (דעם סטאָליאַרס ווייב) מיטן קינד וועלן גלייכצייטיק מיט זייער אָפּפאָרן אויף דער „ארבעט״ ארויספאָרן אויף דער זומער־וווינונג קיין וועסאָלאַ. רעגינאַ (עמילקעס שוועסטער) וועט ארויספאָרן צו די ברידער קיין מארקי. דאָרט האָבן זיך אויף אַ „מעטע״ אויסבאַהאַלטן די ברידער קאָסאָווער. צוזאַמען מיט זיי האָט זיך געפונען ד״ר ראובן פעלדשו (בן שם) מיט זיין פרוי און 8יעריקן טעכטערל יאָאַסימאַ — אַ געניאַלע פּיאַניסטין און קאָמפּאָזיטאָרין, וועלכע איז שפּעטער געשטאָרבן און באַגראָבן געוואָרן אין אַ גערטנדל פון אַ ווילע, וווּ זיי האָבן געוווינט. מיט די קאָסאָווערס און פעלדשוס האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען: ד״ר איזענבערג (פון ביעלסק, שלעזיען) מיט זיין פרוי און די משפחה גאָטליב, וואָס איז באַשטאַנען פון מאַן און ווייב און 7יעריקן זונעלע.

גאָטליב האָט געשטאַמט פון ראַווא רוסקאַ. אין געטאָ איז ער געווען לייטער פון אַפּראָוויזאַציע־מאַגאַזין ביי שולצן אין שאָפּ אויף נאָוואָליפּיע גאַס. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג האָבן די גאָטליבס געלעבט אין דאַנציג, ווו גאָטליב האָט געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן. היות ער האָט געהאַט אַ סך געלט, האָט ער אויך דערמעגלעכט דעם ד"ר ר. פעלדשו מיט זיין משפחה איינצואָרדענען זיך אויף דער אַרישער זייט. ד"ר פעלדשו האָט אין געטאָ זיך באַקענט מיטן פּאָליאַק באָלעק טורכעטי פון מאַרקי, וועלכער פלעגט זיך אַריינבאַקומען אויף „האַנדל" אין געטאָ. באָלעק טורכעטי האָט זיי טאַקע צוגעהאָלפן איינאָרדענען אין מאַרקי. ער און זיין כלה די שיינע פּאָלאַ קאַלאַטאַ האָבן אויך אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט „מעטעס" פאַר יידן, זיך באַפריינדעט מיט עמילקען און אַ צייט לאַנג געפירט דאָס „געשעפט" בשותפות . . .

דערווייל איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט אונדז ווידער אויפגעטרייסלט. ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, ווי געוועגלעך, האָבן מיר דער־הערט אַ נישט דרייסט קלאַפּן אין דער איינגאַנג־טיר.

ס'איז אין יענעם טאָג געווען אַ שלאַגסרעגן. מיר זענען נאָך נישט געווען אינגאַנצן אָנגעטון. מיר האָבן זיך שוין געגרייט אַריינצושפּרינגען אין אונדזער בונקער. פּלוצלינג האָבן מיר דער־הערט די שטים פון דיאַנאַס ברודער — פּאָלעק בלומענפעלד. די פרוי פּאַיעווסקי האָט געהאַלטן אין איין פרעגן, ווער עס קלאַפּט. און מיין שוואָ־גער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן נישט דרייסט: „עפנט", צוליב קאָנספּיראַציע־טעמים האָט ער אין דרויסן נישט געוואָלט אָנרופן אונדזע־רע נעמען.

ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיקט, ווען דיאַנאַ וואָלט נישט דערקענט זיין שטים און אַריינגעשריען צו דער פרוי פּאַיעווסקי, זי זאָל עפענען. טעאָדאָר מיט עמילקען זענען גראָד מיט אַ טאָג פריער אַרויס־געפאָרן קיין מאַרקי.

מיין שוואָגער איז אַריינגעקומען אָן אַ מאַנטל, אָן שום זאַכן, דורכ־געווייקט דורך און דורך פונעם גרויסן רעגן און אונדז דערציילט פּאָלגנ־דיקס: דער בונקער אויף עק מאַריענשטאַט און קראָקעווער פּאָרשטאָט, ווו ער איז געווען אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט נאָך 6 יידן, איז נעכטן

פארנאכט אנטדעקט געוואָרן. קורץ פאר דער פּאָליציי־שעה איז צו זיי אריין א באוואָפנטע גרופּע פּאָליציי־אגענטן און פּויליש מונדירטע פּאָליציי־לייט. די באנדע האָט אונטער דער דראָאונג פון רעוואָלווערן געצוואונגען זיי אַלץ אָפּצוגעבן, וואָס יעדער איינער פון די אויסבאהאַלטענע האָט ביי זיך געהאַט; זיי האָבן צוגענומען ביי די יידן דאָס גאַנצע געלט, זייגערלעך און גאָלדענע חפצים און אפילו די אויבערמאַנטלען. דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט מיין שוואָגער פּאָלעק בלומענפעלד. זיי האָבן אויך אים גריינטלעך באזוכט און אַלץ ביי אים צוגענומען. צווישן אנדערן האָבן זיי ביי אים געפונען „ציאַנקאַלי" — און אויך דאָס האָבן זיי צוגענומען.

צום גליק זענען דאָס געווען נאָך אַנשטענדיקע „שמאַלצאָווניקעס", ווייל זיי האָבן זיך באגנוגנט מיטן בלויזן רויב און נישט איבערגעגעבן די יידן אין דייטשישע הענט... הגם ביים אוועקגיין האָבן די חברהלייט געזאָגט, אז איצט קאָנען די יידן דאָרט ווייטער רואיק בלייבן וווינען, זעענען אַלע היינט פארטאָג פון דאָרט אנטלאָפן אין פארשידענע ריכטונגען. מיין שוואָגער האָט געהאַט אונדזער אדרעס. נישט וועלנדיק אין אזא צייטשטאַנד ביי א גאָס רעגן ארומדרייען זיך איבער די גאַסן, האָט ער באשלאָסן צו קומען צו אונדז און איבערוואַרטן ביז זיין פרוי („פּאַני דאָקטאָר"), צו וועלכער ער האָט טעלעפאָנירט, וועט אהערקומען. זי האָט געוווינט אין פּיאַסעטשנא און זי דאַרף קומען מיט דער ערשטער באַן. אונדזער שוועגערין האָט אים אויף יעדן פאַל אויפגעגעבן אונדזער אדרעס און דאָס זעלביקע האָט זי געטון מיט אונדז: געגעבן אונדז דעם שוואָגערס אדרעס, אין פאַל ווען — — — מיר האָבן אים טאַקע אין א צייט ארום געמוזט אויסנוצן . . .

מיין שוואָגער פּאָלעק איז געווען שרעקלעך צעבראָכן. ער האָט נישט געגלויבט, אז ס'וועט פאר א ייד מעגלעך זיין איבערצולעבן די מלחמה. ווען די „שמאַלצאָווניקעס" וואָלטן ביי אים נישט צוגענומען דעם „ציאַנקאַלי", וואָלט ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד... ער וואָלט — זאָגט ער — דערמיט לייכטער געמאַכט רוזשעס (זיין פרוי) לעבן. זי קאָן זיך דאָך — זאָגט ער — סיי ווי נישט געבן קיין עצה מיטן אויסהאַלטן איר מוטער (פרוי ברייטערמאַן), אים, דעם זון יורעק און זיך אַליין. פאר איין פרוי — און דערצו נאָך ביי די אָקפּאַציע־פארהעלטענישן — איז עס טאַקע

אַ ביסל צו פיל. מיין שוואָגער, דער שטאַרקער און תמיד באַהערשטער מאַן — צעוויינט זיך ווי אַ קליין קינד . . .

און דאָ שטיי איך מיט מיין פרוי הליפּסלאָז, נישט קאָנענדיק אים גאָרנישט העלפן. איינס וואָס מיר קאָנען טון, איז נאָר בעטן עמילקען און טעאָדאָרן איינצוואָרדענען אויך אים אין מאַרקי, ווו זיי האָבן באַזאָרגט מיט אַ „מעטע" זיין שוויגער, די פרוי ברייטערמאַן.

ענדלעך איז אָנגעקומען זיין פרוי. ס'האָט געהייסן, אַז זי, פּאַני ד"ר סטעפּאַ, איז צופעליק אַהערגעקומען צו אונדז און מיר וועלן איר ביי דער געלעגנהייט דערציילן די געשיכטע מיט דיאַנאַס ברודער . . .

מיין שוועגערין איז זייער שווער אָנגעקומען צו באַהערשן אירע געפילן, דערזעענדיק פאַר זיך איר מאַן אין אַזאַ מצב. זי האָט דאָך געמוזט שפּילן לגבי אים — אין קעגנוואַרט פון פרוי פּאַיעווסקאַ און רעגינאַ קאַסאָוועי די ראָל פון אַ ווילד־פרעמדן מענטש, וועלכן זי וועט זיך דאַרפן באַמיען צו העלפן. איך האָב איר איבערגעגעבן מיין פּראָיעקט וועגן מאַרקי, אָבער ביז עמילקע און טעאָדאָר וועלן נישט צוריקקומען פון דאָרט, קאָן מען דאָך גאָרנישט העלפן. אַז מיין שוואָגער זאָל פאַרבלייבן מיט אונדז אַ טאָג צוויי האָט די פרוי פּאַיעווסקאַ נישט געוואָלט איינגיין.

האָב איך באַשלאָסן צוצולויפן אויף ראַדזימינסקאַ 2, צו דער פרוי פּאַיעווסקיס שוועסטער — סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק. זי וועט מיר זיכער נישט אָפּזאָגן אין דעם. שליסלעך לעבט זי דאָך איצט פון אַזעלכע געסט, וואָס עמילקע זוכט אויס פון אונטער דער ערד און ברענגט זיי אַהין. פאַרשטייט זיך, אַז זי איז אין דעם פאַל אַ שותפטע צו סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק.

איך טו אָן מיין מאַנטל און כ'וויל שוין אַהינגיין צו פּאַני סטאַשיאַ. פרוי פּאַיעווסקאַ זאָגט מיר, אַז זי ווייסט באַשטימט, אַז ס'איז איצט נישטאָ קיין פּלאַץ ביי איר שוועסטער און ס'איז אומזיסט מיין גיין אַהין. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז מיר וועט סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק נישט אָפּזאָגן. דער פּרייז, וואָס סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק האָט לעצטנס גענומען פון אַ ייד, איז געווען 100 זלאָטעס פאַר איבערשלאָפן אַ נאַכט. מיט דעם געלט האָט זי זיך, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, געטיילט מיט עמילקען.

צום שלימזל האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז כ'בין זיכער, אַז ביי מיר וועט סטאַשיאַ נישט נעמען מער ווי 50 זלאָטעס. איך האָב אויפן אָרט

באמערקט א שטארקע דענערווירונג ביי דער פאיעווסקא און רעגינא. ווען איך בין שוין געווען ביי דער טיר גרייט ארויסצוגיין, האט מיך פרוי פאַ־יעווסקא צוריקגערופן און מיר געהייסן ווארטן.

— רעגינקע — זאָגט זי — האט עפּעס צו דערלידיקן ביי סטאשיען (פאיעווסקאס שוועסטער), וועט זי מיט אייך מיטגיין . . .

— אין אזא שלאגסרעגן? — פרעג איך מיט פארוואונדערונג — עס איז דאָך אַן עבירה — זאָג איך — איצט ארויסצולאָזן אַ הונט אויפן גאס, ווילט איר גראָד איצט גיין עפּעס דערלידיקן?! איר קאָנט עס דאָך טון דורך מיר. איך וועל עס מיט פארגעניגן פאר אייך דערלידיקן.

איך האָב פארשטאנען, אז דאָ גרייט זיך עפּעס א „שפּיל" און כ'האָב באין אופן נישט געוואָלט, רעגינקא זאָל מיט מיר מיטגיין. עס האט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

רעגינא האט אָנגעטון דעם רעגנמאנטל מיטן קאפּטור אויפן קאָפּ און מיך באגלייט אויף ראדזימינסקא 2. איך האָב געהאט א פאָרגעפיל, אז דער „שומר" מיינער וועט מיר קיין גוטס נישט ברענגען.

ווי נאָר איך בין אריין מיט איר צו סטאניסלאווא יאשטשיק, וועלכע האט מיך זייער פריינטלעך אויפגענומען, און כ'האָב געעפנט דאָס מויל איר צו זאָגן די סיבה פון מיין איצטיקן קומען צו איר, האט מיר שוין רעגינא אין דעם געשטערט.

— סטאכא — האט זי זיך אָנגערופן — כ'האָב דיר עפּעס וויכטיקס מיטצוטיילן, קום אריין מיט מיר אין צווייטן צימער.

איך בין אָבער נישט אָפּגעשטאנען און גלייך ארוים :

— פריילין סטאשיא, מיין שוואָגער איז „פארשיט" געוואָרן און איר מוזט אים אויפנעמען אויף 2־3 טעג. איר וועט קריגן 50 זלאָטעס א טאָג.

— פאר אייער שוואָגער — זאָגט סטאשיא מיט א שמייכל — אָבער זי באווייזט נישט צו ענדיקן, ווייל רעגינא גיט איר ממש מיט כח א צי אריין אין צווייטן צימער און איך בלייב איבער אליין. כ'האָב גלייך פארשטאנען, אז זי וועט מיר דעם גאנצן ענין קאַליע מאכן. נאָך א קורצער שושקעריי אין צווייטן צימער, זענען זייביידע צוריקגעקומען. סטאשיא האט זיך געפילט עפּעס נישט באקוועם; זי האט מיר

נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן אריין. רעגינאַ, מיט אַ געמאַכטן זיסן שמייכל אויפן פּנים, רופט זיך אָן צו סטאַשיען :

— פּאַן יאַנעק האָט צו דיר אַ בקשה. הער אים אויס און טו פאַר אים וואָס דו קאָנסט . . .

— טאָ וואָס ווילט איר? — פרעגט מיך סטאַשיאַ, ווי זי וואָלט ביז איצט נישט געוווּסט, נאָך וואָס איך בין געקומען.

איך האָב ווידער אָנגעהויבן אויפסניי, אָבער די ווערטער האָבן מיר זיך שוין נישט געקלעבט. רעגינאַ האָט זי גוט אָנגעדרייט.

— זעט איר, פּאַניע יאַנקו — הויבט סטאַשיאַ אָן — ווען נישט איר, וואָלט איך קיינעם נישט אויפגענומען. אָבער אייך וועל איך דאָך נישט אָפּזאָגן.

— איך דאַנק אייך זייער. קאָן איך אים, הייסט עס, אָוונטצייט אַהערפירן? — פרעג איך.

— יאָ — ענטפערט זי — אָבער איר ווייסט דאָך דעם פּרייז, פּאַניע יאַנקו?

— געוויס — זאָג איך — 50 זלאָטעס.

— ניין — ענטפערט זי, אַוועקבויגנדיק דעם קאָפּ פון מיר — אונטער 100 זלאָטעס קאָן איך נישט . . .

איך הויב איר אָן אויפקלערן, אַז מען האָט ביי אים אַלץ צוגענומען און ער איז אָן אַ גראָשן געלט. און דאָס געלט צו באַצאָלן איר וועט אויך מוזן פאַרשאַפן די „פּאַני דאָקטאָר סטעפאַ”. איך בעט איר דאָס אַלץ צו נעמען אין אַכט. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. רעגינאַ האָט שוין אָנגעשרויפט, אַז סטאַשיאַ זאָל אונטער 100 זלאָטעס נישט נעמען . . . .

איך בין מיט רעגינאַ אַוועק צוריק אַהיים. אויפן וועג האָב איך זיך נישט אָנגערופן צו איר מיט אַ וואָרט. זי האָט אויך געשוויגן.

ווען מיין שוועגערין האָט דערהערט וויפל מען פאַרלאַנגט פאַרן איבערנעכטיקן (פאַר עסן האָט מען געמוזט באַזונדער צאָלן), איז זי אַזש רויט געוואָרן פון אויפרעגונג. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז זי וועט צופאָרן אין „רויטן קרייץ” און זען אַרויסצובאַקומען עפּעס געלט פאַר דיאַנאָס ברודער. דערווייל איז ער געבליבן ביי אונדז. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט זי זיך צוריקגעקערט. זי האָט אונדז דער־

ציילט, אַז זי איז אַהינגעפאָרן צום זון פון דער באַלעבאָסטע, ווו מיין שוואָגער איז צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן געווען באַהאַלטן. יאַ־זשעמסקי — אַזוי האָט ער געהייסן — האָט געהאַט אַ גרויסן שלאָסער־מעכאַנישן ווארשטאַט, נעבן זיין מוטערס וווינונג. זי האָט געוווינט אין אַ פראָנט־געוועלב, פון וואַנען מען איז אַראָפּ אין אַ קליין קעלערל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אַ גרויסן קעלער. דער קעלער איז געוואָרן אָפּ־געטיילט און פאַרמאַסקירט. אין אָפּגעטיילטן קעלער האָט זיך געפונען דער גלענצנדיק פאַרמאַסקירטער בונקער. יאַזשעמסקיס שלאָסער־מעכאַ־נישער ווארשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אינעם זעלביקן הויז, האָט זיך געגרענעצט מיט זיין מוטערס געשעפט, וואָס זי האָט פאַרוואַנדלט אין אַ וווינצימער. יאַזשעמסקי האָט מסכים געווען אויפצונעמען מיין שוואָגער צו זיך, אָבער מיטן תנאי, אַז זיין מוטער טאָר דערפון נישט וויסן. אין דער צייט ווען מיין שוואָגער און די איבעריקע יידן זענען גע־ווען אויסבאַהאַלטן ביי זיין אַלטער מוטער, האָט ער דערפון געוווּסט און אפילו זיך געטיילט מיט איר מיטן באַקומענעם געלט.

אין זיין גרויסן שלאָסער־מעכאַנישן ווארשטאַט האָט מיין שוואָ־גער געדאַרפט נאָך אין דער זעלביקער נאַכט אויסגראָבן אַ גרוב אונטערן דיל, וואָס וועט ווערן איבערגעדעקט מיט אַ מאַשין. פאַרנאַכט, ווען ס׳איז נאָר טונקל געוואָרן, איז מיין שוואָגער אַוועק אַהין. אים איז נאָכגעגאַנ־גען זיין פרוי — די „פּאַני דאָקטאָר".

ווען טעאָדאָר און עמילקע זענען צוריקגעקומען פון מאַרקי און האָבן זיך דערוווּסט וועגן באַזוך פון מיין שוואָגער, האָבן זיי אונדז גע־מאַכט פאָרוואורפן, הלמאי מיר האָבן דיאַנאַס ברודער אויפגעגעבן אונ־דזער אַדרעס. די פאָרוואורפן זענען מיט דער צייט אַלץ שטאַרקער געוואָרן.

דערווייל האָבן זיך טעאָדאָר און עמילקע געגרייט צו דער גרוי־סער רייזע קיין פּאָניאַטאָוו, ווו ס׳זענען געווען פאַרשקלאַפט ביי 15.000 יידן.

דער שאָפ־באַלעבאָס ס. ס.־מאַן טעבענס האָט צוגעזאָגט, אַז דאָרט וועלן די יידן איבערלעבן די מלחמה . . .

מיכאַל באַראַנאָווסקי האָט געבראַכט פּאָיעוווסקין בריוו פאַר די פּאַר־טיי־אָנפירער אין פּאָניאַטאָווער לאַגער, 25.000 זלאָטעס, וועלכע ד״ר בער־

מאַן האָט געהאַט אַרומגעוויקלט אויף די פיס, ווי אויך 2 טויזנט זלאָ־טעס האַנטגעלט פאַר די שליחים. דאָס געלט האָבן מיר אַלע איבערגע־ציילט און ס'האָט געשטימט ביז אַ גראָשן. ווען ד"ר בערמאַן איז אַוועק, האָבן די פרויען פון פּאַיעווסקים קריִיז זיך אָנגעהויבן צו וויצלען, וואָס מען וואָלט אַלץ געקאָנט אויפטון, ווען מען וואָלט געהאַט אין פאַרמעגן אַזוי פיל געלט. דעמאָלט האָבן זיי נאָך נישט געחלומט, אַז קירצלעך וועלן זיי האָבן אין זייער פאַרמעגן צען מאָל אַזוי פיל... אַפילו די קליינע קרישיע (די מכלומרשטע שוועסטער פון פרוי פּאַיעווסקי) האָט נאָך בער־מאַנס אַוועקגיין אַריינגעוואָרפן:

— מען קאָן דאָך זאָגן, אַז מ'האָט פאַרלוירן טויזנט זלאָטעס . . .

טעאָדאָר און עמילקע האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין. דאָס געלט האָט עמילקע געדאַרפט האַלטן ביי זיך. די פרויען האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. עמילקע האָט זיך מיטן געלט אַרומגעבונדן דעם בויך און אויף דעם אָנגעטון אַ פּאַס, אַזוי, אַז ס'איז נישט געווען קיין שום סימן, ווען מען וואָלט זי אַפילו אַרומגעטאַפּט. דאָס געלט וואָלט מען נאָר געקאָנט געפינען ביי איר אין פאַל, ווען מען וואָלט איר געהייסן אַראָפּ־נעמען פונעם בויך דעם פּאַס . . .

דער עולם האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. טעאָדאָר און עמילקע כלומרשט קיין פּאָניאַטאָוו און די איבעריקע — אויף דער זומערוווינונג וועסאָלאַ. מיין פרוי און איך זענען פאַרשלאָסן געוואָרן אין דער דירה, אויף וועלכער מען האָט פון דרויסן אויפגעהאָנגען אַ גרויסן שלאָס. יעדן צווייטן טאָג האָט צו אונדז געדאַרפט קומען סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק, וועמען טעאָדאָר האָט איבערגעלאָזט אַ שליסל צום שלאָס און ברענגען אונדז עסן. וועגן אַ וואַרעמען טרונק, אָדער אַ זופּ האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין די גאַנצע צייט, ווען עמיצער פון די שטוב־מענטשן וועט נישט זיין אין דערהיים.

היות עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל אונדז אַרויסטראָגן אויפן הויף דעם עמער מיט די אומריינקייטן, האָט אונדז טעאָדאָר געהייסן איינמאָל אַ טאָג באַרוועסערהייט, אַראָפּגיין אין קעלער דורכן פינצטערן קאָרידאָר, אויפגראָבן ביי יעדעס מאָל אַ גריבעלע, דערליידיקן דאָרט אונ־

דזערע באדערפענישן און דערנאך אים צוריק פארשיטן מיט דער אויפ־געגראבענער ערד.

אין משך פון דער צייט, וואס טעאדאר און עמילקע זענען געווען אין וועג, האבן מיר מורא געהאט דאס מויל צו עפענען, אז עמיצער פון די שכנים זאל נישט דערהערן שטימען אין דער פארשלאסענער דירה. אפילו ווען סטאניסלאווא יאשטשיק פלעגט קומען צו אונדז, האבן מיר אויך דעמאלט גערעדט אויף שטום־לשון . . .

## 21.

# יידן קאנען פארן קיין אויסלאנד ? !

נאך זייענדיק אין געטא האבן מיר געהערט וועגן די קלאנגען, אז עס איז דא פאר יידן א מעגלעכקייט אויסגעטוישט צו ווערן אויף דייטשן, וואס געפינען זיך אין אויסלאנד*).

געפינענדיק זיך שוין אויף דער ארישער זייט, איז מיר באלד פון דעם ערשטן טאג אן אויסגעקומען צו הערן, אז פיל יידן גייען אין האטעל „ראיאל" אויף כמיעלנא גאס, ווו זיי באקומען פאר א סך געלט די גע־העריקע דאקומענטן. דארט ווארטן זיי, ביז דער טראנספארט פארט אפ. איין גרעסערער טראנספארט איז שוין אפגעגאנגען. מען דערציילט אפילו וועגן בריוו, וועלכע זענען אנגעקומען פון פארשידענע יידן פון אויסטויש־לאגער וויטעל, וואס ליגט ביי דער פראנצויזיש־שווייצארישער גרענעץ. די גריסן, וואס זענען אנגעקומען פון דארט, זענען זייער גוטע. מען שטייט דארט אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאציאנאלן רויטן קרייץ. דאס אלץ גיט צו א חשק אהינצופארן. אין א קורצער צייט ארום איז די באזע פאר פריש־געבאקענע „אויסלאנד־בירגער" אריבערגעטראגן געווארן פון

---

*) אין מיין בוך „אזוי איז עס געווען"... (חורבן ווארשע), האב איך וועגן דעם געשריבן.

האָטעל „ראָיאַל" — אין האָטעל „פּאָלסקי", אויף דער לאַנגער גאַס (דלוגאַ) 31.

איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט באַשיע און ד"ר אַדאָלף בערמאַן און זיי געפרעגט זייער מיינונג. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז מיט דעם ענין פאַרנעמט זיך „קאַפּטור" (דוד גוזשיק) און אויב איך וויל, וועלן זיי מיך מיט אים קאָנטאַקטירן.

אין אַ באַשטימטער שעה האָב איך זיך אָפּגערעדט — דורך ד"ר א. בערמאַן — צו טרעפן מיט דוד גוזשיק. אין קליינעם קאַפע אויף דער נייער וועלט, צווישן אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ און כמיעלנאַ.

ווען איך בין אַראָפּ פון טראַמוויי און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צום קאַפע־הויז, האָט מיך איבערראַשט די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אויף דער נייע ־ וועלט ־ גאַס און וואָס מען האָט געזען אַזוי ווייניק מענטשן. ווען איך בין אַריין אין קאַפע־הויז, האָב איך, אויסער דער אייגנטימערין, וואָס איז געשטאַנען ביים בופעט, נישט געזען דאָרט קיין לעבעדיקן מענטש. איך בין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן לאָקאַל — אַ לאַנגער, שמאָלער זאַל — און אַריין אין צווייטן צימער. אויך דאָרט איז קיינער נישט געווען. איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין און דערנאָך קומען נאָך אַמאָל. אפשר האָט זיך גוזשיק, צוליב געוויסע סיבות, פאַר־שפּעטיקט, הגם גוזשיק איז באַקאַנט געווען מיט זיין פּינקטלעכקייט.

ווען איך בין צוריקגייענדיק פאַרבייגעגאַנגען דעם בופעט, האָט מיך די אייגנטימערין פאַרהאַלטן מיט די ווערטער:

— פּאַניע קאָלעיאַזשו, וועמען זוכט איר?

איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב זיך דאָ באַשטעלט מיט מיין באַקאַנטן, פּאַן ביערנאַצקי, — דעם נאָמען האָב איך אויסגעטראַכט — און ער איז נישט געקומען.

— מסתמא איז ער נישט געקומען צוליב די היינטיקע געשעענישן — ענטפערט די באַלעבאָסטע פון קאַפע — מיר האָבן היינט געהאַט אַ „הייסן" טאָג. ס'איז געווען אַ שווערע „לאַפּאַנקע". (די דייטשן האָבן זייער אָפט אַרומגעשטעלט די גאַסן און געכאַפּט מענטשן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד — פון דאַנען שטאַמט דאָס וואָרט „לאַפּאַנקאַ".)

ביי אַזעלכע „לאַפּאַנקעס" פלעגט נישט איין ייד אַריינפאַלן אין די

דייטשישע הענט. די יידן האָט מען, פאַרשטייט זיך, אַוועקגעשיקט אויף „יענער וועלט" . . .

— מסתמא — רעדט ווייטער די קאַפּע־אייגנטימערין — איז אייער באַקאַנטער צוליב דעם נישט געקומען. גיט מיר איבער אייער נאָמען. אויב ער, אייער באַקאַנטער, וועט קומען און זיך פרעגן אויף אייך, וועל איך אים איבערגעבן, אַז איר זענט דאָ געווען.

איך האָב איר באַדאַנקט און געזאָגט, אַז כ׳וועל צוריקקומען אין אַ האַלבער שעה אַרום. דערווייל וועל איך עפּעס דערליידיקן אין דער גאָענט פון דאַנען.

אַרויסגייענדיק האָב איך באַשלאָסן זיך מער נישט אַרומצודרייען אין גאַס, נאָר תיכף אַהיימפאָרן קיין פּראַגע.

ווען רחל אויערבאַך איז ביי אונדז געווען, האָב איך איר דערציילט, אַז כ׳האָב זיך געוואָלט טרעפן מיט גוזשיקן וועגן פאָרן קיין אויסלאַנד. רחל אויערבאַך האָט געעפנט אַ פּאָר אויגן:

— וואָס, איר זענט משוגע געוואָרן? — האָט זי איבערראַשט גע־פרעגט. — איר פאַרשטייט דען נישט אַליין, אַז דאָס איז אַ דייטשישער מאַנעוור אַריינצוקריגן אויסבאַהאַלטענע יידן אין זייער פּאַסטקע? איך ראָט אייך נישט צו פאָרן. דאָ האָט איר כאָטש שאַנסן איבערצולעבן די מלחמה, אָבער דאָרט . . .

דעם אמת געזאָגט, האָב איך אַליין אויך געהאַט ספקות. איך האָב דאָך נאָך גוט געדענקט, וואָס די פרוי פונעם אַדוואָקאַט גאָלדקאָרן האָט מיר געזאָגט, נאָך איר שמועס מיטן ס. ס.־אונטערפירער שאַלצע... פון דער צווייטער זייט, ווידער, האָב איך, קענענדיק גוט גוזשיקן אַלס אַ דורכאויס סאָלידן מענטש מיט אַ געזונטן חוש און גלענצנדיקער אָריענ־טאַציע, באַין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי האָט ער זיך גע־שטעלט בראש פון דער „אויסלאַנד־אַקציע". מסתמא — האָב איך מיר געטראַכט — זענען טאַקע פאָרגעקומען אַזעלכע ענדערונגען, אַז די זאַך איז דאָ געוואָרן רעאַל. האָט דאָך ד"ר מיכאַל וויכערט געשריבן צו זיין שוועסטער ד"ר פּעפּער אין וואַרשעווער געטאָ, אַז ער זעט יאָ אַזאַ מעג־לעכקייט און ער אינטערעסירט זיך מיט דעם.

ווי עס זאָל נישט זיין, האָב איך באַשלאָסן אין די נאָענטסטע טעג

זיך צו זען מיט גוזשיקן. רחל אויערבאך האָט מיר געזאָגט, אַז ער קומט צו זיי פון צייט צו צייט (זי האָט געוווינט צוזאמען מיט „סטאשיא" (העלענע מערענהאָלץ) אויף פּרוזשנע 14 — א דורכסגאנג־הויז אויף פּלאַץ גזשיבאָווסקי — און איך האָב באַשלאָסן אהין צו גיין. גוזשיקן האָב איך נישט געטראָפן, הגם איך בין דאָרט געווען איייניקע מאָל. „סטאשיא" מיט איר שוועסטער און רחל אויערבאך האָבן געוווינט אין א שיינער דירה, אין הויף אויפן ערשטן שטאָק. די פרויען האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט, אָבער זיי האָבן מיר געראָטן נישט צו קומען אהין אָפט, ווייל מ'האָט שוין אויף זיי א חשד... „סטאשיא" האָט געלערנט דעם הויזוועכטערס טאָכטער און מען האָט זי דאָרט זייער ליב געהאט. אמאָל האָט איר דער הויזוועכטער געזאָגט, אַז די לאָקאַטאָרן מורמלען, אַז זי מוז זיין א יידישע . . .

„סטאשיא" האָט שפּעטער געהאַט, גייענדיק אין גאַס, א שאַנטאַזש, און נאָר אדאַנק איר מוטיקער האַלטונג האָט זי זיך ארויסגעקריגן פון די הענט פון די שאַנטאַזשיסטן.

איך האָב אָבער ווייטער נישט גערוט און געוואָלט דערגיין א טאָלק וועגן „האָטעל פּאָלסקי". צוויי פון מיינע לאגער־חברים, אַנטיילנעמער אין געטאָ־אויפשטאַנד — גזשיבאָווסקי און לוקסענבורג — זענען אוועק אין האָטעל. גוזשיק האָט זיי פאַרשריבן אָן א גראָשן געלט און זיי זענען דאָרט פאַרבליבן, כדי צוזאמען מיט די איבעריקע אָפּצופאָרן. אַזוי ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן די שעהען, ווען גוזשיק אַמטירט אין האָטעל „פּאָלסקי", האָב איך באַשלאָסן אהינצוגיין.

איך האָב מיר צושפּאַצירט צו דער לאַנגער גאַס און געוואָלט אריינגיין אין האָטעל. איך האָב דערזען א פּאָר יידן פאַרן האָטעל, אָבער — אויך א פּאָר נישט־יידן. די לעצטע האָבן זיך פאַרהאַלטן אויפפאַלנד, ווי זיי וואָלטן נאָר געוואַרט, אַז עמיצער פון די יידן זאָל זיך דערווייטערן פון טויער. קיין וואָך האָב איך דאָרט נישט באמערקט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די נישט־יידן זענען „שמאַלצאָווניקעס" און איך האָב באַשלאָסן נישט אריינצוגיין אין האָטעל, ווייל זיי קאָנען מיר ביים ארויסגיין נאָכשפּיאָנירן.

ווען „יוזשעק" (זיסמאַן) איז ביי אונדז געווען, האָב איך אים גע־

בעטן אויסצופארשן דארט די לאגע אויפן ארט. „יוזשעק" פלעגט אפט אהינגיין. ער האט מיר דערציילט, אז גוזשיק זיצט דארט אין „ביורא" צוזאמען מיט די הויפט־מחותנים פונעם האטעל — די יידישע געשטאפא־לייט אדאם זשוראווין (די נשמה פון דער גאנצער אימפרעזע), לעאן סקא־סאווסקי, וולאדאווסקי א. א. אפילו מיין גוטבאקאנטער אדאלף פינקעל פון דער מילנע גאס*) איז דארט געווען פארטיער ביי דער טיר. ווען אדאלף האט דערהערט ווי יוזשעק רעדט וועגן מיר, האט ער זיך שטארק דערפרייט, אז איך לעב און אנגעזאגט „יוזשעקן", וועלכער איז דארט אנ־געגאנגען אלס קריסט, אז ער זאל מיך אומבאדינגט אהינברענגען צו אים . . .

גוזשיק האט מיר געהייסן איבערגעבן, אז אויב איך, מיין פרוי און קינד ווילן פארן, וועט ער אונדז איינארדענען אין א גראשן געלט. געצאלט האט מען פארן באקומען „אויסלאנד־פאפירן", צענדליקער טויזנטער זלאטעס.

ווען יוזשעק איז צוריקגעקומען פון האטעל און אונדז איבערגעגעבן, וועמען ער האט דארט אלץ געזען פון די אנגעזעענע ווארשעווער יידן, האב איך אין אנהויב אויך באשלאסן צו פארן אלס אויסלענדישער בירגער. „יוזשעק" האט אונדז געזאגט, אז אויב מיר וועלן זיך אויף דעם דעצידירן, וועט ער אויך פארן.

ס'איז אבער שווער געווען אנצונעמען אן ענדגילטיקן באשלוס. א סך סיבות האבן גערעדט פאר פארן, אבער אויך א סך — קעגן פארן. מיר האבן זיך דערוווסט פון וואנדען (עלסטער), אז אויך דער פועלי ציונים־טישער פירער נתן בוקסבוים — אדער ווי מיר האבן אים גערופן: „אנ־טאני" — איז אויך אוועק אין האטעל צוזאמען מיט דער פרוי און טאכ־טער. אגב האב איך געזען אויף דער מיאדאווא גאס ווי „וואנדא" האט באגלייט אין האטעל אריין די טאכטער פון נתן בוקסבוים, וועלכע האט געהאט א טיפיש יידישן אויסזען.

מיר דערוויסן זיך, אז אין האטעל געפינען זיך, גרייט צום אפפארן, די העלדן פון ווארשעווער געטא אליעזר געלער און ישראל קאנאל, דער

---

*) זע: „אזוי איז עס געווען", זייט 418.

אַדמיניסטראַטיווער דירעקטאָר פון „צענטאָס" — יוסף גיטלער מיט דער משפּחה, זיין ברודער סאַלאָמאָן גיטלער, פּנחס טשערסקי פון „דזשאָינט", ד"ר פּשעדבאָרסקי, ד"ר יעלען, ד"ר כּאַראָנזשיצקי (עלטערער), אַלעקסאַנ־דער און יוסף לאַנדאו, אַדוואָקאַט יוזשעק ראָזענצווייג (דער אײדעם פונעם פּאַרשטאָרבענעם ראַבינער פּאָזנאַנסקי), דער זשורנאַליסט וואַסערמאַן מיט זיין משפּחה, זיין שוועסטער — די שוישפּילערין טשערווינסקאַ (די פרוי פונעם דערשאָסענעם ד"ר רובינשטיין), יהושע ראַבינאָוויטש (אומדער־מידלעכער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טוער), די פרוי פון אונדזער פריינט יאָשקע ליפּשיץ (באַקאַנטער וואַרשעווער דענטיסט און בונדישער טוער), גוזשיקס ברודער מיט דער משפּחה, מיין געוועזענער שאַף־דירעק־טאָר פּאַוועלסקי, י. וואַסערקענער (געווען מיט מיר צוזאַמען אין לאַגער), ד"ר סאָלאָווייטשיק (דער ייִנגערער), גאַלקאַ לעשטשינסקאַ — די טאָכטער פון יוסף כּמורנער. מען האָט אויך דאָרט געזען די משפּחות פון אַלע ביים לעבן־געבליבענע ייִדישע געשטאַפּאָ־לייט, אברהם גאַנצווייכס פרוי מיטן זון. די לעצטע צוויי זענען שפּעטער אַוועק פון האָטעל און אין אַ צייט אַרום דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן צוזאַמען מיט אברהם גאַנצווייכן. פון דאָרט איז אויך אָפּגעפאָרן די טרויעריק באַרימטע טענצערין, מיטאַרבע־טערין פון געשטאַפּאָ — פראַנטשישקאַ מאַנגוונאַ.

פון די אויסלענדישע בירגער־פּאַפּירן האָבן אויך גענאָסן: דער ציוני־סטישער עסקן מנחם קירשענבוים מיט זיין משפּחה, דער גרויסער דיכ־טער יצחק קאַצענעלסאָן, ד"ר הלל זיידמאַן, גוטאַ אייזנצווייג, די פרוי און טאָכטער פון פּראָפעסאָר משה שאָר, ד"ר נתן עק, דער שריפטשטעלער יהושע פּערלע, דער לערער הירש זאַמעטשקאָווסקי, נינאַ און אַלעקסאַנדער קראָנשטיין פון לוצק, פאַמיליע ענגעל פון לאָדזש, די פרוי פונעם פּוילישן מיליטערישן ראַבינער שטיינבאַרג און איר ברודערן־זון פּישעלבערג פון באָכניע, אַדוואָקאַט הענריק מאַן מיט דער פרוי, פון וואַרשע, דער קונסט־מאָלער לעאָן לענקער מיט דער פרוי און קינדער, סטעפאַן ריכטער פון לעמ־בערג, פרוי גרינער פון קראָקע, וואַלד פון לעמבערג, און פיל, פיל אַנדערע.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו אונדז געקומען צו גיין „מיכאַל" (ד"ר א. בערמאַן) און אונדז געזאָגט, אַז ער קומט צו אונדז אין גוזשיקס נאָמען. אויב מיר ווילן גיין אין האָטעל „פּאָלסקי", איז היינט דער לעצטער טאָג,

ווייל נאָך 7 אָוונט וועט מען שליסן די רשימות און מער קיינעם נישט קאָ־
נען אויפנעמען. גוזשיק האָט אונדז געהייסן איבערגעבן (איך ציטיר זיינע
ווערטער), אַז אויב מיר ווילן פאָרן, וועט ער אונדז אַריינגעמען אין האָטעל
און אַוועקשיקן מיטן טראַנספּאָרט — אָן אַ גראָשן געלט. ער, גוזשיק, רעדט
אונדז נישט צו און רעדט אונדז נישט אָפּ. מיר דאַרפן אַליין דעצידירן.
ווי מיר וועלן באַשליסן, אַזוי וועט זיין. יעדנפאַלס, מוז ער גלייך האָבן
אַן ענטפער.

איך קוק זיך איבער מיט מיין פרוי. וואָס טוט מען? אונדזער קינד
האָט דאָך אַלע שאַנסן איבערצולעבן די מלחמה אַלס מכלומרשטע קריס־
טין. האָבן מיר דען אַ רעכט אַוועקצונעמען זי פון דער קריסטלעכער
משפחה אין וואַרשע און גיין אויף אַ וועג, וואָס איז דאָך נישט הונדערט־
פּראָצענטיק זיכער. אמת, מיר אַליין האָבן נישט די זיכערקייט, אַז מיר
וועלן דאָ איבערלעבן די מלחמה, וואָלטן מיר אפשר יאָ געקאָנט ריזיקירן.
אָבער אַוועקפאָרן און איבערלאָזן אונדזער איינציק קינד?!...

איך באַשליס צו האַנדלען אַזוי ווי מיין פרוי וועט זאָגן. פּונקט דאָס
זעלביקע האָט דיאַנאַ איבערגעלעבט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז אין איצטיקן
פאַל וועט זי האַנדלען אַזוי ווי איך וועל באַשליסן . . .

איך האָב געפרעגט ד״ר בערמאַן, פאַרוואָס ער פאָרט נישט מיט דער
פרוי; פאַרוואָס פאָרט נישט גוזשיק? פאַרוואָס פאָרן נישט די איבעריקע
חברים? זיין ענטפער איז געווען, אַז זיי מוזן בלייבן אויף זייערע פּאָסטנס
ביז דער לעצטער מינוט. עס זענען דאָך נאָך פאַרבליבן אַ סך אויסבאַהאַל־
טענע יידן; עס זענען נאָך דאָ יידן אין די לאַגערם — מוז מען דאָך אָנפירן
אַ הילפס־אַקציע. ווען איך האָב ד״ר בערמאַן געשטעלט די פראַגע: „און
וואָס וואָלט איר געטון, ווען איר וואָלט געווען אויף מיין אָרט?" — האָט
ער געענטפערט: „דעמאָלט וואָלט איך זיך איבער דעם שטאַרק פאַר־
טראַכט" . . .

— מיר פאָרן נישט! — האָב איך אויסגערופן און איך האָב דער־
פילט, אַז דיאַנאַ איז פולשטענדיק מסכים מיט מיר. ס'איז מיר אָבער געווען
פיינלעך לגבי גוזשיקן, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט מיט
אונדז און געוואָלט דעקן אַלע אונדזערע הוצאות. איך האָב געבעטן ד״ר
בערמאַן, ער זאָל גוזשיקן זאָגן אַ תירוץ, אַז איך האָב באַקומען אַ לעבער־

אָנפאַל און כ׳ליג אין שטאַרקע ווייטיקן. דעריבער קאָנען מיר היינט נישט פאָרן.

ווי נאָר ד״ר בערמאַן איז פון אונדז אוועק, איז געקומען צו לויפן „יוזשעק״ (זיסמאַן), אַז היינט איז דער לעצטער טאָג און געפרעגט, צי מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן. ווי נאָר מיר האָבן אים געענטפערט, אַז נישט, האָט ער אויסגערופן: „פאָר איך אויך נישט״ . . .

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער גאַנצער טראַנספּאָרט — אַגב איז דאָס געווען דער לעצטער — איז אַרויסגענומען געוואָרן פון האָטעל „פּאָלסקי״ און אונטער אַ שטאַרקער דייטשישער שמי־רה, זענען זיי אָפּגעפירט געוואָרן: אַ טייל — צו דער באַן און אַ צווייטע גרופּע — אין „פּאַוויאַק״ (תפיסה) אַריין. צו דער לעצטער גרופּע האָט אויך געהערט דוד גוזשיק און אַלע איבעריקע יידן, וואָס האָבן זיך נישט רעגיסטרירט צום פאָרן און האָבן זיך צופעליק געפונען אין האָטעל „פּאָל־סקי״.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די גאַנצע מעשה מיטן האָטעל „פּאָלסקי״ געווען איין גרויסע אָפּערע, אָרגאַניזירט דורך געשטאַפּאָ, מיט דער מיטהילף פון זייערע יידישע משרתים: אדאם זשוראַווין, לעאָן סקאָסאָווסקי, קעניגעל, וולאָדאַווסקי, א. א.

דוד גוזשיק איז פּשוט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דאָזיקער אָפּע־רע אַלס „שילד״. פאַר מיר אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז דוד גוזשיק האָט אויפריכטיק געגלויבט אין דער מעגלעכקייט צו ראַטעווען אַזוי אַרום אַ גרעסערע צאָל לעבן־געבליבענע יידן, אַלס „אויסלענדישע בירגער״. ווען די יידישע געשטאַפּאָ־לייט האָבן אים, משמעות, פאָרגעשטעלט זייער פּלאַן צו ראַטעווען יידן דורך אויסטוישן זיי אויף אינטערנירטע דייטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַליאירטע מלוכות, האָט גוזשיק זיך געשטעלט בראש פון דער „אַקציע״, מיט אַ ריין געוויסן. ער האָט, מסתמא, געגלויבט אין אַזאַ לאָגישער מעגלעכקייט. פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז די חברה יידישע געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַזוי אַרום געוואָלט אָפּוואַשן דעם שאַנד־פלעק פון זייערע פריערדיקע מעשים, כדי אין דער צוקונפט זיך קאָנען אויסווייזן מיט אַזאַ הערויִש בלעטל. און אפשר האָבן די יידישע געשטאַ־

פאַ־לייט אַליין געגלויבט אין דער סאָלידקייט פון דער אונטערנעמונג? זיי האָבן דאָך אַוועקגעשיקט זייערע אייגענע משפחות.

איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין שמועס מיט יאָסל קאַפּאָטע (ער־ליך), וועלכער האָט לסוף (נאָך אין געטאָ) זיך אַליין געלאָזט אריינכאַפּן דורך די דייטשן אין דער פּאַסטקע. ער איז דאָך אַוועק מיט דער גאַנצער משפּחה, אַלס אויסלענדישע בירגער, אין פּאַוויאַק אריין, ווו ער איז דער־שאָסן געוואָרן.

ביי 3000 יידן — בלויז פון ווארשע, זענען אַזוי אַרום פאַרנאַרט געוואָרן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַ סך מיט אַ גלענצנדיקן „אַרישן אויסזען" און גוטע פּאַפּירן, וואָס האָבן געהאַט שאַנסן איבערצולעבן, אַלס מכלומרשטע קריסטן, די מלחמה. נאָר געציילטע פון די „אויסלענדישע" יידן זענען געבליבן ביים לעבן.

* * *

איך האָב פריער דערמאָנט, אַז אין האָטעל „פּאָלסקי" האָבן זיך אויך געפונען פּאַוועלסקי און אַדאָלף פינקעל — מיינע גורל־חברים פון דער מילנע גאַס. זיי זענען צוזאַמען מיט מיר אַוועקגעפירט געוואָרן, בעתן אויפ־שטאַנד, אויפן אומשלאַגפּלאַץ. פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין לאַגער „וועסט" פון דער „אָסטבאַן". ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן האָטעל „פּאָלסקי", האָבן זיי באַשלאָסן זיך אריינצובאַקומען אַהין. פּאַ־וועלסקי און אַדאָלף האָבן אויך געוואָלט מיטנעמען אַהין זייערע משפּחות, וועלכע זענען פאַרבליבן אין אונדזער בונקער אויף דער מילנע גאַס, זיי האָבן עס שוין אָבער נישט באַוויזן צו טון.

אין חודש מאַי איז דער בונקער „פאַרשיט" געוואָרן. אַלע יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען — עס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַמלט 105 אידן — זענען דורך די דייטשן אַרויסגעפירט און דערשאָסן געוואָרן. צווישן די דערשאָסענע האָבן זיך געפונען: פּאַוועלסקיס פרוי, אַדאָלף פינקעלס משפּחה, שולץ מיט דער פרוי און טאָכטער, אַ ברודער פון דער פרוי שולץ — אַן עלעקטראָטעכניקער, פרוי מאַראַווסקאַ (די פרוי פונעם אַקטיאָר מאַ־ראַווסקי) מיט זייער פרעכטיק מיידעלע יהודית, דער לערער פּיעטשעניק מיט דער פרוי, פינגערהוט מיט זיין טאָכטער און איידעם פּינטשעווסקי, —

זיין ברודער ארכיטעקט פינטשעווסקי מיט דער פרוי, קאָנוויזאָר מיט זיין זון, איזראַעלסקי, באַרוך מיט זיין שוועסטער, אדוואָקאט וויינאַפּעל מיט זיין פרוי, זילבערבערג מיט דער פרוי, דוד העלפּמאַנס עלטערער ברודער, און נאָך פיל, פיל יידישע מענער, פרויען און קינדער.

דער בונקער האָט זיך געפונען אונטער די חורבות פון רייכמאַנס הויף אויף מילנע גאַס 9 און האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע בונקערס אין געטאָ.

פּאַוועלסקי און אַדאָלף פינקעל האָבן זייערע אייגענע לעבנס אויך נישט געראַטעוועט. מען האָט זיי פון האָטעל „פּאָלסקי" ארויסגעפירט מיטן טראַנספּאָרט אויף יענער וועלט... פּאַוועלסקיס איידעם, דעם באַקאַנטן יידישן טעאַטער־אימפּרעסאַריאָ דוד העלפּמאַן, איז אויך געלונגען ארויס־צובאַקומען זיך פונעם לאַגער, אונטער וואַרשע. ער האָט זיך איינגעזעצט אין אַ דראָשקע און געפאָרן אין האָטעל „פּאָלסקי". ווו זיין שווער פּאַ־וועלסקי האָט אויף אים געוואַרט און — זיך נישט דערוואַרט. דוד העלפּ־מאַן איז, שוין נישט ווייט פון האָטעל „פּאָלסקי" אויף דער עק דלוגאַ און ביעלאַנסקאַ, אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער דראָשקע און דערשאָסן גע־וואָרן דורך אַ דייטשישן זשאַנדאַרם.

## 22.

# גריסן פון די אויסראָטונגס־לאַגערס

דער ס. ס.־ און פּאָליציי־פירער פונעם לובלינער גוווערנעמענט — גלאָבאָטשניק, איינער פון די בלוטיקסטע ווינער נאַציס, וואָס האָט דער ערשטער אָרגאַניזירט די טרויעריק־באַרימטע אויסראָטונגס־אָפּטיילונגען פאַר יידן, האָט אויף דער לובלינער ערד, וו ער איז געווען אַליינהערשער, פאַרלייגט אַ נעץ פון טויט־פאַבריקן, קאָנצענטראַציע־לאַגערס און יידן־רע־זערוואַטן.

געגנט צו דערמאָנען: מאַידאַנעק, אונטער לובלין, וואָס האָט געדינט

אַלס טויטפאַבריק פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן; בעלזשעץ, אונטער טאָמאַ־שאָוו, וווּ ס׳זענען אומגעבראַכט געוואָרן די מערהייט פון לובלינער יידן און אַ גרויסער טייל יידן פון גאַליציע; סאָביבאָר, צווישן כעלם און וולאָדאַווע; לובלין און זיין לופּטפּלאַץ; טראַווניקי; פּאָניאַטאָוו; בודזין און קראַשניק. די דאָזיקע אויסראָטונגס־לאַגערס זענען געשטאַנען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פונעם בלוטיקן תליון גלאָבאָטשניק.

פּאָניאַטאָוו, וווּהין די שליחים פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע האָבן קודם־כל געדאַרפט פאָרן, איז געלעגן אין פּולאַווער קרייז, נישט ווייט פונעם שטעטל אָפּאָלע און איז לכתחילה צוגעגרייט גע־וואָרן פאַר אַ לאַגער פאַר סאָוויעטיש־רוסישע קריגסגעפאַנגענע. אין גרויסע באַראַקן, וועלכע די געפאַנגענע אַליין האָבן געמוזט אויפשטעלן, האָט מען אריינגעשפּאַרט ביי 15.000 רוסן. ווען ס׳האָבן זיך אין יאָר 1942 אָנגע־הויבן די מאַסן־אויסראָטונגען פון יידן, האָבן די דייטשן ארויסגעפירט אַלע רוסישע קריגס־געפאַנגענע אין דערנעבנדיקן וואַלד אריין, זיי אויסגע־שאָסן און דערנאָך זיי דאָרט באַגראָבן. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז די מאַסן־קברים זענען פון רוסישע קריגסגעפאַנגענע, וואָס זענען... געשטאָרבן פון אַ טיפוס־עפּידעמיע.

די באַראַקן נאָך די אויסגעמאָרדעטע רוסישע קריגסגעפאַנגענע זענען באַשטימט געוואָרן פאַר די שאָפּן פונעם גרעסטן דייטשן קריגספּראָדוצענט אין וואַרשע, דעם גדול פון ס. ס. — וואַלטער צ. טעבענס. אַהין האָט מען, בעת דער „אויסזידלונג" אין וואַרשעווער געטאָ, אַריבערגעטראָגן די וואַר־שטאַטן מיט די מאַשינען פון זיינע שאָפּן, צוזאַמען מיט די יידן — שקלאַפן־אַרבעטער. דאָרט האָט מען געדאַרפט — ביז אַ געוויסער צייט — פאַר־שטאַרקן און אויסבויען די דייטשישע קריגספּראָדוקציע און — ווי טעבענס האָט פאַרזיכערט — וועלן דאָרט, אין פּאָניאַטאָוו, די יידן איבערלעבן די מלחמה . . .

בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, ווען טעבענס איז באַ־שטימט געוואָרן פאַרן „אומזידלונגס־קאָמיסאַר", האָט מען זיך געחידושט, וואָס ער, וועלכער האָט פערזענלעך אָנגעפירט און „דיריגירט" מיט די טראַנספּאָרטן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, האָט אַוועקגעשיקט קיין פּאָניאַטאָוו נישט נאָר זיינע שאָפּ־מענטשן, נאָר אויך די רעשטלעך פון דער יידישער־

פּאָליציי, פונעם „13", פון דער „ווערטערפּאַסונג" און סתם געכאַפּטע יידן. בעתן אויפשטאַנד זענען ס'רוב יידן געשיקט געוואָרן קיין מאַידאַנעק, פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי, ווו עס האָט רעגירט דער צווייטער שאַפּ־פּאָטענטאַט פון וואַרשעווער געטאָ — שולץ. געווען אַ פאַל, ווען מ'האָט אפילו פון טרעבלינקע — דוכט זיך: דער איינציקער פאַל אין דער געשיכטע פונעם דאָזיקן טויטלאַגער — אַרויסגעפירט אַ טראַנספּאָרט יידן קיין מאַידאַנעק. צווישן די אַרויסגעפירטע האָט זיך אויך געפונען דער אומפאַרגעסלעכער נחום רעמבאַ.

היות פון טעבענס שאָפּ און פון די „בערשטנמאַכער", וועלכע טעבענס האָט לעצטנס אויך אַרונטערגענומען אונטער זיין „שוץ", האָבן ווייניק יידן זיך צוגעהערט צו זיין רוף צו פאָרן קיין פּאָניאַטאָוו, האָט ער, משמעות, געזוכט צו פאַרפולן דעם קאָנטינגענט, וועלכן ער האָט זיך מתחייב געווען צוצושטעלן זיין אויבערהאַר גלאָבאָטשניק און דערפאַר געכאַפּט אויפן אומשלאַג סתם יידן און זיי אַוועקגעשיקט קיין פּאָניאַטאָוו.

אין פּאָניאַטאָוו זענען די יידן צוגעטיילט געוואָרן צו דער אַרבעט נישט נאָר אין די שאָפּן, נאָר אויך אַרויסגעפירט געוואָרן פונעם לאַגער אויף פאַרשידענע אַרבעטס־פּונקטן.

דער לאַגער גופא האָט זיך אויך געטיילט אויף צוויי ווינערטער: אין די באַראַקן — ביי די שאָפּן — און אין ווינונגען (הילצערנע ווילעס), וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַלד. די יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין וואַלד, האָבן געהערט צו די פּריווילעגירטע, ווייל זיי האָבן געלעבט אין בעסערע באַדינגונגען און זיי האָבן דאָרט אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט אונטערצוהאַנדלען מיט די אַרומיקע פּויערים. און ממילא זיך בעסער דערנערן.

קיין פּאָניאַטאָוו זענען, צווישן אַנדערן, פאַרוואָגלט געוואָרן אַ ריי אונטערערדישע און געזעלשאַפטלעכע טוערס, וועלכע האָבן באַלד, ווי נאָר זיי זענען אַהינגעקומען, זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן אַ הילפס־אַקציע פאַר די נויטליידנדיקע פּאָניאַטאָווער יידן. זיי האָבן דאָרט געגרינדעט אַ געהיימען אַליינהילף־קאָמיטעט, וואָס האָט רעפּרעזענטירט אַלע ריכטונגען און פּאַרטייען.

די יידישע אונטערערדישע באַוועגונג אין וואַרשע האָט זיך באַמיט

אַנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט אַלע לאַגערס. (פאַרשטייט זיך, אַז מיט די טויט־לאַגערס, ווי טרעבלינקע, מאַידאַנעק, בעלזשעץ איז אוממעגלעך געווען.)

מען האָט געוואָלט קומען מיט הילף די לאַגער־יידן און אויך דער־מעגלעכן ארויסצובאַקומען זיך פון דאָרט וואָס מער מענטשן.

אַזעלכע פּרוּוון זענען שוין אייניקע מאָל געמאַכט געוואָרן.

די נייע שליחים פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע טעאָדאָר און עמילקע האָבן געזאָלט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די פאָרשטייער פון די לאַגער־קאָמיטעטן, באַקענען זיך מיט די נויטן און באַדערפענישן פון די לאַגערס און צוגרייטן אַ ברייט־פאַרצווייגטע רעטונגס־אַקציע.

פּאָניאַטאָוו איז געווען דער ערשטער לאַגער, וועלכן זיי האָבן גע־דאַרפט באַזוכן. אָנשטאָט צו פאָרן גלייך קיין פּאָניאַטאָוו, זענען טעאָדאָר און עמילקע פריער געפאָרן קיין מאַרקי — פּוסטעלניק, אונטער וואַרשע, און דאָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג מיט עמילקעס משפּחה, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. פאַרן פאַרלאָזן וואַרשע האָבן זיי איינגעקויפט הינדלעך, משקה, פרוכטן און אוועק זיך אַ ביסל משמח זיין און געניסן פון דער פרישער לופט . . .

ערשט פון דאָרט זענען די שליחים אוועקגעפאָרן קיין פּאָניאַטאָוו. צוקומענדיק בשלום צו אַ דאָרף, וואָס איז געלעגן נאָענט פונעם לאַגער, האָבן זיי אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיטן פאַרטרעטער פון סאָלטיס אין דאָרף, וועלכער איז געווען אַ גרויסער שונא פון די דייטשן, אָבער נאָך אַ גרע־סערער שיכור... ער האָט זיי פאַרבונדן מיט אַן אוקראַאינישן לאַגער־וועכ־טער. מען האָט צוזאַמען אַזוי לאַנג געשיכורט, ביז דער אוקראַאינישער וועכ־טער האָט זיי דערמעגלעכט דורכצושמוגלען זיך אויף אַן אָרט אין לאַגער, וווּ זיי האָבן זיך געדאַרפט טרעפן מיט די יידישע פאָרשטייער. דער פּלאַן איז געלונגען. די שליחים האָבן זיי איבערגעגעבן די בריוו, אינסטרוקציעס, ווי אויך דאָס געלט. עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו אַרויסצוגנבע־נען מענטשן פון פּאָניאַטאָוו.

אַלס ערשטע איז אַרויס די אונטערערדישע טוערין פּאַליאַ עלסטע־זי איז געווען אָנגעטון ווי אַ פּויערטע, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ און מיט די שיך אַריבערגעוואָרפן מיט אַ שנור אויף די אַקסלען. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קוישל. צוזאַמען מיט פּאַיעווסקין און עמילקען האָבן זיי זיך

געלאָזט אין וועג אַריין. זיי זענען צוגעקומען צו אַ קליינבאַן, איינגעזעצט זיך און נישט ציענדיק אויף זיך קיינעמס אויפמערקזאַמקייט (אגב האָט פּאָליאַ עלסטער געהאַט נישט קיין שלעכטן אַרישן אויסזען), זענען זיי צוגעפאָרן ביזן אָרט, פון וואַנען עס גייט די באַן דירעקט קיין וואַרשע.

אַ קנאַפּע וואָך האָט געדויערט ווי מיר זענען געזעסן פאַרמאַכט אין אונדזער דירה. די פרוי פּאַיעווסקי מיט די קינדער, ווי אויך די זאַוואַדזקים זענען שוין געווען אויף דער זומערוווינונג אין וועסאָלאַ. רעגינאַ (קאָסאָווער) — צוזאַמען מיט די ברידער אין מאַרקי.

יעדן צווייטן טאָג איז געקומען צו אונדז פרוי סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק און אונדז געבראַכט עפּעס צו עסן. דאָס, וואָס ס. יאַשטשיק איז געקומען אַזוי אָפט אין פּאַיעווסקיס דירה, געעפנט דעם שלאָס פון טיר און אַריין אינעווייניק, האָט ביי קיינעם נישט אַרויסגערופן קיין שום חשד, ווייל די שכנים און דער הויזוועכטער האָבן געוווּסט, אַז זי איז די שוועסטער פון דער פּאַיעווסקאַ. זי פלעגט אונדז אויך מיטברענגען ציַיטונגען און מיר האָבן זיך דערוווּסט אַ ביסל נייעס.

די לעצטע טעג, איידער פּאַיעווסקי און עמילקע זענען צוריקגעקומען פון פּאָניאַטאָוו, האָבן מיר צוויי מאָל אַ טאָג געזען דורכן פענצטער וואַנדאַ, וועלכע איז כסדר געקומען זיך דערוויסן, צי די שליחים זענען שוין צוריקגעקומען פון פּאָניאַטאָוו און צי זיי האָבן מיטגעבראַכט איר היים־געליבטע שוועסטער פּאָליאַ עלסטער. באַמערקנדיק דעם שלאָס אויף דער טיר, האָט וואַנדאַ פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען נאָך נישט צוריקגעקומען און זי פלעגט אַן אומעטיקע אַוועק צוריק.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר פלוצלינג דערהערט עפענען דאָס שלאָס פון טיר. מיר זענען אַריינגעלאָפן אין קאָרידאָר און צו אונדזער פרייד דערזען פאַר זיך פּאָליאַ עלסטער אין דער באַגלייטונג פון די טריאומפירנדיקע טעאָדאָר און עמילקע.

מיר האָבן פון איר אָפּגענומען אַ לעבעדיקן גרוס פון פּאָניאַטאָוו; דערוווּסט זיך, אַז די דאָרטיקע יידן גלויבן שוין נישט, אַז זיי וועלן אין פּאָניאַטאָוו איבערלעבן די מלחמה... פּאָליאַ עלסטער האָט אונדז איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע פּרטים פונעם פּאָניאַטאָווער לאַגער. זי האָט אונדז

אויך איבערגעגעבן אַ לאַנגע רשימה פון מענטשן, וואָס געפינען זיך אין פּאָניאַטאָוו און וועלכע מיר האָבן שוין געהאַלטן פאַר טויט.

אין פּאָניאַטאָוו האָט זיך אויך געפונען די העלדישע אַלאַ גאָלאָמב־גרינבערג, וועלכע אַרבעט אינעם דאָרטיקן שפּיטאָל; זי האָט אויך אָרגאַניזירט אַ קינדער־ווינקל און אַרומגענומען די קינדער אונטער אירע פליגלען.

אין פּאָניאַטאָוו געפינען זיך די דאָקטוירים בוסעל, עלעק לובעלטשיק, שפּאַק (דער זון פונעם באַקאַנטן עלטסטן פעלדשער שפּאַק פון וואַרשע), ד"ר באַרקאַווסקי; די שוישפּילער אייזיק סאַמבערג, רעגינאַ צוקער, שלמה קוטנער, דוד און הערי זיידערמאַן, חנה לערנער, דאָראַ פאַקעל, שמחה פּאַסטעל; דער דיכטער יוסף קירמאַן, דער דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר ישראל פייווישיס, דער מיטגרינדער פונעם ספּאָרטקלוב „מכבי" אין וואַרשע — ראובן שקלאַר און פּיל, פּיל אַנדערע.

בראש פון דער דאָרטיקער „אַליינהילף" זענען געשטאַנען: אַדוואָקאַט ד"ר בערטאָלד דאָברין, אַברהם שמידט, מאיר פּשעדעטש, יחיאל טענצער, מאיר עטקין, ישראל האָפמאַן, מלך פיינקינד — דער שפּעטערדיקער אָנפירער פונעם אויפשטאַנד אין פּאָניאַטאָוו און עלע טייבלום.

עס איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ בהיית־פאַרצווייגט קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן; מען האַלט רעפעראַטן, ליטעראַרישע באַגעגענישן; עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ כאָר; מען גיט קאָנצערטן, — מיט איין וואָרט: עס גייט נאָך דאָרט אָן אַ לעבן... אָבער דער איינציקער ווונטש איז: שיקן וואָס מער געווער און אַמוניציע! מען האָט שוין געמאַכט איניקע פּרוּוון צו פאַרבינדן זיך מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וואָס אַרבעטן אין יענער געגנט און געבעטן ביי זיי הילף. פון דעם איז אָבער גאָרנישט געוואָרן.

עס איז איצט — ווי פּאָליאַ עלסטער האָט איבערגעגעבן — וויכטיקער פון אַלץ, מען זאָל אַרויסשיקן קיין פּאָניאַטאָוו וואָס מער „קענקאַרטן" מיט געפעלשטע סטעמפּלען און אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, כדי צו קאָנען מאַכן בילדער פאַר די „קענקאַרטן". אַזוי אַרום וואָלטן זיך געקאָנט אָפּרייסן אַ סך יידן, וואָס האָבן אַ גוטן אויסזען און גייען אַרויס פון לאַגער אויף פאַרשידענע אַרבעט־שטעלן (פּלאַצוּווקעס).

ווען וואַנדאַ איז אַריינגעקומען צו אונדז און דערזען זיצן איר

שוועסטער פאָליאַ עלסטער, האָט זי זיך געוואָרפן אין אירע אָרעמס און לאַנג, לאַנג האָבן זיך די צוויי גליקלעכע שוועסטער נישט געקאָנט אָפּ־רייסן פון זיך.

צומאָרגנס איז צו אונדז געקומען מיכאַל באָראָווסקי און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצופירן פאָליע עלסטער אין דער „מלינה״ אין טאַרגוּוועק, ווו עס געפינען זיך: נתן בוקסבוים מיט דער פרוי און טאָכטער (פון דאָרט זענען זיי אַוועק אין האָטעל פּאָלסקי) מגר. ה. וואַסער מיט דער פרוי און וואַרם.

כמעט אין דער זעלביקער צייט האָט טעאָדאָר פּאַיעווסקי און עמיל־קע (קאָסאָווער) אַראָפּגעבראַכט פון די ווישקאָווער וועלדער, וווּהין זיי פלעגן אָפט פאָרן מיט געלט פאַר די דאָרטיקע יידישע פּאַרטיזאַנער — דעם געטאָ־העלד און מיטגליד פונעם שטאַב פון דער ייד. קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציע („זשאָב״) אין געטאָ און שפּעטער איינער פון די אָנפירער פון דער יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין די ווישקאָווער וועלדער — הערש בערלינסקי, ווי אויך אליהו ערליך, אַ יונגער העלדישער געטאָ־קעמפער און פּאַרטיזאַן פון די ווישקאָווער וועלדער (ביידע לינקע פּועלי ציוניסטן). זיי זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דער „מעטע״, צוזאַמען מיט נתן בוקסבוים, פּאָלע עלסטער און הערש וואַסער.

כדי אַריבערצושמוגלען הערש בערלינסקין פון וואַלד קיין וואַרשע, האָב איך געגעבן טעאָדאָר פּאַיעווסקין מיין באַן־היטל, אין וועלכן מען האָט מיך אַרויסגעצויגן פון לאַגער און וועלכעס איך פלעג שוין טראָגן ביז מיין באַפרייאונג. ווען מיין היטל איז געווען אין „אַרבעט״, פלעג איך שוין נישט קאָנען אַרויסגיין אין גאַס. דאָס היטל האָט מען געהאַלטן פאַר מזלדיק און פּאַיעווסקי האָט עס אויך אויסגענוצט אַראָפּצוברענגען פון לאַגער טראַווניקי — ד״ר עמנואל רינגעלבלומען.

קיין טראַווניקי זענען טעאָדאָר און עמילקע געפאָרן איינציקע מאָל. ביים ערשטן מאָל איז זיי נאָר געלונגען אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער דאָרטיקער אונטערערדישער „אַליינהילף״, בראש פון וועלכער עס זענען געשטאַנען ד״ר עמנואל רינגעלבלום, אַדוואָקאַט דוד שולמאַן, אַברהם וויטעלסאָן, שמעון מאַלינאָווסקי, ד״ר וול. שיפּרים און פּסח סערייסקי.

אין דאָזיקן לאַגער האָבן זיך אויך געפונען אַ ריי קינסטלער, בראש

מיטן טאַלאַנטירטן דיריגענט מאַריאַן נויטיך, דעם באַקאַנטן וויאָלין־שפּילער אַרקאַדי פלאַטאָ און דעם פּאָפּולערן אין פּוילן אַקטיאָר עדמונד מינאַוויטש.

אין טראַווניקי האָט זיך אויך געפונען דער פּאָפּולערער אין וואַרשע דאָקטאָר אָווסיי ביעלענקי, איינער פון די גרעסטע לונגען־ספּעציאַליסטן אין פּוילן, דער פּאָפּולערער גינעקאָלאָג ד״ר שענקער, ד״ר גאָלדבאַנד, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די יונגע דאָקטוירים יעזשי הערשענקרוג, האַלינאַ הערשפונקעל און גוטאַ כאָדזשקאָ, ווי אויך די קראַנקן־שוועסטער מילאַ ווייל, צעשיאַ פּאָזשאַריק און מילאַ פּרעס אָרגאַניזירט אַ לאַגער־שפּיטאָל.

אין טראַווניקי זענען געווען ביי 10.000 יידן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אייניקע טויזנט יידן פון האָלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיי. פון אָנהויב האָט זיך דאָרט געפונען אַ שולע פאַר די רוסישע קריגס־געפאַנגענע פון וולאַסאָווס אַרמיי, וועלכע מען האָט „אויסגעבילדעט״ אויפן דייטשן שטייגער.

די ערשטע יידן האָט מען אַהינגעבראַכט אין אָקטאָבער 1942 פון פּיאַסקי און אַנדערע דערפער אַרום לובלין. דערנאָך איז טראַווניקי באַשטימט געוואָרן פאַר שולצס שאָפּ. דער לאַגער איז אָנגעפירט געוואָרן פון עטלעכע צוואַנציק יונגע, געזונטע בחורים — געוועזענע קריגס־געפאַנגענע פון דער פּוילישער אַרמיי, מיט אַ געוועזענעם אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי בראש. צו אונדזער גרעסטער חרפּה זענען זיי אַלע אָן אויסנאַם געווען יידן, — אָנגעטון אין פּוילישע מיליטערישע מונדירן און גלאַנצנדיקע שטיוועלעך, מיט שפּיצרוטן אין די הענט. ליידער האָבן זיך דידאָזיקע חברהלייט זייער שלעכט אויפגעפירט לגבי זייערע אייגענע יידישע ברידער. זיי האָבן דאָרט אָרגאַניזירט אַ יידישע פּאָליציי, וועלכע האָט זיך רעקרוטירט פון די לאַגער־יידן. סך־הכל זענען דאָרט געווען 3 דייטשן פון ס. ס., אָבער זיי האָבן די מאַכט איבערגעגעבן די יידישע מיליטער־לייט און זיי האָבן זיך געהאַט אויף וועמען צו פאַרלאָזן ! . . .

ביי שולצן אין די וואַרשטאַטן האָבן געאַרבעט סך־הכל 1600 יידן, די איבעריקע האָבן גאָרנישט געטון. אין די מערסטע בלאָקן זענען געווען פרויען און מענער צוזאַמען.

אין טראַווניקער לאַגער האָט זיך אויך געפונען אַ קריסטין — די פרוי פונעם אָרדינאַטאָר פון דער כירורגישער אָפּטיילונג אין טשיסטע־שפּיטאָל — ד״ר ווערטהיים, אַ משומד. ער איז געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן אויף דער אַרישער זייט און צוזאַמען מיט זיינע זין געבראַכט גע־וואָרן אין פּאַוויאַק, ווו מען האָט זיי דערנאָך דערשאָסן. די פרוי איז אַרויס־געפירט געוואָרן קיין טראַווניקי, ווו זי איז אַראָפּ פון זינען.

אין טראַווניקער לאַגער האָבן זיך אויך געפונען די פּאָליציי־אָפיצירן פון וואַרשעווער געטאָ: אַדוואָקאַט הענריק נאַוואַגרודזקי און קראַשטשאַר, צוזאַמען מיט זיינע צוויי טעכטער. נאַוואַגרודזקין איז געלונגען פונעם לאַגער זיך אַרויסצוגנבענען.

די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אַסיגנירט 30.000 זלאָ־טעס אַרויסצוגנבענען פונעם דאָרטיקן לאַגער דעם אינזשיניער אַלפרעד פּאָזשאַריק און זיין פרוי. די פּאָזשאַריקס האָבן געהערט צו אַ גרופּע, וואָס איז אַרוים אויף אַרבעט ביים גראָבן די מכלומרשטע קאַנאַלן (ווו מ׳האָט לסוף אויסגעשאָסן אַלע יידן). די פרוי פון פּאָזשאַריק — צעשיאַ, האָט זיך איבערגעטון אַלס מאַן, אָפּגעשוירן די האָר און צוזאַמען מיט דער גרופּע אַרוים אויף אַרבעט. דעם לעצטן וואַך־פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בריק, האָט מען אָנגעשיכורט און אין דער צייט האָבן די פּאָזשאַ־ריקס אַרונטערבאַקומען זיך אונטערן בריק אויף דער פריי. דאָס אַרויס־גנבענען זיי פונעם לאַגער האָבן אָרגאַניזירט די טוערינס פון דער פּויל־שער אונטערערדישער באַוועגונג — קריסטינאַ זשעוווּלסקאַ און זאָפיאַ טשערווינסקאַ. דער לאַגער האָט זיך געפונען 2 קילאָמעטער פונעם דאָרף טראַווניקי.

ווען פּאַיעווסקי און עמילקע זענען צום צווייטן מאָל אַרויסגעפאָרן קיין טראַווניקי, האָבן זיי שוין געמוזט זיין פאַרזען מיט דערלויבענישן צו פאָרן אויף דער באַן. די דייטשן האָבן איינגעפירט ספּעציעלע באַן־דער־לויבענישן אויב מען האָט געוואָלט פאָרן אַ גרעסערע שטרעקע. צו באַקו־מען אַזאַ דערלויבעניש איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. די יידישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט זיך אָבער מיט דעם אויך אַן עצה געגעבן און אַפילו אויסגעאַרבעט אַזאַ דערלויבעניש אויפן נאָמען פון עדוואַרד

רידזעווסקי (ד״ר עמנואל רינגעלבלום). מען האָט אויך אויסגעאַרבעט פאַר ד״ר רינגעלבלום אַ לעגיטימאַציע פון אַ באַן־באַאַמטן.

טעאָדאָר און עמילקע האָבן אויך באַוויזן אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיטן לאַגער אין בודזין, נישט ווייט פון קראַשניק. דאָרט האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן און געזעלשאַפטלעכער טוער א. ל. בלאָך, וועלכן מען האָט געוואָלט פאַר יעדן פּרייז אַרויסציען פונעם לאַגער. דאָס איז אָבער נישט געלונגען, ווייל אַ גרופּע יידן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען א. ל. בלאָך, האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך נישט צו גיין איינער אָן דעם צווייטן. די גאַנצע גרופּע איז אוממעגלעך געווען אַרויס־צוציען פון דאָרט.

אין לאַגער בודזין האָבן זיך, צווישן אַנדערע, געפונען דער פּיאַ־סעטשנער רבי, הרב ק. שפּירא, הרב ש. שטאָקהאַמער, הרב פּאָזנער, ד״ר דוד וודאָווינסקי (רעוויזיאָניסטישער טוער), ד״ר ראובן טולבאָר, באַקאַנ־טער וואַרש. רענטגענאָלאָג, ד״ר גליניעוויעצקי, ד״ר האָרענשטיין, י. פאַלק — בונדישער טוער. דאָס איז געווען איינער פון די לייכטסטע לאַגערן, וואָס האָט געציילט ביי 3000 יידן. דער לאַגער קראַשניק האָט געציילט איייניקע הונדערט יידן — לרוב קראַשניקער.

נישט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען איז נישט געלונגען אָנצובינדן דעם קאָנטאַקט מיטן טויט־לאַגער מאַידאַנעק. פון איינעם, וואָס איז גע־לונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דער דאָרטי־קער לאַגער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טויט־פאַבריק, ווו מען דער־הרגעט, פאַרגאַזט און דערשיסט מענטשן, אין דער ערשטער ריי — יידן.

מאַידאַנעק איז געלעגן סך־הכל 2 קילאָמעטער פון לובלין, אויפן וועג נעבן בעלמער שאָסיי און האָט אַרומגענומען אַ שטח פון 25 קוואַד־ראַט קילאָמעטער. מאַידאַנעק איז איינער פון די שרעקלעכסטע „טויט־קאָמבינאַטן״, וואָס דער תליון, ס. ס.־גענעראַל גלאָבאָטשניק האָט געשאַפן אין זיין גוווערנעמענט.

אינעם דאָזיקן לאַגער האָבן זיך געפונען, צווישן אַנדערן, די באַ־קאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוער: ד״ר יצחק שיפּער, נחום רעמבאַ, וועלכן מען האָט געבראַכט אַהין פון טרעבלינקע, סאָניאַ נאָוואָגרודזקי, א. ל. סטאַראָבינסקי, ד״ר טולאַ נוסבלאַט, זישע פרידמאַן, פּראָפ. ד״ר מנחם

שטיין, דוד ראַדונסקי, רעדאַקטאָר לייזעראָוויטש, אסתר גיטערמאַן, סענאַטאָר טראָקענהיים, ד״ר טאַנענבערג, אינזשיניער עפּראַס, די פּרוי פּונעם שרייבער מ. נודעלמאַן, אינזשיניער טעמפּעלהאָף, ד״ר ט. שטאַבהאָלץ, חזן ליכטענבאַום, מאַרק אַרנשטיין און פּיל, פּיל טויזנטער אַנדערע יידן. ליידער האָט מען זיי נישט געקאָנט ראַטעווען.

* * *

ווען פּאַיעווסקי און עמילקע האָבן געבראַכט ד״ר ע. רינגעלבלום קיין וואַרשע, אַלס „באַן־באַאַמטן״, האָט מען אים אַוועקגעפירט אויפן נייעם טרעף־פּונקט צו סטאַניסלאַווא יאַשטשיק אויף ראַדזימינסקאַ 2, ווו ער איז געבליבן אייניקע טעג. פון דאָרט איז ער, צום אומגליק, אַוועק אויף גרוייעצקאַ 81 צו זיין פרוי און זון, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ בונקער צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע דרייסיק יידן. דער דראָזיקער גוט־פאַר־מאַסקירטער בונקער האָט זיך געפונען אונטער אַן אָראַנזשעריע, וואָס האָט געהערט צום פּאָליאַק (ווי מען האָט געשמועסט, איז ער געווען אַ פאָלקס־דייטש) מיעטשיסלאַוו וואָלסקי.

ד״ר עמנואל רינגעלבלום האָט זיך דרייסט געקאָנט באַוועגן אויף די גאַסן אַלס קריסט, וואָרום ער האָט געהאַט אַ גלענצנדיק אַריש אויסזען און גוטע פּאַפּירן. ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט שיידן מיט זיין פרוי און זון, פירנדיק דאָרט ווייטער זיין וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישע אַרבעט. דאָרט איז ער פאַרבליבן ביזן טראַגישן סוף. אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער זיך שוין אַנטשלאָסן אַרויסצוגיין פונעם בונקער, איז עס אָבער שוין געווען צו שפּעט. ער האָט דאָס נישט באַוויזן צו טון.

דאָס, וואָס מען האָט פּלוצלינג געביטן דעם טרעף־פּונקט פון ברו־קאָווא 8 (פּאַיעווסקים דירה) אויף ראַדזימינסקאַ 2 (יאַשטשיקס דירה), נעמט זיך דערפון, וואָס פּאַיעווסקי האָט אַמאָל אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז עמיצער פון די שכנים האָט דערקענט אין מיכאַל באַראָווסקי — דעם ייד ד״ר אַדאָלף בערמאַן . . .

אין דער אמתן איז דאָס אַריבערטראָגן דעם צענטראַלן „טרעף־פּונקט״ פון אונדזער דירה אויף ראַדזימינסקאַ 2 געווען צוליב גאָר אַנ־

דערע סיבות. איינע פון די הויפּט־סיבות איז געווען יעדנפאלס די, וואָס מיר האָבן דאָרט געוווינט און דאָס איז פּאַיעווסקין און עמילקען נישט געווען אויף דער האַנט. מיר האָבן צופיל געוווּסט און דאָס איז פאַר זיי — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — געוואָרן נישט ווינטשנס־ווערט . . .

זייער באַציאונג צו אונדז האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרערגערן. וואָס מער געלט זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרדינען ביי דער יידישער אונטערער־דישער באַוועגונג, אַלץ ערגער איז זייער באַציאונג געוואָרן צו אונדז. פּאַ־יעווסקי האָט שוין אָפן אָנגעהויבן צו רעדן, אַז מיר ווען זיך מוזן אויס־זוכן אַן אַנדערע דירה, ווייל זיי מוזן אויפפרישן זייער וווינונג, אַריינ־שטעלן נייע מעבל, א. אַ. וו. . . .

יוזשעק (יוסף זיסמאַן) און וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער) זענען געשטאַ־נען מיט עמילקען און פּאַיעווסקין אין כסדרדיקן קאָנטאַקט און זיי פּלעגן אָפט קומען צו אונדז. מיר האָבן זיי געבעטן עפּעס טון פאַר אונדז און פאַרשאַפן אונדז א נייע „מעטע", ווייל לאַנג וועלן מיר דאָ נישט קאָנען אויסהאַלטן. מען דערגייט אונדז שוין צופיל די יאָרן. „יוזשעק" האָט צו־געזאָגט אויסצוזוכן פאַר אונדז אַ נייע „מעטע" און אין דער האָפענונג האָבן מיר טאַקע געלעבט.

דערווייל קומען אָן „פון דרויסן" אַלץ נייע גריסן — איינער שרעק־לעכער פון דעם אַנדערן. אויף דער אַרישער זייט זענען געפאַלן דער העל־דישער „טאַדעק" (טוביה שיינגוט) און דער העלדישער פּאָליאַק „סטעפאַן" — זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען: פּאַקראָפּעק, מיט וועלכן איך האָב באַלד נאָך מיין באַפרייאונג פונעם לאַגער אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט ווענן אַרויספירן מענטשן פונעם גראָכאָווער לאַגער אין וואַלד אַריין.

סטעפאַן — אַ טוער פון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) — האָט פון דער ערשטער מינוט אָן געהאָלפן דער יידישער קאַמפס־אָרגאַ־ניזאַציע, ווי אויך ביים אויסבאַהאַלטן יידן אויף דער אַרישער זייט. ער איז געפאַלן אין העלדישן קאַמף מיט די דייטשן. זיין דירה אויף וואַ־שינגטאָן גאַס 80 אין פּראַגע, ווו ער האָט אויך אויסבאַהאַלטן יידן, איז אין אַ שיינעם העלן טאָג אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשישער זשאַנ־דאַרמעריע און געשטאַפּאָ־אַגענטן. ביי אים אין שטוב האָבן זיך דעמאָלט

גראָד געפונען „קאַזשיק״ (שמחה ראַטהייזער) און „טאַדעק״ (טוביה שיינ־גוט). זיי זענען געקומען אָפּנעמען געווער, וועלכע מען האָט דאָרט גע־זאַלט ברענגען פאַר דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אויף דער אַרישער זייט.

ווען די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די וווינונג, האָבן סטעפאַן, קאַזשיק און טאַדעק זיי באַגעגנט מיט אַ שטאַרקן פייער. די דייטשן האָבן צוריקגעענטפערט. קאַזשיק און טאַדעק האָבן זיך באַמיט אַרויסצוקריגן דורכן פענצטער (סטעפאַן האָט געוווינט אין אַ פּאַרטער־דירה) אויפן גאַס. שיסנדיק אויף אַלע זייטן, האָט קאַזשיק באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען אויפן גאַס און דורכצורייסן זיך דורך דער בלאָקאַדע; דאַקעגן איז טאַדעק געטראָפן געוואָרן פון דייטשישע קוילן און געפאַלן אַ טויטער. אַזוי האָט פאַרענדיקט זיין יונג, העלדיש לעבן איינער פון די בעסטע און אַקטיוו־סטע געטאָ־קעמפער און אונטערערדישער טוער — טוביה שיינגוט. קאַ־זשיקן איז געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון דער פּאַסטקע און אַנטלויפן.

דער העלדישער סטעפאַן פּאָקראָפּעק, וועלכער איז שוין געווען דורכגעזיפּט פון דייטשע קוילן, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נישט וועלנדיק אַריינפאַלן אַ לעבעדיקער אין די דייטשע הענט.

אין סטעפאַנס דירה האָבן די דייטשן געפונען אַ יונגן יידישן בחור רישעק, וואָס האָט געוווינט ביי סטעפאַנען. זיי האָבן אים אַוועקגעפירט אין געשטאַפּאָ.

די דייטשן האָבן רישעקן געוואָלט אויסניצן אויף צו דעקאָנספּירירן די יידישע אונטערערד. אין אַ געשטאַפּאָ־אויטאָ האָבן זיי אים אַרומגע־פירט איבער רעמבערטאָוו און אומגעגנט, ער זאָל אָנווייזן אויסבאַהאַל־טענע יידן, וועלכע סטעפאַן האָט דאָרט איינגעאָרדנט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט „רישיאָ״ קיינעם נישט אויסגעגעבן און נאָך אַ פּאָר טעג נוצלאָזן אַרומפירן אים, האָבן אים די געשטאַפּאָ־לייט דערשאָסן.

סטעפאַן, ווילנדיק האָבן פרייע הענט אין זיין אונטערערדישער אַר־בעט, האָט זיין פרוי און קינדער איינגעאָרדנט אין אַ דירה אין רעמבער־טאָוו. סטעפאַנס פרוי האָט געהאַט אַ געליבטן, אַ געוויסן באַלעק (מען האָט אים גערופן: דער קליינער באַלעק), וואָס האָט געשטאַמט פון פּלאָצק. דאָס איז געווען אַ הפקר־יונג, אַ ליידיקגייער און גרויסער שיכור. סטע־

פאַנס פרוי האָט אים אויסגעהאַלטן. אין רעמבערטאָוו האָט ער געוווינט צוזאַמען מיט דער פרוי פון פּאָקראַפּעק. באַלעק האָט געוווּסט וועגן די פאַרבינדונגען, וועלכע סטעפּאַן האָט געהאַט מיט דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג. סטעפּאַן האָט צו באַלעקן נישט געהאַט קיין צוטרוי און כסדר געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק מיט אים. מען האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו זיינע רייד, ווייל מען האָט געהאַלטן, אַז סטעפּאַן רעדט עס צוליב אייפערזוכט... באַלעקן האָט מען געהאַלטן פאַר אַ „ווילן יאַט"...

דערדאָזיקער באַלעק (לויטן געפּעלשטן פּאַס האָט ער געהייסן באָרקאַווסקי) האָט שפּעטער אָפּגעשפּילט גאָר אַ גרויסע ראָל, אַרבעטנדיק גלייכצייטיק אויף צוויי פראָנטן...

אַ לאַנגע צייט, ביז מען האָט אים ענדלעך דערשאָסן (בעת אַ קריגעריי אין אַ שענק), האָט ער געאַרבעט אַלס פאַרבינדלער פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג, צו וועלכער פּאַיעווסקי און עמילקע האָבן אים פראָטעזשירט. אויך די יידישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט צום באַדויערן געהאַט צו אים אַ גרויסן צוטרוי. וועגן זיין „טעטיקייט" וועט מיר אויסקומען צו שרייבן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

23.

# בלאָקאַדע

מיעטעק שפּירא פון לובלין איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם צוג, וואָס האָט אים געפירט קיין טרעבלינקע. ער איז געקומען קיין פּראַגע צו טעאָדאָר פּאַיעווסקין און אים געבעטן, ער זאָל אים אויפנעמען צו זיך.

ווי פּאַיעווסקי האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָט ער געהאַט לגבי מיעטעק שפּירא התחייבותן, ווייל ווען שפּירא איז נאָך געווען אַ גרופּענפירער אין וואַרשעווער געטאָ, האָט ער צוזאַמען מיט זיין חבר זילבערבערג, וועלכער האָט אויך געשטאַמט פון לובלין, באַשטעלט ביי פּאַיעווסקין, די

„מעטע" אויף ברוקאָווע 8, אין פאַל ווען זיי וועלן זיך דאַרפן אויסבאַ־האַלטן. שפּיראָ און זילבערבערג זענען שוין ביי אים אפילו איינגעמאָלדן אויף זייערע אַרישע פּאַפּירן, וואָס זיי האָבן זיך פון פריער געהאַט צוגע־גרייט. דערווייל האָט זילבערבערג אָפּגעטון שפּיראָן אויף „טערקיש", צו־גענומען אים זיין ווייב און ביידע זענען זיי אַנטלאָפן. איצט געפינען זיי זיך אין לאַגער טראַווניקי. שפּיראָ האָט געאַרבעט אויף אַ „פּלאַצוווקע" פון דער אָסטבאַן, אין פּראַגע. ווען מען האָט ליקווידירט די אַלע לאַגערן אַרום וואַרשע און מען האָט אַלע יידן אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע, איז שפּיראָן געלונגען צו אַנטלויפן פון צוג. איצט איז ער געקומען זיך אויס־באַהאַלטן ביי פּאַיעווסקין.

דיאַנאַ און איך זענען געווען ביי זיך אין צימער. דאָס מאָל האָט אונדז פּאַיעווסקי נישט געהייסן אַראָפּגיין אין אונדזער באַהעלטעניש און מיר האָבן אַלץ געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט. טעאָדאָר האָט אים גע־זאָגט, אַז לײדער קאָן ער אים שוין צו זיך נישט אויפנעמען, אָבער ער האָט פאַר אים אַ בעסערן פּראָיעקט. ער וועט אים אַוועקפירן אונטער דער שטאָט אויף אַ גלענצנדיקער "מעטע". נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט טעאָ־דאָר פּאַיעווסקי אים אָפּגעפירט קיין מאַרקי און אים איינגעאָרדנט צוזאַ־מען מיט די ברידער קאָסאָווער ביי דער קריסטין באַנאַשוק.

פון מיעטעק שפּיראָס דערציילונג האָב איך זיך אויך דערוווּסט, ווי אַזוי די דייטשן האָבן ליקווידירט דעם גראָכאָווער לאַגער, פון וואַנען טעאָ־דאָר פּאַיעווסקי האָט מיך אַרויסגעגנבעט.

דער לאַגער איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ס. ס.־לייט און זשאַנ־דאַרמען, קיינעם פון דאָרט נישט אַרויסגעלאָזט אויף אַרבעט, דערנאָך אַלע יידן אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען און זיי אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע . . .

ווען „אַניעלאַ" (רחל אויערבאַך) איז דאָס לעצטע מאָל געווען ביי אונדז, האָט זי אונדז געבראַכט אַ בריוול פון אונדזערע פריינט אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו וואַרם און זיין פרוי די באַקאַנטע פּיאַניסטין ליליאַנאַ וואַרם־באַנקער. עס איז זיי געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פונעם וואַרשעווער געטאָ (זיי האָבן געאַרבעט ביי די בערשטנמאַכער אין שאָפּ, צוזאַמען מיט פעליקע נודעלמאַן און גוטאַ ציגעלמאַן — אַ געוו. מיטאַרבעטערין פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף).

די ווארמס האבן אונדז געבעטן, אז מיר זאלן זיי שאפן א „מעטע", ווארום זיי געפינען זיך אויף אן ארט אין זייער שלעכטע באדינגונגען.

לעצטנס זענען כמעט אלע „מעטעס" שאנטאזשירט געווארן פון די „שמאלצאווניקעס". די דאזיקע באנדעס מערן זיך פון טאג צו טאג. אזא „פעטער ביסן", ווי בארויבן און שאנטאזשירן יידן איז געווארן א מאגנעט פאר די מאראליש געפאלענע מענטשן־חיות. זיי גייען פון הויז צו הויז, פון געשעפט צו געשעפט און שמעקן אוים זייערע קרבנות. זיי זענען ספעציאליסטן אויף אויסצוגעפינען יידן. די מער „יושרדיקע" שמאלצאווניקעס באגנוגענען זיך נאר מיט בארויבן און געלט־אויספרעסן; די איבעריקע — גיבן איבער די אומגליקלעכע יידן, נאכן בארויבן זיי, אין די הענט פון די דייטשן און דאס איז דאך — א זיכערער טויט.

די באקאנטע זינגערין העלענא אסטראווסקא פון לאדזש, די פרוי פון ד"ר צוקערוואר, וועלכע האט געהאט א גוטן ארישן אויסזען, איז צוזאמען מיט איר קליין מיידעלע אויסגעגעבן געווארן די דייטשן. דאס זעלביקע איז געשען מיטן באקאנטן אינטערניסט ד"ר וואל און מיט זיין פרוי און טאכטער. דער פיאניסט גאלדפעדער, וועלכער האט געהאט א קריסטלעכע פרוי; דער באקאנטער ווארשעווער אפערן־זינגער פרעשעל, וועלכער איז לאנגע יארן געווען געשמדט און האט געוווינט, צוזאמען מיט זיין קריסטלעכער פרוי; די באקאנטע פוילישע זשורנאליסטין יאדוויגא מיגאווא (גאנצוואל) און נאך פיל אנדערע יידן און געוועזענע יידן זענען צוליב די פוילישע „שמאלצאווניקעס" דערשאסן געווארן.

מיין קוזין שימאן וויטענבערג פון דער כעמישער בראנזשע, וועלכער האט בעת דער ערשטער און צווייטער „געטא־אקציע" פארלוירן זיין פרוי עווא (פון דער היים מענטליק), זיין פאטער בייניש וויטענבערג, די שוועסטער עווא וויטענבערג — א פוילישע דיכטערין — און א צווייטע שוועסטער אננא זאבאווער מיט איר מאן, האט באוויזן פארן אויפשטאנד אריבערצוקריגן זיך אויף דערארישער זייט. ער האט אריבערגענומען אהין זיין איינציקע בליים לעבן איבערגעבליבענע שוועסטער פעלא ווינער מיט איר מאן גרישא. זיי האבן זיך איינגעארדנט אויף א „מעטע" אין ווארשע.

האבנדיק נישט קיין שלעכט אריש אויסזען, האט שימאן וויטענבערג באשלאסן צוצופארן קיין פראגע אין זיין כעמישער פאבריק, וואס

איז שוין געשטאַנען אונטער קאָמיסאַרישער לייטונג. דער הויזוועכטער פון פאַבריק, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען אָנגעשטעלט ביי וויטענבערגן, האָט אים געמסרט און ער איז דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן. דעמ־זעלביקן גורל האָט געטיילט זיין שוועסטער פעלא — וואָס האָט זיך אין געטאָ אויסגעצייכנט מיט אירע מעשים טובים — און איר מאַן גרישאַ ווינער.

ס׳גייט נישט אַריבער אַ טאָג, מיר זאָלן זיך נישט דערוויסן פון נייע שאַנטאַזשן און נייע דערשיסונגען פון יידן. מיר הערן כסדר געשפּרעכן, וואָס דערגייען צו אונדז פון גאַס, פון אונדזערע הויז־שכנים. זיי באַקלאָגן זיך אויפן גרויסן אומגליק, וואָס די יידן האָבן אויף זיי געבראַכט. צוליב די יידן — זאָגן זיי — זענען מיר כסדר אויסגעשטעלט אויף געפאַר. עס איז אונדזער חוב אַליין צו זוכן אין אַלע דירות, צי עס באַהאַלטן זיך דאָרט נישט אויס קיין יידן.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון פרוי פּאַיעווסקים צוריק־קומען פון דער זומער־וווינונג פון ווערסאַלאַ (מען האָט באַפוילן פון דאָרט אַרויסצוציען זיך דער ציוויל־באַפעלקערונג), האָט טעאָדאָר פּאַיעווסקי, נישט געקוקט אויף אונדזער וואָרענונג, אַז דאָס וועט אַרויסרופן אַ חשד מצד די שכנים, באַשלאָסן צו רעמאָנטירן זיין דירה.

— וואָס וועט זיין מיט אונדז? — פרעגן מיר.

— איר וועט אויף די פּאָר שעה, וואָס די אַרבעטער וועלן זיין באַ־שעפטיקט אין דער דירה, אַראָפּ אין „לאָך” — אַזוי האָט פּאַיעווסקי גע־רופן אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן עס אָנגערופן — „קבר”, ווייל זיצן דאָרט אַ פּאָר שעה אינגאַנצן אָן לופט, איז טאַקע געווען אַ גרויסע סכנה. אָבער מיר זענען דאָך סיי ווי געוואָרן מאַנעקינען, מיט וועלכע מען טוט וואָס מען וויל . . .

ווען די מאָלער־אַרבעטער האָבן געדאַרפט קומען צו דער אַרבעט, זענען מיר 6 אַזייגער פאַרטאָג אַראָפּ אין „לאָך”. טעאָדאָר האָט צוגעמאַכט די שוועל פון טיר, מיר האָבן זי פאַררינגלט פון אינעווייניק און געוואַרט, ביז די מאָלער וועלן פאַרלאָזן אונדזער הויז מיטאָגצייט און מיר וועלן קאָ־נען כאַפּן אַ ביסל דעם אָטעם. מוז מען דאָך האָבן מזל! די אַרבעטער, אַגב זענען דאָס געווען פּאַיעווסקים שכנים און האָבן געוווינט אויפן זעלביקן

הויז, זענען בכלל נישט ארויס פון דער דירה. מען האט זיי געבראכט מי־טאג צו אונדז. מיר האבן געמיינט, אז מיר וועלן שוין קיין לעבעדיקע נישט ארויס פונעם באהעלטעניש. ס'האט אונדז פשוט פארפעלט לופט צו עטע־מען. מיר האבן זיך געמוזט איינגאנצן אויסטון, ווייל וואסער האט זיך פון אונדז געגאסן . . .

ערשט פינף אזייגער פארנאכט, זענען די ארבעטער אוועק אהיים און פאיעווסקי האט אנגעקלאפט אין שוועל, לויטן אפגערעדטן סימן, אז מיר זאלן ארויסגיין. איך האב נאר באוויזן אויפצוריגלען די שוועל, אבער עפענען זי בין איך שוין נישט געווען בכוח.

זעענדיק אז מיר גייען נישט ארויס, האט טעאדאר געעפנט די שוועל און אריינגעשריען צו אונדז: „קריכט ארויס". מיר האבן זיך נישט גע־רירט פון די ערשטער. טעאדאר האט זיך אראפגעבויגן צו אונדז און א פריילעכער געפרעגט:

— וואס איז מיט אייך? איר זענט געשטארבן? — ס'האט אונדז טאקע נישט געפעלט קיין סך .

קוים לעבעדיקע האט ער מיך און דיאנאן ארויסגעשלעפט פון באַ־העלטעניש. פון דער פרישער לופט האט אונדז א זעץ געטון אין קאפ. הגם מיר האבן 12 שעה צייט גארנישט געהאט אין מויל, האבן מיר זיך נישט געקאנט צורירן צום עסן.

טעאדאר האט, אויף זיין שטייגער, שפאסנדיק געזאגט צו אונדז:

— נו, זעט איר, כ'האב דאך אייך געווארנט, אז איר מוזט זיך פון דאנען ארויסציען. איך גיי איצט אויסמעבלירן די וווינונג און א גאנצן טאג וועלן זיין ביי אונדז געסט, וועט איר דאך נישט ליגן כסדר באהאלטן אין „לאך". איר וועט דאך דא שטארבן... ניין, אן א שפאס — איר מוזט זיך זוכן אן אנדערע „מעטע" . . .

אויף צומארגנס האבן מיר ווידער געמוזט אראפגיין אין אונדזער „לאך", ווייל די מאלער זענען געקומען פארענדיקן זייער ארבעט. דאס מאל האבן מיר מיט זיך מיטגענומען א פאר פלעשער וואסער, כדי זיך צו באַ־גיסן אין פאל ווען עמיצער פון אונדז וועט חלשן. מיר האבן אויך גע־האט עסן מיט זיך, אבער ווער האט זיך דערצו געקאנט צורירן, ווען מען האט נישט געהאט מיט וואס צו עטעמען. דעם צווייטן טאג זענען מיר

אָפּגעלעגן אין אונדזער „בונקער" 14 שעה צייט, ווייל די אַרבעטער האָבן געוואָלט פאַרענדיקן די אַרבעט אינעם זעלביקן טאָג.

עמילקע, וועלכע האָט זיך אַריינגעצויגן צו פּאַיעווסקין, נאָך דעם ווי זיין פרוי איז אַוועקגעפאָרן אויף זומערוווינונג, פלעגט איין מאָל א טאָג אַריינשמעקן אין דער דירה און דערנאָך צוריקקומען, צוזאַמען מיט פּאַיעווסקין, ווען די אַרבעטער האָבן פאַרענדיקט זייער אַרבעט.

ליגנדיק אונטערן דיל אין אונדזער באַהעלטעניש, האָבן מיר געהערט, וואָס די אַרבעטער האָבן צווישן זיך גערעדט. זיי האָבן געזאָגט, אַז עפּעס איז מיט טעאָדאָר פּאַיעווסקין נישט גלאַטיק. פון וואַנען האָט דער קבצניוק פּלוצלינג גענומען אַזוי פיל געלט. ער לעבט דאָך איצט — האָבן זיי געזאָגט — ווי א גראַף; טוט זיך אָן ווי דער גרעסטער „פּראַנט". דאָס אַלץ באַווייזט, זאָגן זיי, אַז ער מוז „קאָמבינירן" מיט „זשידעס"... און דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט זיין פרוי מיט די קינדער אויף זומער־וווינונג איז דערפאַר, ווייל ער וויל בלייבן אַליין מיט זיין „קאָכאַנקע". זיי האָבן פּאַיעווסקין געזידלט אויף וואָס די וועלט שטייט . . .

אויסער אַלע עמאָציעס, וועלכע מיר האָבן געהאַט, ליגנדיק און שטיקנדיק זיך אינעם „לאָך", האָבן מיר אויך איבערגעלעבט מינוטן פון טויטשרעק. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען די מאָלער־אַרבעטער האָבן זיך אַוועקגעלייגט נעבן דער שוועל און פאַרענדיקט מאָלן די אונטערשטע טיילן פון דער וואַנט. מיר האָבן אַלץ געציטערט, אַז אָט־אָט וועלן זיי באַמערקן ווי די שוועל איז פון ביידע זייטן אָפּגעטיילט פון דער וואַנט און זיי וועלן פאַלן אויף אונדזער שפּור. צום גליק איז דאָס נישט געשען.

ווען מיר זענען ענדלעך אַרויס פון אונדזער „קבר" און געקומען צו זיך, האָבן מיר איבערגעגעבן פּאַיעווסקין וועגן דעם שמועס, וואָס די אַרבעטער, זיינע שכנים, האָבן וועגן אים געפירט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן אים נישט דערציילט, וואָס זיי האָבן גערעדט וועגן זיינע „קאָמביינאַציעס" מיט די „זשידעס", ווייל אין דעם פאַל וואָלטן מיר זיכער באַלד אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף דער גאַס. מיר האָבן אים נאָר דערציילט דאָס, וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן זיין ברייטן אַרט לעבן און מיר האָבן אים געראָטן, ער זאָל נישט באַגיין קיין פעלער מיטן אַריינשטעלן נייע

מעבל אין דער דירה. דאָס וועט נאָך מער דערוועקן ביי זיי א חשד. און מען וועט אים האַלטן אונטער כסדרדיקער אָבסערוואַציע.

— איך האָב זיי אַלע אין... — האָט טעאָדאָר געענטפערט אַן אויפגערעגטער. — זאָלן זיי נאָר וואגן ארײַנצושטעלן זייערע נעז, וועל איך זיי אויסשיסן ווי די הינט . . .

מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשיטן ד"ר א. בערמאַנען מיט בריוועך, ער זאָל טון אַלץ, כדי אונדז צו פאַרשאַפן אַן אַנדערע „מעטע", ווייל מיר פילן, אַז אין א שיינעם העלן טאָג וועלן מיר בלייבן אויף דער גאַס...

געציילטע טעג נאָכן אויספרישן פּאַיעווסקיס דירה האָבן מיר איבערגעלעבט א נייע עמאָציע.

כדי די דירה זאָל זיך וואָס שנעלער אויסטריקענען פון מאָלן, האָט פּאַיעווסקי געלאָזט אָפן דאָס פענצטער פון דער ערשטער שטוב, וואָס איז ארויסגעגאַנגען אויפן גאַס און דאָס פענצטער פון קיך, וואָס איז ארויס אויפן הויף. מיר האָבן געוווּנט, ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, אויפן פּאַרטער.

די זאַכן פון ערשטן צימער און פון דער קיך (קיין סך זאַכן האָט נאָך פּאַיעווסקי צו יענער צייט נישט געהאַט) האָט ער אריינגעשטעלט צו אונדז אין שטוב, וועלכע ער האָט פאַרשלאָסן. אין יענע טעג האָט פּאַיעווסקי מיט עמילקע נישט געגעכטיקט אינדערהיים. זיי זענען ארויסגעפאָרן צו דער משפּחה. אויף דער איינגאַנגטיר פון דער דירה האָט אָבער געהאָנגען א גרויסער שלאָס. די לייטערס און עמערס מיט די פּענדזלען, וועלכע די מאָלער האָבן נאָך נישט געהאַט צוגענומען, זענען געשטאַנען אין קיך. די פענצטער פון אונדזער שטוב זענען, ווי תמיד, געווען פאַרמאַכט און פאַרהאָנגען. דעם אריינגאַנג אין אונדזער באַהעלטעניש, ד. ה. די שוועל, האָבן מיר אויף יעדן פאַל געהאַלטן אָפן, טאָמער וועלן מיר דאַרפן פלוצלינג אהין אריינשפרינגען.

אין א געוויסן טאָג — ס'איז דעמאָלט געווען ארום האַלב פינף פאַרטאָג — האָט זיך דיאַנאַן אויסגעוויזן, אַז אויפן גאַס איז עפּעס א טומל. זי איז אראָפּ פון בעט און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. איך בין

נאָך געלעגן אין בעט. פּלוצלינג לויפט זי צו צו מיר מיט אויסגעשראָקענע אויגן און שעפּטשעט אַרויס:

— דייטשישע זשאַנדאַרמען . . .

איך שפּרינג אַראָפּ פון בעט און לויף צו צום פענצטער. דורכן פויר־האַנג זע איך דייטלעך זשאַנדאַרמען, אויסגעשטעלט אויףביידע זייטן גאַס, אומגעפער יעדע 10 טריט — אַ זשאַנדאַרם. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך אַ „בלאָקאַדע" אויף אונדזער גאַס. בליץ־שנעל ברענג איך אין אָרדענונג דאָס בעט, מיר טוען זיך אָן און גייען אַראָפּ אין אונדזער „לאָך". שטילערהייט פאַרמאַך איך איבער אונדז די שוועל און פאַרריגל דעם אַריינגאַנג. מיר וואַרטן. עס דערהערט זיך אַ פּייפעריי, פאַרשידענע אויסרופן און ס׳ווערט ווידער שטיל. די שטילקייט האָט געדויערט אפשר אַ האַלבע שעה. דערנאָך דערהערט זיך דאָס באַקאַנטע קלאַפּן פון די שווערע דייטשישע שטיוול און פון צייט צו צייט — דייטשישע שטימען. אין אַ פּאָר שעה אַרום — אין דער פינצטער האָב איך נישט געזען ווי שפּעט עס איז — האָט מען דערהערט ווי עס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אונ־דזער הויז אַ דייטשישע אָפּטיילונג. ס׳האָבן זיך דייטלעך דערהערט זייערע שווערע טריט אין טויער. די דייטשן זענען אַריין אין אונדזער הויז. עס דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין די טירן. דייטשישע פראַגעס און פּוילישע ענטפערס. מיר וואַרטן. איך האַלט מיין פרוים האַנט. אָט־אָט וועלן זיי אויפרייסן אונדזער טיר און וועלן אַריין אין אונדזער דירה. צי וועלן זיי אונדז אַנטדעקן?

מיר וואַרטן מיט גרויס שפּאַנונג. ווידער — פאַרביי אַ פּאָר שעה. עס דערהערט זיך אַ פּייפעריי, אַ דייטשישע קאָמאַנדאָ און מאַרש פון שווע־רע שטיוול. די דייטשן זענען צוריק אַרויס אויף דער גאַס. די שווערע טריט דערווייטערן זיך. פון צייט צו צייט הערט מען לויפן איבער די גאַסן. ווידער אַ פּייפעריי. רופן. און אַלץ ווערט שטיל. מיר וואַרטן געשפּאַנט. עס דערהערן זיך פּוילישע שטימעס. געלעכטער פון קינדער. מיר פאַר־שטייען, אַז די בלאָקאַדע האָט זיך געענדיקט. איך וואַג אָבער נאָך אַלץ נישט צו עפענען אונדזער איינגאַנג. נישט כדאי איצט צו ריזיקירן. אַזאַ אומפאָרזיכטיקייט קאָן אַמאָל טייער קאָסטן. איך ווייס פון אַ סך פאַלן, ווען אַ ייד, זייענדיק איבערצייגט, אַז ס׳איז שוין אַלץ רואיק, איז אַרויס

פון באהעלטעניש און אין דעם מאמענט האט אים באמערקט א נישט־געבעטענער גאסט . . .

פלוצלינג הערן מיר עפענען דעם שלאס פון אונדזער איינגאנג־טיר און א געלעכטער פון טעאדארן און עמילקען. מען קלאפט מיטן אפ־געדעדטן צייכן אין דער שוועל איבער אונדז. מיר זענען ווי פארגליווערט. מיר גיבן נישט קיין שום צייכן פון לעבן. איך הער דייטלעך טעאדארס שטים, ווי ער זאגט צו עמילקען:

— אפשר לעבן זיי שוין נישט? . . .

איך דיים זיך ארויס פון דער פארגליווערונג און ריגל אויף דעם ארייגאנג, וועלכן טעאדאר עפנט גלייך. א שטראם פרישע לופט האט מיר א זעץ געטון אין קאפ אריין, ווי מיט האמערס. איך זע גארנישט. דאס זעלביקע — דיאנא. פונעם לאנגן זיצן אין פינצטערן גרוב איז אונדז אלץ שווארץ געווארן פאר די אויגן. מען העלפט אונדז ארויסצוקריגן זיך פון דער באהעלטעניש. מיר האלטן זיך קוים אויף די פיס. מען גיט אונדז עפעס צו טרינקען.

ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן, איז די גאנצע ברוקאווע גאס געווען בלאקירט דורך די דייטשן. זיי האבן גענוי דורכגענישטערט אלע דירות. דאס זעלביקע איז געשען אין אונדזער הויז. זיי האבן דורכגעזוכט אלע דירות, אלע קעמערלעך. א קאמער, וואס איז געווען פארשלאסן אויף א שלאס, האבן די דייטשן אויפגעריסן. אויף איין ארט האבן די דייטשן געפונען טיילן פון א ראדיא־אפאראט. זיי האבן עס מיטגענומען, אבער אויך — די באלעבאטים פון דער דירה. ווען זיי זענען צוגעקומען צו אונ־דזער דירה און באמערקט דעם שלאס, האבן די דייטשן געפרעגט, ווער עס וווינט דארט. דער הויזוועכטער האט זיי געזאגט, אז די באלעבאטים פון דער דירה זענען אויף זומערוווינונג. איינער פון די דייטשן האט שוין געוואלט אויפרייסן די טיר. אין דעם אויגנבליק האט א צווייטער זשאנ־דארם ארייגעשטעלט דעם קאפ דורכן אפענעם פענצטער פון קיך און באמערקנדיק די לײדיקע וווינונג מיט די לייטערס און עמערס פון פארב, האט ער זיך אנגערופן צום צווייטן דייטש, וואס האט זיך שוין גענומען צו דער טיר:

— א שאד צייט, דארט איז קיינער נישטא . . .

די דייטשן זענען אוועק פון דער וווינונג.

טעאָדאָר האָט אונדז געזאָגט, אַז די דייטשן האָבן אויף דער ברוד־קאָווע גאַס געפונען אַ פּאָר יידן... זיי האָבן די אומגליקלעכע מיטגענומען מיט זיך.

24.

# דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע

מיר זענען אַלע ווי עלעקטריזירט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז אין טרעבלינקע — די גרעסטע טויט־פאַבריק פאַר יידן — וואָס האָט זיך געפונען אין סאָקאָלאָווער קרייז, 7 קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַציע מאַלקין (אויפן וועג: וואַרשע—ביאַליסטאָק) איז דעם צווייטן אויגוסט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד, — אַן אויפשטאַנד פון די צום טויט־באַשטימטע יידן, און האָט זיך געענדיקט מיטן פאַרברענען דעם לאַגער.

דער ערשטער האָט די ידיעה געבראַכט קיין וואַרשע צו דער אונטערערדישער באַוועגונג איינער פון די אָנטיילנעמער אינעם טרעבלינקער אויפשטאַנד — יאַנקל וויערניק. אַ צווייטער געראַטעוועטער פונעם טרעבלינקער אויפשטאַנד, וואָס האָט געהערט צו דער אָנפירונג פון טרעבלינקער אויפשטאַנד־גרופּע — שמואל רייזמאַן — דערציילט ווייטערדיקע פּרטים. אויך סאַבינאַ גראַבינסקאַ, די איינציקע געראַטעוועטע פרוי פונעם טרעבלינקער אויפשטאַנד גיט איבער ידיעות פון דאָרט.

לויִדער האָט זיך גאָר אַ קליינע צאָל יידן באַוויזן פון דאָרט צו ראַטעווען, וואָרום די מערהייט איז אויפן וועג, בעתן אַנטלויפן, דערשאָסן געוואָרן.

צווישן די געראַטעוועטע האָט זיך אויך געפונען מיין חבר פון לאַגער גראָכאָוו — פרידמאַן, אין וועלכן די דייטשן האָבן געשאָסן און מיינענדיק, אַז ער איז טויט, האָבן זיי אים געלאָזט ליגן צווישן די הרוגים. ווען ס'איז פינצטער געוואָרן, האָט זיך דער פאַרוווּנדעטער פרידמאַן ארויס־

געשאַרט פון צווישן דער קופּע הרוגים און גליקלעך אָנגעקומען אין אַ דאָרף, וווּ אַן אַנשטענדיקער פּויער האָט זיך מיט אים פאַרנומען.

איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז מיינער אַ צווייטער חבר פון גראָ־כאָוו, דער בעל תשובה „מאָניעק" (אין טרעבלינקע האָט מען אים גערופן „דער גרויסער מאָניעק"), האָט בעתן אויפשטאַנד אַרויסגעוויזן אַ סך העל־דישקייט. מאָניעק איז עס געווען דער, וואָס האָט בעתן טרעבלינקער אויפ־שטאַנד געגעבן דעם ערשטן שאָס, אַוועקלייגנדיק טויט אויפן אָרט דעם אוקראַינישן הויפּטוואַכמאַן. דער העלדישער מאָניעק איז אומגעקומען נעמענדיק נקמה פאַר זיין גרויסער משפּחה און פאַר אַלע יידן. דאָס איז דאָך געווען זיין לעבנסציל!

דער איניציאַטאָר פון דער געהיימער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין טרעבלינקע איז געווען ד"ר כאָראָנזשיצקי פון וואַרשע, וועלכער האָט צו־געגרייט דעם אויפשטאַנד. דעם אויפשטאַנד האָט ער אָבער שוין נישט דערלעבט. זיין פּאַרטנער איז געוואָרן אינזשיניער גאַלעווסקי פון לאָדזש. ער איז געווען אין וואַרשעווער געטאָ און געאַרבעט אין שאָפּ פון קאַרל־היינץ מילער (אויף לעשנאָ גאַס, אויפן געביט פון טעבענס שאָפּן), וווּ ער האָט אָנגעפירט די אָפּטיילונג פון קאָסמעטיק און פּערפומען. בעת דער אויסזידלונג און ליקווידאַציע פון די קליינע שאָפּן אין וואַרשעווער געטאָ, האָט מען גאַלעווסקין אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע, וווּ ער איז שפּעטער געוואָרן דער יידישער קאָמענדאַנט פונעם לאַגער. די גאַנצע צייט פון זיין זיין אין טרעבלינקע האָט ער געחלומט וועגן אויפשטאַנד, וועלכן ער האָט אין געהיים צוגעגרייט און דורכגעפירט לויט אַ גענוי אויסגע־אַרבעטן פּלאַן. אינזשיניער גאַלעווסקי איז געפאַלן בעת די קאַמפן. צו זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער האָבן געהערט: אינזשיניער סודאָוויטש (גאַלעווסקיס פּאַרטנער), קורלאַנד, ד"ר לייכערט, שמואל רייזמאַן, ד"ר טיראַס, יוסף אַניגשטיין און יענקל וויערניק.

אינזשיניער סודאָוויטש איז אויך געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך בעתן אויפשטאַנד באַוויזן אַרויסצורייסן פון טרעבלינקער גיהנום. סודאָוויטש איז געווען זייער אַן ענערגישער מענטש און גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר. מיטן אינזשיניער סודאָוויטש האָב איך זיך געקענט לאַנגע יאָרן און אין געטאָ איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן

מיט אים צוזאַמען אין דער געזעלשאַפט פאַר אַליינהילף. סודאָוויטש האָט געהערט צו אונדזערע בעסטע מיטאַרבעטער; ער האָט אָנגעפירט מיטן „טאָפּאָראָל" (געזעלשאַפט צו .פאַרשפּרייטן לאַנדאַרבעט צווישן יידן) קורץ פאַרן אָנהויב פון דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ איז אינזש. סודאָוויטש אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו. פון דאָרט האָט מען אים אַוועקגע־פירט קיין טרעבלינקע. ווי נאָר ער איז אַהינגעקומען, איז ער צוזאַמען מיט ד"ר כאָראַנזשיצקי און אינזש. גאַלעווסקי צוגעטרעטן אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פונעם אויפשטאַנד.

* * *

באַלד נאָך דעם ווי די אַנטלאָפענע פון טרעבלינקער אויפשטאַנד האָבן זיך צעשפּרייט איבער די אַרומיקע וועלדער און וועגן, האָבן די דייטשן מיט זייערע טרייע שותפים אָרגאַניזירט אַ געיעג נאָך די אַנט־לאָפענע. אַלע וועגן זענען דורך זיי אַרומגעשטעלט געוואָרן; די וואַכן אין די דערפער און שטעטלעך זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן און ס'האָט זיך אָנ־געהויבן אַ מאַסן־געיעג נאָך די אַנטלאָפענע יידן און נאָר יחידים איז גע־לונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון די אויף זיי פאַרלייגטע נעצן.

25.

## אָפּגעריסן פון דער אַרומיקער וועלט

ווען איך האָב צום לעצטן מאָל באַזוכט מיין קינד ביי די באָר־טשינסקיס, האָב איך זיך אָפּגערעדט, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין אַ באַשטימטן טאָג ביי סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק אויף ראַדזימינסקאַ 2, אין פּראַגע.

ווען איך האָב זיך אינעם אָפּגערעדטן טאָג געטראָפן מיט מיין קינד ביי סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק, האָב איך באַמערקט, אַז זי האַלט אין האַנט אַ שווער רענצל. מיין קינד איז נישט געקומען אַליין. מיט איר איז מיט־

געקומען באַרטשינסקיס עלטסטע טאָכטער דאַנוטאַ נאָוואַטשיק. ווען דאַ־נוטאַ האָט מיך איבערגעלאָזט אַליין מיט מיין קינד, צונעמענדיק ביי איר דאָס רענצל, האָט מיר מאַרגאַריטקעלע איינגערוימט אַ סוד, אַז אין רענצל געפינט זיך געווער. זי האָט מיר דערציילט, אַז זי פירט זייער אָפט געווער צום מזרח־וואָקזאַל אין פּראַגע, ווו זי גיט עס ווייטער איבער. דאָס געווער האַלט מיין קינד מיט זיך און דאַנוטאַ זיצט פונדערווייטנס. איך האָב דערזען אין וואָס פאַרא געפאַר מיין קינד געפינט זיך, אָבער ס׳איז דאָך נישט געווען קיין ברירה. איך האָב באַשלאָסן וועגן דעם נישט צו דער־ציילן מיין פרוי.

סטאַשיאַ יאַשטשיק האָט מיר געמאָלדן, אַז מער וועל איך זיך נישט קאָנען טרעפן ביי איר אין שטוב, ווייל איר דירה ווערט „אָבסערווירט" און ס׳קאָן אונדז דראָען אַ געפאַר. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען איר אַזוי געהייסן זאָגן, ווייל דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער „אָפענסיווע", וועלכע פּאַיעווסקי און עמילקע קאָסאָווער האָבן אָנגע־הויבן קעגן מיר און מיין פרוי . . .

פּאַיעווסקי האָט מיר געמאָלדן, אַז מער וועט ער מיר נישט דערלויבן אַרויסצוגיין אין גאַס פון זיין דירה און אויב איך וועל עס דאָך טון, וועט ער מיך אינגאַנצן אַרויסוואַרפן... נישט געווען קיין ברירה און איך האָב זיך געמוזט אונטערוואַרפן דעם שאַרפן רעזשים.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיר געמאָלדן פּאַיעווסקי, אַז היות ער פאָרט איצט אַוועק מיט עמילקען אויף אַ געוויסער צייט אין אַ וויכטיקער שליחות, וועלן מיר בלייבן אַליין אין דער דירה. קיינער וועט צו אונדז נישט טאָרן קומען, ווייל אויף דער וווינונג וועט הענגען אַ שלאָס. אויסער דעם וועלן מיר מוזן די גאַנצע צייט זיצן אין אונדזער שטוב און אפילו נישט טאָרן אַרויסגיין נאָך וואַסער, וואָרום ער וועט אַראָפּנעמען די פויר־הענגלעך פון די פענצטער אין קיך און פונעם צווייטן צימער. דאָס — זאָגט ער — וועט אָפּנעמען יעדן חשד, אַז אין דער פאַרשלאָסענער דירה געפינט זיך עמיצער.

— און ווו וועלן מיר דערליידיקן אונדזערע באַדערפענישן? — פרעג איך אים.

— ווען עס וועט פינצטער ווערן — זאָגט ער — וועט איר קאָנען אַראָפּגיין אין קעלער אַריין, אָבער אַ גאַנצן טאָג נישט.

— און טאָמער, חלילה, וועט זיך טרעפן, אַז... — פרעג איך אים פאַרזיכטיק. — וועט איר זיך איינהאַלטן ביז ביינאַכט — האָט צוגעוואָרפן בייז פּאַיעווסקי — און אויב עס געפעלט אייך נישט, קאָנט איר זיך פון מיר אַרויסציען. איבעריקנס וועט איר נאָך מיין צוריקקומען סיי ווי מוזן פאַרלאָזן די דירה, וועלכע איר האָט אַזוי פאַרשטונקען, אַז כ'האָב שוין נישט מיט וואָס צו עטעמען . . .

בעת דעם דאָזיקן געשפּרעך, איז די גאַנצע צייט געשטאַנען עמילקע קאָסאָוועך, גלייכגילטיק געדוויכערט אַ פּאַפּיראָס און נישט אָנגערופן זיך מיט אַ וואָרט.

טעאָדאָר און עמילקע זענען אַוועקגעפאָרן און מיר זענען פאַרבליבן אַליין. זיי האָבן אונדז צוגעגרייט עסן אויף אַ וואָך צייט: אַלץ טרוקנס. — ווייל אָפּקאָכן עפּעס, אָדער אָנוואַרעמען, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אַריינגיין אין קיך נאָך וואַסער האָבן מיר אויך נישט געקאָנט, ווייל אונדזער הויזוועכטער איז, צו אונדזער שלימזל, נישט געשלאָפן ביי־נאַכט, נאָר אַ פּאָר שעה אין טאָג, און איז געזעסן אויף זיינע טרעפּלעך, נעבן אונדזער פענצטער און תמיד ליב געהאַט אַריינצוקוקן, אַזוי, אַז ער האָט אַלץ געזען, וואָס עס טוט זיך אין קיך. פּאַיעווסקי האָט נישט גוט געלעבט מיטן הויזוועכטער און ס'פלעגט אָפט קומען צו שטאַרקע קריי־געריייען.

אין אַ צייט אַרום איז דער הויזוועכטער דערשאָסן געוואָרן. פּאַיעוו־סקי האָט געזאָגט, אַז די אונטערערדישע באַוועגונג האָט אויסגעפירט אי־בער אים דעם טויט־אורטייל, ווייל ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר . . .

פּאַיעווסקי און עמילקע זענען געווען אין וועג איבער 2 וואָכן. ווען עס וואָלט געדויערט נאָך אַ פּאָר טעג, וואָלטן מיר אויסגעגאַנגען פון הונ־גער און דורשט. סטאַניסלאַוואַ יאַשטשיק, וועלכע פלעגט אין אַזעלכע פאַלן קומען צו אונדז, האָבן זיי משמעות אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל מער נישט וואַגן צו אונדז צו קומען.

מיר זענען געווען שטאַרק אויסגעשעפּט פיזיש און גייסטיק. מיר האָבן געציטערט פאַרן אייגענעם שאָרך און בכלל מורא געהאַט זיך צו

רירן פונעם אָרט. פון נישט דערעסן און פון אויפרעגונג האָבן מיר שוין כמעט גאָרנישט געקאָנט פאַרדייען און ס'איז שוין כמעט נישט געווען וואָס צו עסן. איינמאָל אויף צוויי צי אויף דריי טעג האָבן מיר זיך ביי־נאַכט דערשלעפּט צום קעלער. די קליינע באַדערפענישן האָבן מיר דערליי־דיקט אין אונדזער צימער, ווו מיר זענען געווען. ביי דער וואַנט האָט זיך געפונען אַ צעבראָכן ברעט פון אונדזער דיל, וואָס האָט זיך ארויסגענומען, און דאָרט דערליידיקט די קליינע באַדערפענישן... ס'איז אונדז שוין גע־ווען אַלץ איינס. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צוצושלעפּן זיך צום קאָרידאָר ביינאַכט און אַראָפּגיין אין קעלער.

מיר האָבן זיך אויך אויפגעהערט צו וואַשן, ווייל מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין וואַסער. דאָס ביסעלע נישט פרישע וואַסער, וואָס איז אונדז געבליבן, האָבן מיר געמוזט האַלטן צו טרינקען, כדי אינגאַנצן נישט אויסצוגיין. מיר האָבן געטרונקען טראָפּנווייז און דאָס נאָר דעמאָלט, ווען אונדזערע העלדזער זענען שוין אינגאַנצן פאַרטרוקנט געוואָרן.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָבן מיר באַמערקט אין אונדזער שטוב אַ מחנה ווערעמלעך, אין געשטאַלט פון קליינע שלאַנגען. ווען מיר האָבן זיך מיט זיי אָפּגעפּאַרטיקט, האָבן מיר באַ־מערקט ווייטערדיקע ווערים. צוגייענדיק צום ברעט פון דיל און אונטער־הויבנדיק עס, איז אונדז נישט גוט געוואָרן פונעם בילד, וואָס מיר האָבן דערזען פאַר זיך: אַן אומגעהויערע צאָל פון ווערים־שלאַנגען האָבן אָנגע־הויבן אַרויסצוקריכן. דער קאַמף מיט זיי איז שוין נישט געווען פאַר אונ־דזערע כוחות. מיר האָבן זיך אָבער אויך צו דעם צוגעוווינט און שנעל געשלאָסן שלום מיטן געדאַנק, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן אונדז סיי ווי פאַרלאָזן די כוחות און מיר וועלן אויסגיין. האָבן מיר באַשלאָסן רואיק צו וואַרטן אויפן טויט.

ווען פּאַיעווסקי און עמילקע זענען אויף דער דריטער וואָך צוריק־געקומען פון וועג און אַריין צו אונדז אין שטוב, זענען די ערשטע ווער־טער געווען:

— פוי, ווי עס שטינקט דאָ!"

און רויט פון כעס האָט פּאַיעווסקי אַראָפּגעריסן די פוירהענגלעך

פון אונדזערע פענצטער, אויפגעפראַלט זיי און אויסגעשריען אויפן גאַנצן קול:

— טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען!

מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר אים געבעטן, ער זאָל נישט שרייען, וואָרום מען וועט דערהערן אויף דער גאַס און מיר וועלן אומקומען. און דאָ גייט דאָך שוין נישט אין אונדז, נאָר ער אַליין וועט דאָך אויך אַריינ־פאַלן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן. דאָס האָט, משמעות, געהאָלפן. פּאַיעווסקי האָט זיך צוביסלעך באַרואיקט, פאַרמאַכט דאָס פענצטער און געזאָגט:

— איך גיב אייך דריי טעג צייט, איר זאָלט זיך פון דאַנען אַרויס־טראָגן. אויב נישט, וועל איך אייך אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס . . .

— וווּהין זאָלן מיר גיין? — פרעג איך אים. — דו ווייסט דאָך, טעאָדאָר, אַז איך טו אַלץ, מען זאָל פאַר אונדז שאַפן אַן אַנדערע דירה, אָבער עס גייט איצט נישט אַזוי לייכט מיט דעם.

— דאָס אַרט מיך נישט — שרייט ווייטער טעאָדאָר, — איר האָט מיר פאַרשטונקען די דירה, די ווענט און דאָ ברענג איך שוין מאָרגן צו־ריק מיין משפּחה פון זומער־וווינונג; איך דאַרף אַריינשטעלן נייע מעבל אין שטוב און איך קאָן אייך מער נישט האַלטן ביי זיך.

איך האָב פּאַיעווסקין געבעטן איבערגעבן מיכאַלן (ד״ר אַדאָלף בערמאַן) אַ בריוועלע. אין בריוו האָב איך און דיאַנאַ אים געבעטן, אַז אויב מען קאָן פאַר אונדז נישט שאַפן קיין אַנדער באַהעלטעניש, זאָל ער אונדז שיקן ציאַנקאַלי, ווייל מיר האָבן שוין נישט קיין כוח צו פירן דעם ווייטערדיקן קאַמף פאַרן לעבן. איך ווייס נישט, צי פּאַיעווסקי האָט איבער־געגעבן ד״ר בערמאַנען דעם בריוו, ווייל קיין ענטפער האָבן מיר נישט באַקומען.

ווען פּאַיעווסקי האָט זיך באַרואיקט, נאָך דעם ווי מיר האָבן אים צוגעזאָגט זיך אַרויסצוציען אין דריי טעג אַרום, האָבן מיר אים און עמיל־קען געבעטן צו געבן אונדז אַ הייסן טרונק. זיי האָבן זיך מכלומרשט גע־נומען מאַכן פייער אין קיך. ס'איז געוואָרן אַזאַ רויך אין דער גאַנצער דירה, אַז מען האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן. אַן אויפגערעגטער איז טעאָ־דאָר אַריין צו אונדז און געזאָגט, אַז דער „לופט" אין קיך איז קאַליע גע־וואָרן, ער איז פאַרשטאָפּט און ער קאָן גאָרנישט העלפן. ער איז אַוועק אין

גאַס, צוזאַמען מיט עמילקען און אונדז איבערגעלאָזט אין דער פאַררוי־בערטער דירה.

פאַרנאַכט קומט פּאיעווסקי אַריינצולויפן אין דער דירה און שרייט אויס:

— אַריין אין לאָך (אין באַהעלטעניש)! דייטשן גייען . . .

קוים לעבעדיקע זענען מיר אַראָפּ אין אונדזער בונקער. זיצנדיק אונטן, האָבן מיר דערהערט אַ געדעמפּט געלעכטער פון עמילקען און פּאַ־יעווסקין. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ שפּיצל. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין ברירה. און מיר האָבן געמוזט רואיק ליגן און וואַרטן, ביז זיי וועלן אונדז פון דאָרט אַרויסלאָזן.

אַזוי זענען מיר אָפּגעלעגן אין פינצטערן לאָך שיינע שעהען. ווען מיר האָבן ענדלעך דערהערט, אַז מען פאַרמאַכט די גאַסן־טיר און מען הענגט אויף איר אָן אַ שלאָס, זענען מיר אַרויסגעקראָכן פונעם באַהעלטע־ניש. פּאיעווסקי און עמילקע זענען שוין נישט געווען אינדערהיים. פון אונדז האָבן זיי מסתמא פאַרגעסן, אָדער אפשר האָבן זיי אַזוי אַרום גע־וואָלט אונדז פאַרמיאוסן דאָס לעבן, כדי מיר זאָלן וואָס גיכער זיך אַרויס־ציען פון זיי.

צומאָרגנס איז פּאיעווסקי געוואָרן „ווייכער" צו אונדז. ער האָט אונדז געבעטן איבערלייענען אים אייניקע יידישע בריוו, וועלכע ער האָט געבראַכט פון פּאָניאַטאָוו. עמילקע האָט נישט געקאָנט לייענען קיין יידיש. מיר זענען אַזוי אַרום, נישט ווילנדיק, געוואָרן די „צענזאָרן".

איין בריוו איז געווען אונטערגעשריבן דורך ד"ר דאָברין, פּשעדעטש, טענצער, עטקין, מלך פיינקינד, שמידט און האָפּמאַן. דער בריוו איז גע־ווען אַדרעסירט צו דער אָנפירונג פון דער יידישער אונטערערד אין וואַר־שע. זיי האָבן געשריבן, אַז זיי ווייסן, אַז די טעג זייערע זענען געציילטע; אַז זייער גורל איז אַ געחתמעטער. זיי בעטן, מען זאָל זיי שיקן געווער און אַמוניציע, כדי, ווען ס'וועט קומען די דעצידירנדיקע שעה, זאָלן זיי קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אַזוי ווי מען האָט עס געטון אין וואַרשע. זיי וועלן זיך נישט לאָזן פירן ווי די שעפּעלעך צו דער שחיטה. אינעם בריוו האָבן זיי געשריבן וועגן דער בריט־פאַרצווייגטער רעטונגס־אַרבעט, וואָס

זיי פירן אין פּאָניאַטאָוו. איצט, האָבן זיי געשריבן, איז די גאַנצע אָנ־שטרענגונג געווענדט אויף צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. פאַרן קאָ־מענדאַנט פון דער אונטערערדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין פּאָניאַ־טאָוו איז דורך זיי באַשטימט געוואָרן מלך פיינקינד.

אַ ריי אַנדערע בריוו זענען געווען צו די אָנפירער פון פאַרשידענע פּאַרטייען. עס זענען אויך געווען בריוו פון יחידים.

אין אייניקע בריוו האָבן געוויסע מענטשן פון פּאָניאַטאָוור לאַגער געבעטן, מען זאָל איינצאָלן פּאַיעווסקין און עמילקען 10 טויזנט זלאָטעס, וועלן זיי זיך קאָנען אַרויסבאַקומען פונעם לאַגער. פּאַיעווסקי און עמיל־קע האָבן שוין אויף אייגענער האַנט אָנגעהויבן צו מאַכן „געשעפטן" ביים אַרויסציען יידן פון די לאַגערס און געהייסן זיך דערפאַר באַצאָלן צו 10 טויזנט זלאָטעס פאַר אַ „קעפּל" (מענטש).

אין בריוו, וואָס דער באַקאַנטער וואַרשעווער מעדיקער ד"ר בוסעל, האָט געשריבן צו דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשע, אַז ער האָט דערהאַלטן די דאָקומענטן, נאָר אָן דער פרוי זיינער, וועלכע געפינט זיך אין אַן אַנדערן לאַגער, וועט ער זיך נישט ראַטעווען. פּאַיעוו־סקי און עמילקע האָבן אים געזאָלט אַרויסציען פונעם לאַגער. דער פּ'צ'־קישער טוער א. שמידט, וועלכן מען האָט אויך געוואָלט ראַטעווען, האָט געשריבן, אַז אָן זיין פרוי און קינדער וויל ער זיך נישט ראַטעווען.

אַלאַ גרינבערג־גאָלאָמב, וואָס האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט בעת די אויסזידלונגען אין וואַרשעווער געטאָ, האָט די יידישע אונטערערדישע באַוועגונג אין וואַרשע געוואָלט אַרויסראַטעווען פון פּאָניאַטאָווער לאַגער. זי האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, ווייל זי האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן די קינדער פונעם לאַגער, מיט וועלכע זי האָט זיך דאָרט פאַרנומען.

אַ בריוול האָב איך אויך דערהאַלטן פון די אַרטיסטן סאַמבערג, פּאָסטעל, זיידערמאַנס, קוטנער און פּאַקעל. דער בריוו איז געווען פול מיט האָפענונג . . .

די בריוו, וועלכע זענען עמילקען און פּאַיעווסקין נישט געפעלן געוואָרן, זענען באַלד אויפן אָרט צעריסן געוואָרן און נישט איבערגעגעבן געוואָרן די אַדרעסאַטן.

נאָכן אָפּטון די דאָזיקע אַרבעט, האָבן זיי באַשלאָסן אונדז מכבד

צו זיין מיט א קארטאָפל־זופ, ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די זעלביקע קונץ; ס'איז ווידער געוואָרן א רויך און מען האָט אונדז דערלאַנגט א שיסל מיט האַלב־רויע קאַרטאָפל און וואָרעם, נישט געקאָכט וואַסער. דאָס איז פאַר אונדז געווען א גרויס געשעעניש. מיר האָבן זיך אזוי מחיה געווען מיט דעם נישט דערקאָכטן עסן, אז מיר האָבן נישט געטראַכט וועגן די רעזולטאַטן.

און די רעזולטאַטן זענען געווען זייער טרויעריקע. ביינאַכט האָבן מיר געקריגן אַזעלכע בויך־ווייטיקן, אַז נאָר די מורא, מען זאָל נישט דערהערן אונדזערע געשרייען, האָבן אונדז געצוואונגען אָראָפּצושלינגען די גרויסע ווייטיקן.

טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט, אין מינוטן פון גוטער שטימונג, פּראָ־לאָנגירט אונדזער אויפהאַלט ביי זיך אויף א וואָך צייט, אָבער נאָך דער וואָך — האָט ער געזאָגט — וועט ער ביים בעסטן ווילן אונדז מער נישט האַלטן.

26.

# אונדזערע לעצטע טעג ביי די פּאַיעווסקים

די משפחה פון טעאָדאָר פּאַיעווסקי איז שוין מיט מזל צוריקגעקומען פון דער זומער־וווינונג; דאָקעגן איז דאָרט נאָך פאַרבליבן די פרוי זאַוואַדזקי מיטן קינד.

די פרוי פּאַיעווסקי, וועלכע האָט זיך ביז איר אָפּפאָרן באַצויגן צו אונדז מיט א סך סימפּאַטיע און אַרויסגעוויזן אונדז אַפילו וואַרעמקייט, האָט זיך אָבער איצט אויך געביטן צו אונדז. הגם אין זייער אַן איידעלער פאָרם, אָבער געגנוג בולט, האָט זי אונדז געגעבן אָנצוהערן, אַז ליידער וועלן מיר מוזן פאַרלאָזן איר דירה, ווייל זי גרייט צו א גרויסן באַל צו איר געבוירנטאָג. מען וועט אַריינשטעלן נייע מעבל, וועלכע זיי האָבן שוין געקויפט. אויסער דעם וועלן איצט כסדר קומען צו זיי געסט.

איך און מיין פרוי האָבן זיך באמת זי איבערצייגן, אַז מיר וועלן

זיי אין גאָרנישט שטערן. ווען מ׳וועט אריינשטעלן די מעבל, אָדער ווען געסט וועלן דאַרפן קומען, וועלן מיר אַראָפּגיין אין אונדזער באַהעלטעניש און דאָרט וועלן מיר ליגן אַזוי לאַנג, ביז די געסט וועלן אַוועק פון שטוב.

עס האָט זייער לאַנג געדויערט, אָבער ס׳איז אונדז דאָך געלונגען זי צו איבערצייגן, אַז זי זאָל אונדז לאָזן ביי זיך, ביז מיר וועלן קריגן אַ נייע דירה. שפּעטער האָבן מיר געהערט ווי זי האָט גערעדט מיט איר מאַן טעאָדאָר, מיט עמילקע און רעגינאַ קאָסאָווער, וועלכע איז אויך געוועזן אין שטוב, אַז מען קאָן דאָך קיין אומגליקלעכע מענטשן נישט אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס.

— פאַרפאַלן — האָט זי געזאָגט — וועלן זיי ליגן גאַנצע טעג אין בונקער.

פּאיעווסקי האָט זיך אויף איר אָנגעבייזערט און געזאָגט, אַז ווען ער וועט צוריקקומען (ער האָט זיך ווידער געגרייט מיט עמילקען אין וועג אַריין) און אונדז נאָך טרעפן ביי זיך אין שטוב, וועט ער זי, צוזאַמען מיט אונדז, אַרויסוואַרפן פאַר די קעפּ.

רעגינאַ קאָסאָווער האָט אונדז געזאָגט, אַז זי האָט פאַר אונדז אַ דירה אין מאַרקי, אָבער דאָס דאַרף קאָסטן 3000 זל. אַ חודש. ווען אַזאַ סומע האָט דאָך קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דאָס איז צו יענער צייט געווען אַן אוצר מיט געלט. רעגינאַ האָט דערפאַר זיכער נישט געצאָלט מער ווי 500 זלאָטעס אַ חודש, ווייל אין די דערפער האָט מען נאָך נישט געוווּסט פון אַזעלכע הויכע פּרייזן פאַר אויסבאַהאַלטן יידן.

עס האָט זיך געשאַפן אַ גאַנצע „אקציענגעזעלשאַפט" (אויפן חשבון פון די אומגליקלעכע, פאַרצווייפלטע יידן), צו וועלכער עס האָט געהערט אויסער עמילקע און טעאָדאָר, אויך רעגינאַ קאָסאָווער, באָלעק טורכעטי, קאַלאַטאַ מיט זיין טאָכטער פּאַליאַ און דער קליינער באָלעק. זיי האָבן פאַרשפּרייט אַ נעץ אויף דער גאַנצער געגנט פון מאַרקי, פּוסטעלניק, סטרוגאַ און שפּעטער אויך — זשיעלאָנקאַ. די דאָזיקע „געזעלשאַפט" האָט געהאַט פאַרבינדונגען צווישן דער אָרטיקער אָרעמער קריסטלעכער באַפעלקערונג. צוּוואַרפנדיק זיי, פון צייט צו צייט עפּעס, פלעגן זיי די אַזיס־

געהונגערטע מענטשן אריינציען אין זייער נעץ און אויסנוצן זיי אויף פארשידענע אופנים, צווישן אנדערן אויך — צו אויסבאהאלטן יידן.

וואנדא (בעלא עלסטער), פלעגט, פונקט אזוי ווי יוזשעק (זיסמאן), אפט קומען צו טעאדארן און עמילקען, אבער צו אונדז האט מען זיי נישט צוגעלאזט. מיר האבן זיך מיט וואנדא געזען נאר איינמאל א חודש, ווען זי פלעגט ברענגען פאר אונדז געלט פון דער אונטערערדישער באוועגונג. ליידער איז די דירה־פראגע איצט געווארן זייער קאמפליצירט. די שאַנ־טאזשן און איבערפאלן אויף יידן מערן זיך פון שעה צו שעה און דערפאר האבן די קריסטן מורא זיך איינצושטעלן. וואנדא דערציילט, אז אויך דאס ארט, ווו עס געפינען זיך איר שוועסטער באלא עלסטער, ה. וואסער, ה. בערלינסקי־ווארם, א. א. איז אין א גרויסער סכנה. שאנטאזשיסטן האבן שוין „אויסגעשמעקט" דאס באהעלטעניש און די באהאלטענע יידן וועלן מוזן פון דארט אוועק. אונדזערע שאנסן צו באקומען א דירה, ווערן, אלזא, פון טאג צו טאג קלענער.

די לעצטע טעג, וואס מיר האבן פארבראכט ביי די פאיעוווסקים (עמיל־קע קאסאווער האט זיך איינגאנצן צו זיי אריינגעצויגן), האבן אונדז גע־בראכט אלץ נייע עמאציעס.

די טעמע פון טאג איז לעצטנס געווארן די פרוי זאוואדזקי, וועלכע זאל מכלומרשט מאכן אייפערזוכט־סצענעס איר מאן, אז ער ליבט זיך אין העלענא, מיט וועלכער ער פארט כסדר ארום אויף שמוגל. פאיעוווסקי האט געזאגט, אז די זאוואדזקא מאכט עפנטלעכע סקאנדאלן און דערצו נאך מיט א שלעכטן פויליש, אזוי, אז זי קאן נאך ברענגען אן אומגליק אויף אלע. זי האט געדראט — זאגט פאיעוווסקי — צו קומען אהער און דער־ציילן אלע שכנים פונעם הויף, אז נישט העלענא, נאר זי איז זאוואדזקיס פרוי . . .

כדי דאס זאל נישט געשען — זאגט פאיעוווסקי ווייטער — מוז מען זי אפרוימען פון וועג... גערעדט און געטון. ער נעמט ארויס סם און זאגט, אז מיט דעם וועט מען זי פארסמען און דערנאך זי באגראבן אין דער ערד, אונטער אונדזער באהעלטעניש . . .

היות קיין סודות האבן זיי בכלל נישט געקאנט האלטן און גערעדט וועגן דעם גאנץ אפן, האט זיך מיין פרוי אנגערופן צו זיי:

— וואָס הייסט, איר גייט זי דערהרגענען?! זי איז דאָך אַ מוטער פון אַ קליין קינד! צווייטנס, מיינט איר, אַז מען וועט זיך נישט כאַפּן, אַז זי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן? מען וועט זי אָנהויבן זוכן און סוף כּל סוף וועט מען דאָך פאַלן אויף די שפּורן. אַ חוץ דעם וועט זיך דאָך דער טוי־טער, פּוילנדיקער קערפּער לאָזן פילן . . .

לאַנגע דיסקוסיעס האָבן זיך געפירט אויף דער טעמע צווישן די פּאַר־יעווסקים און די שוועסטער קאָסאָווער און לסוף איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס נישט צו טון, נאָר אַכטונג געבן, אַז די זאַוואַדזקאַ זאָל נישט צוריק־קומען פון דער זומער־וווינונג. דעם סם, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער פרוי זאַוואַדזקאַ, האָט מען אין אַ צייט אַרום אויסגענוצט פאַר אַן אַנדערער פרוי . . .

אין משך פון די לעצטע טעג האָט זיך עמילקע באַמיט צו זיין צו אונדז לאַקריץ־זיס. זי האָט אונדז דערציילט זייער אַ סך סודות פון „הינ־טער די קוליסן". צווישן אַנדערן האָט זי אונדז געוויזן אַ בריוו, וועלכן עס זאָל מכלומרשט האָבן געשריבן ד"ר ר. פעלדשו (בן שם) צו אַ געוויסן גאָטליב, מיט וועלכן ער איז צוזאַמען אַוועק פונעם וואַרשעווער געטאָ. אינעם דאָזיקן בריוו פאָדערט אויף פעלדשו גאָטליבן, ער זאָל אים ווייטער צאָלן די באַשטימטע סומע, וואָס ער האָט מיט אים אָפּגעמאַכט פאַרן אַרויסגיין פונעם געטאָ. ד"ר פעלדשו האָט דערמעגלעכט גאָטליבן איינצו־אָרדענען זיך אויף דער אַרישער זייט און דערפאַר האָט זיך גאָטליב מתחייב געווען צו צאָלן פעלדשו אַ געוויסע סומע געלט, ביז צום טאָג פון באַ־פרייאונג. אין פאַל, ווען גאָטליב וועט ווייטער נישט צאָלן, האָט אים דער מחבר פונעם בריוו געדראָט מיט די ווייטגייענדיקסטע קאָנסעקווענצן.

„מיר — ווערט געזאָגט אינעם דאָזיקן בריוו — איז שוין סיי ווי אַלץ איינס. איך האָב פאַרלוירן מיין איינציק קינד און איצט האָב איך שוין גאָרנישט מער וואָס צו פאַרלירן. אויב איר וועט מיר ווייטער נישט אויסצאָלן דאָס געלט, זאָלט איר געדענקען, אַז כ׳וועל טון אַזוי ווי כ׳האָב געשריבן אויבן".

איך און מיין פרוי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ האַלוצינאַציע... מיר האָבן גענומען דאָס בריוול אין האַנט אריין, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל עס איבערגעלייענט, — און גלייך באַשלאָסן ביי זיך, אַז דער בריוו איז אַ

געפעלשטער. איך האָב ד״ר ר. פעלדשו (בן שם) געקענט לאַנגע יאָרן אין ס׳האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט גלויבן, אַז דער מענטש זאָל פּעאיק זיין צו טון אַזאַ זאַך און אַפילו — אָנצושרייבן אַזאַ דראַאונגס־בריוו. פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז דער בריוו איז געפעלשט און פעלדשוס אונ־טערשריפט — נאָכגעמאַכט.

אַז עמילקע האָט געהאַט אַ בייז אויג אויפן ד״ר פעלדשו, האָב איך זיך איבערצייגט באַלד פונעם ערשטן טאָג אָן פון מיין באַגעגעניש מיט איר, — אָבער דעמאָלט איז עס דאָך געווען צוליב דעם, וואָס אירע ביידע ברידער און די שוועסטער האָבן נישט באַקומען קיין געלט־שטיצע פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג; פעלדשו האָט — ווי עמילקע האָט געזאָגט — יאָ באַקומען אַזאַ שטיצע אַדאַנק די באַמיאונגען פון רחל אויערבאַך, וועלכע איז אַ קרובה פון פעלדשו.

אָבער איצט אַרבעט דאָך עמילקע פאַר דער יידישער אונטערערדי־שער באַוועגונג און אַזוי אַרום באַקומען שוין, מסתמא, אויך אירע ברי־דער און שוועסטער אַ געלט־שטיצע. אַ חוץ דעם איז דאָך עמילקע איצט אַליין „אין די פעדערן״ און פאַרדינט אוצרות מיט געלט פאַר יידישע „קעפּלעך״, פאַר „מעטעס״ (דירות) א. אַ.

די אַפּערע מיטן דאָזיקן — לויט מיין איבערצייגונג געפעלשטן — בריוו, איז פאַר מיר געבליבן עד היום אַ סוד.

אינטערעסאַנט, אַז דעם דאָזיקן בריוו האָט אויך געזען ד״ר אייזענ־בערג פון ביעלסק (שלעזיען), וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אויס־באַהאַלטן מיט די קאַסאָווערס און עמילקע האָט עס אים געוויזן. ווען דער גורל האָט מיך שפּעטער צונויפגעבראַכט מיטן ד״ר אייזענבערג, האָט ער מיר דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן בריוו.

פאַרוואָס איך דערמאָן די דאָזיקע פּיינלעכע געשיכטע, וועט קלאָר ווערן אַ ביסל וויטער, ווען עס וועט אָפּגעשלאָסן דאָס טראַגישע קאַפּיטל: גאָטליב און זיין משפּחה.

עמילקע פלעגט אונדז יעדן טאָג ברענגען די פּוילישע אונטערער־דישע פּרעסע, צווישן וועלכער עס זענען אויך געווען צייטשריפטן מיט אַ גיפטיקן אַנטיסעמיטישן אינהאַלט. דעם אויבן־אָן צווישן דער דאָזיקער „ליטעראַטור״ האָט פאַרנומען „מיעטש אי פּלוג״ — אָרגאַן פון נ. ס. ז.

(נאַראָדאָווע שילי זבראָינע) — די רעאַקציאָנערסטע פּוילישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אָפן גערופן די פּאָליאַקן צו העלפן היטלערן אין זיין אויס־ראָטונגס־קאַמף קעגן די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן. אויף יעדער זייט פון דעם אַנטיסעמיטישן גיפט־בלעטל איז געווען אָפּגעדרוקט מיט פעטע אותיות: „פּאָליאַק, געדענק! דער ייד איז דיין גרעסטער שונא — האָב אויף אים נישט קיין רחמנות . . .

איך האָב עמילקען געפרעגט וויאַזוי זי קאָן גאָר נעמען אין האַנט אַריין אַזאַ עקלהאַפטיקע פּראָפּאַגאַנדע־בראָשור. זי האָט מיר געענטפערט:

— וואָס מיינט איר, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, אַז איך בין אַ יידי־שע, וואָלטן זיי מיך געשוינט?!...

עמילקע האָט אין דער פּוילישער אונטערערד פאַרנומען איצט דעם אַמט פון איינע פון די הויפּט־פאַרשפּרייטערינס פון דער פּוילישער אומ־לעגאַלער פּרעסע. אויסער איר שעף, אַ מאַיאָר פון רעזערוו, וועלכער האָט זי נאָך געקענט פון איר שטעטל ראַדזימין, האָבן די איבעריקע מענטשן פון דעם קרייז נישט געוווּסט, אַז זי איז אַ יידישע.

אין אַ געווייסן טאָג זענען עמילקע און טעאָדאָר צוריקגעקומען פון מאַרקי אין זייער אַ געהויבענער שטימונג; זיי זענען געווען באַלאָדן מיט כל טוב. זיי האָבן מיטגעבראַכט אַ הערלעכן (כמעט נייעם) ברייטשוואַנץ־מאַנטל, צירונג, מענער־ און דאַמען־קליידער, שיך, פּיזשאַמעס, קראַוואַטן, זאָקן, טייערע וועש און ווערט פון אַ גאַר גרויסע סומע געלט.

די בּנימער פון עמילקע און טעאָדאָר האָבן געלויכטן, ווען זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז די גאָטליבס האָבן מער נישט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט עמילקעס ברידער און מיעטעק שפּירא, האָט מען פאַר זיי געדונגען אַ „מעטע" (אָרט) אין אַ קליין פאַרוואָרפן דערפל, נעבן זשיעלאַנקאַ. דאָרט איז רואיק — זאָגן זיי — קוים וואָס מען זעט דאָרט אַמאָל פאַרבייגיין אַ לעבעדיקן מענטש... מען האָט די משפּחה גאָטליב דאָרט איינגעאָרדנט ביי אַן איינזאַמער, אָרנטלעכער קריסטלעכער פרוי... דער קליינער באָלעק, וועגן וועלכן איך האָב געשריבן, אין שייכות מיט סטעפאַנס העלדישן טויט, בעת דעם דייטשן איבערפאַל אויף זיין דירה, האָט אויסגעזוכט דעם „זיכערן" פּלאַץ פאַר די גאָטליבס. זיי האָבן צוזאַמען מיט באָלעקן אָפּגע־פירט די פאַמיליע גאָטליב אויף דער נייער „זיכערער" מעטע.

ווי עס האָבן אונדז איבערגעגעבן עמילקע און טעאָדאָר, האָבן די גאָטליבס נישט געוואָלט האָבן ביי זיך אַזוי פיל טייערע זאַכן. זיי האָבן געבעטן טעאָדאָר פּאַיעווסקי און עמילקע קאָסאָווער, זיי זאָלן ביי זיי נע־מען די זאַכן און אויסבאַהאַלטן עס ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן . . .

גלייך האָבן זיך די פּאַיעווסקיס, עמילקע און רעגינאַ אַ נעם געטון צו די זאַכן, באַקוקט און באַטאַפּט אַלץ. ביי אונדז האָבן זיי געפרעגט, צי די שטיינער פון די רינגלעך זענען אמתע; צי דאָס גאָלד איז ריין גאָלד, א. א. וו.

פּאַיעווסקי האָט גלייך אויפן אָרט אָנגעטון אַ נייע זיידענע פּיזשאַמע צעטיילט די וועש און קליידער צווישן די אייגענע; נישט פאַרגעסן אויך עמילקעס ברידער. דעם גרויסן לעדערנעם טשעמאָדאַן מיט רעשטלעך זאַכן, האָבן זיי אַריינגעשטעלט אין אונדזער באַהעלטעניש.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין פון דער פרוי פּאַיעווסקאַ און היסטעריש געשרייען פון עמילקען. דאָס האָבן זיך די צוויי פרויען צעקריגט און שיעור נישט צעשלאָגן צוליבן טייערן פוטער, וועלכעס יעדע פון זיי האָט געוואָלט האָבן פאַר זיך. עמילקע האָט געהאַלטן, אַז איר און נאָר איר קומט דאָס פוטער, ווייל זי האָט זיך אַזוי אָנגעהאָרע־וועט מיטן איינאָרדענען די גאָטליבס. פרוי פּאַיעווסקאַ, ווידער, האָט גע־האַלטן, אַז אַזוי ווי זי איז די געזעצלעכע פרוי פון טעאָדאָרן, קומט איר דאָס פוטער.

די קריגערייען ארום דעם פוטער האָבן געדויערט לאַנג; די פרויען זענען צווישן זיך ברוגז געוואָרן און זיי האָבן באַשלאָסן דעם ענין איבער־צוגעבן טעאָדאָרן, ער זאָל פּסקענען וועמ עס דאַרף באַקומען דאָס פוטער. טעאָדאָר פּאַיעווסקי האָט דאָס ווערטפולע פוטער צוגעפּסקנט... עמילקען. פרוי פּאַיעווסקאַ האָט זיך שטאַרק צעוויינט אויפן נישט גערעכטן גורל און טעאָדאָר מיט עמילקע זענען ארויס פון שטוב. דער ענין מיטן צעטיילן די לעבעדיקע ירושה פון די גאָטליבס האָט זיך פאַרענדיקט.

איך און מיין פרוי האָבן באַין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין דעם גאַנצן ענין. מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי יידן גיבן אַוועק אויסצובאַהאַלטן זייערע טייערסטע זאַכן, אינדערצייט ווען אַזעלכע זאַכן

האָבן נישט איינמאָל געראַטעוועט די יידן פון אַ זיכערן טויט, ווייל זיי האָבן געהאַט מיט וואָס זיך אויסצוקויפן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער ענין אָבער פאַר אונדז קלאָר געוואָרן. עמילקע איז אַהיימגעקומען און מיט טרערן אין די אויגן (דאָס האָט זי צו יעדער צייט געקאָנט באַווייזן) אונדז איבערגעגעבן וועגן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן . . .

גאָטליבס „מעטע" איז אַנטדעקט געוואָרן און ער מיט זיין פרוי און זייער קליין יינגעלע זענען דורך די דייטשן בעסטיאַליש דערמאָר־דעם געוואָרן... גאָטליב האָט געשטאַמט פון ראַוואַ־רוסקאַ*). ווי מען האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, האָט גאָטליב געהאַט זייער אַ סך געלט און געהאַט אַלע מעגלעכקייטן איבערצולעבן מיט זיין משפּחה די מלחמה, ווען נישט . . .

אויף אונדז האָט די ידיעה וועגן טראַגישן סוף פון דער משפּחה גאָטליב און די אַלע פעדעם וואָס זענען געווען מיט דעם פאַרבונדן גע־מאַכט ממש אַ שווידערלעכן איינדרוק.

איך און מיין פרוי האָבן דערפילט, אַז אין דער סביבה, אין וועל־כער מיר געפינען זיך, וועלן מיר נישט איבערלעבן די מלחמה.

ווען מיין שוועגערין רוזשאַ בלומענפעלד („פּאַני דאָקטאָר סטעפּאַ") איז צו אונדז געקומען — איר האָט מען דערלויבט צו קומען אויף ברו־קאָוואַ 8 נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט געבראַכט געלט פאַר איר מוטער, פרוי ברייטערמאַן, וועלכע טעאָדאָר און עמילקע האָבן איינגעאָרדנט אין מאַרקי אויף איינער פון זייערע „מעטעס", ווו זי איז אין אַ צייט אַרום דערשאָסן געוואָרן — האָבן מיר זיך געבעטן ביי איר רחמים, זי זאָל אונדז אַהינפירן דאָרט, ווו דיאַנאַס ברודער איז געווען אויסבאַהאַלטן, ביז מען האָט אים דאָרט אַנטדעקט.

אונדזער שוועגערין האָט זיך אָנגערופן :

— צי זענט איר משוגע געוואָרן? איר ווילט גיין אויף אַ זיכער אומגליק?! פון דער באַהעלטעניש וויים דאָך שוין די פּאָליציי און ס'ווייסן שוין די אַגענטן און שמאַלצאָווניקעס . . .

---

*) זע מיין בוך „אַזוי איז עס געווען" (חורבן וואַרשע), זייט 435.

— מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג, — זאָג איך — פון דאַ־נען מוזן מיר אַרויס פאַר יעדן פּרייז. אויב מיר וועלן נישט קענען אַהינ־גיין ווו פּאָלעק (דיאַנאַס ברודער) איז געווען, וועלן מיר זיך אַריינוואַרפן אין דער ווייסל. קיין אַנדערן אויסוועג האָבן מיר נישט.

מיין שוועגערין האָט אונדז צוגעזאָגט גלייך דאָס צו דערליי־דיקן אַזוי, אַז מיר זאָלן נאָך היינט, ווי נאָר עס וועט טונקל ווערן, קאָנען אַהינגיין: גיין אין אַ באַהעלטעניש וואָס איז שוין איינמאָל אַנטדעקט און פאַרשיט געוואָרן פון דער פּוילישער פּאָליציי און געהיים־אַגענטן.

27.

# צוריק אין וואַרשע

7 אַזייגער אין אָוונט, ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, האָבן מיר גענומען אונדזער ביסל אָרעמקייט, געמאַכט דערפון אַ פּעקל, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

פּאַיעווסקי און עמילקע זענען נאָך נישט צוריקגעקומען פון דער רייזע. מיר האָבן פּאַיעווסקין פאַרשפּאָרט די טרחה אַרויסצוּוואַרפן אונדז „פאַר די קעפּ" . . .

איך בין געגאַנגען מיט מיין שוועגערין פאָראויס, הינטער אונדז — אויף אַ געוויסן מהלך — דיאַנאַ, צוזאַמען מיט רעגינאַ קאָסאָווער און מיט פרוי פּאַיעווסקאַס טאָכטער, אָדער ווי מען האָט זי גערופן: פּאַיעוו־סקאַס שוועסטער — קרישיאַ. זיי האָבן זיך אַליין אָנגעבאָטן צו באַגלייטן מיין פרוי. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט, זיי זאָלן קענען דעם אַדרעס, ווו מיר דאַרפן וווינען, האָבן מיר, באַלד נאָכן אַריבערגיין די קער־בעדזשאַ־בריק פון פּראַגע קיין וואַרשע, זיך געזעגנט מיט זיי. מיר האָבן אָפּגעוואַרט אַ געוויסע צייט, ביז זיי זענען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון אונ־דזערע אויגן און מיר זענען אַריין אין אַ שמאָל געשעפט אויף עק קראָ־קעווער פאָרשטאָט און מאַריענשטאַדט.

דאָס געשעפט האָט איצט געדינט ווי א וווין־שטוב פון דער אַלטער כמעט 80־יעריקער פרוי יאַזשעמבסקאַ, די מוטער פון ז. יאַזשעמבסקי, אייגנטימער פון אַן עלעקטראָמעכאַנישן ווארשטאַט, וואָס האָט זיך גע־פונען דערנעבן אין צווייטן געשעפט. דאָרט האָט זיך איצט אויסבאַהאַלטן דיאַנאַס ברודער פאַלעק בלומענפעלד.

די אַלטע פרוי יאַזשעמבסקאַ, זייער א האַרציקער און גוטער מענטש, האָט באַלד פאַרמאַכט הינטער אונדז די טיר און אונדז אַראָפּגעפירט אין א גרויסן קעלער, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט א קאָרידאָרל און וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פונעם געשעפט.

דער קעלער האָט פריער געדינט פאַר קוילן. איצט איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א „מעלינע", ווו יידן האָבן די העזה צו וועלן איבערלעבן די מלחמה . . .

די באַהעלטעניש האָבן דאָרט איינגעאָרדנט אייניקע יידן, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט דאָס ווארשעווער געטאָ. זיי האָבן געקענט די איי־דעלע קריסטין, וועלכע האָט פאַר א געוויסע סומע געלט געלאָזט דאָרט אויסבאַהאַלטן א פּאָר יידן. דער פאַקטישער דעה־זאָגער איז אָבער געווען איר זון, וועלכער האָט אין צווייטן געשעפט געהאַט זיין ווארשטאַט. ער האָט איינקאַסירט דאָס געלט, צוווארפנדיק זיין אַלטער מוטער מאָגערע ביינדלעך.

די ערשטע גרופּע יידן וואָס האָבן פאַר זיך צוגעגרייט דאָס באַ־העלטעניש, זענען אומגעקומען אין געטאָ, נישט באַוויזנדיק זיך פון דאָרט ארויסצובאַקומען.

א צווייטע גרופּע פון 8 מאַן, צווישן וועלכע עס איז געווען מיין שוואָגער, האָט זיך איינגעאָרדנט אין דער באַהעלטעניש און געווען דאָרט אַזוי לאַנג ביז די „יידן־שמעקערס" האָבן זיי נישט אַנטדעקט . . .

די דריטע גרופּע — איך און מיין פרוי — זענען איצט דאָרט אריין.

קיין דיל איז אין קעלער נישט געווען. אויף דער הוילער ערד איז געשטאַנען א שמאָל, צעבראָכן, אייזערן בעטל מיט א שיעניק. אויף דעם — א נישט איבערגעצויגענע, שמוציקע פּערענע און א נישט איבערגע־צויגן קישן.

פון אויבן ביים סאַמע סופיט — א קליין, פאַרקראַטעוועט פענצ־

טערל, וואס איז ארויסגעגאנגען אויף דער קראקאווער פארשטאט. פון דער גאסן־זייט איז דאס פענצטערל געווען פארשטעלט מיט אייזערנע טרעפלעך, וואס האבן געפירט צו א געשעפט. צום פענצטערל האבן מיר, פארשטייט זיך, נישט געקאנט דערגרייכן. מיר האבן דורך אים געזען בלויז פיס פון די, וואס זענען פארבייגעגאנגען און פיס פון די וואס זענען אריין אין געשעפט. דער אריינגאנג צו אונדז איז געווען דורך מאריענשטאט.

איבער די ווענט פון אונדזער קעלער האבן זיך געצויגן לאנגע, דיקע וואסער־ און קאנאליזאציע־רערן, פון וועלכע עס האט אומאויפהערלעך געקאפעט וואסער. די ווענט זענען תמיד געווען נאס. אן אומגעהויער פיינלעכן איינדרוק האט געמאכט אונדזער נייע „דירה". און דאך זענען מיר געווען גליקלעך וואס מיר זענען אוועק פון די פאיעוווסקים . . .

ביינאכט איז אין אונדזער קעלער ־ באהעלטעניש שוין געווען גוט קאלט, — ס'איז געווען סוף סעפטעמבער. צוליב דער קעלט האבן מיר זיך צום שלאפן אויך נישט געקאנט אויסטון. מיר האבן זיך געלייגט אין בעט אין די קליידער, מאנטלען און שיך. אין משך פון דער גאנצער צייט, וואס מיר זענען געווען אין דער באהעלטעניש, האבן מיר זיך נישט געקאנט אויסטון.

דער אריינגאנג אין אונדזער קעלער איז געווען גלענצנדיק פארמאסקירט דורך א הילצערנער טיר, וואס איז געווען אריינגעפאסט אין דער עפענונג, וואס האט אפגעטיילט דעם קעלער און דעם קליינעם קארידארל. די טיר איז געווען איינגעארדנט אין דער פארעם פון אן אוואל אפן שענקל מיט פאליצעס, אויף וועלכע ס'זענען געשטאנען מאסן־פלעשער, סלאיעס און פארשידענע אלטע כלים. פון דער אויסנזייט האט קיינעם נישט געקאנט איינפאלן, אז די דאזיקע שאנק דינט ווי אן אריינגאנג אין א קעלער.

ווען מיר האבן זיך אין דער ערשטער נאכט געלייגט שלאפן, האט זיך דאס אייזערנע בעטל אנגעהויבן איינצוגראבן אין דער ערד, — און דאס פון איין זייט. יעדע רגע האט אונדז געדראט ארויסצופאלן פון בעט. ווען מיר האבן געפרוווט איבערצורוקן זיך אויף דער צווייטער זייט בעט, האט זיך די זעלביקע זאך איבערגעחזרט מיט דער זייט. האבן מיר זיך

ארומגענומען פאַר די הענט און זיך פעסט צוגעהאַלטן. איינער האָט גע־דאַרפט שיצן דעם צווייטן פונעם אַרויספאַלן פון בעט. מיר האָבן זיך באַמיט איינצושלאָפן, אָבער אין דער ערשטער נאַכט האָט דערפון קיין רייד נישט געקאָנט זיין. עס האָט אונדז אָנגעהויבן שרעקלעך צו בייסן, פונקט ווי מיליאָנען פליי וואָלטן זיך אויף אונדז באַזעצט און אונדז גע־וואָלט אויפפרעסן . . .

פלוצלינג האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרקע באַוועגונג אין אונדזער קעלער.

— וואָס איז דאָס? קעץ? — פרעגט מיך דיאַנאַ אין דער פינצטער. (קיין ליכט האָט מען פאַרשטייט זיך, די גאַנצע צייט פון אונדזער זיין דאָרט נישט געטאָרט אָנצינדן, ווייל מען וואָלט עס באַמערקט פון גאַס.) דאָס זענען נישט געווען קיין קעץ, נאָר שטשורעס, — צענדליקער שטשו־רעס, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין אונדזער קעלער, ווי אויף אַן אַסיפה . . .

איך האָב שנעל געמוזט אַראָפּ פון בעט און כאַפּן דאָס געפלאָכ־טענע קוישל, אין וועלכן מיר האָבן געהאַלטן אונדזער עסן. איך האָב עס גענומען אין בעט אַריין און געהאַלטן עס אויף זיך.

ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און אַריין צו אונדזער באַ־לעבאָסטע זיך אַ ביסל אַרומוואַשן, האָבן מיר דערזען אויף אונדזערע פנימער און קערפּער אומצאָליקע רויטע פינטעלעך — סמנים פון דער פליי־סעודה... אויך צו דער חולאת האָבן מיר זיך גיך צוגעוווינט.

אויף דער צווייטער נאַכט האָבן מיר דערהערט, אַ שטיל, נישט דרייסט קלאַפּן אין קאָרידאָר פון יענער זייט הילצערנער וואַנט. דאָס האָט דיאַנאַס ברודער, פּאַלעק, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין צווייטן געשעפט ביי יאַזשעמבסקאַס זון, געפרוווט אָנבינדן מיט אונדז אַ קאָנטאַקט. עס איז געלונגען. פאַר מינוט האָבן מיר זיך, פליסטערנדיק, דורכגעשמועסט צווישן זיך. ער האָט אונדז געזאָגט אַז אונדזער באַלעבאָסטע ווייסט נישט, אַז ער באַהאַלט זיך אויס אין איר זונס געשעפט. פון דעמאָלט אָן האָבן מיר יעדן אָוונט געפירט אַ קורצן שמועס מיט דיאַנאַס ברודער און אַפילו זיך איבערגעגעבן בריוולעך דורך אַן אויסגעגראַבענע ריס אין ברעט לעכל.

אויפן דריטן טאָג האָב איך באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין גאַס, צוגיין

צו מיין קינד אויף וושפּולנא גאַס און זיך דערוויסן וועגן אַ נייער „מעלינע״ פאַר אונדז, ווייל עס גייט צום ווינטער און אין קעלער דראַט אונדז פאַרפרוירן צו ווערן.

אַרויסגייענדיק באַלד אינדערפרי אין גאַס (מיין באַלעבאָסטע האָט קוים מיט צרות מיר דערלויבט יעדע פאַר טעג אַרויסצוגיין), האָב איך זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט און נישט באַמערקנדיק קיין שום פאַרדעכטיקעס, האָבן איך זיך געלאָזט גיין איבער דער קראָקעווער פאָרשטאָט צו קרולעווסקא גאַס. צוקומענדיק נענטער האָב איך באַמערקט, ווי דער גאַנצער אָפּשניט פון דער גאַס איז אַרומגערינגלט פון דייטשער פּאָליציי און זשאַנדאַרמען. זיי האָבן תמיד אַזוי קונציק אָפּגעשלאָסן די גאַסן־אַריינגענג, אַז אַלע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אַזאַ גאַס־אָפּשניט האָבן שוין נישט געהאַט קיין צוריקוועג. די זעלביקע מעטאָדע האָבן די דייטשן אָנגעווענדט פריער אין געטאָ, כדי צו כאַפּן יידן.

איך האָב אַרויסגענומען מיין באַן־לעגיטימאַציע, קענקאַרטע און דרייסט געגאַנגען פאָראויס. ווען איך בין צוגעקומען צו דער קרולעווסקא גאַס, בין איך גלייך צו צו אַ זשאַנדאַרם, געוויזן אים מיין לעגיטימאַציע און געפרעגט, צי כ׳קאָן דורכגיין, ווייל איך אייל זיך צו דער אַרבעט אויף דער באַן. דער זשאַנדאַרם האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, — מיין אויסזען, מיט די גרויסע וואָנסעס, מיין מונדיר און באַן־היטל, האָבן, משמעות, אַרויסגערופן ביי אים צוטרוי און נישט לייגנדיק קיין אַכט אַפילו אויף מיינע פּאַפּירן, האָט ער מיך דורכגעשטופּט דורך דער קייט זשאַנדאַרמען און פּאָליציי. איך האָב זיך געפונען מחוץ דער געפאַר.

צו מיין קינד בין איך קיינמאָל נישט געגאַנגען מיט אַ גלייכן וועג, נאָר תמיד זיך געדרייט דורך זייטיקע גאַסן, איידער איך בין אָנגעקומען אויף דעם אַדרעס. איך האָב זיך געמוזט רעכענען מיט דעם, אַז מען קאָן מיר נאָכשפּיאָנירן.

דאָס מאָל בין איך נישט דערגאַנגען צו דער וושפּולנא גאַס, ווייל איך האָב אויף דער באַזנאַנסקא גאַס צופעליק זיך אָנגעטראָפן אויף דער פרוי באָרטשינסקאַ, וועלכע האָט דאָרט אויף עמיצן געוואַרט. אויף אַ סמיטשעק האָט זי געהאַלטן איר הינטל. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך בין נאָר וואָס געקומען צו פאָרן פון דאָרף און איצט גיי איך טאַקע צו זיי.

— גוט, וואָס איר האָט מיך באַגעגנט — זאָגט די באַרטשינסקאַ.
— איר זאָלט נישט גיין אַהין, ווייל עס איז ביי מיר לעצטנס נישט אין אָרדענונג. איך האָב געמוזט — רעדט זי ווייטער — מארישיען (מיין מאַרגאַריטקעלע) און באַזשענקאַ (באַרטשינסקיס טעכטערל) ארויסשיקן פון שטוב. זיי געפינען זיך איצט ביי מיין שוועסטער אויף גזשיבאָווסקאַ גאַס. זיי וועלן דאָרט בלייבן, ביז אַלץ וועט זיך באַרואיקן. איך וועל אי־בערוואַרטן אַ פּאָר וואָכן און לאָמיר האָפן, אַז אַלץ וועט דורכגיין בשלום. דאַנוטאַ און באָגדאַן (אירע עלטערע קינדער) זענען ארויסגעפאָרן פון שטאָט.

איך בין געבליבן שטיין אַ צעבראָכענער. איך האָב מיר געטראַכט: ווער ווייס, וואָס עס איז געוואָרן מיט מיין קינד. זי וויל מיר נישט זאָגן דעם אמת, האָט זי אויסגעטראַכט אַזאַ תירוץ. מסתמא האָט באַרטשינסקאַ אָראָפּגעלייענט פון מיין פּנים די מוראַדיקע ספקות, וועלכע איך האָב גע־האַט, האָט זי מיר צוגעוואָרפן: איר קאָנט זיין גאַנץ רואיק. אייער קינד איז גאָרנישט געשען; מארישיאַ איז געזונט און פילט זיך גוט. אין שטוב אריין צו מיר ראָט איך אייך אָבער מער נישט צו קומען, יעדנפאַלס נישט אַזוי גיך, ווייל מיין דירה איז אונטער אַ שטאַרקער אָבסערוואַציע.

איך בין אַוועק אין דער ריכטונג פון גזשיבאָווסקע גאַס. אפשר וועל איך מיין קינד דאָרט באַגעגענען. איך האָב נישט געדענקט דעם נו־מער פונעם הויז, וווּ באַרטשינסקאַס שוועסטער האָט געוווינט. איך האָב זיך געדרייט איבער דער גאַס הין און צוריק און כ'האָב מיין קינד נישט געטראָפן. דאַקעגן איז מיר, פאַרן אייזערנעם טויער, אויסגעקומען צו זען אַ בילד, וואָס האָט מיר פאַרגלייווערט דאָס בלוט אין די אָדערן: צוויי אָנגעפרעסענע דייטשישע זשאַנדאַרמען האָבן געפירט אַ וווּנדערשיין מיי־דעלע, פון אומגעפער 12 יאָר. זי איז געווען טויט בלאַס. מיט אירע פּרעכ־טיקע, אומרואיקע אייגעלעך האָט זי זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געזוכט רעטונג. פּלוצלינג האָבן זיך אירע אייגעלעך צונויפ־געטראָפן מיט מיינע אויגן. איך האָב, צו מיין גרויסער חרפּה, געמוזט אַוועקבויגן מיין קאָפּ פון איר... איך האָב נישט אויסגעהאַלטן איר בליק, — דעם בליק פון אַ קינד, וואָס האָט זיך געבעטן רחמים ביי גוטע מענטשן...
הגם דאָס מיידעלע האָט נישט געהאַט קיין יידישן אויסזען, אָבער

די איבערגעשראָקענע, בליצנדיקע אייגעלעך האָבן עדות געזאָגט, אַז זי איז אַ יידישע, ד. ה. אַ צום טויט־פאַרמשפּטע, וועלכע מען פירט צו דער שחיטה... און גראָד האָבן אירע בליקן אָנגעטראָפן אויף אַ מענטש אין אַ באַן־אָנגעשטעלטן־מונדיר, וואָס געהער אויך צו די, וועמענס טויט־אור־טייל איז אַ געחתמעטער.

איך בין אַהיימגעקומען אַ צעבראָכענער און געמוזט אָפּנאַרן מיין פרוי, אַז כ'האָב נישט געקאָנט גיין צו די באַרטשינסקים זען מיין קינד, ווייל ס'זענען אין יענער געגנט פאָרגעקומען „בלאָקאַדעס" און איך האָב נישט געוואָלט ריזיקירן.

אַ צווייט מאָל האָב איך דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין לאַזשענ־קער פּאַרק אין אַלעיע אויאַזדאָווסקע, אינעם דייטשן וווינפּערטל, וווּ דער אַריינגאַנג פאַר פּאָליאַקן איז געווען פאַרבאָטן. דאָרט האָבן געהאַט אַ רעכט אַריינצוגיין נאָר דייטשן און פאָלקס־דייטשן. איך בין געווען צווישן זיי...

ווען איך בין פון דעם שפּאַציר אַהיימגעקומען, בין איך פריער אַריין צו מיין שכן יאַזשעמבסקי און געזעסן אַ ביסל ביי אים אין וואַרשטאַט. מיין שוואָגער פּאָלעק איז בייטאָג געלעגן באַהאַלטן אין צווייטן חדר אונ־טערן דיל. דאָס אָרט, ווו ער איז געווען באַהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, איז גע־ווען אַ קוואַדראַט־מעטער די גרויס. דער אַריינגאַנג איז געווען פאַרדעקט מיט די אויסגעשניטענע ברעטלעך, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ קאַסטן, אָנגעפילט מיט פאַרשידענע שווערע מכשירים. אַזוי איז ער דאָרט אָפּגעלעגן גאַנצע טעג, חדשים לאַנג. ערשט פאַרן פאַרמאַכן דאָס געשעפט, האָט אים יאַזשעמבסקי פון דאָרט אַרויסגעלאָזט. ער איז געשלאָפן אינעם זעלביקן חדר אויף דער ערד.

יאַזשעמבסקי האָט מיר איבערגעגעבן די לעצטע נייעס פון פראָנט, וואָס זענען געווען פאַר אונדז זייער דערפרייענדיק. אין מיטן שמועס, האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און עס איז אַריינגעקומען אַ דייטשישער זעלנער מיט אַ ראָווער צו פאַרריכטן. אויך ער האָט זיך באַקלאָגט אויפן „דרעקיגן קריג", — אַ סימן, אַז די לאַגע פון די דייטשן איז טאַקע נישט קיין גוטע, אויב איינער פון זיי וואָגט זיך שוין צו באַקלאָגן פאַר אַ פּאָליאַק ד. ה. פאַר אַ שונא . . .

אין דערזעלביקער צייט איז אויך אַריינגעקומען צו יאַזשעמבסקין

אין וואַרשטאַט אַ מיטליאָריקע פרוי. באַמערקנדיק דעם דייטש, האָט זי געפרעגט יאַזשעמבסקין, צי זי קאָן קריגן ביי אים צו קויפן אַ געוויסע טייל צו אַ ניי־מאַשין. יאַזשעמבסקי האָט איר געהייסן צוּוואַרטן. ווען דער דייטש איז אַוועק, האָט ער די פרוי אַריינגעפירט אין צווייטן צימער. נאָך אַ פּאָר מינוט איז זי צוריק אַרויס, צוגעוואָרפן מיר: „דאָווידזעניא״ (אויף ווידערזען) און איז אַוועק. יאַזשעמבסקי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז פון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), פון וועלכער ער אַליין איז אויך אַ מיטגליד. זי האָט אים געבראַכט אומלעגאַלע ליטעראַ־טור. זי איז אַ קאָלפּאָרטערין און — אויב איר ווילט וויסן — זאָגט צו מיר יאַזשעמבסקי — איז זי אַ יידישע . . .

מיין פרוי האָט שוין געוואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד. יעדעס מאָל, ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָט זי זיך נאָך מער געשראָקן, טאָמער געשעעט עפּעס מיט מיר אַן אומגליק. זי האָט זיך שוין נישט געקאָנט דער־וואַרטן אויף מיין צוריקקומען. איך, דאַקעגן, האָב זיך אין גאַס געפילט זיכערער, ווי אין באַהעלטעניש. אינדערצייט, ווען אין גאַס האָב איך נישט געהאַט קיין שום מורא־געפיל, בין איך דערפון באַהערשט געוואָרן ווי נאָר איך בין צוריק אַהיימגעקומען.

אַזוי זענען פאַרביי טעג און נעכט — איינע ענלעך צום צווייטן, ביז . . .

אויף דער דריטער וואָך פון אונדזער זיין אין באַהעלטעניש האָבן מיר דערהערט עפּעס אַ הויכן שמועס צווישן אונדזער באַלעבאַסטע און אַ פרעמדן מענטש. איך האָב נישט געקאָנט דייטלעך אויפכאַפּן קיין ווער־טער. ס׳האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג און די פרעמדע שטים האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אונדז. צו אונדזער גרויסער איבעררראַשונג, האָט זיך די גלענצנדיק פאַרמאַסקירטע טיר פון אונדזער קעלער אויפגעעפנט. מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ רעוואָלווער, געצילט אין אונדז. נעבן פּאָליציאַנט איז גע־שטאַנען אַ דערשראָקענע אונדזער באַלעבאָסטע.

דער פּאָליציאַנט, אָדער ווי מען האָט זיי ביי אונדז גערופן: גראַנאַ־טאָווי, האָט, משמעות, אַליין מורא געהאַט אַריינצוגיין ווייטער, נישט וויסנדיק וויפל מענטשן עס געפינען זיך מיט אונדז און צי מיר האָבן

נישט קיין געווער. ער איז אזוי געשטאַנען און מיט אַ פאַרשיכורטער שטים געשריען, מיר זאָלן גלייך גיין אויף געשטאַפּאָ. ער גיט אונדז — זאָגט ער — דריי מינוט צייט. אויב מיר וועלן צו דער צייט נישט זיין אויפן גאַס, וועט ער אונדז דאָ, אין קעלער, דערשיסן. אָפּגעזאָגט זיינס, איז ער שנעל אַרויס פונעם קעלער.

אָפּוואַרטנדיק אַ ווײַלע, בין איך אַרויס פון קעלער און אַריין צו דער באַלעבאָסטע אין געשעפט צו זען וואָס עס הערט זיך. די גאַסן־טיר איז געווען אָפן און דער פּאָליציאַנט איז געשטאַנען אויף דער גאַס פאַר דער טיר און געוואַרט אויף אונדז. איך בין צוריקגעקומען צו מיין פרוי און איר געזאָגט, אַז דער פּאָליציאַנט שטייט פאַר דער גאַסן־טיר. מער האָב איך קיינעם נישט געזען. מסתמא וואַרט ער אויף אַ פאַרבייגייענדיקן דייטשן פּאַטראָל, כדי אונדז איבערצוגעבן אין זייערע הענט.

— פאַרפאַלן — זאָגט איך צו מיין פרוי — ס'האָט אויסגעשלאָגן אונדזער לעצטע שעה. זיי שטאַרק. מיר וועלן כאָטש אַוועק פון דער וועלט מיט אַ לייכט געפיל, אַז מיר האָבן אַלץ געטון, כדי צו ראַטעווען אונדזער איינציק קינד. מיר האָבן געהאַט אַ שיין לעבן, דאַרפן מיר אויך קאָנען שיין שטאַרבן. זאָלן זיי נישט דערלעבן צו זען אונדז פאַרצווייפלטע אין איינגעבראָכענע. קום, דינהלע! — האָב איך פאַרענדיקט און געוואָלט אָננעמען מיין פרוי פאַר דער האַנט.

אין דער רגע האָט אָבער מיין פרוים לאָגיק אַפּניב שטאַרקער געאַרבעט ווי מיינע.

— ניין, — האָט זי אויסגעשריען — מיר וועלן פון דאַנען נישט אַרויסגיין. זאָלן זיי אונדז דאָ דערשיסן אויפן אָרט. אָבער אַליין צום טויט וועלן מיר נישט גיין.

דער פּאָליציאַנט איז צוריקגעקומען ווילד פון כעס. דאָס מאָל איז ער שוין אַריין אין קעלער, האַלטנדיק אין זיין האַנט אַן אָנגעצונדן עלעקטריש לעמפּל און אין דער אַנדערער האַנט — דעם רעוואָלווער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך, דערנאָך אונדז באַטאַפּט, צי מיר האָבן נישט ביי זיך געווער און געווילדעוועט:

— מאַרש, געגאַנגען, גערירט זיך.

איך בין געשטאַנען גאַנץ רואיק און נישט אַראָפּגעלאָזט פון אים

די אויגן. מיין פרוי האָט זיך צו אים אַ וואָרף געטון און אים אָנגעהויבן צו בעטן, אַז אַ שטיין האָט געקאָנט גערירט ווערן פון דעם:

— איר זענט דאָך אַ פּאָליאַק, — טאָ ווי אַזוי קאָנט איר צוהעלפן אייערע בלוטיקסטע שונאים, די דייטשן, אין אויסמאָרדן אומשולדיקע מענטשן. געדענקט, אויב מיר וועלן אומקומען, וועט איר אין אייער גאַנץ לעבן שוין מער נישט האָבן קיין רו... איך וועל אייך, נאָך מיין טויט, פאַרפאָלגן סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט. איך וועל אייך אין שלאָף ווערגן... איך וואָרן אייך! אויב איר האָט אַ מענטשלעך האַרץ, טוט נישט אָפּ אַזאַ פאַרברעכן . . .

צו מיין גרעסטן שטוינען האָט דער פּאָליציאַנט, אַן אַטלעטיש געבויטער מאַן, מיט אַ בייז פּנים — זיך איינגעבראָכן פון דיאַנאַס רייד און נישט אויסגעהאַלטן די „סצענע"... דאָס מויל איז אים אויסגעקרימט געוואָרן, די אויגן פאַרלאָפן מיט בלוט, און ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען אַלץ העכער און העכער:

— וואָס מיינט איר, איך האָב נישט קיין האַרץ? איך האָב אַ פרוי מיט קינדער און כ'קאָן זיי נישט דערנערן. פון דער פּענסיע (געהאַלט) וואָס איך באַקום פון דער פּאָליציי, קאָן איך נישט לעבן. מוז איך דאָך גיין אויף אַזעלכע וועגן. אָבער איך בין נישט קיין באַנדיט, איך בין אַ פרומער קאַטאָליק... איך וויל נאָר לעבן... אויב איר האָט געלט, וועל איך אייך קיין שום שלעכטס נישט טון... איך וועל אייך אָפּלאָזן פריי... וויפל געלט האָט איר?

מיין פרוי האָט אַראָפּגענומען איר גאָלדן האַנטזייגערל און אים דערלאַנגט. דער פּאָליציאַנט האָט עס באַטראַכט און צוריקגעוואָרפן:

— גוווּנאָ (דרעק)... געלט דאַרף איך האָבן — האָט ער אויסגעשריען מיט שוים אויפן מויל... געלט, געלט!..

— איך האָב — זאָגט מיין פרוי — 2000 זלאָטעס אין מיין פאַרמעגן, וועל איך עס אייך אָוועקגעבן . . .

— טאָ יעסט גוווּנאָ — ווילדעוועט דער פּאָליציאַנט ווייטער — געגאַנגען אויף געשטאַפּאָ, שנעלער... מאַרש . . .

און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ דינגעניש, בעטן, אַפּעלירן

צו זיין מענטשלעך הארץ, ביז דער פּאָליציאַנט האָט מסכים געווען צוצו־נעמען דאָס געלט, דאָס זייגערל און צוויי רינגלעך . . .

ביים אוועקגיין האָט ער צו אונדז געזאָגט:

— איצט קאָנט איר שוין דאָ פאַרבלייבן און רואיק לעבן. איך וועל אייך שוין אָפּהיטן, אַז עס זאָל אייך קיין שלעכטס נישט געשען...

דער פּאָליציאַנט איז אוועק.

מיר האָבן באַשלאָסן נישט צו פאַרלאָזן זיך אויף זיין „מענטשלעך" האַרץ און יושר און נאָך היינט אַרויס פון דעם קעלער, ווי נאָר עס וועט פינצטער ווערן. אָבער וואוהין גיין?!...

דער פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך אויף אונדז „מרחם" געווען און אונדז געזאָלט שיצן, האָט געהייסן — ווי עס איז מיר שפּעטער געלונגען פעסטצושטעלן — סקזשיפּעק און ער איז געווען פונעם ערשטן וואַרשע־ווער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט.

באַלד נאָך דעם פאַרפאַל, איז צו אונדז אַריינגעקומען יאַזשעמבסקי, דער זון פון אונדזער באַלעבאָסטע. מיר האָבן אים געבעטן, ער זאָל אונדז לאָזן אַ נאַכט־צוויי איבערנעכטיקן ביי אים אין וואַרשטאַט, צוזאַמען מיט דיאַנאַס ברודער. מיר ווען אים דערפאַר גוט פאַרגיטיקן. דאָ — און יאַזשעמבסקי איז דערמיט אויך מסכים געווען — טאָרן מיר שוין נישט פאַרבלייבן, ווייל דער „גוטער" פּאָליציאַנט וועט אונטערשיקן ווייטערדיקע „שמאַלצאָווניקעס" און מיר וועלן סוף כל סוף אַריינפאַלן. אין אַ וואָך אַרום איז טאַקע דער זעלביקער פּאָליציאַנט סקזשיפּעק ווידער גע־קומען צו אונדז. צו זיין גרויס באַדויערן האָט ער אונדז שוין דאָרט נישט געטראָפן . . .

28.

## 3 טעג צווישן מאַשינען

אין אָוונט, איידער יאַזשעמבסקי האָט פאַרמאַכט זיין וואַרשטאַט, האָב איך זיך, צוזאַמען מיט מיין פרוי אַריינגעגנבעט צו אים אין גע־שעפט. מיר האָבן עס געמוזט מאַכן אַזוי, אַז אונדזער אַלטע באַלעבאָסטע

זאָל נישט וויסן, אַז מיר גייען צו איר זון. אַזוי האָט פון אונדז פאַרלאַנגט יאַזשעמבסקי.

ווען יאַזשעמבסקי האָט פאַרמאַכט זיין וואַרשטאַט, זענען מיר פאַר־בליבן מיט אונדזער שוואָגער. ער האָט זיך שרעקלעך געענדערט פון דעם טאָג אָן, וואָס ער איז ביי אונדז געווען אין פּראַגע. ער האָלט, אַז ס'איז אַ שאָד די צייט, ווייל מיר וועלן נישט איבערלעבן די מלחמה. אַלע און אַלע האָבן זיך פאַרשווירן קעגן אונדז — די רעשטלעך אָפּגעראַטעוועטע יידן. ווען נישט זיין פרוי און קינד, וואָלט ער שוין לאַנג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ער קאָן אָבער נישט — זאָגט ער — זיי פאַרשאַפן אַזוי פיל צער; זיי וועלן דעם קלאַפּ נישט איבערלעבן. מוז ער זיך מאַטערן. ער האָט אונדז געוויזן זיין באַהעלטעניש אונטערן דיל, וווּ ער געפינט זיך אַ גאַנצן טאָג, — אַ העלפט פון דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט ביי די פּאַיעווסקיס. שטיין, אָדער אויסגלייכן זיך דאָרט איז געווען אוממעגלעך. ער מוז דאָרט זיצן איינגעקאָרטשעט. קוים וואָס ער האָט געהאַט אַ ביסל לופט, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך דער שפּאַרע פון אויבן. מיר האָבן זיך באַמיט אים צו שטאַרקן, אָבער ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז מיר אַליין האָבן זיך נישט געקאָנט שטאַרקן. מיין שוואָגער האָט אונדז דערציילט, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, ווען ער האָט דורכן ווענטל געהערט וואָס עס האָט זיך ביי אונדז געטון. אין פּאָליציאַנטס שטים האָט ער דערקענט דעמזעל־ביקן, וואָס איז ביי אים געווען, ווען ער איז צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן געווען אויסבאַהאַלטן אין אונדזער קעלער . . .

ווען יאַשזעמבסקי איז באַלד אינדערפרי געקומען אין וואַרשטאַט אַריין, האָט ער מיין פרוי אַרונטערגעשטופּט אונטער אַ מאַשין, וווּ זי האָט זיך געמוזט פּשוט איינבויגן אין דרייען, זי זאָל קאָנען דאָרט ליגן. די מאַשין האָט ער פאַרשטעלט מיט אַ ברעטל. איך בין אַוועק אין גאַס, ווייל אַזוי איז געוואָרן אָפּגערעדט, אַז איך וועל אַ גאַנצן טאָג מוזן זיין אין גאַס. מיין ערשטע וויזיט איז געווען צו... פּאַיעווסקין אויף פּראַגע. הגם איך האָב געהאַט באַשלאָסן, אַז מיין פוס וועט שוין מער זיין שוועל נישט אַריבערטרעטן, האָב איך דאָך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה. פּאַיעווסקי איז דאָך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט דעם קאָנ־טאַקט מיט דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג; צו אים פלעגן קור־

מען וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער) און יוזשעק (זיסמאַן), וועל איך דורך זיי מודיע זיין מיכאַלן (ד״ר אַדאָלף בערמאַן) וועגן אונדזער נייעם אומגליק און בעטן הילף.

מיט אַ שווער האַרץ, אָבער נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָב איך אָנגעקלאַפּט אין פּאַיעווסקיס טיר. געעפנט האָט מיר די פרוי פּאַיעווסקאַ, וועלכע האָט געהאַלטן דאָס קינד אויפן האַנט. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי אויפן אָרט געזאָגט, אַז איר מאַן איז נישטאָ אינדער־היים און גלייך געוואָלט פאַרמאַכן די טיר פאַר מיין נאָז. איך האָב אָבער באַוויזן פריער אַריינצושטעלן דעם פוס, אַזוי, אַז זי האָט שוין נישט גע־האַט קיין אַנדערע ברירה, ווי מיך אַריינלאָזן. זי האָט מיר אָבער פאַרשטעלט דעם וועג צום אַריינגאַנג אין שטוב און געוואָלט מיך אויפן אָרט אָפּפּטרן. איך בין אַריין אין קיך. איך האָב איר געזאָגט, אַז אויב טעאָדאָר איז נישטאָ, וועל איך אויף אים צוּוואַרטן, ווייל איך בין גע־בליבן מיט מיין פרוי אויף דער גאַס, נאָך אַ שאַנטאַזש, וועלכן מיר האָבן נעכטן איבערגעלעבט. איך האָב איר, פאַרשטייט זיך, נישט געזאָגט, אַז מיר האָבן ווו איבערצונעכטיקן. איך האָב געזאָגט, אַז מיר זענען די נאַכט איבערגעשלאָפן אויף טרעפּ פון אַ פרעמד הויז.

פּאַיעווסקאַ האָט מיר געזאָגט, אַז איר דירה איז איצט אונטער כסדרדיקער אָבסערוואַציע (דער בעסטער תירוץ!) און ס׳קומט אָפט צו זיי פּאָליציי. זי בעט מיך, אַלזאָ, איך זאָל גלייך אַוועקגיין און קומען נאָך אַמאָל. איך האָב אָבער באַשלאָסן נישט צו רירן זיך פונעם אָרט ביז פּאַ־יעווסקי וועט צוריקקומען, ווייל אַנדערש וועט מיר נישט געלינגען אָנצו־בינדן מיט אים דעם קאָנטאַקט.

פּאַיעווסקאַ האָט מיך אָנגעהויבן צו סטראַשען און ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, האָט זי אויסגערופן:

— וואָס ווילט איר, מיינע קינדער זאָלן צוליב אייך אומקומען? איר האָט שוין אייער קינד געראַטעוועט. וויל איך אויך מיינע קינדער ראַטעווען אייער זיצן דאָ ביי מיר קאָן נישט נאָר אויף אייך ברענגען אַן אומגליק, נאָר אויף אונדז אַלע . . .

פלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר פון שטוב און אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן טעאָדאָר פּאַיעווסקי, זייער עלעגאַנט אָנגעטון (אין אַ שפּאָגל

נייעם אַנצוג) מיט אַ סיגנעט אויפֿן פֿינגער און אַ פּאַפּיראָס אין מויל (ביז איצט האָב איך קיינמאָל נישט געזען, אַז ער זאָל ווען עס איז רויכערן). ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז פּאַיעווסקי געווען די גאַנצע צייט אין שטוב. הערנדיק, אַז זיין פרוי קאָן מיך נישט אָפּפטרן, האָט ער עס באַשלאָסן אַליין צו טון. אַ שטאַרק אויפגערעגטער ווענדט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— צו וואָס ביסטו אַהערגעקומען? דו האָסט דאָ גאָרנישט וואָס צו טון אין מיין דירה.

איך האָב אים דערקלערט, אַז צוליב דעם וואָס עס איז מיט אונדז געשען, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג ווי צו קומען אַהער און אים בעטן, ער זאָל גלייך פאַרשטענדיקן מיכאַלן (ד"ר בערמאַן), אָדער וואַנדאַ (עלסטער) וועגן אונדזער אומגליק.

— איך האָב נישט קיין צייט און פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ — האָט פּאַיעווסקי קורץ געענטפערט, נישט קוקנדיק מיר אין די אויגן אַריין.

דאָס איז בכלל געווען זיין טבע נישט צו קוקן אַ מענטשן גלייך אין די אויגן אַריין. איך האָב אים אָנגעהויבן צו בעטן און ער האָט מיר כסדר איבערגעריסן, נישט לאָזנדיק מיך קומען צום וואָרט. אין דעם אויגנבליק האָב איך באַמערקט עמילקען, אַנגעשפּאַרט ביי דער טיר. זי האָט זיך צו אונדזער שמועס גלייכגילטיק צוגעקוקט און נאָר צוגעוואָרפן מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל:

— רעגינקע האָט אייך געוואָלט געבן אַ „מעטע", האָט איר נישט געוואָלט און איצט האָט איר טענות . . .

— אויף 3000 זלאָטעס אַ חודש קאָנען מיר זיך נישט דערלויבן. פאַר אונדז איז עס צו טייער — האָב איך איר געענטפערט.

— ביליקער איז נישטאָ. היינט דאַנקט מען גאָט, ווען מען באַקומט אָרט פאַר 3000 זלאָטעס... — וואַרפט צו עמילקע.

טעאָדאָר האָט אָנגעהויבן אַרומצושפּרייזן איבער דער קיך, מכלומרשט געטראַכט און לסוף מיר געזאָגט:

— אַלזאָ, יאַן, האָסט שוין געהערט אַלץ און איצט גיי. צווינג מיך נישט, איך זאָל זיין גראָב צו דיר. איך האָב נישט קיין צייט. איך מוז טראַכטן ווי אַזוי צו ראַטעווען מענטשן און דו שטערסט מיר . . .

איך האָב פּאַיעוווסקין געמאָלדן, אַז איך וועל פריער פון אים נישט אַוועק, ביז ער וועט מיך פאַרבינדן מיט עמיצן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. די לאַגע איז געוואָרן זייער געשפּאַנט און ווער ווייס, צו וואָס עס וואָלט דערגאַנגען, ווען אין סאַמע אָנגעצויגנסטן מאָמענט וואָלט זיך פּלוצלינג נישט באַוויזן אין קיך וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער). אויך זי איז די גאַנצע צייט געווען אין שטוב ביי פּאַיעוווסקין. מסתמא האָט ער איר נישט דערלאָזט אַריינצוגיין צו מיר. איצט, ווען זי האָט דערהערט ווי אַזוי עס רעדן צו מיר פּאַיעוווסקי און עמילקע, האָט זי זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן און איז אַריין צו אונדז זייער אַן אויפגערעגטע:

— באַרואיקט אייך, פּאַניע יאַנקו — האָט זי געזאָגט — עס וועט באַלד עפּעס געטון ווערן — און צו טעאָדאָרן האָט זי צוגעוואָרפן — מען קאָן דאָך נישט לאָזן קיין מענטשן אויף דער גאַס... איך וועל באַלד אַלץ דערליידיקן. דערווייל זאָל ער דאָ וואַרטן אויף מיר.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זי פאַרלאָזט די דירה. איך בין געבליבן אין קיך מיט די פּאַיעוווסקים און עמילקען. נישט מען האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב שוין היינט עפּעס געגעסן, נישט מען האָט מיך אַפילו געהייסן זיך אָוועקזעצן. איך בין שטיין געבליבן אין ווינקל ווי אַ בעטלער וואָס דאַנקט גאָט, אַז מען לאָזט אים זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען אין קיך. אין האַלדז איז מיר געווען אַזוי טרוקן, אַז איך האָב געמוזט בעטן ביי זיי אַ טרונק. די פרוי פּאַיעוווסקאַ האָט מיר דערלאַנגט אַ שעפּ מיט וואַסער . . .

ס'האָט געדויערט אפשר 15 מינוט און וואַנדאַ איז צוריקגעקומען אין אַ גוטער שטימונג.

— ס'וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג, פּאַניע יאַנקו, איר וועט האָבן אַ דירה. גייט גלייך צוריק צו דאַנקען (מיין פרוי) און באַרואיקט זי. ווו וועל איך אייך קאָנען טרעפן?

איך האָב איר אָנגעגעבן דעם אדרעס פון יאַזשעמבסקין, ווו דיאַנאַ איז געלעגן באַהאַלטן אונטער דער מאַשין. וואַנדאַ האָט זיך געווענדט צו טעאָדאָרן און עמילקען, זיי זאָלן גלייך אַרויספאָרן קיין פּוסטעלניק (אויפן וועג מאַרקי - ראַדזימין) און דינגען פאַר אונדז די „מעטע", פון וועלכער זיי ווייסן.

— אָבער דאָס דאַרף קאָסטן!... — האָט עמילקע געוואָלט זאָגן, נאָר וואַנדאַ האָט איר איבערגעריסן די רייד.

— אַלץ וואָס עס וועט דאַרפֿן קאָסטן — האָט זי געזאָגט — וועלן מיר באַצאָלן. איך האָב נאָר וואָס גערעדט מיט מיכאַלן (בערמאַן) און ער האָט זיי (ד. ה. אונדז — י. ט.) תיכּף געהייסן איינאָרדענען און נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער.

— נו, גוט, אָבער איך מוז זיך דאָך פֿריער פֿאַרשטענדיקן מיט באָלעקן, ווייל די „מעטע" גייט דורך אים... — האָט טעאָדאָר געזאָגט — אַגב דאַרף ער היינט זיין ביי מיר.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ווי נאָר זיי וועלן דערליידיקן מיט באָלעק טורכעטי, וועט וואַנדאַ קומען נאָך אונדז, פֿאַרנאַכט, אויפֿן אָפּגערעדטן אָרט.

איך בין צוריקגעגאַנגען קיין וואַרשע און אַריין צו יאַזשעמבסקין. זוען איך האָב אַ בליק געוואָרפֿן אויף דיאַנאַ, ווי זי זיצט איינגעקאָרטשעט אונטער דער מאַשין, האָט מיר אַזש פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ פֿון ווייטיק. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט, ביז דער באַלעבאָס האָט פֿאַרמאַכט דאָס געשעפֿט און דיאַנאַ האָט געקאָנט אַרויסגיין פֿון אונטער דער מאַשין. פֿון אַ גאַנצן טאָג זיצן אומבאַוועגלעך אויף איין אָרט און דערצו נאָך — איינגעדרייט, האָט מיין פֿרוי באַקומען שטאַרקע ווייטיקן און קוים געקאָנט אויסגלייכן די ביינער.

צומאָרגנס האָט זיך וואַנדאַ, ליידער, נישט באַוויזן. איך האָב באַשלאָסן צו וואַרטן נאָך אַ טאָג און אַהינגיין צו פּאַיעווסקין, הגם ער האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל מער נישט וואַגן צו קומען צו זיי, נאָר וואַרטן ביז מען וועט קומען נאָך אונדז.

אויפֿן דריטן טאָג איז געקומען וואַנדאַ. איך בין, ווי תמיד בייטאָג, געווען אויף מיין גאַסן־שפּאַציר. זי האָט געזאָגט יאַזשעמבסקין, מיט וועלכן זי איז געווען באַקאַנט, אַז ווי נאָר עס וועט פֿינצטער ווערן, וועט זי קומען נאָך אונדז. וואַנדאַ האָט אויך אין אַ מאָמענט, ווען קיינער איז נישט געווען אין וואַרשטאַט, אַראָפּגעבויגן זיך אונטער דער מאַשין, ווו מיין פֿרוי איז געלעגן איינגעקאָרטשעט און איר צוגעוואָרפֿן אַ פּאָר טרייסט־ווערטער, ווי אויך עפּעס צו עסן.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון גאַס, האָב איך דערהערט די גוטע בשורה און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן צופאַלן פון דער נאַכט. יאַ־זשעמבסקי איז דאָס מאָל נישט אַהיימגעגאַנגען פריער, נאָר געדרייט זיך אויפן גאַס פאַרן וואַרשטאַט, וועלכן ער האָט געהאַט פאַרשלאָסן, וואַרטנ־דיק אויף וואַנדאַס אָנקומען.

## 29.

# מיר געזעגענען זיך מיט וואַרשע

וואַנדאַ האָט גענומען מיין פרוי אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט מיט איר צום נאָענטסטן טראַמוויי אויף קראָקעווער פאָרשטאָט. איך — נאָך זיי. מיר האָבן זיך קוים אַריינגעקריגן אין איבערגעפולטן טראַמוויי, וואָס האָט אונדז צוגעפירט צו דער ראַדזימינער קליינבאַן אין פּראַגע.

אויף דער סטאַנציע פון ראַדזימינער קליין־באַן, אָדער ווי מען האָט עס ביי אונדז גערופן: „קאָלעיקע”, איז, צו אונדזער גליק געווען שטאָק־פינצטער. קוים וואָס מען האָט געזען אַ מענטש. איצט האָט אונדז וואַנדאַ איבערגעלאָזט אַליין און זיך געלאָזט זוכן טעאָדאָרן און עמילקען. דאָס איז נישט לייכט אָנגעקומען. די גאַנצע צייט האָבן מיר געהערט איר רופן: טעאָדאָר, טעאָדאָר . . .

פּלוצלינג איז פאַר אונדז פאַרביי געגאַנגען אַ באַן־באַאַמטער אין אַ נייעם עלעגאַנטן מונדיר און היטל, נעבן אים אַן עלעגאַנטע דאַמע: דאָס זענען געווען טעאָדאָר און עמילקע. איך האָב זיי פאַרהאַלטן. איצט האָבן מיר געוואַרט, ביז וואַנדאַ איז צוריקגעקומען. טעאָדאָר האָט שוין געהאַט די בילעטן און מיר זענען אַריין אין וואַגאָן. דער וואַגאָן איז געווען זייער שוואַך באַלויכטן. מיר האָבן פאַרנומען פּלעצער און לאַנג געוואַרט, ביז די „קאָלעיקע” האָט זיך אַ ריר געטון פון אָרט און גענומען גיין, אָבער מיט זייער אַ קליינעם אימפּעט.

באַלד איז אין וואַגאָן געוואָרן פריילעך. יונגע פּאָרלעך האָבן אויס־גענוצט די האַלב־טונקלקייט אין וואַגאָן און זיך געלאָזט ווילגיין. ס'האָט

זיך דערהערט אַ כיכיקען און אַ זאָרגלאָז לאַכן. איך בין מיר געזעסן אין מיינע צרות און געטראַכט וועגן אונדזער נייעם אָרט, ווו עס וועט אונדז איצט אויסקומען צו לעבן; וועגן אונדזער קינד, וואָס איז אין גרויס געפאַר; וועגן דיאַנאַס ברודער, וואָס גלייבט נישט, אַז מען וועט איבערלעבן די מלחמה און וועגן אונדזערע זאָרגלאָזע מיטפאָרער אין וואַגאָן, וואָס האָבן נישט די אַלע שווערע פּראָבלעמען . . .

פּלוצלינג דערהערט זיך אין אונדזער וואַגאָן אַ זיס אַלט־שטימעלע פון אַ מיידעלע, וואָס זינגט אַ פּאַטריאָטיש פּויליש ליד קעגן היטלערן... איך האָב געשטוינט ווי דאָס באַשעפעניש׳ל האָט נישט קיין מורא איינצושטעלן דאָס לעבן. די פּאַסאַזשירן זענען געווען דערפון פול מיט באַגייסטערונג און באַוואָרפן די קליינע זינגערין מיט מטבעות.

ווען די קליינע זינגערין איז צוגעקומען נעענטער צו אונדזער באַנק, האָבן מיר מיט איר פאַרפירט אַ שמועס. וואַנדאַ האָט ביי איר געפרעגט, צי זי פאַרדינט גוט און וואָס טוען אירע עלטערן.

דאָס מיידעלע האָט אונדז דערציילט, אַז פון אירע פאַרדינסטן האַלט זי זיך אַליין אויס (זי איז אַלט געווען סך הכל 12 יאָר) און מאַכט אַ גאַנץ גוט לעבן, הגם די קאָנקורענץ פון די זינגערס אויף די באַנען איז איצט זייער גרויס . . .

— פון וואַנען קענסטו זינגען; האָסט זיך געלערנט? — פרעגט וואַנדאַ.

— ע, — ענטפערט די קליינע מיט גאווה — מיין פאָטער איז געווען אַ זינגער... אַן אַרטיסט, און אין אונדזער שטוב איז אַלעמאָל פול געווען מיט געזאַנג.

— ווו איז איצט דיין פאָטער? — פרעג איך.

דאָס מיידעלע האָט אַ ציטער געטון און די אויגן זענען ביי איר פאַרנעפּלט געוואָרן.

— מיין פאָטער און מיין מוטער — זאָגט זי — האָבן די פאַרשאָלטענע „שוואָבן" (דייטשן) דערהרגעט. איך בין געבליבן איינע אַליין אויף דער וועלט; אַ נס, וואָס כ׳קאָן זינגען — האָט זי מיט אַ געמאַכטן שמייכל צוגעוואָרפן און באַהאַלטנדיק די מטבע, וואָס זי האָט פון אונדז באַקומען, האָט זי אונדז פאַרלאָזט און אָנגעהויבן איר קאָנצערט פאַר די ווייטערדיקע פּאַסאַזשירן.

פון איר זינגען מיטן חזנישן קנייטש, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ יידיש קינד, און זעענדיק אירע אייגעלעך, וואָס זענען מיט אַמאָל פאַרוואָלקנט געוואָרן, האָב איך זיך דערין נאָך מער איבערצייגט. מסתמא איז איר טאַטע געווען אַ חזן אין אַ קליין שטעטל, אָדער אפשר איז ער טאַקע געווען אַן אַקטיאָר — אַ יידישער אַקטיאָר און מיינער אַ חבר?! . . .

אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס יידישע מייד־לעלע, מיט דער אַלט־שטימע, וואָס פלעגט זינגען אין דער קליין־באַן אויפן וועג פראַגע ־ ראַדזימין, איז פון אירע קריסטלעכע קאָנקורענטן אויס־געגעבן געוואָרן צו די דייטשן ווי אַ יידישע און זי איז דערשאָסן געוואָרן אין ראַדזימין.

ווען אונדזער באַן איז צוגעקומען צו דער סטאַציע מאַרקי, איז טע־אַדאָר און עמילקע אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ וויילע און באַלד צוריקגעקומען מיט באָלעק טורבעטי — אַ יונג אַן אַטלעט — און זיין כלה פּאָליאַ קאַ־לאַטאַ — אַ בילד־שיין מיידל. זיי זענען אַריין אין צוג און מיר האָבן זיך באַקענט. באָלעק טורבעטי האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַן אויסגעמאָגערטן יונגנמאַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט אַ קליין פּעקעלע אין האַנט.

— איר זעט — זאָגט ער — דאָס איז אויך אַ „קאַץ" („קאָט", דאָס האָט באַדייט אַ ייד). איך קען אים נאָך פון פריער. זייער אַן אָרנטלעכער בחור. איך וועל אים אויך איינאָרדענען אין פּוסטעלניק. מיטן דאָזיקן יונגנמאַן — געהייסן האָט ער זילבערבערג און געשטאַמט פון וואָלאָמין, אונטער וואַרשע — איז מיר שפּעטער אויסגעקומען אויס־צובאַהאַלטן זיך צוזאַמען אַ פּאָר חדשים.

אויף דער סטאַנציע פּוסטעלניק זענען מיר אַלע אַראָפּ. פּאָליאַ קאַ־לאַטאַ האָט זילבערבערגן ערגעץ אַוועקגעפירט און מיר, ד. ה. דיאַנאַ, איך, וואַנדאַ, עמילקע, טעאָדאָר און באָלעק טורבעטי, האָבן זיך געלאָזט דורך געסלעך און פעלדער צו אַ שיינער ווילע, וווּ עס איז געשטאַנען אַ פּאַלאַצל. ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. ווען מיר זענען צוגעקומען אַהין (מיר האָבן מאַרשירט אַ שיינע פּאָר קילאָמעטער), האָט אונדז באָלעק טורבעטי געהייסן זיך אַוועקזעצן אין וועלדל און וואַרטן, ביז ער וועט צוריקקומען

נאָך אונדז. אויפן וועג פון באַן האָט ער אונדז געזאָגט, אַז ער וועט אונדז איינאָרדענען אין אַן איינזאַמען פּאַלאַץ, וואָס געהער צום גראַף פּלאַטער. דאָרט וווינט קיינער נישט, אויסער דער הויזוועכטערין און אירע קינדער. מיר וועלן דאָרט — האָט ער געזאָגט — קאָנען רואיק איבערלעבן די מלחמה, ווייל ס'איז אַ פאַרוואָרפן אָרט און קיינער גייט אַפילו נישט פאַר־ביי דאָס הויז. מיר דאַרפן אַלזאָ גליקלעך זיין, וואָס עס איז אונדז געלונגען מיט אַזאַ „מעטע״ . . .

עס האָט גענוג לאַנג געדויערט, ביז באַלעק טורכעטי איז צוריקגע־קומען נאָך אונדז. ער האָט אונדז געהייסן גיין נאָך אים איינציקווייז און איבערן גאַנצן וועג נישט רעדן קיין וואָרט. דאָס האָט מיך שטאַרק גע־חידושט. גייענדיק איבער פּוסטעלניק, פון באַן, האָבן זיי אַלע הויך גע־רעדט, געוויצלט זיך, געלאַכט און נישט מורא געהאַט פאַר די שכנים, וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג. און גראָד דאָ, וווּ עס וווינט קיינער נישט אַ חוץ דער הויז־וועכטערין מיט אירע קינדער, דאַרפן מיר זיין אַזוי פאָרזיכטיק. באַלעק טורכעטי האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אין דעם פאַרוואָרפענעם העק זעט מען נישט קיין מענטש אויף אַ רפואה...

צוקומענדיק צו דער איינשטאָקיקער פּרעכטיקער געביידע, האָט מען אונדז אַריינגעפירט דורך אַ פינצטערער קיך אין אַ גרויסער, שוואַך־באַ־לויכטענער (מיט אַ נאַפּטלאָמפּ) שטוב, אין וועלכער עס זענען געשטאַנען צוויי ברייטע בעטן, אַ טיש און אַ פּאָר בענקלעך. דאָס קליינע פענצטער איז אַרויס אויפן פעלד. דאָס פענצטער איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ פּליושן טישטוך.

מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ קליינע, מאָגערע פרוי (אַן אַלמנה), וועלכע האָט, צוליב די פיל קנייטשן אויפן פּנים, אויסגעזען אויף אַ יאָר 60 — סך הכל איז זי אַלט געווען 42 יאָר; צוויי הערלעך שיינע שיק־סעס — אירע טעכטער און אַ קליין שנגצל פון 11 יאָר מיט אַ פּאָר אומ־רואיק־פינטלענדיקע אויגן — איר זון. עס זענען נאָך געווען צוויי קליינע קינדער — דאָס עלטערע איז אַלט געווען 3 יאָר און אַ פּיצלם — פון אַ יאָר — די קינדער פון דער עלטערער, 22יעריקער יאַנינאַ, וועמענס מאַן די דייטשן האָבן צוגענומען קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט.

אונדזערע באַגלייטער האָבן זיך מיט אונדז געזעגנט. מען האָט

אונדז אַנגעוויזן דאָס בעט, אין וועלכן מיר דאַרפן שלאָפן. איבערן בעט האָט געהאָנגען דער געקרייציקטער יעזוס, וואָס האָט אונדז געדאַרפט שיצן . . .

מיר האָבן זיך אויסגעטון (דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט), אַרומגעוואַשן זיך און זיך געלייגט שלאָפן. אונדזער גליק איז געווען נישט צו באַשרייבן. נישט לאַנג געדויערט און מיר זענען איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן, טיפן שלאָף.

ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז איבער מיר קריכן צענדליקער מייז. אָט זענען זיי אויף מיין פּנים, ביי מיין מויל, ביי די אויגן... איך וויל זיי פון זיך אַראָפּוואַרפן, אָבער כ׳האָב נישט קיין כּוח אויפצוהויבן די האַנט.

ס׳האָט שוין געמוזט זיין זייער שפּעט ביי טאָג, ווען ס׳האָט מיך אויפגעוועקט אַ גערויש אין קיך. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, האָב איך דערהערט אַ טיפע מענער־שטים, וואָס האָט זיך געבייזערט, און — די בקשות פון די דריי פרויען, וואָס האָבן זיך באַמיט דעם מאַן צו באַרואיקן. פון מיין דערפאַרונג האָב איך זיך גלייך אָריענטירט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. איך האָב זיך געטיילט וועגן דעם מיט דיאַנאַן און מיר זענען בליצשנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, געכאַפּט דאָס אָנטון אין די הענט און אַריינגעלאָפן אין קליינעם קאָרידאָרל פון דער צווייטער זייט און הינטער זיך פאַרריגלט די טיר. ווי נאָר מיר האָבן באַוויזן צו פאַרמאַכן הינטער זיך די טיר, האָט זיך אין אונדזער צימער אַריינגעריסן דער פרעמדער מענטש, מיט דער טיפער ברוסט־שטים . . .

די פרויען האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות אים צו באַרואיקן און אַרויסשטופּן אים פון עם צימער. זיי האָבן אים פאַרזיכערט, אַז עס זענען דאָ נישטאָ קיין שום פרעמדע מענטשן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט אונטער די בעטן און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז נעכטן ביינאַכט האָט ער אַליין געזען, ווי עס זענען דאָ אַריין פרעמדע מענטשן. אונדזער נייע באַלעבאָסטע האָט אים פאַרזיכערט, אַז עס זענען נעכטן ביינאַכט געקומען צו איר געסט פון מאַרקי, אָבער זיי זענען באַלד אַוועקגעגאַנגען. דער פרעמדער מענטש, אַגב געוווען שטאַרק בגילופין, האָט זיך מיט חשד

באַצויגן צו די ווערטער, אָבער נישט געפינענדיק קיינעם, איז ער צוריק אַוועק. מיר האָבן אויפגעעפנט די טיר און אריין אין צימער.

— ווער איז דער מענטש? — פרעג איך.

די פרויען האָבן אַלע מיטאַמאָל אונדז אָנגעהויבן צו באַרואיקן, אַז דאָס איז זייער שכן קאָוואַלסקי. ער וווינט... אויפן ערשטן שטאָק איבער אונדז. ער איז אַ שוסטער, האָט אַ פרוי מיט 6 קינדער, נאָר היות ער איז אַ גרויסער שיכור, פאַרטרינקט ער דאָס גאַנצע פאַרדינסט און זיין פרוי און קינדער גייען אויס פון הונגער . . .

ווען איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אונדז האָט מען דאָך פאַרזיכערט, אַז אין דעם הויז וווינט קיינער נישט אַ חוץ אונדזערע באַלעבאַטים און דאָ האָבן מיר נאָך אַ שכן און דערצו נאָך אַ שכן אַ שיכור, אַן אַוואַנטוריסט און ווי עס האָט זיך לסוף אַרויסגעוויזן — אַ הערשט פון אַ רויבער־באַנדע . . .

ס'הויבט זיך, הייסט עס, אָן אַ נייע צרה פאַר אונדז. ס'וועט דאָך אוממעגלעך זיין זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר דעם חוצפּהדיקן שכן מיט זיין גרויסער משפּחה . . .

באַלעק טורכעטי, וועלכער האָט געזאָלט קומען צו אונדז, האָט זיך נישט געוויזן. האָבן מיר געבעטן די ייִנגערע טאָכטער — וולאַדקאַ — זי זאָל אַהינגיין צו אים קיין מאַרקי, ווו ער האָט געוווינט און אים גלייך ברענגען צו אונדז, ווייל מיר מוזן אים אומבאַדינגט זען.

## 30.

# אונדזער לעבן אין פּוסטעלניק

די משפּחה, ביי וועלכער מיר האָבן געוווינט אין פּוסטעלניק, האָט נישט געוווּסט, אַז מיר זענען יידן. באַלעק טורכעטי, וועלכער האָט אונדז אַהערגעבראַכט, האָט זיי געזאָגט, אַז איך בין אַ „וויכטיקע פיגור" פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און איך מוז זיך אַ געווויסע צייט אויסבאַהאַלטן אין דאָרף פאַר די דייטשן, וועלכע זוכן מיך אַרום

אין ווארשע. און אזוי ווי מיין פרוי האט מיך נישט געוואלט אליין איי־בערלאזן, איז זי מיט מיר מיטגעפארן.

וולאדקא, די יינגערע טאכטער פון אונדזער באלעבאסטע, וועלכע איז אוועק נאך באלעק טורכעטי, איז צוריקגעקומען אן אים. זי האט אים נישט געטראפן אין שטוב. זי האט אים געהייסן איבערגעבן, אז ווי נאר ער וועט אהיימקומען, זאל ער גלייך קומען אין גראף פלאטערס ווילע.

מיטאג־צייט האבן מיר ווידער געהאט א נישט געבעטענעם גאסט. ווען מיר זענען געזעסן אין אונדזער צימער, איז אומדערווארט אריינגע־קומען צו אונדז אונדזער שכן, דער שיכור קאוואלסקי. איצט האט שוין נישט געהאט קיין זין זיך צו באהאלטן. איך האב אים אליין געעפנט די טיר פון קיך און אים געהייסן אריינגיין צו אונדז אין צימער. זעענדיק מיין פעסטע האלטונג (אים איז אויך נישט איינגעפאלן, אז מיר זענען יידן), האט ער אראפגעלאזט פון טאן און זיך אנגעהויבן צו פארענט־פערן, פארוואס ער האט געוואגט אונדז צו שטערן. ער האט זיך נאך גע־וואלט מיט אונדז באקענען. ער איז עלעגאנט צוגעגאנגען צו מיין פרוי און איר א קוש געטון אין האנט.

— איך וויל האבן — זאגט ער — אז מיר וועלן לעבן בשלום. און איצט — זאגט ער ווייטער — פארבעט איך אייך אין שענק אריין (רעס־טאראן) אויף א גלעזל שנאפס . . .

איך האב דערקלערט קאוואלסקין, אז איך טאר נישט פארלאזן דאס הויז, ווייל איך בין א „מיטגליד פונעם שטאב פון א. ק." (לאנד־ארמיי)... און איך באהאלט זיך אויס פאר די דייטשן, זיי זאלן נישט פאלן אויף מיינע שפורן. איך טאר זיך אלזא נישט באווייזן אין אן עפנטלעך ארט, בדי זיי זאלן מיך נישט דערקענען. איך מוז דא זיין אין שטרענגער קאנס־פיראציע... קאוואלסקי האט מיך אנגעהויבן צו פארזיכערן, אז ווען איך וועל גיין מיט אים, וועט מיר נישט דראען קיין שום געפאר, ווייל „די גאנצע פאראפיע (געגנט) ליגט אין זיינע הענט" . . .

— וואס מיינט איר — זאגט ער — אז איך בין סתם א שוסטער... איך בין א מענטש מיט בילדונג... כ'בין אמאל געווען סטארשי פשאדאווי־ניק אין דער פאליציי אין גראדנע... איך בין אבער נישט מסכים געווען מיט זייער פאליטיק, האבן זיי מיך ארויסגעווארפן... פרעגט מיך בחרם,

צי איך ווייס וויאַזוי איך האָב זיך אַהערגענומען אין פּוסטעלניק. אָבער איך באַדויער נישט... די דירה קאָסט מיך דאָ גאָרנישט. איך האָב געזען, אַז עס שטייט דאָ אַ לײדיקער פּאַלאַץ פון די פּלאַטערס, האָב איך זיך אַהער אַריינגעצויגן מיט מיין משפּחה. קאָוואַלסקין וועט קיינער נישט וואָגן אַרויסצוּוואַרפן... און אָט אַזוי שטופּט מען די צייט... זאָל זיך אָבער די מלחמה ענדיקן, וועל איך ווידער ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך... אפשר קאָנט איר מיך אַריינגעמען אין אייער פּאַרטיי? איר וועט האָבן פון מיר אַ סך נוצן. ביי מיר וואָלט קיין איין דייטש נישט אַרום לעבעדיק... אָבער איצט, טוט מיר אַ טובה און קומט מיט מיר אויף אַ שנאַפּס — שטייט ער ווייטער צו.

קוים מיט צרות האָב איך אים אָפּגעפּטרט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער פאַרשטייט וואָס עס הייסט קאָנספּיראַציע און ער וועט מיך מער נישט באַלעסטיקן; פאַרקערט, ער וועט נאָך אַכטונג געבן, אַז עס זאָל מיר קיין האָר פון קאָפּ נישט פאַלן . . .

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן און באַלעק טורבעטי איז אַלץ נישט געקומען, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין שלאָפן. מיר האָבן זיך געלייגט אינעם זעלביקן בעט וואָס נעכטן. אין צווייטן בעט, קעגנאיבער אונדז — די צוויי שוועסטערס יאַנינאַ און וולאַדקאַ. אין קיך זענען געשלאָפן אין איין בעט אונדזער באַלעבאָסטע, איר 11יעריקער זון און די צוויי אייניקלעך.

ווי נאָר מיר האָבן זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָבן מיר דערפילט אַ שרעקלעכן ריח... ס'האָט אַזוי געשטונקען, אַז עס האָט נאָר געטריבן צום ברעכן... די ערשטע נאַכט זענען מיר געווען אַזוי מיד, אַז מיר האָבן גאָרנישט געפילט. דאָס שטרוי אונטערן לײלעך האָט אַזש געפּוילט פון אומריינקייטן... פריער, איידער מיר זענען אַהערגעקומען, איז אין דעם בעט געשלאָפן די אַלטע מיטן קלענסטן אייניקל, וועלכער האָט זיך אין בעט דערליידיקט... מען פלעגט ביי זיי קיינמאָל נישט בייטן דאָס שטרוי, די איבערציגן, נאָר אַלץ געלאָזט אַזוי ווי עס איז געווען. מאָרגן אינדערפרי, ווי נאָר מיר וועלן אויפשטיין, — האָב איך באַשלאָסן — וועט די ערשטע זאַך זיין בייטן דאָס שטרוי פונעם בעט. דערווייל האָט מען ווי עס איז געדאַרפט פאַרשטופּן די נאָזלעכער און זען איינצושלאָפן. ווענן

דעם האָט אָבער קיין רייד נישט געקאָנט זיין. ווי נאָר איך בין אַנדרימלט געוואָרן, האָב איך דערפילט ווי עפּעס קריכט אויף מיר... דאָס איז געווען אַ מויז. אַראָפּגעטריבן זי פון בעט און באַלד — אַ צווייטע און אַ דריטע. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געמוזט קעמפן מיט די מייז, וועלכע האָבן זיך אײַנגעאַנצן נישט געשראָקן פאַר אונדז און געפילט זיך דאָ ווי די ריכטיקע באַלעבאַטים . . .

איצט האָב איך זיך דערמאָנט מײַן נעכטיקן חלום. ס'איז אַלזאָ נישט געווען קיין חלום, נאָר אויף דער וואָר... די צוויי שוועסטערס, וועלכע זענען געשלאָפן אין צווייטן בעט, האָבן געשמאַק געכראָפּעט, פּונקט ווי אויף זיי וואָלטן די מייז נישט געהאַט קיין שליטה . . .

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן מיר זיך אַלע אָנגעטון. די אַלטע האָט געאַרבעט אין דער דאָרטיקער ציגל־פאַבריק און זי איז אַוועק צו דער אַרבעט. דאָרט האָט אויך געאַרבעט איר יינגערע טאָכטער וולאַדקאַ, אָבער פון איצט אָן — האָט זי געזאָגט — וועט זי מער נישט גיין אַהין, ווייל זי וועט זיך דאַך מוזן מיט אונדז פאַרנעמען.

ווען איך האָב זיי געזאָגט, אַז מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, ווייל מיר האָבן געמוזט כסדר אַראָפּטרייבן פון זיך די מייז, האָבן זיי זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— טרייבן גאָר? וואָס, זענען דאָס נישט גאָטס באַשעפענישן?

זיי האָבן זיך באַין אופן נישט געלאָזט איבערצייגן, אַז מייז ברענגען שאָדן און מען דאַרף זיי אויסראָטן. קוים מיט צרות האָבן זיי זיך געלאָזט איבעררעדן, אַז מען מוז קויפן מויז־כאַפּערס און זיי אָנשטעלן אין פאַרשידענע ערטער פון שטוב.

— אָבער דאָס מוז דאָך קאָסטן אַ סך געלט — האָבן זיי געזאָגט. איך האָב זיי געגעבן געלט אויף צוויי מויז־כאַפּערס, וועלכע וולאַדקאַ האָט געקויפט. ווי נאָר מען האָט אַוועקגעשטעלט די „כאַפּערס", האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן צו אַרבעטן און ליקווידירט איין מויז נאָך דער אַנדערער. אין משך פון 2 מעת־לעת האָבן מיר אָפּגעציילט 52 געכאַפּטע מייז!... מיט דעם האָט זיך געענדיקט איין פּלאָג — מייז.

איינמאָל האָט אונדז יאַנינאַ נישט דרייסט געפרעגט: וואָס איז דאָס, וואָס מיר צלמען זיך נישט איבער פאַרן שלאָפן גיין... צו אונדזער שלימ־

מזל זענען זיי געווען זייער פרום. מיר האָבן געענטפערט, אז מסתמא האָבן זיי נישט באמערקט, ווייל מיר זאָגן יעדע נאכט די תפילה און צלמען זיך איבער... פון דעמאָלט אָן זענען מיר שוין טאקע געווען פאָרזיכטיק און יעדן אָוונט געמאכט דעם אָנשטעל.

צוליב די קינדער איז ביי אונדז אין שטוב געווען גענוג טומלדיק, נאָך דערצו ווען די קינדער פון אונדזער שכן קאָוואלסקי זענען אראָפגע־קומען.

די יינגערע 18יעריקע וולאדקא האָט געהאַט א סך „ליבהאָבער" און מען האָט וועגן דעם גערעדט אין שטוב גאַנץ אָפן. ווען זי האָט גע־וואָלט זאָגן, אז מער ווערט זי מיט וויטעקן (איינעם פון אירע חתנים) נישט שלאָפן, האָט זי נישט באַנוצט דאָס וואָרט „שלאָפן", נאָר „רעדן".

כדי דעם קליינעם 11יעריקן זון פון אונדזער באַלעבאָסטע מער צוצובינדן צו אונדז, האָט דיאַנא פאָרגעלייגט אים צו לערנען לייענען און שרייבן. ער איז געווען א פולשטענדיקער אַנאַלפאַבעט. מען מוז מודה זיין, אז מיט ברען האָט זיך דער קליינער חברה־מאַן א נעם געטון צום לערנען און אין משך פון די פּאָר חדשים, וואָס מיר זענען דאָרט געווען, האָט ער שוין געקאָנט לייענען און פילווייניק שרייבן. דאָס האָט געהויבן אונדזער חשיבות אין זיינע אויגן. ער האָט זיך זייער צוגעבונדן צו אונדז און פון נישט איין געפאַר האָט דער קליינער יונג אונדז ארויסגעראַטע־וועט.

אונדזערע נייע באַלעבאַטים האָבן נאָר איין זאַך נישט געקאָנט פאַרשטיין: פאַרוואָס גייט נישט מיין פרוי אפילו זונטיק אין קאָשטשיאָל אריין. מילאָ, איך — פאַרשטייען זיי: איך באַהאַלט זיך אויס פאַר די דייטשן, אָבער — מיין פרוי?!...

זונטיק, ווען וולאדקא איז צוריקגעקומען פון קאָשטשיאָל, האָט זי מיטגעבראַכט מיט זיך א גאַנצע גרופּע „חתנים"... און נישט אַנדערש, נאָר מיר האָבן געמוזט אויסטרינקען מיט זיי דעם „בימבער" (אליין גע־מאַכטער בראָנפן), וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט. ווען איך האָב וולאַ־דעקן אויפמערקזאַם געמאַכט, אז זי דאַרף קיין געסט נישט אַהערברענגען, האָט זי מיר פייערלעך פאַרזיכערט, אז אירע „כלאָפּצעס" זענען הונדערט־פּראָצענטיק זיכערע יונגען און זיי קאָנען מאַכן א שוויג . . .

צו דער געזעלשאפט איז נאך צוגעקומען אונדזער שכן קאוואלסקי און די שטימונג איז געווארן גאר א געהויבענע... מען האט דעם שיכור קאוואלסקי שפעטער געמוזט ארויסטראגן פון שטוב, ווייל גיין האט ער שוין נישט געקאנט...

ווי עס איז געווען פאראויסצוזען, האט די אידיליע מיט קאוואלסקין לאנג נישט אנגעהאלטן. איינמאל האט ער זיך צו אונדז אריינגעריסן, זייענדיק טויט־שיכור. ער האט, ווי דער שטייגער איז, זיך אנטשולדיקט טויזנט מאל, אבער באלד צוגעגאנגען צום עיקר: היות מיר באהאלטן זיך דא אוים פאר די דייטשן, שטעלן מיר דערמיט אין געפאר אויך זיין לעבן, — און דערצו איז ער דאך נישט אליין; ער האט א פרוי מיט קינדער... אין אזא פאל — זאגט ער — שטעלט ער דאך אויך איין פאר אונדז זיין קאפ. ווייל ער דערפאר עפעס האבן... ריזיקירן מיטן קאפ — זאגט ער — און גארנישט האבן דערפון, איז דאך עפעס נישט יושרדיק... איך האב אים זייער שטרענג געענטפערט, אז אויב ער מיינט מיך צו שאנטאזשירן, האט ער דאסמאל נישט געטראפן אויפן ריכטיקן אדרעס, ווייל פאר אזעלכע זאכן האב איך נישט קיין מורא. אויב ער וועט אבער זיין א מענטש און זיך אויפפירן ליטיש, וועל איך, נעמענדיק אין אכט זיין שלעכטע פינאנציעלע לאגע, זען צו ווירקן אויף אונדזער ארגאניזאציע, מען זאל אים געבן א חודשלעכע שטיצע. דאס געלט וועט מען אבער געבן זיין פרוי, כדי ער זאל עס נישט אוועקפטרן אויף שנאפס... קאוואלסקי האט מיך אנגעהויבן צו קושן און מיך פארזיכערט, אז מער וועט ער אונדז נישט באלעסטיקן.

צומארגנס באלד אינדערפרי האב איך ווידער אהינגעשיקט וולאדקען צו באלעק טורכעטי. צום גליק האט זי אים געטראפן אינדערהיים און גלייך אים מיטגעבראכט מיט זיך

ווען באלעק טורכעטי האט זיך דערוווסט פון קאוואלסקיס וויזיט ביי אונדז און וועגן זיין פאדערונג, איז ער געווארן אויסער זיך פאר כעס.

— איך וועל אים דערשיסן ווי א הונט — זאגט ער — א קויל וועל איך אים געבן, נישט קיין געלט . . .

איך האב אים קוים באוואיקט און געזאגט, אז כ׳וועל זיך באמיען, אז אונדזער ארגאניזאציע זאל באשטימען א געוויסע סומע געלט פאר קא־

וואלסקיס קינדער, וועלכע גייען אַרום באָרוועס און נאַקעט. ער, באַלעק, דאַרף נאָר זען צו ווירקן אויף קאָוואַלסקין, ער זאָל מער צו אונדז נישט קומען.

ווען באַלעק טורכעטי איז אַרויף צו קאָוואַלסקין, האָט מיך יאַנינאַ נישט דרייסט אָנגעהויבן צו בעטן, אפשר וואָלט איך אויך געקאָנט עפּעס באַקומען פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר זיי, ווייל עס גייט צום ווינטער און זיי ווילן עפּעס קויפן אָנצוטון די קינדער . . .

— און פון דעם געלט, וואָס איר באַקומט פאַר אונדז, קאָנט איר זיך נישט דערלויבן צו קויפן פאַר די קינדער? — פרעג איך זי.

דאָ האָט טאַקע געפּלאַצט די באָמבע. איך האָב זיך פון איר דער־וווּסט, אַז ביז איצט האָט זי נאָך פאַר אונדז קיין גראָשן געלט נישט באַ־קומען... באַלעק טורכעטי איז געקומען צו זיי, איידער ער האָט אונדז אַהערגעבראַכט, און אַפּעלירט צו זייערע הערצער, אַז זיי זאָלן אויסבאַ־האַלטן ביי זיך איינעם פון די „אָנפּירער" פון דער פּוילישער אונטערערד, אַ געוויסן יאַן טאַטאַרקעוויטש, ד. ה. — מיך, ווייל די דייטשן זוכן מיך אַרום.

הערנדיק, אַז עס גייט אין ראַטעווען אַ קריסטלעך לעבן, האָבן זיי מסכים געווען מיך אויפצונעמען צו זיך. אָבער נישט באַלעק טורכעטי האָט זיי עפּעס געזאָגט וועגן געלט און נישט זיי האָבן אים וועגן דעם געפרעגט.

הייסט עס, אַז באַלעק טורכעטי מיט זיינע שותפים האָבן די 3000 זלאָטעס, וואָס די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר אונדז באַשטימט אַראָפּגעשלונגען . . .

ווי נאָר טורכעטי איז צוריקגעקומען פון קאָוואַלסקין און אונדז באַרואיקט, אַז מער וועט ער נישט וואַגן צו אונדז אַראָפּצוקומען, האָב איך אים אָוועקגערופן אין אַ זייט און אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אונדזער באַלעבאָסטע נישט באַצאָלט פאַר אונדז. טורכעטי האָט זיך אויף זיין שטייגער אָנגעהויבן צו וויצלען און מאַכן קאָמפּלימענטן די שיינע יאַנינאַ און וולאַדקאַ און געוואָלט אָוועקגיין. איך האָב אים אָבער נישט אָפּגעלאָזט, ביז ער האָט זיי אין מיין קעגנוואַרט צוגעזאָגט אין די נאָ־ענטסטע טעג צו ברענגען געלט.

נישט וועלנדיק אנמאכן קיין בייז בלוט, האב איך זיי נישט געזאגט וויפל טויזנטער זלאטעס מען צאלט פאר אונדז א חודש.

31.

# די „משפחה" פארגרעסערט זיך

דאס מאל האט באלעק טורבעטי געהאלטןווארט. אין א פאר טעג ארום איז ער צו אונדז געקומען מיט זיין שיינער כלה פאליא קאלאטא און מיטגעבראכט מיט זיך א נייעם „קווארטיראנט", — דעם זעלביקן, וועלכן מיר האבן געזען פארנדיק מיט דער קליינבאן פון פראגע קיין פוסטעלניק — זילבערבערג, פון וואלאמין.

טורבעטי האט זילבערבערגן פריער געהאט אריינגעגעבן צו א וועכטער אין א שוויץ־באד, וועלכער איז געווען א גרויסער שיכור, אבער פון צייט צו צייט ניכטער געווארן און דעמאלט האט ער טאקע ארויסגעווארפן זילבערבערגן אויף דער גאס... באלעק טורבעטי מיט זיין כלה האבן אנגעהויבן איינצוטענהן אין אונדזערע באלעבאטים, אז זיי מוזן רחמנות האבן אויף אים, ווייל אנדערש קומט אים אויס נאר צו נעמען זיך דאס לעבן... און אזוי ווי אונדזערע קריסטן האבן געהאט גוטע, ווארעמע הערצער, האבן זיי אים פון רחמנות אויפגענומען. זיי האבן צו אונדז געזאגט:

— ס'איז אפילו א סכנה צו האלטן א ייד ביי זיך... אבער ווי אזוי קאן מען דאס האבן א הארץ נישט אריינצולאזן אזא אומגליקלעכן מענטש?!... איז אויב איר האט גארנישט דאקעגן, וועלן מיר אויפנעמען דעם „ביעדני זשידעק" . . .

פארשטייט זיך, אז מיר האבן גארנישט געהאט דאקעגן.

פון דער פריילעכער שטימונג, וואס האט געהערשט ביי אונדז, פון די וויצן, וועלכע באלעק האט נישט אויפגעהערט צו שיטן און פון די זארגלאזע געלעכטערס פון אונדזערע באלעבאסטעס, בין איך געווען איבערצייגט, אז דאס מאל האט זיי שוין באלעק טורבעטי ארנטלעך פארגי־

טיקט. ווען ער און זיין כלה זענען אַוועק, האָב איך זיי געזעגנט, צי זיי זענען צופרידן פונעם אופן, ווי באַלעק האָט מיט זיי דערלעדיקט.

— זייער — האָבן אַלע מיטאַמאָל געענטפערט און זייערע אויגן האָבן דערביי געפינקלט . . .

שפּעטער האָב איך זיך פון זיי דערוווּסט, אַז באַלעק טורכעטי האָט זיי איבערגעלאָזט גאַנצע... 300 זלאָטעס. דאָס איז פאַר די אָרעמע מענטשן געווען פּשוט אַ פאַנטאַסטישע סומע, נעמענדיק אין אַכט, אַז זייער פאַר־דינסט אין דער ציגל־פאַבריק איז באַשטאַנען פון עטלעכע דרייסיק זלאָ־טעס אַ חודש! פאַר אונדז האָט דאָך די אונטערערדישע באַוועגונג גע־צאָלט שווערע טויזנטער, וועלכע זענען אָבער נישט דערגאַנגען צו די, וואָס האָבן אויף אַן אמת איינגעשטעלט פאַר אונדז זייערע קעפּ. דאָס געלט איז אַריינגעפאַלן צו די פאַרשידענע „פאַרמיטלער" און הענדלער מיט „מעטעס".

אונדזער נייער „משפּחה"־מיטגליד, דער „זשידעק" זילבערבערג, איז פון פאַך געווען אַ בלעכער. זיין פאָטער מיט די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפּחה זענען נאָך פאַרן קריג אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישׂראל און ער איז איבערגעבליבן, כדי צו ליקווידירן זייער הויז און וואַרשטאַט, וועלכע זיי האָבן געהאַט אין וואָלאָמין. דערווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה, די דייטשן האָבן פאַרנומען וואָלאָמין און זילבערבערג האָט, דורכמאַכנדיק פאַרשידענע גילגולים, זיך געפונען אין וואַרשעווער „פאַ־וויאַק", ווו ער האָט געהערט צו די געציילטע קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועמען די דייטשן האָבן בעת דער ליקווידאַציע פונעם וואַרשעווער געטאָ, דערווייל נאָך געלאָזט לעבן. מען האָט אים, צוזאַמען מיט אַן אַנדערער גרופּע, יעדן טאָג געפירט אויף אַרבעט אין די וואַרשעווער דינאַסן (אויף אָבאָזשנע גאַס, ווו ס'האָט זיך אַמאָל געפונען קאַמינסקים טעאַטער). דאָרט זענען געווען וואַרשטאַטן פון ס. ס. זילבערבערגן איז געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן. קענענדיק באַלעק טורכעטי פון פריער, איז ער צו אים געקומען. זילבערבערג האָט געגעבן באַלעקן טויזנט זלאָטעס, ער זאָל אים ערגעץ איינאָרדענען . . .

האָבנדיק איצט מיט אונדז אַזאַ קוואַליפיצירטן פאַכמאַן, וועלכער האָט זיך אויך גוט געקענט אויף סטאָלעריי, האָבן מיר באַשלאָסן צו

מאכן פאר זיך א באהעלטעניש. גערעדט און געטון. מיט אונדזער שטוב האָט, פון דער צווייטער זייט, זיך געגרענעצט א קאָרידאָר, וואָס האָט גע־פירט צו אנדערע צימערן. פון קאָרידאָר האָבן אויך געפירט שמאָלע טרעפ אויפן ערשטן שטאָק ארויף. צווישן דער וואנט און די טרעפ איז געווען ארייגעפאסט א שאנק. אויף דעם אָרט, וווּ די שאנק איז געשטאנען, האָבן מיר אויסגעזעגט א פּאָר ברעטלעך און מען איז אראָפּ אין א קעלער, וואָס האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם קאָרידאָר. דעם קעלער האָבן מיר צע־טיילט אויף צוויי חלקים און פארמויערט מיט א וואנט פון ציגל (דאָס האָט אונדז געבראכט אונדזער באלעבאָסטע פון דער פאבריק; קאלך — אויך). ווען מען איז, למשל, פונעם הויפּטאריינגאנג אראָפּ אין קעלער אריין, האָט מען געהאט פאר זיך א זעלבסטשטענדיקן קעלער מיט א הינ־טערשטער וואנט און קיינעם וואָלט נישט איינגעפאלן, אז הינטער דער־וואנט געפינט זיך א באהעלטעניש. ווען דאָס באהעלטעניש איז שוין גע־וואָרן פארטיק, האָט מען צוריקגעשטעלט די שאנק, צוגעקלאפּט זי פעסט צום אָרט און דורך דער דנאָ פונעם שאנק, וואָס מיר האָבן אויסגעשניטן און זי געקאָנט פארריגלען פון אונטן, זענען מיר אריין אין בונקער. איי־ניקע מאָל איז עס אונדז אויסגעקומען צו באנוצן, ווען די „וולאסאָווצעס" האָבן געמאכט מיליטערישע איבונגען נעבן אונדזער וועלדל; אן אנדערס מאָל, ווען מען האָט אונדז מודיע געווען, אז דייטשישע זשאנדארמען דרייען זיך אין אונדזער געגנט... און איינמאָל, ווען קאָוואלסקי האָט שי־כורערהייט זיך באמיט אריינצורייסן צו אונדז מיט א מעסער אין האנט. אין אלע פאלן האָט אונדז צוגעהאָלפן זיך צו באהאלטן דער 11יאָריקער זון פון אונדזער באלעבאָסטע — דיאנאס תלמיד.

ווי געזאָגט, פלעגן אָפט קומען צו אונדז אין דער דירה וולאדקאס „חתנים" און היות זיי האָבן זיך זייער אָפט געביטן, זענען כסדר צוגעקו־מען אלץ נייע און ממילא האָבן וואָס אמאָל אלץ מער מענטשן געוווּסט פון אונדזער באהעלטעניש, ווייל וולאדקא האָט, נישט געקוקט אויף אונ־דזערע פּראָטעסטן, זיי אלע געפירט ווייזן דעם „בייזן ווונדער". איינמאָל האָבן מיר זיך צוזאמען באהאלטן אין באהעלטעניש מיט וולאדקאן און א פּאָר אירע „חתנים", וועלכע זענען געקומען צו לויפן, אז דייטשן כאפּן אויף ארבעט . . .

צוזאַמען מיט די אָפּטע געסט, האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן צו אונדז אַ נייער גאַסט — דער קליינער באַלעק, וועגן וועלכן איך האָב געשריבן אין שייכות מיטן טויט פון סטעפאַן פּאָקראָפּעק און שפּעטער אין שייכות מיטן טראַגישן אומקום פון דער משפּחה גאָטליב.

באַלעק איז געווען אַ קליין באַשעפעניש, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין; ער האָט גערעדט אונטער דער צונג. צו אונדז איז ער געקומען, מכלומרשט, ווי אונדזערס אַ „פריינט״, אינטערעסירט זיך ווי עס גייט אונדז און צי עס פעלט אונדז גאָרנישט. פון דער ערשטער וויזיט ביי אונדז, האָט ער זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו אינטערעסירן מיט אונדזער באַלעבאַסטעס עלטערער טאָכטער יאַנינאַ. זעלטן ווען דער חברהמאַן איז געווען ניכטער. תמיד האָט ער געהאַט מיט זיך געווער און ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און געוויזן, אַז ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא . . .

נישט איינמאָל איז אונדז אויסגעקומען צו האָבן האַרצקלאַפּעניש בעת אַזעלכע מאַניפעסטאַציעס. איינמאָל, שפּעט אין אָוונט, ווען מיר אַלע זענען שוין געלעגן אין די בעטן, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין די פענצטער־לאָדנס. דאָס איז געווען דער קליינער באַלעק. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים אַריינגעלאָזט. טויט־שיכור האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אונדזער בעט און דערציילט, אַז ער האָט אויסבאַהאַלטן אויף אַ מעטע אין רעמבערטאָוו (ווו ער האָט אויך געוווינט מיט דער פרוי פונעם דערהרגעטן סטעפאַן פּאָקראָפּעק) אַ יידיש מיידל פון פּלאָצק. באַלעק האָט אַגב געשטאַמט פון פּלאָצק, ווו ער איז געווען אַ בעקער־געזעלן.

— נעכטן — זאָגט ער — זענען געקומען נאָך דעם יידישן מיידל דייטשע זשאַנדאַרמען און זי אויפן אָרט דערשאָסן... אַ שאָד, זי איז געווען אַ שיינע „זשידאָווקעלע״... אָבער אַזאַ „מעטע״ ווי מיר האָבן — זאָגט ער מיט אַ שעלמיש שמייכעלע — איז אַ זיכערע. דאָ קאָן מען איבערלעבן די מלחמה, אויב מען האָט נאָר, פאַרשטייט זיך, מיט וואָס... אינטערעסאַנט, — זאָגט ער ווייטער — ער וואָלט געוואָלט וויסן, וויפל די אָרגאַניזאַציע צאָלט אונדז אַ חודש און וויפל געלט עס בלייבט אונדז איבער... און אַזוי רעדנדיק, נעמט ער אַרויס דעם רעוואָלווער פון טאַש און שטעלט אים צו צו מיין פרוימ׳ס האַרץ.

מיין פרוי האָט געקריגן אַ שטאַרקן נערוון־שאָק און מיר האָבן זי קוים געקאָנט באַרואיקן. דער קליינער באָלעק האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, אַז ער איז גאָרנישט געווען אויסן דערמיט... דאָס איז נאָר געווען אַ שפּאַס... ווי האָט אונדז גאָר געקאָנט איינפאַלן, אַז ער וואָלט עמיצן פון אונדז געקאָנט שלעכטס טון... פאַרקערט, זאָגט ער, ער האָט אונדז ליב און ער איז גרייט צו גיין פאַר אונדז אין פייער אַריין... אדרבא, זאָלן מיר אים זאָגן, ווער עס האָט אונדז געטון עפּעס שלעכטס, וועט ער באַלד דערשיסן ווי אַ הונט . . .

יאַנינאַ האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט: קאָוואַלסקי. ווי נאָר ער האָט עס דערהערט, איז ער אויפגעשפּרונגען פול מיט רציחה:

— איך וועל דעם הינטישן זון באַלד אַוועקלייגן ווי אַ פּגר — האָט ער אויסגערופן און מיט וואַקלענדיקע טריט. זיך געלאָזט צו דער אַרויס־גאַנג־טיר.

קוים מיט צרות איז אונדז געלונגען אים צו באַרואיקן און איבער־צייגן אים, אַז דאָס קאָן ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן הויז . . .

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט ער ביי יעדן „וויזיט" זיינעם געצאַפּט געלט פון זילבערבערגן.

זייער אָפט פלעגט אונדז דער קליינער באָלעק אָפּשטאַטן אַזעלכע נאַכט־„וויזיטן". אין בעסטן שלאָף. האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין לאָדן און זיין שטים: „דאָס בין איך, באָלעק"... ער פלעגט אָפט מיטברענגען זיינע אַדיוטאַנטן — יונגע שגצים, וועלכע ער האָט געהאַט אַרום זיך.

* * *

אַנומלט האָט זיך באָלעק טורכעטי ווידער באַוויזן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן איינצוטענהן אין אונדזערע באַלעבאָסטעס, אַז זיי זאָלן אויפנעמען נאָך אַ פּאָרל: אַ דאָקטאָר מיט זיין פרוי. פאַר־שטייט זיך, אַז ער האָט זיי אויך דאָסמאָל איבערגעצייגט, נאָך דערצו, ווען ער האָט זיי ווידער צוגעוואָרפן אַ פּאָר זלאָטעס. די נייע געסט זענען גע־ווען: דער דענטיסט איזענבערג פון ביעלסק מיט זיין פרוי. ביידע האָבן זיי גערעדט נאָר דייטש.

א געוויסע צייט האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט די ברו־דער קאַסאָווער, מיעטעק שפּירא און מיט דער טראַגיש־אומגעקומענער משפחה גאָטליב.

32.

# צווישן באַנדיטן און אונטערוועלט-מענטשן

צוזאַמען מיט די איזענבערגס האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אין א קליין צימערל פון דער צווייטער זייט קאָרידאָר, ווו עס האָט זיך געפונען אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן אויך אַריינגענומען צו אונדז זילבער־בערגן. אַזוי ווי דאָס צימער איז געווען זייער קליין און מער ווי צוויי בעטן האָבן דאָרט נישט געקאָנט שטיין, איז זילבערבערג געשלאָפן אויף א שמאָלן טיש, וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

מיר האָבן איינגעפירט א שטענדיקע וואַך־דינסט, פון פאַרטאָג אָן, ביז עס איז געוואָרן פינצטער. יעדער פון אונדז האָט געמוזט שטיין אויף דער וואַך צו צוויי שעה, לויט דער ריי. מען איז געשטאַנען ביי א קליין פענצטערל אויפן ערשטן שטאָק, פון וואַנען מען האָט גוט געזען די גאַנצע געגנט אַרום און אַרום. ווען מען האָט באַמערקט עפּעס פאַרדעכטיקס, האָט מען גלייך געגעבן צו וויסן דעם עולם און אַלע זענען אַראָפּ אין באַ־העלטעניש.

אונדזער באַלעבאָסטע פלעגט אונדז כסדר ברענגען טרויעריקע נייעס. אָט האָט מען אין דאָרף סטרוגאַ דערשאָסן צוויי יידן (ברידער). איינער פון זיי איז געווען א זינגער. זיי זענען געווען זייער עלעגאַנטע יונגעלייט און אינגאַנצן נישט אויסגעזען ווי יידן... אָט האָט מען, ווידער, דערשאָסן אַן עלטערע יידישע פרוי . . .

אונדזער באַלעבאָסטע האָט מיט האַרצוויייטיק גערעדט וועגן די אָפּ־טע פאַלן פון אויסגעבן יידן אין די דייטשישע הענט. זי האָט אונדז אי־בערגעגעבן, אַז די אַרומיקע באַפעלקערונג איז זייער שלעכט איינגעשטעלט

צו יידן, ווייל לעצטנס קומען פאַר אָפטע רויב־אָנפאַלן און זיי האַלטן, אַז דאָס אַלץ ווערט אויסגעפירט דורך אַ יידישער באַנדע, וואָס געפינט זיך אין דער געגנט . . .

מיר האָבן זיך באַמיט זי צו איבערצייגן, אַז קיין שום ייד ווערט איצט נישט וואַגן צו גיין אויף רויב־אָנפאַלן און נאָך דערצו אין אַ צייט ווען זייער אייגן לעבן איז אין סכנה. יעדער ייד טרוימט איצט, ווי אַזוי ערגעץ אין אַ באַהעלטעניש צו קאָנען איבערלעבן די מלחמה.

— איך — ענטפערט די אַלטע — מיין אויך אַזוי, אָבער ליידער זענען כמעט אַלע אונדזערע איבערצייגט, אַז די לעצטע רויב־אָנפאַלן ווערן אויסגעפירט דורך אַ יידישער באַנדע, וואָס געפינט זיך דאָ.

פון אַזעלכע שמועסן ווערט אונדז, פאַרשטייט זיך, נישט לייכטער אויפן הארצן.

אַ פּאָר מאָל זענען ביי אונדז אין פוסטעלניק געווען וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער), עמילקע (קאָסאָווער), טעאָדאָר פּאַיעווסקי, אַלפאָנס (עמילקעס ברודער) און מיעטעק שפּירא. מיט זיי איז אַלעמאָל מיטגעקומען דער קליינער באָלעק און וויטעק (איינער פון וולאַדקאָס געוועזענע „חתנים"). זיי האָבן אונדז געבראַכט געלט און וואַרעמע וועש.

אַלפאָנס און מיעטעק האָבן אונדז דערציילט, אַז זיי האָבן געגרינ־דעט דאָ אַ קאַמפסגרופּע (צו וועלכער עס געהערן, צווישן אַנדערע, דער קליינער באָלעק און וויטעק), האָבן זיך באַוואָפנט און פירן דורך ביינאַכט איבונגען אין אונדזער געגנט.

— דאָס ווערט — זאָגן זיי — אַ ביסל פאַרבעסערן די שטימונג ביי דער היגער באַפעלקערונג, ווען זי ווערט וויסן, אַז עס געפינט זיך דאָ אַ באַוואָפנטע גרופּע פון דער פּאַרטיי . . .

מיין מיינונג וועגן דעם איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע און איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס ווערט האָבן אַ פאַרקערטע ווירקונג. ווי דער בעסטער סימן קאָן דינען דאָס, וואָס די באַלעבאָסטע האָט מיר לעצטנס דערציילט...

ווען די דייטשן וועלן זיך דערפון דערוויסן, וועלן זיי אַראָפּשיקן אַ „רייניקונגס־עקספּעדיציע", וואָס ווערט אויסגיין צו די קעפּ פון די אויס־באַהאַלטענע יידן אין דער געגנט.

אַ חוץ דעם באַגייט די גרופּע פּשוט אַ פאַרברעכן מיט זייער אויפ־

פירן זיך, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן אַריין. מען הערט נישט אויף צו רעדן וועגן די אָרגיעס, וואָס ווערן דורכגעפירט ביי דער פרוי באַנאַשיק, ווו עס ווינען די ברידער קאָסאָוועך, רעגינע (קאָסאָוועך) און מיעטעק שפּיראָ . . .

דער דענטיסט איזענבערג האָט אונדז געזאָגט, אַז טאַקע צוליב דעם איז ער פון דאָרט אַוועק. דאָס האָט אויך גורם געווען דערצו, אַז די גאָטליבס האָבן נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין דער „מעלינע" און זיי זענען פון דאָרט אַוועק און שפּעטער — טראַגיש אומגעקומען . . .

— הלוואַי — זאָגט איזענבערג — קומען די געסט צו אונדז אַ ביסל ווייניקער, וועלן מיר האָבן גרעסערע שאַנסן איבערצולעבן די מלחמה...

סוף נאָוועמבער האָבן מיר ווידער געהאַט געסט: טעאָדאָר פּאַיעווסקי, עמילקע (קאָסאָוועך), מיט די היגע אַדיוטאַנטן. ווען זיי זענען געווען ביי אונדז אין אָוונט, האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט קאָוואַלסקיס טיפע ברוסט־שטים. ער האָט זיך געוואָלט אַריינרייסן צו אונדז. טעאָדאָר האָט אים געהייסן אַריינלאָזן. דערזעענדיק אַזויפיל מענטשן ביי אונדז אין שטוב, האָט זיך קאָוואַלסקי אָנגעהויבן צו אַנטשולדיקן, אַז ער האָט נאָר געוואָלט זען וואָס עס טוט זיך דאָ. אַלס ענטפער האָבן די מענער אַרויסגעצויגן די רעוואָלווערן און זיי צוגעשטעלט צו קאָוואַלסקיס קאָפּ. קאָוואַלסקי איז געוואָרן טויט־בלאַס, אָנגעהויבן צו שטאַמלען און בעטן, מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן, ווייל ער האָט אַ פרוי מיט פינף קליינע קינדער.

איך האָב קאָוואַלסקין געפרעגט, צו וואָס ער איז אַהערגעקומען,— ער האָט דאָך צוגעזאָגט אונדז מער נישט צו באַלעסטיקן און דאָ גראָד האָבן מיר אַ געהיימע זיצונג; עס זענען געקומען פון וואַרשע די שטאַבלייט פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע — זאָג איך — איז אַנשטאָט אונדז צו שטערן, האָט ער בעסער געדאַרפט שטיין אינדרויסן פאַרן הויז און אַכטונג געבן, צי עס דערנענטערן זיך נישט אַהער דייטשן . . .

— אויב איר זענט אַ גוטער פּאָליאַק — זאָג איך צו אים — איז אייער חוב צוצוהעלפן דער אונטערערדישער באַוועגונג.

מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך אַנטשולדיקט און מיר צוגעגעבן רעכט. נאָכאַמאָל — זאָגט ער — וועט ער טאַקע אַזוי טון, אָבער ער

בעט, מען זאָל אים אויך אַריינגעמען אין דער פּאַרטיי... ער וועט קאָנען, זאָגט ער, אַ סך נוצן ברענגען . . .

אַ טויט־איבערגעשראָקענער און האַלטנדיק זיך קוים אויף די פיס, האָט זיך קאָוואַלסקי מיט אונדז געזעגנט און איז אַוועק. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, ווי מיר האָבן אים געזען פאַר אונדזערע אויגן. אין אַ צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז קאָוואַלסקי איז געשטאַנען בראָש פון אַ רויבער־באַנדע און געמאַכט אָנפאַלן אויף די איינוווינער פון דער אומגעגנט. בעת אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי איז קאָוואַלסקי דער־שאָסן געוואָרן.

* * *

טעאָדאָר און עמילקע האָבן אונדז איבערגעגעבן די טרויעריקע ידיעה וועגן דער פאַרניכטונג פונעם פּאָניאַטאָווער לאַגער.

דאָס לעצטע מאָל, ווען זיי זענען געקומען קיין פּאָניאַטאָוו מיט ניינ־ציק טויזנט זלאָטעס און געוואָלט איבערגעבן דאָס געלט די פאָרשטייער פון דער דאָרטיקער אונטערערדישער באַוועגונג, איז שוין דער לאַגער פּאָניאַטאָוו געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן... זיי איז נאָך געלונגען — ווי זיי האָבן געזאָגט — איבערצושיקן דורך עמיצן דאָס געלט אין לאַגער אַריין. (ווי עס האָבן מיר שפּעטער איבערגעגעבן די אָנפירער פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג אין וואַרשע, האָבן די שליחים קיין באַשטעטיקונג אויפן איבערגעגעבענעם געלט נישט געבראַכט.)

טעאָדאָר און עמילקע זענען געווען אין אַ דערפל נעבן פּאָניאַטאָוו און געזען ווי דער לאַגער האָט געברענט; זיי האָבן אויך געהערט ווי מען האָט אויסגעשאָסן די יידן.

די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע מיטן אָנפירער מלך פיינקינד בראָש האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין אַ הויז, פון וואַנען זיי האָבן געשטעלט אַ העל־דישן ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט איבערגעבן לעבעדיקער־הייט. די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז און אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זענען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין פּאָניאַטאָוו האָט נאָך באַוויזן אונטערצוצינדן די קליי־

דער־מאגאזינען, כדי די דייטשן זאלן פון דעם נישט האבן קיין נוצן. דער־מיט איז פארענדיקט געווארן דאס קאפיטל פאניאטאוו.

אין דער זעלביקער צייט האט מען אויך אומגעבראכט אלע יידן פונעם טראווניקער לאגער. אויך אין מאידאנעק זענען דעם 3טן נאוועמ־בער 1943 דערשאסן געווארן דורך די דייטשן 18.000 יידן . . .

די אלע ידיעות האבן אויף אונדז געמאכט א שוידערלעכן איינ־דרוק.

פון די שליחים האבן מיר זיך אויך דערוווסט, אז אין אונדזער געגנט (מארקי, פוסטעלניק און זשיעלאנקא) באהאלטן זיך אויס א ביסל יידן און זיי, די שליחים, שטייען מיט זיי אין קאנטאקט. איצט גייען זיי — זאגן זיי — טאקע קיין זשיעלאנקא, וווהין זיי פירן געלט פאר די יידן, וואס באהאלטן זיך דארט אויס. די שליחים האבן אונדז געווארנט פאר באלעק טורכעטי, אז מיר זאלן זיין מיט אים פארזיכטיק . . .

געפינען מיר זיך, הייסט עס, אין א קלעם . . .

באלעק טורכעטי ווייזט זיך לעצטנס נישט פאר אונדז. פון צייט צו צייט קומט צו אונדז זיין כלה — פאליא קאלאטא. ביים לעצטן מאל האט זי אונדז געזאגט, אז באלעק טורכעטי מוז זיך אויסבאהאלטן, ווייל די ראדזימינער פאליציי זוכט אים ארום פאר זיין מיטארבעט מיט... „יידישע באנדיטן". זי האט זיך באקלאגט אויף טעאדארן און עמילקען, אז זיי האבן אינגאנצן אן זיי פארגעסן און טוען גארנישט, כדי באלעק טורכעטין ארויס־צוהעלפן.

* * *

אין א געוויסן טאג האט אונדז באזוכט דער קליינער באלעק (ס'רוב פלעגט ער צו אונדז קומען באנאכט). ער האט מיך אריינגערופן אין א באזונדער צימער און מיר געזאגט, אז אזוי ווי די לאגע דא אין פוסטעלניק ווערט נישט זיכער; מען דערוואַרט „בלאקאדעס" פון די דייטשן, וועט ער אונדז, ד. ה. מיך און דיאנא, אריבערפירן אויף א „מעטע" קיין רעמבער־טאוו. אונדז — זאגט ער — וויל ער ראטעווען . . .

— נו, און די איבעריקע? — פרעג איך אים.

— זיי זאלן טון, וואס זיי ווילן — ענטפערט ער.

— דער בליאכאזש (זילבערבערג — י. ט.) איז באלעק טורכעטים א מענטש, זאל ער זיך פארנעמען מיט אים.

— נו, און די איזענבערגס? — פרעג איך אים ווייטער.

— דער דאקטאר (געמיינט איזענבערג) האט גענוג געלט, קאן ער זיך אליין שאפן א „מעטע". מיר — זאגט באלעק — זארגן נאר פאר די, וואס געהערן צו אונדזער ארגאניזאציע. — און פלוצלינג גיט ער א פרעג — דער דאקטאר האט עפעס א סך ברילאנטן און שמוק, האַ? זיי מוזן דאך זיין אנגעשטאפט מיט געלד, וואס? איבריקנס קאן איך פאר זיי אויך שאפן א גוטע „מעטע", אבער אויף אן אנדער ארט . . .

— פארוואס נישט צוזאמען מיט אונדז? — פרעג איך אים — איך וואלט שוין געוואלט, מיר זאלן זיין צוזאמען ביזן סוף פון דער מלחמה און טאקע מיט זילבערבערגן אויך.

— זילבערבערג איז, ווי איך האב אייך געזאגט, באלעק טורכעטים א מענטש, וועט ער אים שוין איינארדענען. אייך און דאנקא וועל איך איינ־ארדענען. אייך און דאנקא וועל איך איינארדענען אין רעמבערטאוו און וואס שייך דעם דאקטאר מיט דער פרוי — פארקלערט זיך דער קליינער באלעק — וועל איך נאך א טראכט טון. יעדנפאלס וואלט גוט געווען, איר זאלט זיך קאנען דערוויסן, וויפל געלט און צירונג זיי האבן... פארשטייט זיך, אז איר מוזט עס מאכן בסוד, זיי זאלן זיך נישט כאפן, אז איך אינ־טערעסיר זיך דערמיט . . .

קוקנדיק אזוי אויף דעם קליינעם באלעק, האב איך דייטלעך געזען זיין טייוולאנישן פלאן: ער האט זיך פארנומען אפצורוימען פון וועג אי־זענבערגן, וועלכן ער האלט פאר א גרויסן גביר און ער וויל ירשענען זיין פארמעגן... ווער וויים, האב איך מיר געטראכט, צי דא וועט זיך נישט איבערחזרן די מעשה פון די אומגליקלעכע גאטליבס.

איך האב ביי זיך פעסט באשלאסן, אז איך און מיין פרוי וועלן זיך נישט שיידן מיט די איזענבערגס און דארט וווּהין מיר וועלן גיין, וועלן זיי אויך גיין. דאס זעלביקע וועט זיין מיט זילבערבערגן.

יעדעס מאל, ווען דער קליינער באלעק האט מיך געפרעגט, ווען מיר ווילן גיין אויף דער נייער „מעטע", האב איך אלץ אפגעשלעפט. ביי

יעדן מאָל האָט מיך דער קליינער באַלעק געפֿרעגט, צי איך קאָן אים עפּעס זאָגן וועגן איזענבערגס פֿאַרמעגן . . .

* * *

אין שטוב ביי אונדז איז טומלדיק. ס׳איז ערב „באָזשע נאַראָדזע־ניע״. די שטוב־מענטשן גרייטן זיך צום יום־טוב; מען קויפֿט איין גוטע זאַכן, מען באַקט. שוין געבראַכט די „כאָינקע״ (קריסטוס־בוים), באַ־פּוצט אים מיט פֿאַרשידענע שפּילערייען, ליכטלעך און זיסוואַרג און עס טומלט זיך אויף וואָס די וועלט־שטייט. אויף יום־טוב האָבן אונדזערע באַלעבאָסטעס פֿאַרבעטן דעם קליינעם באַלעק.

באַלד אינדערפֿרי איז צו אונדז אין שטוב אַריינגעקומען יאַנינאַ, האַלטנדיק דאָס קינד אויף דער האַנט און ווינטשנדיק אונדז, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ דין־געבאַקן פּלאַסטערל, וואָס רופֿט זיך ביי די קריסטן „אָפּלאַטעק״. איך האָב נישט געוווּסט וואָס מיט דעם צו טון און וואָס צו זאָגן... האָב איך, נישט טראַכטנדיק לאַנג, באַדאַנקט יאַנינאַן און דעם אָפּלאַטעק אויפֿגעגעסן אויפֿן אָרט... דאָס זעלביקע האָט געטון מיין פֿרוי מיטן אַנדערן „אָפּלאַטעק״. די יידן האָט יאַנינאַ נישט געגעבן דעם „אָפּ־לאַטעק״, נאָר אונדז, די „ריינע קאַטאָליקן״ . . .

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיט אונדזער האַנדלונג האָבן מיר זיך אויפֿן אָרט געקאָנט פֿאַרשיטן, אַז מיר זענען נישט קיין קריסטן...

אָבער עס איז אונדז דאָך שוין געווען אַלץ איינס. דער באָדן אונ־טער אונדזערע פֿיס ברענט שוין סיי ווי און מיר וועלן דאָ לאַנג, ווי עס ווייזט אויס, שוין סיי ווי נישט קאָנען פֿאַרבלייבן.

מען רעדט אַלץ מער און מער וועגן דער „בלאָקאַדע״, וואָס די דייטשן גרייטן דורכצופֿירן אין פּוסטעלניק; מען דערציילט, אַז זיי גייען מיט שפּיר־הינט. אַ שיינע פּערספּעקטיוו! און דאָ זענען מיר אַרומגערינגלט פֿון אַ שפּינוועב, אין וועלכן מיר פֿאַרפּלאָנטערן זיך וואָס־אַמאָל מער און מער.

* * *

מיר האָבן שוין מיט מזל דאָס יאָר 1944. די רוסן דערנענטערן זיך שוין און אַטראַט וועט קומען די ישועה. ווי נעמט מען אָבער כוח צוצו־שלעפּן די געציילטע וואָכן, צי חדשים, וואָס טיילן אונדז אָפּ פונעם טאָג פון באפרייאונג, — נאָך דערצו, ווען מיר זענען ארומגערינגלט פון באַנ־דיטן, גענגסטערס און אונטערוועלטמענטשן . . .

ענדלעך האָט זיך באוויזן ביי אונדז באָלעק טורכעטי. ער דערציילט אונדז וועגן דעם נישט געלונגענעם אָנפאַל, וואָס טעאָדאָר פּאיעווסקי מיט זיין גרופּע האָט דורכגעפירט אויף אַ פּאָליציי־קאָנפידענט אין מארקי. דער אָנפאַל איז נישט געלונגען. דער קאָנפידענט איז געבליבן לעבן און געפינט זיך אין שפּיטאָל. דער קאָנפידענט האָט, זאָגט מען, דערקענט די אָנפאַלער און ס׳איז איצט צו דערוואַרטן גרויסע אַרעסטן און בלאָקאַדעס. יעדנפאַלס, זאָגט טורכעטי, אַז ווי נאָר ער וועט זיך עפּעס דערוויסן וועגן דעם, וועט ער אונדז תיכף מודיע זיין און אונדז אַוועקפירן אויף אַן אַנ־דער אָרט. ער האָט זיך שטאַרק באַקלאָגט אויף טעאָדאָרן און עמילקען, וועלכע האָבן — ווי ער האָט געזאָגט — אדאַנק אים געמאַכט אַ „קאַ־ריערע" און איצט מיידן זיי אים אויס. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס דער קליינער באָלעק, אַלפאָנס (עמילקעס ברודער) און מיעטעק (שפּיראָ) גייען אַרום ביינאַכט מיט געווער אין האַנט, וועט אויך נישט ברענגען צו קיין שום גוטס. צוליב דעם וועט מען זיך אַ נעם טון צו דער געגנט, וועל־כע איז ביז איצט געווען די רואיקסטע; מען וועט אָנהויבן צו נישטערן און זוכן און צוליב דעם וועלן די אויסבאַהאַלטענע יידן אריינפאַלן.

— עס רוקן זיך אָן שווערע צייטן — זאָגט באָלעק טורכעטי — אָבער איר קאָנט זיין אינגאַנצן רואיק, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, וועט אייך קיין שום שלעכטס נישט געשען . . .

צומאָרגנס זענען צו אונדז געקומען צו לויפן: מענדל קאָסאָווער, זיין ברודער און מיעטעק שפּיראָ. זיי זענען געקומען זיך אויסבאַהאַלטן ביי אונדז, ווייל אין מארקי ריכט מען זיך היינט אויף אַ גרויסער „בלאָ־קאַדע". איך האָב זיי געפרעגט, צי זיי האָבן צווויסן געגעבן וועגן דעם דער פרוי ברייטערמאַן (די מוטער פון מיין שוועגערין רוזשאַ בלומענ־פעלד), אַז עס דראָט איר אַ געפאַר. זי האָט געוווינט בשכנות פון דעם הויז פון באַנאַשיק, וווּ די קאָסאָווערס און מיעטעק שפּיראָ האָבן זיך אויפ־

געהאַלטן. זיי האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז יאָ; וואָס הייסט, זיי וועלן נישט וואָרענען אַ ייד פאַר אַ געפאַר?!

בעת דער בלאָקאַדע, וועלכע איז טאַקע דאָרט פאָרגעקומען, האָבן די דייטשן געפונען די אָרעמע פרוי ברייטערמאַן און זי דערשאָסן. קיינער האָט זי לײדער פריער נישט געוואָרנט, אַז זי דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן.

די פרוי ברייטערמאַן האָט אויסער דער טאָכטער רוזשע בלומענפעלד, געהאַט נאָך צוויי זין: איינעם אין לאָנדאָן און איינעם — אין בוענאָס איירעס.

33.

## יידן — פּאַרטיזאַנער

וויפל מען זאָל נישט שרייבן וועגן די העלדישע קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ, וועגן די העראָאישע אַרויסטריטן פון יידן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אין דער יידישער און אַלגעמיינער אונטערערדישער באַוועגונג, וועט ממש זיין אוממעגלעך אויסצורעכענען די גרויסע צאָל נאָמענלאָזע העלדן, וואָס זענען ווי אומבאַקאַנטע זעלנער געפאַלן אין קאַמף פאַר זייער יידישער און מענטשלעכער ווירדע, פאַר יושר, גערעכטיקייט און פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

טויזנטער אַזעלכע נאָמענלאָזע העלדן, ס׳רוב ביי די פאַרטיזאַנער, זענען באַגראָבן אין די וועלדער, פעלדער און אויף פאַרשידענע „צמענטאַזשן", פאַרגעסן פון די אייגענע און פרעמדע. יידן, ווי פאַרטיזאַנער אין דעם געוועזענעם „גענעראַל־גאָווערנאַמענט" — און איך רעד דאָ נאָר פון דעם דאָזיקן געגנט — זענען ס׳רוב אויפגעטרעטן אונטער פאַלשע נעמען, פסעוודאָנימען און זיי זענען, בעת זייער אומקום, באַגראָבן געוואָרן ווי קריסטן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך רעד דאָ וועגן יידן־פאַרטיזאַנער, וואָס זענען געפאַלן אין די שלאַכטן, אָדער געשטאָרבן פון די באַקומענע וווּנדן, נישט אריינפאַלנדיק צו די דייטשן אין די הענט.

מסתמא וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען מען וועט זיך מיט דעם ענין פון די געפאַלענע יידישע פאַרטיזאַנער פאַרנעמען; באַמיען זיך דורך זייער-

רע לעבנגעבליבענע קאמפס־חברים אויסצוגעפינען זייערע ריכטיקע נעמען און אריינגעמען זיי אין פאנטעאן פון יידישער גבורה.

* * *

נאך דעם ווי דער שטאב פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע מיט מרדכי אניעלעוויטש בראש האט פארענדיקט מיט א העלדן־טויט דעם אומגלייכן קאמף מיט די דייטשן, זענען אויף די חורבות פון ווארשעווער געטא חדשים־לאנג ווייטער אנגעגאנגען פארביטערטע קאמפן מיט די פארטיזאנער פון געטא.

אויסער דער קאמפס־גרופע מיט יצחק צוקערמאן (אנטעק) בראש, וואס האט נישט אפגעשטעלט דעם קאמף מיטן אקופאנט אויף דער ארישער זייט; אויסער די העלדישע ארויסטריטן פון שמחה ראטהייזער (קאזשיק), טוביה שיינגוט (אנטעק) זלמן פרידריך (זיגמונט), זיגמונט איגלא, א. א. וועלכע האבן געקעמפט מיט די דייטשן, ווי מיטגלידער פון דער יידישער קאמפס־ארגאניזאציע, דארף דא נאך דערמאנט ווערן א מיליטעריש־רעוויזיאניסטישע גרופע, וואס איז אנגעפירט געווארן דורכן קעלצער זשורנאליסט ראדאל (געפאלן בעת די שלאכטן אין ווארש. געטא) און פרענקעל. די דאזיקע גרופע האט זיך באוויזן ארויסצורייסן פונעם ברענענדיקן געטא אויף דער ארישער זייט מיט געווער אין האנט און זיך איינגעארדנט אין א פארלאזענער ווילע אין א זומער־ארטשאפט אונטער פאלעניץ (נישט ווייט פון ווארשע). דארט איז די העלדישע אפטיילונג, וואס איז באשטאנען פון 20 מאן ארומגערינגלט געווארן דורך די דייטשן און פוילישער פאליציי און נאך א פארביטערטער שלאכט האבן זיי זיך באוויזן דורכצורייסן און ארויסצובאקומען זיך אין װאלד אריין. שפעטער איז די גרופע ביסלעכווייז אויסגעכאפט געווארן דורך די דייטשן און נאר איינצלנע פון זיי זענען געבליבן ביים לעבן.

עס איז ווייניק באוואוסט, אז דעם געלונגענעם אנפאל אויפן בארימטן ווארשעווער „קאפע־קלוב" אויף אלעיא יעראזאלימסקא, וואס איז געווען באשטימט „נור פיר דויטשע", האט דורכגעפירט א ייד, א סטודענט פונעם ווארשעווער אוניווערזיטעט, וואס איז באקאנט געווען אונטערן פרעוודאנים „פיעטרעק"; די, וואס איז אריין אין לאקאל אלס דייטשישע פרוי

און האָט דאָרט מכלומרשט פאַרגעסן איר האַנט־בײטל, איז געווען די שײ־נע ײדישע פרוי, וועלכע איז באַקאַנט געווען אונטערן פּסעוודאָנים „לענאַ" — די פרוי פונעם שפּעטערדיקן שטאַב־שעף פון דער פאָלקסאַרמײ „וויַ־טאָלד" און איצט — גענעראַל יוזשוויאַק. אין בײטל, וועלכן זי האָט איבערגעלאָזט אין קאַפע־הויז, האָט זיך געפונען אויפרײס־מאַטעריאַל פון גאָר אַ גרויסער קראַפט און אַדאַנק דעם איז דעמאָלירט געוואָרן דער גאַנ־צער לאָקאַל „נור פיר דויטשע", טאַקע מיט בלויז זײַנע שטאַם־געסט — אַלץ אָנגעזעענע געשטאַפּאָ־מיטאַרבעטער. אַן ענלעכער דרײסטער אָנפאַל איז אויך פריער אָרגאַניזירט געוואָרן אין קראָקע דורך יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) און ליב ליבאָוויטש (לאַבאַן), (דעם 23טן דעצעמבער 1942) אויף אַ דײטשישן קאַפע־הויז. אויך דעמאָלט זענען אַ סך דײטשן דער־הרגעט און פאַרוווּנדעט געוואָרן.

מען דאַרף אויך דערמאָנען די העלדישע מיטגלידער פון דער ײדי־שער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע: גוסטאַ און שימעק דרענגער, ווי אויך די וואַרשעווער אונטערערדישע קעמפער: סאַמעק קאַפּלאַן און טאַ־שיאַ אַלטמאַן און ישראל קאַזשוך פון בענדין. אַ שײן קאַפּיטל האָבן פאַר שריבן אין דער ײדישער אונטערערד די שוועסטער פרומקע און חנהטשע פּלאָטניצקי און אַדעק הימעלפאַרב, העניעק קלײנוואַקס און מאיר שוואַרץ. עס דאַרפן דערמאָנט ווערן די העלדנטאַטן פונעם וואַרשעווער פאָלקס־מענטש „עלע" (באָומזעצער) פון גזשיבאָווסקע גאַס, וואָס האָט נישט אײן דײטש אָוועקגעלײגט; די אויפטוען פון די אונטערערדישע טוער אויף דער אַרישער זײט אין וואַרשע: „נאַסטעק" (מנשה מאַטיוויעצקי), „ניוטאַ" (ריווקאַ טײטעלבאַום) א. אַ.

גאָר אַ גרויסע ראָל אין אונטערערדישן לעבן און בײ די פּאַרטיזאַ־נער האָבן געשפּילט: „באָלעק" (מאַגיסטער ג. אַלעף) און „זנאַכאָר" (ד"ר מ. טעמטשין).

„באָלעק" (אַלעף) שטאַמט פון קאָלנע, בײ לאָמזשע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צווייטן העלד — נחום רעמבאַ.*)

---

*) וועגן אים שרײב איך אויספירלעך אין מײן בוך „אַזוי איז עס געווען"... (חורבן וואַרשע).

„באַלעק" האָט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט אין ווארשע־ווער אוניווערזיטעט; געווען רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט ביי צ. ק. ב., געאַרבעט אין ווארשעווער „צענטאָס".

ביים אויסברוך פונם קריג, האָט זיך „באַלעק" געפונען אין פוילישן מיליטער. נאָכן צוריקקומען קיין ווארשע האָט ער זיך גלייך אריינגעוואָרפן אין דער אונטערערדישער ארבעט און גיט זיך גוט צו פילן די דייטשן. ער האָט געהאָלפן ביים צושטעלן געווער אין ווארשעווער געטאָ און איז געווען איינער פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערערדישער פוילישער מיליטערישער פאַלקסגוואַרדיע אין ווארשעווער און קעלצער געגנט. „באַלעק" האָט פארנומען אין דער פוילישער אונטערערד גאָר אַ בכבודיק אָרט, אַדאַנק זיין אומדערשראָקנהייט און דרייסטקייט. ער איז דערביי געווען אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר.

אַ סך מאָל איז אים אויסגעקומען צו קעמפן מיט די דייטשן און טאַקע איינמאָל בעת אַזאַ צוזאַמענשטויס, איז ער פארוווּנדעט געוואָרן אין האַנט. זיין קוראַציע האָט ער דורכגעפירט אין דער וווינונג פון דער באַקאַנטער אין די ווארשעווער אונטערערדישע קרייזן, יידישער דאָקטאָ־רין האַלינאַ מילשטיין־קאָטליצקאַ, וועלכע האָט ביי זיך אין שטוב אויף דער ארישער זייט איינגעאָרדנט אַ „שפּיטאָל" און געגעבן מעדיצינישע הילף די אונטערערדישע קעמפער. איר מאַן, הענריק קאָטליצקי, איז אויך געווען אַ באַקאַנטער דרייסטער טוער אין דער פוילישער אונטערערד און בישט איינמאָל אַליין געשמוגלט געווער אין ווארשעווער געטאָ אריין.

„זנאַכאָר" (ד"ר מ. טעמטשין) שטאַמט פון פינסק — אַ זון פון אַ דאָרטיקן באַקאַנטן געזעלשאַפטלעכן טוער און מאַגיסטראַט־באַאַמטן. ער איז דער איידעם פון ד"ר עמיל זאמערשטיין. „זנאַכאָר" האָט געענ־דיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם ווארשעווער אוניווערזיטעט. בעתן קריג האָט ער זיך געפונען אין ווארשע, געאַרבעט אַלס דאָקטאָר אין טעבענס שאָפּ. צוליב זיינע אָפּטע, דרייסטע ארויסטרעטונגען קעגן די „יודנראַט"־פארזאָרגער, האָט ער אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די שטיוול־מענטשן, וואָס האָבן אים געהאַט אויפן אויג. ספּעציעל האָט זיך מיט טעמטשינען „פאראינטערעסירט" דער אין געטאָ טרויעריק־באַ־רימטער „אינספּעקטאָר" ערליך (יאָסל קאַפּאָטע).

נאָך א מוטיקן ארויסטריט פון ד"ר טעמטשין אין ווארשעווער „יו־דנראַט", וווּ ער האָט געהאַט די דרייסטקייט אַריינצוזאָגן אונדזערע פאַר־זאָרגער דעם אמת אין די אויגן אַריין, האָט מען אים געזאָלט אַרעסטירן און איבערגעבן די דייטשן. טעמטשין איז אָבער געווען זייער באַליבט און געשעצט סיי ווי א גוטער מעדיקער (הגם ער איז נאָך געווען זייער יונג), סיי ווי א גוטער, אידעלער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגעזאָגט קיין הילף. ד"ר בוסעל האָט אים צוויסן געגעבן, אַז מען גייט אים אַרעסטירן און איבערגעבן די דייטשן ווי א „סאַבאָטאַזשיסט". דעמזעלביקן טאָג נאָך איז טעמטשין אַנטלאָפן קיין הרוביעשאָוו (לובלי־נער געגנט), וווּ ער האָט פריער געהאַט פּראַקטיצירט. ערשט דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן זיין גרויסע אַרבעט, וועגן וועלכער איך שרייב ווייטער.

א יידישע פּאַרטיזאַנער גרופּע פון איבער הונדערט מאַן, ס'רוב פון די קעמפער פון ווארשעווער געטאָ, וועלכער עס איז געלונגען צו אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט — ווער מיט געווער אין האַנט, ווער אָן געווער — האָט זיך אַריינבאַקומען אין די ווישקאָווער וועלדער. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַזעלכע דערפאַרענע געטאָ־קעמפער, ווי הערש בערלינסקי, דוד נאָוואָדוואָרסקי, מיכאל ראָזענפעלד, יאַנעק שווארצפוס, ישראל קאַ־נאַל, זיגמונט איגלאַ, יעקב און חגית פּוטערמילך, „מערדעק" (מרדכי גראַוואַס), גוטא טייכלער, העניעק קליינוויים, יאַנעק בילאַק, דאַרקא דעמ־בינסקאַ, אברהם זאַנדמאַן, י. יונגהייזער, ישראל ראַמאַנאָוויטש, שלמה שוואַרץ, גוטאַ קאַוועגאַקי, חיים אַרבוז, יעקב פייגענבלאַט, אליהו ערליך, בערל טאַסנקרויט, א. לעווסקי, אהרן כמיעלניצקי (קוציק), מאַשאַ גלייט־מאַן, פראַנקאַ פּאַפּיער, חיים פּרימער, י. קרוטקי און פיל, פיל אַנדערע העלדן. זיי האָבן געהאַט צו פאַרצייכענען גרויסע דערפאָלגן אין די קאַמפן און אָנפאַלן אויף דייטשישע פּאָסטנס, פּאַטרולן און — ביים אויפרייסן באַן־ליניעס.

א גרויסן רושם האָט געמאַכט דער דרייסטער אָנפאַל אויף דער סטאַציע אורלע, אונטער ווארשע, אויפן וועג, וואָס האָט געפירט צום טויטנלאַגער טרעבלינקאַ. א גרופּע פון יידישע פּאַרטיזאַנער בראש מיט יאַנעק שווארצפוס האָט דאָרט צעשעדיקט א דייטשישן מיליטערישן צוג. נאָכן געלונגענעם אַטענטאַט האָבן זיך די קעמפער, צווישן וועלכע עס איז

אויך געווען מיכאל ראָזענפעלד, מיטגליד פונעם הויפּטשטאַב פון דער יידי־שער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, אויסבאַהאַלטן ביי אַ דאָרטיקן וואַלד־וועכטער. די פרוי פונעם וועכטער האָט וועגן דעם געמאָלדן די דייטשן, וועלכע האָבן באַלד אַרומגערינגלט דאָס הויז און ס׳איז אויסגע־בראָכן אַ פאַרביטערטער קאַמף. אינעם אומגלייכן קאַמף זענען אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער מיט שוואַרצפוסן און ראָזענפעלדן בראש, העלדיש אומגע־קומען.

די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך פון אָנפאַנג באַצויגן מיט גרויס סימפּאַטיע צו די יידישע פרייהייטס־קעמפער; זיי באַזאָרגט מיט שפּייז און מלבושים, פּאַר וועלכע די יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן באַ־צאָלט מיט געלט. די „אידיליע״ האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין יענער געגנט האָבן זיך באַוויזן פּוילישע פּאַרטיזאַנער פון „אַ.ק.״ (לאַנד־אַרמיי). פאָרשטייער פון די יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געווענדט צו די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, מען זאָל זיי אַלס גאַנצקייט איינשליסן אין די פּוילישע אָפּטיילונגען. אַן אָנפירנדיקער אָפיציר פון די פּוילישע פּאַר־טיזאַנער האָט צוגעזאָגט דעם ענין צו באַטראַכטן און געבן אַן ענטפער. דער ענטפער איז בכלל נישט געקומען. אַ צווייטע יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון „מערדעק״ (מרדכי גראָוואַס), וואָס האָט אַ געוויסע צייט צוזאַמענגעאַרבעט מיט דער „אַ.ק.״־פּאַרטיזאַנקע, איז שפּעטער דורך דער זעלביקער „אַ.ק.״־גרופּע דערמאָרדעט געוואָרן.

די דאָרטיקע אָפּטיילונגען פון „אַ.ק.״ (לאַנד־אַרמיי) האָבן אָנגע־הויבן צו בונטעווען די אַרומיקע פויערים קעגן די יידישע „באַנדיטן״ און די לאַגע איז געוואָרן אַן ערנסטע. ווייניק וואָס די פויערים האָבן, אונטערן דרוק פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, אָפּגעזאָגט זיך צו פאַרקויפן שפּייז די יידישע פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי נאָך אָנגעוויזן זייערע אויפהאַלט־ערטער און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אויף די יידן אַ געיעג פון אַלע זייטן, סיי מצד די דייטשן, סיי מצד דער פּוילישער פּאָליציי און דער אַרומיקער באַפעל־קערונג. די יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפונען אין אַ „רינג״ וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשמעלערט. די לאַגע איז אין יענער געגנט גע־וואָרן האָפענונגלאָז. קיין וואַרשע זענען אָנגעקומען אַלאַרמירנדיקע ידיעות פון די ווישקאָווער וועלדער. דער אָנפירערשאַפט פון דער יידישער אונ־

טערערדישער באַוועגונג אין וואַרשע איז געלונגען דורך שליחים אָנצו־בינדן אַ קאָנטאַקט מיט די העלדישע קעמפער, פון וועלכע עס זענען גע־בליבן ביים לעבן בלויז איינצלנע. מען האָט זיך באַמיט די איבערגעבלי־בענע יידישע פּאַרטיזאַנער אַראָפּצובריינגען קיין וואַרשע. צווישן די גע־בראַכטע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אויך הערש בערלינסקי, מיטגליד פונעם הויפּט־שטאַב פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, און א. ערליך.

יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס זענען געווען אויך אין מעזריטשער און הרוביעשאָווער געגנטן און אין קאָניעצפּאָל, 45 קילאָמעטער פון טשענסטאָכאָוו.

אין קעלצער געגנט האָבן זיך אויך געפונען זעלבסטשטענדיקע קלע־נערע אָפּטיילונגען פון יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געהאַט צו פאַר־צייכענען אַ סך געלונגענע שלאַכטן מיט די דייטשן און איבערפאַלן אויף דייטשישע און פּוילישע פּאָליציי־פּאָסטנס. לײדער איז די דאָרטיקע פּוי־לישע באַפעלקערונג געווען זייער נישט גינסטיק איינגעשטעלט לגבי די יידישע פרייהייטס־קעמפער און נישט אין איין פאַל זענען זיי בייגאַכט באַפאַלן די שלאָפנדיקע יידישע פּאַרטיזאַנער, זיי געבונדן, אַרויפגעלייגט אויף פורן און צוגעשטעלט זיי לעבעדיקערהייט די דייטשן.

ס'זענען געווען פאַלן, ווען אונטערערדישע טוער פון דער פאָלקס־גוואַרדיע און דעמאָקראַטישע פּוילישע פּאַרטיזאַנער האָבן אויף די שול־דיקע כוליגאַנישע פּאָליאַקן, פאַרן איבערגעבן די יידישע פּאַרטיזאַנער אין די הענט פון דייטשן, אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל און דעם אורטייל אויסגעפירט.

אין די שוויענטאָקזשיסקער בערג האָבן זיך אויפגעהאַלטן שטאַרקע פּוילישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך איינצלנע יידן.

יוזעף באַרטשינסקי, אַן אונטערערדישער טוער פון דער סינדיקאַ־ליסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ביי וועלכן מיין קינד האָט געוווינט אין וואַרשע אויף ווספּולנא 72), האָט מיר אַמאָל געוויזן אַ בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון אַ גרופּע פּוילישע פּאַרטיזאַנער פון די סינדיקאַליסטן־סאָציאַליסטן אין די שוויענטאָקזשיסקער בערג. אין דעם בריוו האָבן זיי באַשריבן זייער לעבן, זייערע דערפאָלגרייכע קאַמפן מיט די דייטשן, וועל־

כע זיי גיבן נישט קיין רו נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. זיי האָבן זיך נאָר באַקלאָגט, וואָס בראש פון זייער פּאַרטיזאַנער־גרופּע שטייט אַ געוועזענער סאָוויעטישער אָפיציר, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין דער דייטשישער קריגסגעפאַנגענשאַפט, ווי אויך וואָס אין זייער גרופּע געפינען זיך אייניקע ייִדן, וועלכע איבן אויס — ווי די פּוילישע פּאַרטיזאַנער האָבן געשריבן — אַ שעדלעכן איינפלוס אויפן ריין־פּוילישן גייסט פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע... די בריוו־שרייבער האָבן געבעטן דעם שטאַב פון די סינדיקאַליסטן־סאָציאַליסטן, וואָס האָט זיך געפונען אין סקאַזשיסקאַ־קאַמיענאַ (נעבן ראַדאָם), אַז זיי זאָלן צושיקן צו דער גרופּע פּאַרטיזאַנער אַ פּאָר מיליטעריש־אויסגעשולטע מענטשן, וואָס זאָלן קאָנען אָנפירן מיט דער אַרבעט, — וועט מען ליקווידירן דעם סאָוויעטישן אָנפירער און דאָס ביסל ייִדן, וואָס געפינען זיך ביי זיי . . .

גאַנץ אַנדערש האָט די לאַגע פון ייִדן־פּאַרטיזאַנער אויסגעזען אין לובלינער געגנט. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָרט האָט געהערשט איינער פון די גרעסטע דייטשע תלינים — ס. ס.־ און פּאָליציי־גענעראַל גלאָבאָטשניק, וועלכער האָט אין לובלינער געגנט געשאַפן די גרעסטע טויט־קאָמבינאַטן: מאַידאַנעק, בעלזשעץ און סאָביבאָר, ווי אויך די לאַגערס: לופּט־פּלאַץ לובלין - פּאָניאַטאָוו, טראַווניקי, בודזין, א. אַ., ווי אויך ספּעציעלע שולן פאַר די אוקראַינער, ליטווינער און לעטן ווי אַזוי דורכצופירן די ייִדן־אויסראָטונג און דערביי האָט דער זעלביקער גלאָבאָטשניק געהאַלטן אונטערן גרעסטן טעראָר דעם גאַנצן לובלינער ראַיאָן, איז טאַקע דאָרט געשאַפן געוואָרן די גרעסטע באַזעס פון ייִדן־פּאַרטיזאַנער. אַ סך גורם געווען דערצו האָט, פאַרשטייט זיך, די איינשטעלונג פון דער דאָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס. געווען לינק געשטימט און איז מאַסנוויז אַריינגעטראָטן אין די אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־אַרמיי, צו וועלכע עס זענען אויך צוגעשטאַנען די דאָרטיקע ייִדן.

עס האָבן זיך אָבער אין לובלינער ראַיאָן געפונען אויך פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען פון „אַ.ק.“ (לאַנד־אַרמיי) און „נ.ס.ז.“ (נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות) — די פאַרביסנסטע אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן אומברחמנותדיק אויסגעמאָרדעט די ייִדן. באַלד פון אָנהויב האָבן זיך די ייִדן

נאָך נישט אָריענטירט אין דער אָנגעהעריקייט פון די פאַרשידענע פּאַרטיי־זאַנער־גרופּעס; זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די ערשטע ־ בעסטע פּאַרטיי־זאַנער־גרופּעס און ראַטעווענדיק זיך פון די דייטשן, זענען זיי אומגעקומען פון די אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער.

איינער פון די אָנפירער פון די רעכטע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס איז געווען אַ פּוילישער סטודענט פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט. מען האָט אים גערופן: „וואַרשאַוויאַק”. ער האָט גראַסירט צווישן זאַמאָשטש און הרוביעשאָוו. דער דאָזיקער באַנדיט האָט אויפגענומען די יידן, וואָס האָבן זיך צו אים געמאָלדן, כדי צו קעמפן קעגן די דייטשן; ער האָט זיי אָבער אַלע ביז איינעם אויסגעמאָרדעט.

די „נ.ס.ז.”־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן אָסטראָוו־סקי, וואָס האָט געציילט 60 מאַן, האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט באַקעמפן די דייטשן, נאָר אויך ראַבירט די פּויערים און געזוכט די פאַרבאַהאַלטענע יידן. אין זיין גרופּע האָט געהאַט דאָס אומגליק אָנצושליסן זיך אַ גרופּע יידן־פּאַרטיזאַנער, וועלכע ער האָט נישט ווייט פון קראַסניסטאַוו אויסגע־מאָרדעט.

אַ טייל פון דער יידישער אָפּגעראַטעוועטער יוגנט, וואָס איז אַנט־לאָפן פון די קליינע שטעטלעך און דערפער אין לובלינער געגנט, האָט זיך פאַראייניקט מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער — לרוב אַנטלאָפענע פון די דייטשן, קריגס־געפאַנגענע. פון די דאָזיקע יוגנטלעכע זענען אויך נישט קיין סך געבליבן ביים לעבן, ווייל זיי זענען כמעט אַלע אויסגעמאָרדעט געוואָרן... די געציילטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־אַרמיי, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן צו פאָרמירן.

נעבן קראַשניק, נישט ווייט פון דאָרף סטודזשיענקי, איז געווען אַ גרויסער וואַלד. צענדליקער יידן פון די אַרומיקע דערפלעך און שטעטלעך, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די דייטשישע לאַפּעס און זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרטיקן וואַלד. דאָרט האָט זיך טאַקע געבילדעט אַ ריין־יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וועל־כע ס'האָט אָרגאַניזירט יחיאל גרינשפּאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „חיל”. די דאָזיקע יידישע אָפּטיילונג האָט געקעמפט נישט נאָר מיט די

דייטשן, נאָר אויך מיט די אַנטיסעמיטישע „נ.ס.ז.״-אָפּטיילונגען. „חיל״ איז מיט זיין גרופּע אַוועק ווייטער, געקעמפט אין די ליפּסקער וועלדער (קראַשניקער געגנט) און אויך אין די פּאַרטשעווער וועלדער, אָפּהאַלטנדיק גרויסע נצחונות.

גרוים העלדישקייט האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ צווייטע יידישע פּאַרטיזאַנער גרופּע בראש מיט שמואל יעגער, וואָס האָט געקעמפט אין פּולאַווער געגנט.

אַ יידישער דאָרפס־בחור פון דאָרף פּאָליכנע (קראַשניקער געגנט), וועלכן מען האָט גערופן „שימעק״ און איז געווען באַקאַנט מיט זיין דרייסטקייט און העלדישקייט, האָט אין יאָר 1943 אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון די דאָרטיקע פּויערים און פון די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען אייניקע יידישע דאָרפסלייט. „שימעקס״ פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט געשמט פון אירע דרייסטע אַרויסטריטן און קאַמפן מיט די דייטשן. „שימעק״ איז געוואָרן ממש אַ לעגענדאַרע געשטאַלט צווישן די דאָרטיקע פּויערים און זיי האָבן אים פּשוט פאַרגעטערט. שימעקס גרופּע איז אַמאָל באַפאַלן אַ דייטשישן צוג, אָפּגעשטעלט אים און פאַרפירט אַ שלאַכט מיטן מיליטער, וואָס האָט זיך אין אים געפונען. איבער 80 דייטשן זענען דעמאָלט געפאַלן אין קאַמף. אָבער אויך „שימעק״ איז בעת דער שלאַכט שטערבלעך פאַרווונדעט געוואָרן. זיינע פּאַרטיזאַנער האָבן אים געבראַכט אין דאָרף זשעטשיצע (9 קילאָמעטער פון קראַשניק) און אים באַגראָבן אויפן דאָרטיקן צמענטאַזש, אָפּגעבנדיק אים מיליטערישן כבוד. ביזן היינטיקן טאָג ווערט זיין קבר געפלעגט דורך די פּויערים און ער זעט אויס, אַרומגערינגלט מיט פאַרפלאַנצטע בלומען, ווי אַ הערלעכער גאָרטן־קלאָמב. „שימעק״ — דער ייד — איז פאַרבליבן ביי די דאָרטיקע פּויערים אַ פאָלקס־העלד; זיי האָבן פאַרפאַסט און זינגען עד היום קאַמפּס־לידער וועגן שימעקס העלדישקייט און גוטסקייט.

גרוים העלדישקייט האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ יידישער יונגערמאַן פון גאַליציע, מיטן נאָמען מיעטעק גרובער. ער איז געווען אַן אָנפירער פון אַ קאַמפּס־גרופּע און געקעמפט צוזאַמען מיט חיל גרינשפּאַן.

דער באַקאַנטער יידישער וועטערינאַר־דאָקטאָר מיעטשיסלאַוו

סקאָטניצקי, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן „זעמסטאַ" (נקמה) האָט אָנגעפירט אין די פּאַרטשעווער וועלדער מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע פון אייניקע הונדערט מאַן: פּאָליאַקן און יידן. „זעמסטאַ" האָט העלדיש געקעמפט מיט די דייטשן. זיין נאָענטסטער מיטהעלפער איז געווען ד"ר מלאָדזשיאַנאָווסקי.

איינמאָל איז סקאָטניצקיס גרופּע ארומגערינגלט געוואָרן דורך אַ דיוויזיע דייטשיש מיליטער מיט אַרטילעריע און עראָפּלאַנען. נאָך אַ לאַנגן, פאַרביטערטן קאַמף איז סקאָטניצקין („זעמסטאַ") געלונגען זיך דורכצוברייסן מיט זיין גרופּע דורכן דייטשישן רינג. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום, בעת ער איז מיט זעקס פון זיינע פּאַרטיזאַנער געווען אין אַ דאָרף אין אַ פּויערישער כאַטע, זענען זיי אומדערוואַרט ארומגערינגלט געוואָרן דורך אַ גרעסערער צאָל דייטשן. אינעם אומגלייכן קאַמף איז דער העלדישער יידישער פּאַרטיזאַנער מיעטשיסלאַוו סקאָטניצקי געפאַלן.

מיט גרויס העלדישקייט האָט זיך אויך אויסגעצייכנט ד"ר מ. טעמטשין, וועלכער איז פון וואַרשעווער געטאָ אַוועק קיין גראַבאָוויעץ, נעבן הרוביעשאָוו, וווּ ער האָט פּראַקטיצירט אַלס דאָקטאָר. בעת דער ליקווידאַציע פון די רעשטלעך פון די דאָרטיקע יידן, איז טעמטשינען ממש אין דער לעצטער מינוט געלונגען צו אַנטלויפן פון טויט און ער האָט זיך פאַרקליבן אין אַ דערבייאיקן וואַלד. דאָרט האָט ער ארומגעבלאָנדזשעט איינער אַליין, ביז ער האָט באַגעגנט אַ באַוואָפנטן אַנטלאָפענעם קריגס־געפאַנגענעם, וועלכער האָט אים געוואָלט דערשיסן. טעמטשין האָט זיך אויף אים געוואָרפן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. טעמטשינען איז געלונגען צו באַזיגן זיין קעגנער און צונעמען ביי אים דאָס געווער. איצט איז ער, שוין אַ באַוואָפנטער, געגאַנגען ווייטער טיף אין וואַלד אַריין. דאָרט האָט ער באַגעגנט אייניקע באַוואָפנטע יידן און געבילדעט מיט זיי אַ קליינע קאַמפּס־גרופּע. די גרופּע האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פאָלקס־אַרמיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין לובלינער געגנט.

ד"ר מ. טעמטשין, וואָס האָט זיך פּאָפּולער געמאַכט נישט נאָר אַלס דרייסטער קעמפער, נאָר באַוויזן אויך „נסים" מיט זיינע מעדיצינישע אויפטוען, האָט מען אַ נאָמען געגעבן „זנאַכאָר". ער איז געווען איינער

# פּוילישע פּאַרטיזאַנען־גרופּע אין וואַלד



אין צענטער געפינט זיך דער קאָמענדאַנט ראָלאַ זשימירסקי (x), איצטיקער מאַרשאַל און הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער אַרמיי. רעכטס, נעבן אים, „זנאַכאָר", ד"ר מישאַ טעמטשין, (xx). אויפן בילד געפינען זיך אויך צוו. אַנד. קאַטיק־אַגראַשעווסקי, שפּעטערדיקער מיניסטער פאַר מלוכה־אַדמיניסטראַציע און יאַן טשעכאַוויטש, שפּעטערדיקער יוסטיץ - מיניסטער

פון די פּאָפּולערסטע פּאַרטיזאַנער־קעמפער אין לובלינער געגנט; ער איז געווען זייער באַליבט סיי ביי די פּאַרטיזאַנער, סיי ביי די פּויערים פון אַלע דערפער, צו וועלכע ער פלעגט אָפט קומען, כדי זיי צו היילן. „זנאַכאַר״ איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּטאָנפירער פונעם גאַנצן סאַניטאַר־דינסט פון דער פאָלקס־אַרמיי, ווו ער האָט געשמט אַלס גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט ביי די פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזירט סאַניטאַר־קורסן און בכלל אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט. נישט איינמאָל איז אים אויסגעקומען דורכצופירן די שווערסטע אָפּעראַציעס, ווערנדיק אָן אויפהער באַשאָסן דורך די דייטשן. די אַרבעט פון די דאָקטוירים ביי די פּאַרטיזאַנער איז געווען פונקט אַזוי געפערלעך, ווי די קאַמפס־טעטיקייט זייערע.

אמאָל האָט „זנאַכאַר״ צוזאַמען מיט צוויי פּאַרטיזאַנער אוועקגעפירט אין אַ דאָרף אַריין פינף פאַרוווּנדעטע. די פּאַרטיזאַנער זענען ס׳רוב תמיד געווען אָנגעטון אין דייטשישע מונדירן (אין געוויסע פאַלן — אויך אין מונדירן פון פּוילישע פּאָליציאַנטן, ביי וועלכע מען האָט זיי צוגענומען). די גרופּע מיט „זנאַכאַרן״ בראש האָט זיך געפונען אין דאָרף ביי אַ זיכערן פּויער. פּלוצלינג זענען אין כאַטע אַריין איניקע באַוואָפנטע דייטשן מיט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער געגנט מיט זיין אַכזריות. „זנאַכאַר״ מיט זיין גרופּע האָט זיך געפונען אין צווייטן חדר פון דער כאַטע. ווען ער האָט דערהערט, וואָס פאַר׳אַ „געסט״ עס האָבן זיך באַוויזן ביים פּויער, האָט ער, צוזאַמען מיט די צוויי פּאַרטיזאַנער, אָנגעשטעלט די אויטאָמאַטן אויף דער טיר. מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך דער פּאָליציאַנט. זעענדיק די אָנגעשטעלטע אויף אים אויטאָמאַטן, האָט ער אַ טויט־בלאַסער אויסגערופן צו די דייטשן: „דאָ אין צימער איז קיינער נישטאָ״ — און צוזאַמען מיט די דייטשן פאַרלאָזט די כאַטע . . .

כמעט אַלע דאָקטוירים אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־אַרמיי זענען געווען יידן, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַ ריי באַקאַנטע דאָקטוירים, ווי: דער וואַרשעווער ד״ר הירש — געוועזענער דירעקטאָר פון אַן אָפּטיילונג פון דער וואַרשעווער קראַנקן־קאַסע; ד״ר וויטעק מאַרגולעס פון וואַרשע, וועלכן מען האָט גערופן „פּעלעק״; ד״ר יעזשי קיריאַסעפער מיט זיין פרוי פון וואַרשע (די פרוי קיריאַסעפער איז

געווען טעטיק ווי א קראַנקן־שוועסטער); ד״ר יעזשי ראָט פון קאַליש, וועלכן מען האָט גערופן „כענטני״, ד״ר יאַנעק בעקער פון וואַרשע, א. אַ.

וועגן ד״ר הירש איז כדאי אויספירלעכער צו רעדן. ד״ר הירש איז אַלט געווען קרוב 70 יאָר. זיין קריסטלעכע דינסט האָט אים אין דער צווייטער העלפט פון 1942 אַרויסגעפירט פון וואַרשעווער געטאָ אויף דער אַרישער זייט. זי האָט אים איינגעאָרדנט אין א דאָרף אין די ליפּסקער וועלדער (לובלינער געגנט). דאָרט האָט ד״ר הירש געקאָנט רואיק איבערלעבן די מלחמה, — ער האָט אויסגעזען ווי אן אמתער פּוילישער פּריץ מיט די גרויסע וואָנסעס. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אין די גורלדיקע שעהען שטיין אין א זייט און נישט געקוקט אויף זיין עלטער, האָט ער באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אָן די פּאַרטיזאַנער אין די ליפּסקער וועלדער. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די שלאַכטן אין די ליפּסקער און פּאַרטשעווער וועלדער נישט נאָר אַלס דאָקטאָר, נייערט אויך ווי א קעמפער.

דאָס געפיל פון נקמה איז געווען אַזוי שטאַרק סיי ביי יונג, סיי ביי אַלט, אַז ווי נאָר ס׳האָט זיך געשאַפן אַן אָביעקטיווע מעגלעכקייט דערצו, האָט זיך אַלץ געוואָרפן אין קאַמף מיט די דייטשן.

סוף יאָר 1943, ווען די כוחות האָבן שוין פאַרלאָזט דעם אַלטן דאָקטאָר הירש און ער איז שוין נישט אימשטאַנד געווען מער צו קעמפן, האָבן אים די פּאַרטיזאַנער איינגעאָרדנט אין א דאָרף, ווו ער פלעגט נישט נאָר געבן מעדיצינישע הילף די פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער פון דעם דאָרף, נאָר אויך אַרויספאָרן אין אַנדערע דערפער און וועלדער, ווו עס פלעגן זיך געפינען פּאַרטיזאַנישע פעלד־שפּיטאָלן, אָדער איינצלנע פּאַרטיזאַנער. ער איז געווען זייער באַליבט ביי די פּויערים. דער קריסטלעכער נאָמען פון ד״ר הירש איז געווען ווישניעווסקי.

מעדיקאַמענטן און באַנדאַזש־מאַטעריאַלן האָבן פאַר די פּאַרטיזאַנער צוגעשטעלט א ריי אַפּטייקן, וואָס האָבן מיט זיי מיטגעאַרבעט און אויך — פּויערים, וואָס האָבן געזאַמלט און צונעשטעלט די פּאַרטיזאַנער מעדיקאַמענטן.

א יידישער דאָקטאָר פון טשענסטאָכאָוו — סטאַניסלאַוו וויטשיק — איז געווען הויפּט־דאָקטאָר פון אן אַנטיסעמיטישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע פון דער „א.ק.״ (לאַנד־אַרמיי). קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז ד״ר וויטשיק

איז א ייד, — אגב האָט ער אויסגעזען ווי א הונדערטפּראָצענטיקער גוי און אזוי אַרום איבערגעלעבט די מלחמה ביי די יידן־פיינטלעכע פּארטיזאַנער.

איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן ביי די פּארטיזאַנער פון דער פאָלקס־אַרמיי אין לובלינער געגנט האָט געשפּילט דער ייד „באָלעק" (מאַגיסטער ג. אַלעף), וועלכער האָט שוין געהאַט אונטער זיך גרויסע דערפאַרונגען פון פּאַרטיזאַנער־אַרבעט אין וואַרשע, גרויעץ, קעלצער געגנט און לסוף 1942 — אין לובלינער געגנט, ווו ער איז געוואָרן הויפּט־אָנפירער פון דער קאַמפּס־פּראָפּאַגאַנדע פונעם שטאַב פון דער פאָלקס־אַרמיי.

„באָלעק" האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע פּוילישע צייטונג אין לובלינער געגנט; ר'האָט געהאַלטן רעפעראַטן און געפירט א ברייט־פאַרצווייגטע אויפקלערונגס־אַרבעט. גלייכצייטיק האָט ער אויך העלדיש געקעמפט מיט געווער אין האַנט קעגן די דייטשן. אין זיינע אָפּטיילונגען, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט, זענען געווען א סך יידן. פּונקט ווי „זנאַכאַר", האָט אויך „באָלעק" געהערט צום שטאַב פון דער פאָלקס־אַרמיי. דער שעף פונעם שטאַב איז געווען „וויטאָלד" — איצט גענעראַל יוזשוויאַק; דער הויפּט־אָנפירער פון דער פאָלקס־אַרמיי — גענעראַל ראָליא־זשימיערסקי, וועלכער איז ביי די פּאַרטיזאַנער געווען באַקאַנט מיט די נעמען „ראָליא", אָדער „יוזעף". מען מוז דאָ אונטערשטרייכן זייער פּאָטערלעכע באַציאונג צו די יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט געדינט ווי א מוסטער פאַר אַנדערע.

ווען איך רעד שוין וועגן מענטשלעכער באַציאונג צו די יידישע פּאַרטיזאַנער, מוז אויך דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון איינעם פון די הויפּט־אָנפירערס פון די גרעסטע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אין לובלינער געגנט — דאָס איז גראַב־ווידערקאָווסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: „גראַב". דאָס איז א געוועזענער אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט געשטאַמט פון פּויזן. זיינע אָפּטיילונגען זענען באַשטאַנען פון איבער 1000 מענטשן, אין וועלכע עס זענען אויך אַריין די יידישע גרופּעס פון יחיאל גרינשפּאַן און מיעטעק גרובער.

„גראַב" האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל צו באַפרייען די יידן פון קראַשניקער געטאָ (איבער 770 מענטשן). ער האָט זיי צוגעשיקט 30 רע־

רעוואָלווערן מיט אַמוניציע און אַ צאָל האַנט־גראַנאַטן. ס'איז געוואָרן אָפּגערעדט אַ באַשטימטער טאָג און די גענויע צייט, ווען די יידן אין קראַשניק זאָלן מאַכן דעם אויפשטאַנד. אין דער זעלביקער צייט האָבן „גראַבס" פּאַרטיזאַנער געדאַרפט אָנפאַלן פון דרויסן, באַפאַלן דעם לאַ־גער און באַפרייען די יידן.

אַ פּאָר טעג פאַר דער באַשטימטער צייט האָט אַ מסור פון לאַגער אויסגעגעבן די דייטשן דעם גאַנצן פּלאַן און אָנגעוויזן אויף אַלע אין לאַגער, וואָס האָבן געוואוסט. די דייטשן האָבן דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע; געפונען דאָס גאַנצע געווער און אַמוניציע און דערשאָסן אויפן אָרט אַלע יידן, ביי וועלכע מען האָט עס געפונען; די איבעריקע יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער בודזין (אין בודזין האָבן זיך, צווישן אַנדערע, געפונען דער ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעכער עסקן א. ל. בלאָך, דער רעוויזיאָניסטישער טוער ד"ר ווּדאָווינסקי, דער בונדישער טוער י. פאַלק, הרב קעלמיש שפּירא, הרב ש. שטאָקהאַמער, די דאָקטוירים ראַ־פאַל טילבאָר און גליניעווייעצקי פון וואַרשע, ד"ר האַרענשטיין פון הרו־ביעשאָוו און כריזמאַן פון וואַרשע). בעתן איבערפירן די יידן פון קראַש־ניק קיין בודזין, איז געלונגען עטלעכע צענדליק יידן צו אַנטלויפן און אָנצוקומען צו די פּאַרטיזאַנער. די מערהייט פון זיי איז צוגעטיילט געוואָרן צו „חילס" (גרינשפּאַנס) גרופּע; די איבעריקע — אין אַנדערע אָפּטיילונ־גען און די, וואָס האָבן נישט געקאָנט קעמפן, זענען פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צו די פּויערים. זיי זענען די גאַנצע צייט געווען אונטער דער אויפזיכט פון די פּאַרטיזאַנער.

צווישן די געראַטעוועטע קראַשניקער יידן, וואָס זענען צוגעטיילט געוואָרן צו „חילס" אָפּטיילונג, האָט זיך געפונען אַן עלעקטראָ־ראַדיאָ־טעכניקער, וואָס האָט גלייך איינגעשטעלט ביי די פּאַרטיזאַנער אַ נייע ראַ־דיאָ־סטאַציע, וועלכע ער אַליין האָט באַדינט. מען האָט דעם ייד גערופן „נילי". ער איז געווען אַ נאַציאָנאַל־געשטימטער ייד, וועלכער האָט גלייך אין די ערשטע טעג פאַרגעלייגט דעם שטאַב פון דער פאָלקס־אַרמיי אַן אינטערעסאַנטן פּלאַן: גרינדן אַ יידישע נאַציאָנאַלע קאַמפּס־גרופּע, וואָס זאָל באַשטיין פון בלויז יידן. דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן דורכן שטאַב פון דער פאָלקס־אַרמיי און מען איז שוין אַפילו צוגעטרעטן צו

אָרגאַניזירן די אָפּטיילונג. דער קערן פון דער יידישער אָפּטיילונג האָט געזאָלט זיין יחיאל גרינשפּאַנס יידישע גרופּע.

גראָד אין דער צייט האָבן די דייטשן אונטערגענומען אַ גרויסע אַקציע צו באַקעמפן די פּאַרטיזאַנער אין יענער געגנט און זיי ליקווידירן. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ גאַנצע דיוויזיע מיליטער, מיט טאַנקן, אַרטי־לעריע און עראָפּלאַנען. די קאַמפן, אַגב זייער פאַרביטערטע, האָבן גע־דויערט קנאַפּע זעקס וואָכן. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צעטיילט אויף קלענערע גרופּעס און דורך פאַרשידענע וועגן דורכגעריסן זיך דורכן דייט־טשישן רינג. אין די קאַמפן האָבן אָנטיילגענומען אויך אַלע יידישע פּאַר־טיזאַנער, פון וועלכע אַ סך האָבן געהאַט די אָנפירונג איבער די פאַרשי־דענע פּאַרטיזאַנער גרופּעס. אויך די יידישע פרויען האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך העלדישקייט בעת די שלאַכטן. די דייטשישע פאַרלוסטן זענען באַ־שטאַנען פון אַ פּאָר טויזנט געפאַלענע און פאַרוווּנדעטע.

אַ קורצע צייט נאָך דער דאָזיקער גרויסער שלאַכט, איז דער העל־דישער „נילי" געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשן אין דאָרף בודקי, נישט ווייט פון קראַשניק.

די פּאַרטיזאַנער פון דער פּאָלקס־אַרמיי אין לובלינער געגנט זענען געווען 26 מאָל אַרומגערינגלט דורך די דייטשן און כסדר זיך דורכגעריסן. זיי האָבן אויפגעריסן צענדליקער צוגן מיט דייטשיש מיליטער און אַמוניציע.

איינמאָל האָבן די פּאַרטיזאַנער אויפגעריסן אַ דייטשישן צוג, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דער הויפּט־אָנפירער, גענעראַל ראָליאַ־זשי־מיערסקי, וואָס האָט זיך גראָד אומגעקערט פון אַן אינספּעקציע אויף אַן אַנדער אָפּשניט. נאָר על פּי צופאַל איז ראָליאַ־זשימיערסקי אַרויס גאַנץ פון דער קאַטאַסטראָפע. אַלס ציוויל־געקליידעטער האָט ער, אין דער גרויסער מהומה, וואָס איז אַנטשטאַנען, באַוויזן נעלם צו ווערן און גליקלעכערווייז אָנגעטראָפן אויף אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וואָס האָט אים געבראַכט אין שטאַב אַריין.

אין אַלע באַפעלן און פאַראָרדענונגען, וואָס דער שטאַב פון דער פּאָלקס־אַרמיי האָט אַרויסגעגעבן, רעדט זיך וועגן דער העלדישקייט פון די יידישע פּאַרטיזאַנער און זייערע יידישע אָנפירער, וואָס האָבן אומע־

טום און ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו, אומדער־שראָקנקייט און מסירת נפש. לײדער זענען נישט פיל פון דידאַזיקע העלדן געבליבןביים לעבן.

34.

# זשיעלאנקא

אונדזער לעצטער טאָג אין פּוסטעלניק. מיר זענען נאָך געלעגן אין די בעטן — ס'איז געווען פאַרטאָג — ווי עס האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז אַ דערשוויצטער און פאַרסאַפּעטער באָלעק טורכעטי און אויסגערופן:

— טוט אייך שנעלער אָן און קומט. די דייטשן גייען אַהער . . .

בליצשנעל זענען מיר געווען פאַרטיק, געזעגנט זיך מיט דער גוטער, האַרציקער באַלעבאָסטע און אירע קינדער, ביי וועלכע מיר זענען געווען איבער 4 חדשים צייט. באָלעק איז דערווייל אַרויסגעגאַנגען זען, צי עס דרייען זיך נישט דערנעבן קיין מענטשן. צוריקקומענדיק, איז טורכעטי צוגעגאַנגען צו זילבערבערגן און אים געפרעגט, צי ער וועט אויך גיין. זילבערבערג האָט אים געענטפערט, אַז ער מוז פריער ווּסן, וווּהין ער האָט אונדז בדעה צו פירן, ווייל אַנדערש וועט ער נישט מיטגיין.

— וואָס גייט עס דיך אָן, וווּהין איך פיר דיך, אַבי איך וועל דיך ראַטעווען — זאָגט באָלעק.

— און איך וועל מיט דיר נישט גיין, אויב דו וועסט מיר נישט זאָגן וווּהין — האָט זילבערבערג געענטפערט.

מיר אַלע זענען צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל זיך נישט נאַריש מאַכן און נישט פאַרלירן קיין צייט. מיר גייען דאָך אויך. וואָס עס וועט זיין מיט אונדז, וועט זיין מיט אים.

— איר טוט וואָס איר ווילט, אָבער איך וועל מיט אים נישט גיין. ער האָט שוין גענוג געלט ביי מיר אויסגעפּרעסט... איצט, ווען ער וועט מיך ברענגען אויף אַ ניי אָרט, וועט ער ווידער וועלן געלט. איך קען אים. איך וועל מיר שוין אַן עצה געבן אָן אים . . .

דער איינגעשפּאַרטער זילבערבערג האָט זיך נישט געלאָזט איבער־רעדן און איז פאַרבליבן. ער האָט, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, געגעבן דער באַלעבאָסטע אין פּוסטעלניק 100 זלאָטעס, זי זאָל אים לאָזן ביי איר איבערנעכטיקן אַ פּאָר נעכט און דערנאָך וועט ער אַוועק. אין אַ צייט אַרום איז זילבערבערג דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן, נישט ווייט פון פּוסטעלניק, וווּ ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט נאָך אַ פּאָר יידן.

ס'איז שוין געווען גאַנץ ליכטיק ווען באַלעק טורכעטי האָט אונדז געפירט איבער אַ פעלד, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ פאַרפרוירענער אַזיערע, דורך וועלכער מיר זענען איינציקווייז אַריבערגעגאַנגען.

— איצט געפינט איר זיך אין זשיעלאָנקאַ — האָט אונדז באַלעק טורכעטי געזאָגט און אונדז געהייסן אַ ווייל צוּוואַרטן. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען איינזאַם און איז דאָרט פאַרשוווּנדן געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט אַ פאַרצווייפלט בילן פון אַ הונט, צו וועלכן עס האָבן זיך באַלד פאַראייניקט די הינט פון די אַרומיקע הייזער און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי גאַנץ זשיעלאַנקאַ וואָלט זיך צע־בילט... דאָס בילן האָט אָנגעהאַלטן גענוג לאַנג. מען נעמט אונדז נישט איבעריק גאַסטפריינטלעך אויף — האָב איך מיר געטראַכט . . .

ס'האָט לאַנג געדויערט ביז באַלעק טורכעטי איז צוריקגעקומען און אונדז איינציקווייז אַריינגעפירט אין דעם הויז.

ס'האָט אונדז אויפגענומען די באַלעבאָסטע פון דער איינשטאָקי־קער געביידע — פרוי מירא בלאָצקאַ. מיר זענען געזעסן אין דער וואַרע־מער קיך, וווּ פרוי מירא האָט באַלד צוגעשטעלט פאַר אונדז קאַווע. צו־ביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די איבעריקע קוואַרטיראַנטן פון דעם הויז. דאָרט האָבן זיך אויפגעהאַלטן 9 יידן: בראָניסלאַוו שפּאַק, אַ זון פון פּאָפּולערן פעלדשער אין וואַרשע, מיט זיין פרוי האַלינאַ, פונדער־היים פרידלעווסקאַ; יוסף כמיעלניצקי פון אָפּאָטשנע, ראַדאָמער קרייז; זיינס אַ קוזינע מיט אַ קוזין; מיעטעק באָרסוק, אַ זון פון מעטראָפּאָזש פון דער יידיש־פּוילישער צייטונג אין וואַרשע „נאַש פּשעגלאָנד"; אַן עלטע־רער מענטש, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּוילישער פּריץ — אַ געוועזענער פערדהענדלער פון פּראָגע — מען האָט אים גערופן ליבראַדזקי; סטעפאַן

ראָזענבוים — א ברודער פונעם פּועלי ציוניסטישן טוער אין וואַרשע ד"ר ראָזענבוים; און א יונגערמאַן פון קאָנסק — זיין ריכטיקן נאָמען ווייס איך נישט. צוזאַמען מיט אונדזערע 4 ניי־צוגעקומענע זענען דאָרט געווען 13 יידן.

אונדזער באַלעבאָסטע, די 52־יעריקע מירא בלאָצקאַ, האָט געוווינט צוזאַמען מיט איר „באַשערטן" — מאַריאַן, וועלכער איז אַלט געווען קוים 30 יאָר. דאָרט האָט אויך געוווינט בלאָצקאָס יינגסטע טאָכטער — רע־גינאַ און שפּאַקס אַלטע ניאַניע.

ווען דער עולם האָט זיך דערוווּסט פון די נייע געסט, זענען זיי אַריינגעקומען אין קיך און זיך אונדז פאָרגעשטעלט. אַלע האָבן זיך מיט אונדז שטאַרק דערפרייט. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז זיי האָבן זייער א ווילע ווירטין (פרוי מירא בלאָצקאַ), א טייערער מענטש, וועלכע וואָלט פאַר זיי אָוועקגעגעבן די נשמה. זי באַהאַנדלט זיי פּשוט ווי א מאַמע.

דעם אמת געזאָגט, וואָלט די באַלעבאָסטע מער קיינעם נישט אויפ־גענומען, אָבער ווי וואָלט זי זיך געוואָגט אָנטקעגנצושטעלן באַלעק טור־בעטי . . .

בראָניסלאַוו און האַלינאַ שפּאַק האָבן בעת דער מלחמה געוווינט אין אָפּאָטשנע, וווּ האַלינאַס פאָטער איז געווען דער ראש הקהל. בעת דער ליקווידאַציע פון די יידן אין אָפּאָטשנע האָט מען אים מיט דער גאַנצער משפּחה אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע. אויפן וועג איז בראָנעק שפּאַק און זיין פרוי אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן. זיי האָבן זיך דערשלעפּט קיין זשיעלאַנקע צו דער פרוי מירא בלאָצקאַ.

רעגינאַ, בלאָצקאָס טאָכטער, האָט פאַרן קריג געאַרבעט אין געשעפט ביי בראָניסלאַוו שפּאַק אין וואַרשע, אַזוי אַז זיי האָבן איצט דאָ געפונען א גאַסטפריינטלעך הויז. זיי האָבן אָבער שוין באַוויזן דאָ איבערצולעבן א „שאַנטאַזש" אויך. מען האָט צוגענומען ביי זיי א סך געלט און זאַכן און איצט זענען זיי געבליבן אַזוי ווי זיי שטייען און גייען. דאָס איז אָבער געווען אויף דער פריערדיקער דירה אין זשיעלאָנקאַ. דאָ וווינען זיי שוין א שיינע פּאָר חדשים און עס גייט אַלץ כשורה. דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס רעגינאַ, מיראַס טאָכטער, האָט א חתן, טאַלעק הייסט ער, וועלכער

געהער צו אַ רויבער־באַנדע. זיין ברודער האָט טאַקע אַנטייל־גענומען אין דעם רויבאָנפאַל אויף זיי . . .

מיראַס „פריינט" — מאַריאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: מאַניוש, איז אַן אַנטיסעמיט. ער האָט זיך פאַר מיר באַרימט, אַז אין קאַזשימיעזש — פון דאָרט האָט ער טאַקע געשטאַמט — האָט ער אָנגע־פירט מיט אַ גרופּע (לייען: באַנדע), וואָס האָט אין די גוטע צייטן גע־שניטן די בערד ביי יידן... דאָס איז געווען אַ טיפּ מיט אַ קרימינעלער פאַרגאַנגענהייט. איצט טוט ער גאָרנישט, נאָר איז אויף „קעסט" ביי זיין „מירעטשקאַ" — ווי ער האָט זי גערופן. פון צייט צו צייט ווערט ער פּלוצלינג פאַרשוואונדן אויף אַ טאָג־צוויי און דערנאָך, ווען ער קומט צו־ריק, ברעכט אויס אַ סקאַנדאַל אין שטוב. מיראַ איז אים חושד, אַז ער גייט צו אַ געליבטער... די יידן זענען אים אָבער חושד, אַז ער גייט אַרום „אויסשמעקן" און שאַנטאַזשירן יידן...

מיראַ בלאָצקאַ גלויבט נישט אין דעם.

— ער איז טאַקע אַ „ס'קורווי סין" — זאָגט זי — אָבער קיין פאַר־ברעכער איז ער נישט.

ווי עס האָט זיך אָבער מיט דער צייט אַרויסגעוויזן, איז ער געווען ביידע זאַכן... אויך אונדז האָט דער דאָזיקער חברהמאַן גענוג בלוט פאַר־צאַפּט . . .

יוסף כמיעלניצקי איז געשפּרונגען פון צוג, ווען מען האָט אים גע־פירט פון אָפּאָטשנאַ קיין טרעבלינקע. מיט אים צוזאַמען איז אויך אַרויס־געשפּרונגען זיין שוועסטער, וועלכע איז מסתמא דערהרגעט געוואָרן, ווייל יעדע שפּור פון איר איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

די איבעריקע יידן, וואָס האָבן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן, האָבן זיך אויף פאַרשידענע אַנדערע אופנים געראַטעוועט און זיך דאָ צונויפגעקליבן.

אַלע ווערן זיי אויסגעהאַלטן פון דער יידישער אונטערערדישער באַוועגונג. די ערשטע געלטער האָט זיי געבראַכט טעאָדאָר און עמילקע און ממילא איז שוין דאָס אָרט באַקאַנט געוואָרן פון די איבעריקע „שות־פים", ווי באַלעק טורכעטי און דער קליינער באַלעק.

ווי די שפּאַקס האָבן מיר איבערגעגעבן, איז דאָס געלט פאַרן ערשטן חודש, וואָס די אונטערערדישע באַוועגונג האָט זיי געשיקט, זיי נישט

אויסגעצאָלט געוואָרן דורך טעאָדאָר און עמילקען. דאָס געלט — האָבן זיי געזאָגט — גייט אויף הוצאות . . .

די באַנדע פּלעגט זיך דערוויסן, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס יידן, זענען זיי צו זיי אַהינגעגאַנגען און געהייסן זיי אָנשרייבן בקשות צו דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַז זיי נויטיקן זיך אין הילף, און די שליחים וועלן פאַר זיי דאָס געלט קריגן. אַ סך פון די אויסבאַהאַלטענע יידן האָבן זיך נישט גענויטיקט אין דער געלט־שטיצע, אָבער אַז מען שטופּט געלט גלייך אין דער האַנט אַריין, איז דאָך פּשוט אַן עבירה נישט צו נעמען . . .

פאַר דער טרחה צו באַקומען אַ געלט־שטיצע פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע האָבן די פאַרמיטלער טעאָדאָר און עמילקע גענומען פאַר זיך די סומע, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן ערשטן חודש. בראָניסלאַוו שפּאַק האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער האָט געוואָלט ראַטעווען פון פּאָניאַטאָוו זיין עלטערן ברודער — אַ דאָקטאָר־מעדיצין. ער האָט שוין געהאַט פאַר אים צוגעגרייט אַן אָרט ביי זיך אין זשיעלאָנקאַ; אויסגעאַרבעט פאַר אים אַ „קענקאַרטע" און אַ מעטריקע און היות ער האָט געהאַט אַ גוטן אַרישן אויסזען, וואָלט ער דרייסט געקאָנט קומען צו פאָרן מיט דער באַן. עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן אַרויספירן אים פון פּאָניאַטאָוו.

ווען טעאָדאָר און עמילקע האָבן דערציילט וועגן זייערע גרויסע אויפטועז און וועגן זייערע אָפטע רייזעס קיין פּאָניאַטאָוו, האָט בראָנעק שפּאַק זיי געבעטן צו ראַטעווען זיין איינציקן, לעבנגעבליבענעם ברודער פון פּאָניאַטאָוו. שפּאַק האָט זיי צוגעזאָגט אָוועקצוגעבן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט.

— און וויפל האָסטו? — איז געווען די פראַגע.

— אַכט טויזנט זלאָטעס — האָט בראָנעק שפּאַק געענטפערט.

— צו ווייניק. דאָס דאַרף קאָסטן 12.000 זלאָטעס. אַזוי נעמען מיר פאַר אַ קאָפּ. פאַר אייך וועלן מיר מאַכן אַן אויסנאַם־פּרייז: 10.000, אָבער פון דעם וועט קיין גראָשן נישט אַראָפּגיין — האָבן די שותפים טעאָדאָר און עמילקע געענטפערט . . .

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, נישט קיין בקשות, נישט קיין טרערן

און נישט קיין צוזאָגן אויף דער צוקונפט. צוליב צוויי טויזנט זלאָטעס האָבן זיי געלאָזט אומקומען אין פּאָניאַטאָוו דעם יונגן דאָקטאָר שפּאָק . . .

טעאָדאָר און עמילקע האָבן אויך געוואָלט דורכפירן אַ „רעוואָלוציע" אין יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין וואַרשע, אַראָפּזעצן דעם ד"ר בערמאַן און די איבעריקע מיטגלידער. זיי האָבן שוין געהאַט אַ פּאַרטיקע רשימה מיט ד"ר ר. פעלדשו און מענדל קאָסאָווער (עמילקעס ברודער) בראש.

פון וואַנען עס האָט זיך פּלוצלינג גענומען צו זיי אַזאַ ליבשאַפט צו ד"ר פעלדשו איז פאַר מיר עד היום אַ סוד, ווייל איך ווייס, אַז אַ לאַנגע צייט האָבן די זעלביקע מענטשן אינטריגירט קעגן אים, געזוכט אויף אים פאַרשידענע חטאים און געוואָלט אים דיסקרעדיטירן, און דאָ פּלוצלינג — אַזאַ ליבשאַפט . . .

איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז 3.000 זלאָטעס, וועלכע אַנטעק (יצחק צוקערמאַן) האָט געשיקט דורך עמילקען פאַר דעם געראַטעוועטן קעמפער פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע איגנאַץ (ענגעלסבערג), זענען אים נישט איבערגעגעבן געוואָרן. איגנאַץ אַליין האָט מיר שפּעטער אויך וועגן דעם דערציילט.

גאַנצע טעג זענען מיר אָפּגעזעסן מיט אונדזערע נייע גורל־פריינט און דערציילט איינער דעם אַנדערן וועגן די איבערלעבונגען און וועגן די נסים — איינס גרעסער פאַרן צווייטן.

מיר האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט מיטן פּאָרל שפּאַק און יוסף כמיעלניצקי. דער גורל האָט אונדז פאַרבונדן מיט זיי צוזאַמען און טאַקע צוזאַמען האָבן מיר דורכגעמאַכט אַלע ווייטערדיקע עטאַפּן פון אונדזער לעבן ביזן טאָג פון באַפרייאונג.

35.

# אין אַ נייער סביבה

אין הויז, ווו ס'האָט געוווינט פרוי מיראַ בלאָצקאַ, זענען געווען 6 שטובן און צוויי קיכן — אונטן און אויבן, אַזוי, אַז אָרט צו שלאָפן דאָרט איז געווען גענוג.

פרוי מיראַ און די אַלטע ניאַניע פון שפּאַקן פלעגן איינקויפן פאַר 17 מענטשן פּראָוויאַנט; זיי האָבן געמוזט קויפן אין פאַרשידענע געשעפטן, כדי נישט צו ציען קיין אויפמערקזאַמקייט מיטן איינקויפן אַזוי פיל עסנ־וואַרג.

פאַרן הויז איז תמיד געלעגן פרוי מיראַס דרייפיסיקער הונט — אונדזער בעסטער שומר — ער פלעגט קיין שום פרעמדן מענטש נישט צולאָזן נאָענט צו אונדזער הויז. ווי נאָר דער הונט האָט באַמערקט עמיצן זיך דערנענטערן צו אונדזער הויז, האָט ער אָנגעהויבן אַזוי צו בילן, אַז מיר האָבן געוווּסט, אַז מען מוז זיך באַהאַלטן.

מיר האָבן געהאַט אַ באַהעלטעניש אונטער אַ בעט אין דער ערש־טער שטוב, פון וואַנען מען האָט אַרויסגענומען אייניקע ברעטער פון דיל. דאָרט איז געווען אויסגעגראָבן אַ קליינער טונעל, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיטן קעלער, וועלכער האָט זיך געצויגן לענגאויס דער קיך. איצט איז דער אויסגאַנג פונעם קעלער אין קיך געווען פאַרשיט און פאַרקלאַפּט. ס'איז אין קיך געמאַכט געוואָרן אַ טאָפּלטער דיל. צווישן די טאָפּלטע ברעטער פונעם דיל איז אָנגעשיט געוואָרן פיל זאַמד, כדי עס זאָל נישט זיין קיין הוילער אָפּקלאַנג.

אין דעם בונקער־באַהעלטעניש האָבן זיך געקאָנט באַהאַלטן אַ 30 מענטשן. אַ צווייט באַהעלטעניש איז דאָרט געווען אויפן ערשטן שטאָק. פון איינעם פון די צימערן האָט געפירט אַ טירל צו אַ בוידעמל, אין וועלכן מען האָט קונציק געמאַכט אַ טאָפּלט ווענטל. דאָרט האָבן זיך געקאָנט אויס־באַהאַלטן שטייענדיקערהייט 5 מענטשן. דאָס דאָזיקע באַהעלטעניש איז

געמאכט געוואָרן אויף יעדן פאַל — טאָמער באַוויזט עמיצער נישט, אין א מאָמענט פון געפאַר, אראָפּצוגיין אונטן — צום הויפּט־באַהעלטעניש.

קעגנאיבער די שמאָלע טרעפּ, וואָס האָבן אין קאָרידאָר געפירט צום ערשטן שטאָק, איז אויך געווען אַ בוידעמל, וואָס איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ טאָאַלעט פאַר די 13 יידן. דעם עמער פלעגט מען יעדע נאַכט אראָפּטראָגן און אויסליידיקן אין הויף־טאָאַלעט.

דאָס הויז, אין וועלכן מיר האָבן געוווינט, איז ארומגערינגלט געווען מיט אַ שיינעם גאָרטן, ווו מיר פלעגן יעדע נאַכט אראָפּגיין כאַפּן אַ ביסל לופט.

אונדזער הויז, אגב דאָס לעצטע אין זשיעלאָנקאַ, איז געלעגן אויפן וועג, וואָס פירט קיין מארקי. דאָס איז געווען אַן אידעאַל אָרט אויף אי־בערצולעבן די מלחמה.

אונדזער באַלעבאָסטע, פרוי מיראַ, האָט געהאַט נאָך אַ טאָכטער, „אַן עלטערע", זאָכאַ האָט מען זי גערופן. איר מאַן איגנאַץ האָט געהערט צו „אַ.ק." (פּוילישע לאַנד־אַרמיי). ער פלעגט אונדז שטענדיק ברענגען אומלעגאַלע ליטעראַטור צום לייענען. איגנאַץ האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב (אין זשיעלאָנקאַ) אַ געהיים פאַבריקל פון בראָנפן, אָדער, ווי מען האָט עס גערופן „בימבער" און ער פלעגט זעלטן ווען זיין ניכטער. זיין פרוי זאָכאַ איז אויך געווען אַ גרויסע שיכורטע און זי האָט אירע דריי קינדער אין עלטער פון אַ האַלב יאָר ביז 5 יאָר געגעבן צו טרינקען „בימ־בער"... ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן דאָס וועלן איבערצייגן זי, אַז זי פאַר־סמט דערמיט די קינדער. זי האָט געהאַלטן פאַרקערט, אַז דאָס שטאַרקט און מאַכט זיי קרעפטיק.

יעדן זונטיק פלעגט פרוי מיראַ בלאָצקאַ, וועלכע האָט אַליין אויך ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, מאַכן ביי זיך אַ „גאַלאַ־מיטאָג" און פאַרבעטן די טאָכטער זאָכאַ מיטן איידעם איגנאַץ און זייערע קינדער. ביים טיש פלעגן זיך אַוועקזעצן עטלעכע צוואַנציק מענטשן. אויף זונטיק פלעגט אויך אַרויסקומען רעגינאַס ( דער יינגערער טאָכטערס) חתן טאַ־לעק. מען האָט זיך געלאָזט וווילגיין.

מיר, יידן, האָבן דעמאָלט געמוזט האַלטן דעם קאָפּ אויפן קאַרק, ווייל די באַלעבאַטים מיט די געסט האָבן זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, פונקט

זוי עס וואָלט אינגאַנצן נישט געווען קיין מלחמה און פּונקט ווי עס וואָלט נישט געווען קיין געפאַר פאַר די 13 יידן, וואָס זענען געזעסן מיט זיי צו־זאַמען ביים טיש . . .

דעם אויבן־אָן האָט געפירט איגנאַץ, וועלכער האָט דערציילט וועגן זיינע „העלדן־מעשים" מיט די דייטשן. ער איז — זאָגט ער — די רעכטע האַנט פונעם קאָמענדאַנט פון זשיעלאָנקער „אַ. ק." (לאַנד־אַרמיי) ראַט־מיסטזש קראָכמאַלסקי, וועלכער איז גלייכצייטיק אַ באַאַמטער אין די היגע טאָרף־גרובן. דאָס איז — זאָגט איגנאַץ — זייער אַן איידעלער מענטש. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ היגער פּאָליאַק האָט אויסגע־געבן די דייטשן דעם אַדוואָקאַט עטינגער, האָט ער גלייך אַרויסגע־טראָגן אויף דעם אויסווורף אַ טויט־אורטייל. ער האָט געהאַלטן פאַר אונדז — זאָגט איגנאַץ — אַ רעדע און געזאָגט, אַז ס'איז אונדזער חוב צו שיצן די אומגליקלעכע יידן און זיי צו העלפן... וועגן דעם קראָכמאַלסקין וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן.

איגנאַץ איז באַלד אַריבערגעגאַנגען אויף אייגענע, היימישע ענינים און דערביי באַליידיקט מיראַס אינטימען פריינט מאַריאַן, אַז ער איז אַ דייטשישער מיטהעלפער; אַז ער איז אַ „שמאַלצאָווניק" און גיט אוים יידן. מאַריאַן פון זיין זייט איז אים אויך נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער און ס'האָט זיך תמיד געענדיקט מיט אַ גרוים געשלעג... אונדזער אינטערוועניץ האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. מיר האָבן נאָר געציטערט, אַז פון דרויסן וועט מען דערהערן די געשרייען און געוואַלדן און מיר וועלן נאָך צוליב דעם „פאַמיליען־סכסוך" אַריינפאַלן. מען האָט אין אַזאַ פאַל תמיד געמוזט אַרויספירן אויפן הויף דעם שיכורן איגנאַץ, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען, אַז ער וועט דעם דייטשישן אַגענט מאַריאַן „קאַלט מאַכן" . . .

נאָך דעם ווי די געסט זענען אַוועק, האָט זיך מאַריאַן אָנגעהויבן צו פּאַקן. ער גייט — זאָגט ער — אַוועק פון דאַנען. ער האָט שוין גענוג — זאָגט ער — דעם גאַנצן „בייזעל"... אים — זאָגט ער — וועט מען אומעטום אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס... דאָס האָט זיך מאַריאַן אָפּגע־רעדט אויף זיין שטיינער, איידל „אַריסטאָקראַטיש" און פאַרענדיקט האָט ער אינעם זעלביקן טאָן, ווענדנדיק זיך צו מיראַ:

— וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן, דו זאָלסט דעם באַנדיט איג־נאָרירן. ער איז מיט זיין קורווישער משפּחה מער נישט אַריינלאָזן אהער. טוסטו עס, הייסט עס, ספּעציעל מיר צו להכעיס...

ווי נאָר מאַריאַן האָט אָנגערופן מיראַס משפּחה ביים ריכטיקן נאָ־מען, זענען אויפגעשפּרונגען מירא און רעגינא און זיי האָבן ווידער צוגע־האָלפן, ווי דער שטייגער, דער חתן־בחור טאָלעק און זיי זענען אַרויס מיט לשון. און פון וואָרט צו וואָרט, ביז עס האָט זיך אויפסניי צעפלאַ־קערט אַ געשלעג. מיר, יידן, זענען דאָסמאָל געבליבן „נייטראַל". ווען מירא האָט דערזען, אַז איר „פריינט" מאַריאַן ווערט שוין אַ ביסל צו שטאַרק צעשלאָגן, האָט זי, וועלנדיק אָפּשטעלן דעם קאַמף, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי חלשט און זי האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אויף דער ערד. אַלע האָבן זיך געלאָזט „ראַטעווען" מיראַן און פאַרגעסן אין מאַריאַנען, וועלכער האָט זיך דערווייל געלייגט אין בעט אריין . . .

דערנאָך איז מען געווען אַ פּאָר טעג ברוגז, שפּעטער זיך איבער־געבעטן, געקושט זיך אין די פּיסקלעך, ביז ס'איז ווידער געקומען אַ „גאָלאַ־מיטאָג" מיט שנאַפּס און עס האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלביקע מעשה... מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דעם, אַז מיר האָבן עס גענו־מען גאַנץ לייכט.

מאַריאַן פּלעגט זיך שטענדיק פאַרענטפערן, אַז ער מיידט אויס סקאַנדאַלן אין שטוב, אָבער, אַז מען וואַרפט אים פאָר, אַז ער איז אַ דייטשישער מיטאַרבעטער און „שמאַלצאָווניק" איז שוין אַ ביסל צופיל. ער דערציילט מיר ווייטער, אַז ער האָט אַליין געהאַט גרויס עגמת נפש, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אין זשיעלאָנקאַ אויסגעגעבן דעם באַרימטן וואַרשעווער אַדוואָקאַט עטינגער. ער — זאָגט ער — האָט אויך געוווּסט, ווו עטינגער באַהאַלט זיך אויס, אָבער ער וואָלט אַזאַ מענטש קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געטון. מיר — זאָגט ער צו מיר — קאָנען דאָ זיין אינגאַנצן רואיק, אונדז וועט קיין שום שלעכטס נישט געשען. ער איז אַליין אַן אַנטיסעמיט, אָבער צוהעלפן די דייטשן קעגן יידן וועט ער נישט. עס איז זיין אַמביציע, זאָגט ער, אונדז צו ראַטעווען. מיר מוזן אָבער זיין פאָרזיכטיק מיט באָלעק טורכעטי — וואָרנט ער אונדז. אינ־טערעסאַנט, אַז יעדעס מאָל ווען באָלעק טורכעטי איז ביי אונדז געווען,

האָט ער אונדז געוואָרנט, אַז מיר זאָלן זיך היטן פאַרן „שמאַלצאָווניק" מאַריאַן . . .

אָן אָפּטער גאַסט איז איצט ביי אונדז געווען דער קליינער באָלעק, וועלכן עס האָט געבונדן אַ גרויסע פריינטשאַפט מיט מאַריאַנען. יעדעס מאָל פלעגט ער זיך פאַרמאַכן מיט מאַריאַנען אין אַ באַזונדערן חדר און לאַנג זיך סודען מיט אים. אינטערעסאַנט, אַז נאָך די דאָזיקע קאָנפערענצן פלעגט מיר מאַריאַן זאָגן, אַז דעם דאָקטאָר (איזענבערג — י. ט.) מיט דער פרוי וויל ער נישט האַלטן; אַז זיי זאָלן זיך זוכן אַן אַנדער אָרט... מאַריאַן האָט זיך אויך אָנגעהויבן אויסצופרעגן אויף איזענבערגס פאַרמעגן . . .

טעאָדאָר און עמילקאַ האָבן שוין אונדז אין זשיעלאָנקאַ מער נישט באַזוכט.

* * *

איך בין ווידער געווען אין וואַרשע. כ׳בין געפאָרן מיט דער באַן אין מיין באַן־אוניפאָרם. איך האָב באַזוכט מיין קינד, וואָס איז שוין ווי־דער געווען אין דער וווינונג פון באָרטשינסקים און איך האָב זיך דער־וווּסט, אַז דאַנוטאַ נאָוואַטשיק, באָרטשינסקים טאָכטער, קלייבט זיך אַרויסצופאָרן קיין וולאָכי, הינטער וואַרשע און זי וויל מיטנעמען מיט זיך מיין קינד.

אין וואַרשע האָב איך זיך באַמיט אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט ד״ר בערמאַנען, אָדער מיט „אַנטעקן" (יצחק צוקערמאַן). ליידער איז עס מיר נישט געלונגען. צו טעאָדאָר פּאַיעווסקין האָב איך דאָך נישט געקאָנט אַהינגיין, — איבעריקנס דורך אים האָב איך דאָך נישט געקאָנט איבער־געבן דאָס, וואָס כ׳האָב געהאַט צו זאָגן וועגן דער גאַנצער באַנדע. איך האָב געוואָלט וואָרענען די אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַז זיי זענען אַרומגערינגלט מיט מענטשן, וואָס קאָנען ברענגען אומגליק אויף זיי פּערזענלעך און אויף דער גאַנצער באַוועגונג.

פון מיין שוועגערין האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ד״ר בערמאַן איז אין די ערשטע טעג יאַנואַר אַריינגעפאַלן. גייענדיק פאַרביי דעם הויפּט־וואָקזאַל, איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך „קריפּאָ"־אַגענטן, פון וועלכע ס׳איז אים קוים זיך געלונגען צו ראַטעווען, אויסקויפנדיק זיך פאַר אַ

פאנטאסטישער סומע פון א פערטל מיליאן זלאָטעס... פארשטייט זיך, אז ער האָט שוין געמוזט, צוזאמען מיט זיין פרוי מיט וועלכער ער האָט געוווינט ווי א ברודער און שוועסטער, אנטלויפן פון דער דירה. און איצט געפינט ער זיך אין שטרענגער קאָנספיראַציע.

היות די אגענטן האָבן וועגן אים אַלץ גענוי געוווּסט, איז עס געווען מער ווי זיכער, אז עס האָט אים געמסרט אן „איינגענער" מענטש... איך האָב אים טאַקע געוואָלט וואָרענען, ער זאָל זיך היטן פאַר די באַלעקס און אנדערע גוטע פריינט . . .

ווידער אוועק א פּאָר טעג און איך האָב באַשלאָסן צו שיקן „די קאַץ נאָך דער פוטער". ווען דער קליינער באָלעק איז ביי אונדז געווען, האָב איך אים געזאָגט, אז איך וואָלט זיך געוואָלט זען מיט וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער), ער זאָל זי בעטן אין מיין נאָמען, זי זאָל צו אונדז אַרויסקומען. דער קליינער באָלעק האָט מיר געענטפערט, אז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל וואַנדאַ איז איצט שטאַרק פאַרנומען און קאָן נישט פאַרלאָזן וואַרשע. (ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן אַנטדעקן דעם ד"ר בערמאַן...) אמבעסטן וואָלט געווען — זאָגט ער — איך זאָל פאָרן קיין וואַרשע און זיך זען מיט איר. איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, נישט דערציילט, אַז כ'בין שוין געווען אייניקע מאָל אין וואַרשע און נישט באַוויזן אָנצובינדן דעם קאָנטאַקט. אויב איך וויל — זאָגט ער — פאָרט ער מאָרגן קיין פּראַגע, קאָן איך מיט אים מיטפאָרן. איך האָב זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. דער קליינער באָלעק האָט גענעכטיקט ביי אונדז און צוזאָרגנס פאַרטאָג האָבן מיר זיך געלאָזט צו פוס קיין פּוסטעלניק, צו דער קליינבאַן.

די ראַדזימינער קליינבאַן איז געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן. מיר האָבן זיך געמוזט אַריינקריגן דורך די פענצטער אין וואַגאָן אַריין. אַזוי ווי איך האָב צו טעאָדאָר פּאַיעווסקי נישט געוואָלט אַריינגיין, האָט מיך דער קליינער באָלעק געהייסן וואַרטן אויף עק יאַגעלאָנסקאַ און שעראָקאַ און ער וועט צו מיר אַרויסשיקן וואַנדאַן. עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז אויב וואַנדאַ וועט נישט זיין, וועט דער קליינער באָלעק אַרויסקומען צו מיר.

איך בין געשטאַנען אויפן אָנגעוויזענעם אָרט שעהען לאַנג, אָבער

קיינער איז צו מיר נישט אַרויסגעקומען. דרייענדיק זיך אַזוי הין און צו־ריק אויפן טראָטואַר, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך געפין זיך קעגנאַי־בער דער פּראַגער געשטאַפּאָ... איין נס, וואָס מען האָט מיך פון דאָרט נישט באַמערקט, ווייל דאָס דרייען זיך אַזוי לאַנג אויף איין אָרט, נעבן געשטאַפּאָ, האָט דאָך געקאָנט ציען אויף מיר די אויפמערקזאַמקייט. איך האָב דערנאָך נישט איינמאָל געטראַכט וועגן דעם פאַל, אַז אפשר האָט מיך דער קליינער באָלעק ספּעציעל דאָ אַהערגעשטעלט און מיך דאָ גע־לאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן, כדי מיך אויף אַזאַ אופן צו ליקווידירן . . .

ווען איך האָב זיך געכאַפּט אויף דער דראָענדיקער געפאַר, האָב איך זיך איבערגערוקט אַ ביסל ווייטער און פון דאָרט אָבסערווירט, צי וואַנדאַ גייט נישט אַרויס פון ברוקאָוואַ 8. ביז פאַרנאַכט בין איך אַזוי געשטאַנען, ביז איך האָב ענדלעך באַמערקט אַרויסגיין פון טויער טעאָ־דאָר פּאיעווסקין, עמילקען און דעם קליינעם באָלעק. ער האָט זיך אַ וויילע פאַרהאַלטן, געזאָגט זיי עפּעס און דערנאָך זענען זיי זיך צעגאַנגען, טעאָ־דאָר און עמילקע אין דער ריכטונג פון דער ווייסל און דער קליינער באָלעק — אין מיין ריכטונג. איך בין אים אַנטקעגן געגאַנגען. וואַנדאַ — זאָגט ער — איז די גאַנצע צייט נישט געווען ביי זיי און זי וועט שוין מסתמא היינט נישט קומען. אויב איך וויל, קאָן איך ביי אים איבערלאָזן אַ בריוול פאַר איר. איך האָב אָנגעשריבן נאָר אַ פּאָר ווערטער. צי באָלעק האָט איר דאָס בריוול איבערגעגעבן, ווייס איך נישט. וואַנדאַ האָט זיך, יעדנפאַלס, צו אונדז מער נישט געוויזן.

איך האָב זיך געזעגנט מיטן קליינעם באָלעק און נישט געלאָזט, ער זאָל מיך אָפּפירן צו דער קליינבאַן. איך האָב אָפּגעוואַרט, ביז ער איז פאַר־שוווּנדן, בין איך אַוועק צום וואַרשעווער הויפּט־וואָקזאַל.

ס'איז שוין געווען פינצטער, ווען איך בין אַ מידער, אַ דערשלאָגע־נער, אַהיימגעקומען.

דאָס איז געווען דעם 14טן פעברואַר 1944.

36.

# איך געזעגן זיך מיטן לעבן

15טער פעברואַר. דער טאָג פון מיין געבוירן. ס'איז אויסגעפאַלן מיטוואָך. אין דער צייט, ווען איך בין געכטן געווען אין וואַרשע, האָבן די פרויען באַשלאָסן צוצוגרייטן צו מיין געבוירנטאָג אַ „פייערלעכן" מיטאָג. פרוי מירא האָט געבאַקן קוכן און מען האָט זיך געגרייט צום מאָרגנדיקן טאָג.

מיר זענען אויפגעשטאַנען אַ ביסל פריער ווי תמיד. מירא איז אַוועק אין גאַס איינקויפן. זי האָט מיטגענומען דעם הונט. אַ קליינע גרופּע האָט זיך אויפן ערשטן שטאָק אַוועקגעזעצט שפּילן אין קאָרטן; די איבעריקע האָבן אויפגערוימט די שטובן. איזענבערג האָט געהאַט „דינסט": ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. גראָד דעמאָלט איז ביי אונדז געווען צו גאַסט באַלעק טורכעטי מיט זיין פעטער פון מאַרקי. ביידע זענען געווען אונטן.

פלוצלינג רופט זיך אָן איזענבערג, וועלכער איז געשטאַנען ביים פענצטער, אַז צוויי פרעמדע מענטשן גייען אַהער. איינער פון אונדזער עולם איז צוגעגאַנגען צום פענצטער — דאָס אַלץ איז געווען אויפן ערשטן שטאָק — און געזאָגט, אַז איינער פון די צוויי איז דער באַלעבאָס פון דער ווילע. ער קומט מסתמא איינמאָנען דירה־געלט. די דאָזיקע ווערטער האָבן אונדז באַרואיקט. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך דערהערט אַ אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער איינגאַנגס־טיר אונטן. באַלעק טורכעטי האָט געעפנט די טיר. פלוצלינג הערן מיר:

— די הענט אין דער הויך!

מיר זענען בליצשנעל אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך געלאָזט צום בוידעמל, ווו עס איז געווען דאָס צווייטע באַהעלטעניש. אַראָפּגיין אונטן זיך באַהאַלטן איז שוין געווען צו שפּעט. קודם כל האָבן מיר פאַרשלאָסן הינטער זיך דאָס טירל פונעם קעמערל און אויף שנעל אָנגע־

הויבן אַריינצושטופּן הינטערן טאָפּלטן וואַנטל די פיר פּרויען, דעם אַלטן ליבראַדזקין און דעם קראַנקן איזענבערג. מיר האָבן פאַרמאַכט דאָס טאָ־פּלטע וואַנטל.

פון אונטן האָט זיך דערהערט אַ געשריי און אַ שאָס. דאָס האָט באַלעקס פּעטער אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס קיינער איז נישט געווען אין קיך און איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און אַנטלאָפן. מען האָט אים נאָכגעשאָסן און נישט געטראָפן.

איך האָב גענומען דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, וועלכן מיר האָבן געהאַט און זיך אַוועקגעשטעלט קעגנאיבער דעם טירל. איך האָב געוואָלט, ווי נאָר מען וועט עפענען דאָס טירל, מכבד זיין די געסט מיט אַ סעריע קוילן און דיביידע חברהלייט אַוועקלייגן. תחילת האָב איך געמיינט, אַז עס זענען דאָ בלויז צוויי שטיק. מיינע גורל־חברים האָבן אָבער דערצו נישט דערלאָזט און פּשוט מיט געוואַלט אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער פון מיין האַנט און אים גוט באַגראָבן, און די קוילן, וואָס זענען געלעגן אין בוידעם־קעמערל.

דערווייל זענען די אומגעבעטענע געסט אַרויפגעקומען אויפן ערשטן שטאָק, דורכגעגאַנגען אַלע שטובן און צוקומענדיק צו אונדזער קעמערל, האָבן זיי אָנגעקלאַפּט און אויסגערופן אויף פּויליש: „עפענען". קיינער פון אונדז האָט זיך נישט אָנגערופן. האָבן זיי אָנגעהויבן צו רייסן די טיר, צו קלאַפּן מיט די שווערע שטיוול און לסוף האָט איינער פון זיי אויסגע־רופן: אַרויפברענגען אַ האַק . . .

דערהערנדיק דאָס, האָבן מיר באַשלאָסן צו עפענען דאָס טירל. ווי נאָר מיר האָבן אויפגעשלאָסן און אַרויסגעגאַנגען, איז אונדז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. מיר האָבן דערזען פאַר זיך 8 פאַרשוין מיט אוי־טאָמאַטישע רעוואָלווערן אין די הענט. דאָס זענען געווען קריפּאָ־לייט אין ציוויל.

צוזאַמען מיט די 5 מענער, וואָס האָבן זיך געפונען אין בוידעם־קעמערל, בין איך אַריין אין צימער. אונדזערע געסט האָבן, אונטער דראָאונג פון רעוואָלווערן געהייסן אונדז אַוועקשטעלן זיך, מיט אויפגע־הויבענע הענט, מיטן פּנים צו דער וואַנט. מען האָט אונדז אַלע אָנגעהויבן צו באַזוכן. אַלץ, וואָס זיי האָבן ביי אונדז געפונען, אפילו בריוו און פאָ־

טאָגראַפיעס, האָט איינער פון זיי צונויפגעזאַמלט אויף איין אָרט און נאָך דעם געהייסן אונדז זיך אויסדרייען צו זיי. זייער ערשטע פראַגע איז גע־ווען, ווו עס זענען די איבעריקע מענטשן. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, גע־ענטפערט, אַז דאָ איז מער קיינער נישטאָ.

— טאָ ווו זענען די פרויען? — איז געפאַלן אַ פראַגע.

— זיי זענען נעכטן אַוועקגעפאָרן קיין ווארשע — האָבן מיר גע־ענטפערט.

איצט איז געפאַלן אַ צווייטע פראַגע:

— ווו איז אייער געווער?...

מיר האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרזיכערן, אַז מיר האָבן נישט קיין שום געווער.

— געדענקט — האָט זיך אָנגערופן דער עלצטער פון זיי, אַ ריז אין אַן עלעגאַנטן פוטער און אָפיצירן־שטיוול, — מיר ווייסן אויף זיכער, אַז איר האָט דאָ מיט זיך געווער. אויב איר וועט עס אונדז מיט גוטן אָפּ־געבן, וועלן מיר אייך גאָרנישט טון, נאָר אָפּפירן אייך קיין ווארשע אין געשטאַפּאָ, פון וואַנען מען וועט אייך אַוועקשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אַריין; אויב איר וועט אָבער דאָס געווער נישט אָפּגעבן פרייוויי־ליק, וועלן מיר דאָ אָנהויבן צו זוכן און אויב מיר וועלן עס געפינען, וועט דער דרייצנטער פון אייך דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

קיינער פון אונדז האָט זיך נישט אָנגערופן. אַלע האָבן געשוויגן. איך האָב מיר געטראַכט, וויאַזוי וועלן זיי דערשיסן דעם דרייצנטן פון אונדז, אַז זיי האָבן דאָ בלויז 6 מענטשן; און צווייטנס, וואָס פאַרא אומ־גליק עס וועט זיין, ווען זיי וועלן אָנהויבן צו זוכן אין קעמערל און אָנ־טרעפן אויף דער טאָפּלטער וואַנט, ווו עס געפינען זיך אונדזערע איבע־ריקע מענטשן... אייניקע פון די געקומענע זענען דערווייל אַריין אין בוי־דעם־קעמערל און אָנגעהויבן צו זוכן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן געפונען צווישן די קוילן דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער... הגם זיי האָבן גענוג לאַנג אַרומגעטאַפּט די וואַנט, האָבן זיי, צום גליק, נישט אַנטדעקט דאָס באַהעלטעניש. איינער פון די חברה־לייט האָט זיך אָנגע־רופן:

— איך וואָלט געגעבן מיין קאָפּ, אַז דאָ געפינען זיך נאָך מענטשן...

דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער האָבן זיי איבערגעגעבן זייער שעף, וועלכער האָט מיט אַ טריאומפירנדיקן שמייכל געזאָגט:

—נו, באַנדיטן, איר האָט נישט קיין געווער, וואָס?... איצט זאָל זיך מודה זיין דער, צו וועמען עס געהערט דער רעוואָלווער. אַ טויטע שטילקייט. קיינער האָט זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן. איך האָב אַ קוק געטון אויף מיינע גורל־חברים. אַלע זענען געווען ווייס ווי די וואַנט, אָבער געהאַלטן זיך מוטיק.

— און ווו איז דאָס איבעריקע געווער און אַמוניציע? (מיר האָבן עס געהאַלטן באַהאַלטן אין אונטערשטן, גרויסן באַהעלטעניש). — ווידער אַ שטילקייט, וואָס איז אָבער באַלד איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ פאַר־צווייפלטן געשריי פון איינעם פון אונדזערע גורל־חברים. ער האָט באַקו־מען אַ זעץ מיטן שטיוול אויפן סאַמען ריכטיקן אָרט, צווישן די פיס... דאָס האָט אים דער שעף אַליין אַזוי מכבד געווען. מיין גורל־חבר האָט פון ווייטיק זיך איינגעדרייט אין דרייען און אַנידערגעפאַלן אין חלשות. אַ צווייטער זעץ מיטן שטיוול אין פנים אַריין — און ער איז באַלד דער־מינטערט געוואָרן.

אין דעם אויגנבליק האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער בילן פון אונ־דזער הונט און אַ קלונג אין טיר. אונדזער באַלעבאָסטע מירא בלאַצקאַ איז צוריקגעקומען פון גאַס. דערזעענדיק וואָס דאָ טוט זיך, איז זי אַ טויט־בלאַסע געפאַלן אויף די קני פאַרן „שעף", אים אָנגעהויבן צו בעטן, אַז ער זאָל אונדז נישט טון קיין שלעכטס.

— דאָס זענען זייער אָרנטלעכע מענטשן — האָט זי זיך פאַר־צווייפלט געבעטן, וועלנדיק אונדז ראַטעווען. דער שעף האָט זי שאַרף אָנגעקוקט און געזאָגט:

— וואַרט, מיט דיר וועלן מיר זיך באַזונדער אָפּרעכענען פאַר אויס־באַהאַלטן באַנדיטן. און איצט — זאָגט ווייטער דער שעף — וועל איך האַלטן וואָרט. איך האָב אייך פריער געוואָרנט, אַז אויב איך וועל געפינען ביי אייך געווער, וועל איך דערשיסן דעם 13־טן פון אייך. (דאָס איז געווען דער דייטשישער סיסטעם צו דערשיסן יעדן 13טן) נו, שנעלער, שטעלט זיך אויס, באַנדיטן . . .

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין איין ריי אין דער ברייט. דער

„שעף" האט אונדז אנגעהויבן צו ציילן. ווען ער איז צוגעקומען צום לעצטן, ד. ה. צו דעם זעקסן, האט ער אנגעהיבן צו ציילן די זעלביקע מענטשן אויף צוריק, ביז ער האט פארענדיקט: „דרייצען!" דער דרייצנטער בין איך געווען.

— קום ארויס, קעצעלע — זאגט דער שעף צו מיר מיט א זיס שמייכעלע . . .

— און מאך זיך גרייט צום טויט.

— איך בין גרייט — האב איך גאנץ רואיק געענטפערט.

— האסט עפעס א בקשה פארן טויט — פרעגט ער מיך.

— יא. דערלויבט מיר צו פאררויכערן א פאפיראס — האב איך געזאגט.

כמעט אלע אגענטן האבן מיר פון אלע זייטן „העפלעך" אנטקעגנגעטראגן פאפיראסן... איך האב פאררויכערט און פונקט אזוי ווי פריער געזאגט:

— איך בין גרייט.

מיט בליקן האב איך זיך געזעגנט מיט מיינע חברים, וועלכע האבן אינגאנצן געציטערט. אייניקע האבן געהאט טרערן אין די אויגן.

פאררויכערנדיק א צווייטן פאפיראס, האב איך זיך געווענדט צום שעף:

— ביטע, איך בין גרייט.

— האסטו גארנישט קיין מורא פארן טויט? — פרעגט ער מיך.

אין דעם זעלבן אויגנבליק האט בראניסלאוו שפאק נישט אויסגעהאלטן און וועלנדיק מיך ראטעווען, האט ער אויסגערופן:

— ער איז אומשולדיק... דאס איז מיין רעוואלווער.

— איצט איז שוין א ביסל צו שפעט. נאר אויב עס איז דיין רעוואלווער, וועלן מיר דיך אויך דערשיסן. קודם כל — דעם דרייצנטן. מארש, געגאנגען — האט פארענדיקט דער שעף און געגאנגען פאראויס. מיר האבן זיך געלאזט גיין, מיט די טרעפ אראפ, צום עקזעקוציע־פלאץ. אויף די טרעפ האט זיך צו מיר געווענדט דער צווייטער אגענט — אן עלטערער גוי מיט א גענוג גרויסן בויך, וואס איז געגאנגען נעבן מיר און די גאנצע צייט פון מיר נישט אראפגעלאזט די אויגן.

— ווי הייסטו? — פרעגט ער מיך.

— יאַן טאַטאַרקעוויטש — ענטפער איך.

— ניין, זאָג דיין ריכטיקן נאָמען.

— טורקאָוו — האָב איך געענטפערט, טראַכטנדיק, אַז איצט איז דאָך מיר שוין סיי ווי אַלץ איינס.

דער אַגענט איז שטיין געבליבן און אויסגערופן:

— אָבער איך האָב אייך באַלד דערקענט... אַי, אַי, אַי... וואָס טוט מען מיט אייך?! כ'וואָלט אייך נישט געוואָלט אומברענגען...

דער דאָזיקער פּאַרשוין איז געווען — ווי ער האָט מיר שפּעטער דערציילט — פאַרן קריג, אַ סטאַרשי בּשאָדאָוניק פון דער פּוילישער פּאָליציי. איך האָב אין זיין ראַיאָן (אויף ביעלאַנסקע גאַס) געפירט אַ טעאַטער און ער פלעגט יעדן אָוונט קומען צו אונדז. איך האָב אים נישט געדענקט, אָבער ער האָט מיך דערקענט אפילו מיט מיינע גרויסע וואָנסעס. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט טון אַלץ, כדי מיך צו ראַטעווען און ער האָט זיך טאַקע באַלד געווענדט צום שעף, ער זאָל מיך לאָזן לעבן; אַז ער קען מיך גוט, איך בין אַ שוישפּילער און זייער אַן אָרנטלעכער מענטש...

— איז ער נישט קיין קאָמוניסט? — פרעגט דער שעף.

— ניין, וואָס פאַלט אייך איין — ענטפערט דער בויכעדיקער פּאַרשוין, וואָס אַרבעט איצט פאַר די דייטשן ווי אַ פאָלקס־דויטש.

— נו, אויב אַזוי — זאָגט ער — אויב עס גייט דיר אַזוי אין לעבן, זאָל ער בלייבן, וועלן מיר נעמען דעם צווייטן באַנדיט, וואָס האָט זיך מודה געווען, אַז ס'איז זיין רעוואָלווער.

— ניין — ענטפער איך — אויב עמיצער דאַרף איצט דערשאָסן ווערן, וויל איך עס זיין. דער גורל איז דאָך געפאַלן אויף מיר; האָט איר נישט קיין רעכט צו נעמען אַן אַנדערן... דער שעף האָט אָנגעשפּיצט אויף מיר אַ פּאָר אויגן און געזאָגט:

— אָבער אַ דרייסטער ביסטו.... נו, איז וואָס טוט מען מיט אים? — פרעגט ער דעם צווייטן אַגענט.

— לאָמיר, קודם כל, אַרויפגיין — האָט אים צוגעוואָרפן מיין באַשיצער און מיך שוין צוריק אַרויפגעשטופּט אין צימער אַריין. אויפן וועג

האָב איך אים געזאָגט, אַז דער, וואָס האָט זיך מודה געווען, איז דעם סטאַרשי פעלדשער שפּאַקס זון און ער האָט מסתמא געקענט זיין טאַטן . . .

ווען מען איז אַריין אין צימער (נישט דאָרט ווו מיינע איבעריקע חברים זענען געווען צוזאַמען מיט די אַגענטן), האָב איך זיך געווענדט צו מיין „באַקאַנטן", אַז ער זאָל פּועלן, מען זאָל אונדז דאָ אַלע איבער־לאָזן; קיינעם נישט שיסן און קיינעם נישט אַוועקפירן אין געשטאַפּאָ... מיר וועלן זיי דערפאַר פאַרגיטיקן . . .

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען. זיי האָבן פאַרלאַנגט 100.000 (הונדערט טויזנט) זלאָטעס. איך האָב זיי געזאָגט, אַז ווען אַזאַ סומע קאָן קיין רייד נישט זיין.

— מיר ווייסן — זאָגט דער שעף — אַז איר האָט נישט קיין געלט, אָבער איר האָט אַ רייכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האַלט אייך אויס. זיי קריגן דאָלאַרן פון אויסלאַנד, קאָנען זיי באַצאָלן.

— איך בין נישט ווערט קיין 100.000 זלאָטעס — זאָג איך. — אַזאַ סומע וועלן זיי זיכער נישט געבן.

— נו, טאָ גיב מיר אויף זייער אַדרעס, וועל איך עס שוין ביי זיי קריגן.

איך האָב געענטפערט, אַז איך ווייס נישט פון קיין שום אָרגאַני־זאַציעס און איך קען קיינעם נישט. איך ווייס נאָר, אַז אין וואַרשע עק־זיסטירט אַ יידישע קהילה און זיי האַלטן אויס די איבערגעבליבענע יידן. ווער עס געהערט אָבער צו דער קהילה און ווו זיי זענען, ווייס איך נישט, ווייל איך קען קיינעם נישט פון זיי.

— און ווער ברענגט אייך דאָס געלט? — פרעגט דער שעף.

— יעדן חודש קומט אַהער אַן אַנדער קריסטין, וועלכע ברענגט דאָס געלט. איך ווייס נישט פון וועמען און איך פרעג זיי נישט.

— און ווער איז באַראַווסקי? — פרעגט ער מיך פּלוצלינג.

— דאָס ערשטע מאָל וואָס איך הער אַזאַ נאָמען — ענטפער איך.

— אָט אים זוכן מיר טאַקע. ווען דו וואָלסט אונדז אָנגעוויזן זיין אַדרעס, וואָלטן מיר דיך נאָך גוט פאַרגיטיקט . . .

זעענדיק, אַז זיי וועלן פון מיר גאָרנישט אַרויסבאַקומען, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו דינגען: 70 טויזנט, 60 טויזנט, 50 טויזנט און נאָך

שעהען־לאַנגן דינגען זיך האָבן זיי אָפּגעלאָזט אויף 40 טויזנט זלאָטעס. נעמענדיק אין אַכט, אַז זיי האָבן געהאַט געפונען ביי אונדזערע מענטשן א ביסל געלט און ווערטזאַכן. אָבער פון די 40 טויזנט — זאָגן זיי — וועט קיין גראָשן מער נישט אַראָפּגיין.

נישט גלויבנדיק סיוווי אין דער מעגלעכקייט צו באַקומען אַזוי פיל געלט, אָבער וועלנדיק דערווייל געווינען צייט, האָב איך מסכים געווען אויף 40.000 זלאָטעס און זיי צוגעזאָגט דאָס געלט צו באַזאָרגן.

— איצט — זאָגט דער שעף צו מיר — ווען מיר דיך נעמען ווי א משכון קיין וואַרשע. ווען דאָס געלט וועט איינגעצאָלט ווערן, וועלן מיר דיך אַרויסלאָזן אויף דער פריי.

דער פּשאַדאָווניק, וואָס האָט מיך געוואָלט ראַטעווען, האָט זיך אָנ־גערופן:

— אָבער אויב ער וועט זיין ביי אונדז, וועט ער דאָך נישט קאָנען שאַפן דאָס געלט. ער מוז דאָך אָנבינדן א קאָנטאַקט מיט דער קהילה, — מוז מען אים געבן דערצו א מעגלעכקייט. איך קען אים און ווייס, אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש און אַז ער גיט א וואָרט, וועט ער עס האַלטן. לאָמיר אים געבן 3 טעג פריי און אין משך פון דער צייט וועט ער אונדז צושטעלן דאָס געלט.

— אויף דיין אחריות? — פרעגט אים דער שעף.

— איך בין זיכער, אַז ער וועט דאָס געלט צושטעלן און אויב ער וועט נישט קאָנען באַקומען ס'געלט, וועט ער זיך אַליין אונדז איבערגעבן — האָט געענטפערט דער פּשאַדאָווניק.

עס איז געוואָרן מיט זיי אָפּגעמאַכט, אַז דעם נאָענטסטן מאָנטיק 8 אַזייגער אינדערפרי זאָל איך קומען קיין פּראַגע צום קאָשטשיאָל פּלאַ־ריאַנאַ און דאָרט וועט מען מיך שוין אָפּוואַרטן.

צו אונדזער גרעסטן שטוינען זענען די קריפּאָ־אַגענטן אַוועקגעגאַנ־גען און קיינעם פון אונדזער הויז נישט מיטגענומען מיט זיך. ביים אַוועק־גיין, האָט מיר דער פּשאַדאָווניק איינגערוימט:

— געדענקט, פון דאַנען מוזט איר אַנטלויפן אפילו נאָך היינט. דאָס אָרט טויג נישט. און מאָנטיק זאָלט איר אומבאַדינגט קומען קיין פּראַגע.

ווען זיי זענען אוועק, זענען צו אונדז ארויפגעקומען די איבעריקע מענטשן וואס האבן זיך געפונען אונטן. אויך באלעק טורכעטי און מאַריאנען האבן זיי געהאלטן די גאנצע צייט אונטן מיט אויפגעהויבענע הענט. דאס באהעלטעניש האבן זיי נישט אנטדעקט . . .

פון וואנען האבן זיי געוווּסט, אז מיר באהאלטן זיך דא אויס און אז מיר האבן געוווער?! — דאס איז א ווייטערדיקער רינג פון דער סודות־פולער קייט, מיט וועלכער מיר זענען געווען ארומגענומען ביז אונדזער באפרייאונג.

37.

## דער טויט פון ביידע באלעקס

נאכן לעצטן באזוך וואס מען האט ביי אונדז געמאכט, זענען מיר אלע געבליבן צעבראכן. ס'איז קלאר געווען, אז מיר טארן אויך דא שוין לענגער נישט פארבלייבן. אבער וווּהין זאלן מיר גיין? און ווער וועט זיך דאס וועלן איינשטעלן אויפצונעמען אזא גרויסע גרופע פון 13 יידן . . .

באלעק טורכעטי האט געזאגט, אז ער האט א נייע „מעטע" ביי אן אלמנה, זייער אן ארנטלעכע פרוי, וועלכע וווינט אין זשיעלאנקא מיט אירע צוויי קינדער. פארן קריג איז זי געווען א מיטארבעטערין פון „באנק פאל־סקי" אין ווארשע. זי געפינט זיך איצט מיט די קינדער אין א שווערער מאטעריעלער לאגע און מעגלעך, אז זי וועט איינגיין אויפצונעמען א פאר יידן. באלעק טורכעטי האט שוין מיט איר געפירט אונטערהאנדלונגען, אבער זי וויל א סך געלט. ער וועט גלייך, זאגט ער, אהינגיין צו איר און וועט זיך באמיען נאך היינט דעם ענין צו דערליידיקן. אבער מער ווי 2־3 מענטשן וועט זי זיכער נישט וועלן אויפנעמען. די איבעריקע מענטשן וועלן זיך מוזן איינארדענען אין פארשידענע אנדערע ערטער.

בלייבט איצט די הויפט־פראגע ווי אזוי צו שאפן דאס אויסקויף־געלט פאר די אנגענטן פון „קריפא". ס'איז באשלאסן געווארן אנצושרייבן א בריוו צו דער אונטערערדישער ארגאניזאציע און דורך באלעק טורכע־

טי עס איבערגעבן איגנאַצן (ענגעלסבערג), װעלכער װוינט אויך אין מאַרקי־פּוסטעלניק. איגנאַץ שטייט אין קאָנטאַקט מיטן אָנפירער פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף דער אַרישער זייט — אַנטעק (יצחק צוקערמאַן) דורך אַ פּוילישן אונטערערדישן טוער. איך האָב געוואָלט אויסמיידן די קאָמפּאַניע „טעאָדאָר, עמילקע און קליינער באָלעק".

אין דעם בריוו האָט מיין פרוי געשריבן וועגן דער גרויסער סכנה, וואָס מיר האָבן אויסגעמיטן און וועגן דער נאָך גרעסערער סכנה, וועלכע עס דראָט מיר, אויב מיר וועלן נישט קריגן דאָס געלט, ווייל איך וועל זיך מוזן אליין צושטעלן, כדי עס זאָל זיך שפּעטער נישט אָפּשלאָגן אויף אַנדערע יידן. דעמאָלט וואָלטן די חברהלייט שוין אומברחמנותדיק געהאַנדלט מיט יידן.

באָלעק טורבעטי האָט דעם בריוו גלייך איבערגעגעבן איגנאַצן, וועלכער האָט עס ווייטער איבערגעשיקט.

זונטיק אינדערפרי איז צו אונדז געקומען דער קליינער באָלעק (אַז מען וועט ווידער שיקן דעם פּאַרשוין האָב איך זיך שוין נישט געריכט) און געבראַכט מיר 20.000 זלאָטעס... שבת אינאָוונט האָט מיר איגנאַץ איבערגעגעבן פאָלגנדיקן בריוו, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון אַנטעקן (יצחק צוקערמאַן):

„טייערער ה' איגנאַץ, — אייער און יאַנעקס (געמיינט מיך — י. ט.) בריוו האָבן מיר דערהאַלטן. מיר שיקן אייך איבער 40 שטיקלעך (געמיינט פערציק טויזנט זלאָטעס). איך בעט באַשטעטיקן. שרייב, ווי די ענינים זעען אויס —

איך גריס אייך — אַנטעק."

פון אַנטעקס בריוו האָב איך אַלזאָ געוווּסט, אַז כ'דאַרף דערהאַלטן די גאַנצע פערציק טויזנט זלאָטעס.

— ווו איז דאָס איבעריקע געלט? — פרעג איך באָלעקן — ס'האָט דאָך געזאָלט זיין פערציק טויזנט.

— די איבעריקע צוואָנציק טויזנט זלאָטעס וועל איך אייך מאָרגן

געבן, ווען איר וועט קומען קיין פראגע — ענטפערט רואיק באַלעק, נישט א פינטל טוענדיק אפילו מיטן אויג.

דער גאַנצער ענין איז מיר געוואָרן שטאַרק פאַרדעכטיק. אין דעם בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן נעכטן, רעדט זיך וועגן פערציק טויזנט זלאָטעס, וועלכע אַנטעק האָט געשיקט, כדי מיך צו ראַטעווען און דאָ וויל מיר דער קליינער באַלעק אויסצאָלן בלויז צוואָנציק טויזנט... איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טון. די לאָגיק האָט מיר אָבער דיקטירט אַז קודם כל דאַרף איך ביי אים אַרויסקריגן די צוואַנציק טויזנט זלאָטעס און איך האָב ביי אים גענומען דאָס געלט. דער קליינער באַלעק האָט אָבער פאַר־לאַנגט פון מיר איך זאָל אונטערשרייבן, אַז כ'האָב דערהאַלטן פון אים פערציק טויזנט זלאָטעס.

— ווי קאָן איך באַשטעטיקן פערציק טויזנט זלאָטעס, ווען כ'דער־האַלט נאָר צוואַנציק טויזנט — זאָג איך.

איך דערצייל אים נישט, פאַרשטייט זיך, וועגן אַנטעקס בריוו צו אונדז.

— די איבעריקע צוואַנציק טויזנט וועל איך אייך מאָרגן איינצאָלן אין פראַגע — רופט ער זיך אָן.

— וועל איך די איבעריקע סומע באַשטעטיקן אין פראַגע — זאָג איך.

— איר האָט אַלזאָ צו מיר נישט קיין צוטרוי — זאָגט בייז דער קליינער באַלעק און קוקט מיך אָן מיט זיינע שפּיזיקע אויגן.

— איך גלויב אייך, — האָב איך רואיק געענטפערט — אָבער איך וועל באַשטעטיקן בלויז די סומע, וואָס כ'דערהאַלט. — און איך האָב אים געגעבן אַ באַשטעטיקונג אויף צוואַנציק טויזנט זלאָטעס.

איך האָב באַשלאָסן קיין פראַגע נישט צו פאָרן. איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָס מאָל וועל איך אַריינפאַלן, אויב נישט דורך די אַגענטן, איז... צוליב די צוואַנציק טויזנט זלאָטעס. אויסער דעם האָט דער קליי־נער באַלעק געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז מאָרגן וועט זיין אַ „הייסער" טאָג... די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קלויבט זיך אָפּצוּוואַרטן די אַגענטן און מיט זיי זיך אָפּצורעכענען אויפן אָרט... איז אוודאי גלייכער, איך זאָל דערביי נישט זיין. איבעריקנס, האָב איך נישט געהאַלטן פון אַזאַ אופן פון דער־

לײדיקן דעם ענין. עס וועט קומען צו אַ בלוטפאַרגיסונג און װער װײסט װיפל ײדישע קרבנות דאָס װעט שפּעטער קאָסטן, װײל אונדזערע „פרײנט" װעלן קײנמאָל נישט פאַרגעסן, אַז ײדן האָבן זײ אָפּגענאַרט און אַרײנגעקריגן אין אַ „פּאַסטקע". אין מײַן בריוו צו אַנטעקן, האָב איך טאַקע װעגן דעם געשריבן.

מאָנטיק אינדערפרי זענען מיט די צוואַנציק טויזנט זלאָטעס געפאָרן קײן פּראַגע פּאָליאַ קאַלאַטאַ און באָלעק טורכעטי. פּאָליאַ איז פאַרפאָרן צו פּאַיעװוסקין אויף דער דירה, װוּ זי האָט באַקומען די איבעריקע צוואַנציק טויזנט זלאָטעס און מיטן געלט אַוועק אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץ בײַם פלאָריאַנער קאָשטשיאָל אין פּראַגע. דאָרט האָט באָלעק טורכעטי, װעלכער איז געשטאַנען פונדערװײטנס, דערקענט אײניקע פון די אַגענטן און זײ אָנגעװיזן פּאָליען. זי איז צו זײ צוגעגאַנגען. די אַגענטן האָבן זי אַװעקגעפירט אין אַ רעסטאָראַן אויף קראַקאָװער פּאָרשטאָט, װוּ עס זענען געזעסן בײַ אַ שײן־געדעקטן טיש די גאַנצע חברה מיטן שעף בראש. פּאָליאַ האָט זײ דאָס געלט אײנגעצאָלט.

* * *

באָלעקן איז געלונגען איבערצורעדן די באַאַמטין פון באַנק „פּאָלסקי" און פאַר אַ גרויסער סומע געלט איז זי אײנגעגאַנגען אויפצונעמען צו זיך פיר ײדן (באָלעק האָט געװאָלט אײנאָרדענען דאָרט מיך מיט דיאַנאַ און איזענבערגן מיט דער פרוי). מיר האָבן אָבער „אַרײנגעשמוגלט" אַהין נאָך 3 מענטשן: בראָנעק שפּאַק מיט זײַן פרוי האַלינאַ און יוסף במיעלניצקי.

די ערשטע נאַכט האָט די נײַע באַלעבאָסטע אַפילו נישט געװוּסט, אַז עס געפינען זיך בײַ איר נאָך 3 מענטשן, אָבער צומאָרגנס האָבן מיר זיך מודה געװען, אַז מיר האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך 2 מענטשן און באַלד נאָך דעם, װי זי איז מסכים געװען, האָבן מיר איר געזאָגט װעגן דריטן . . .

ס'איז געװען זײער אַן אײדעלע פרוי און ביז גאָר אָרנטלעכע מענטש. מיר האָבן זיך מיט איר אײנגעלעבט און ס'איז געװען אַ נחת בײַ איר צו װוינען.

די ווילנע, אין וועלכער מיר האָבן ביי איר געוווינט, האָט געהערט צו דעם באַקאַנטן וואַרשעווער געזעלשאַפטלעכן טוער העגריק דאָקטאָראָוויטש, צו וועלכן עס האָט געהערט כמעט אַ האַלב זשיעלאָנקע. ער האָט דאָרט געהאַט טאָרפיאַרניעס און ציגל־פאַבריקן, וואָס האָבן זיך געצויגן אַזש ביז פּוסטעלניק. זשיעלאָנקאַ — אַן אָרטשאַפט, וואָס ליגט 11 קילאָמעטער פון וואַרשע, אויפן וועג מאַלקין־טרעבלינקע — איז פאַר׳ן קריג געווען באַוווּסט פון די מוסטערהאַפטע זומער־קאָלאָניעס, וואָס די „אגודה״ האָט דאָרט געהאַט.

בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע איז דער שיינער, רואיקער אָרטשאַפט זשיעלאָנקאַ באַשערט געווען אָפּצושפּילן זייער אַ טרויעריקע ראָל. אַלע יידן־טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון פראַנקרייך און האָלאַנד, זענען געגאַנגען קיין טרעבלינקע דורך זשיעלאָנקאַ. דאָרט זענען די צוגן אָפּגעשטעלט געוואָרן און מען האָט אויסגעלאָדן דאָס גאַנצע מעבל, וואָס די אומגליקלעכע יידן האָבן מיט זיך געפירט פון זייערע היימען. די ראַפינירטע דייטשן האָבן די אַרויסגעשיקטע יידן פון אויסלאַנד דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך זייער מעבל און עס איבערפירן אויף די „ערטער״ און „קאָלאָניעס״ אין מזרח, ווו, ווי מען האָט זיי פאַרזיכערט, זיי ווערן אַרויסגעשיקט... אין זשיעלאָנקע זענען די באַגאַזש־וואַגאָנען געוואָרן אָפּגעטשעפּעט; אַ ספּעציעלע אַרבעטער־בריגאַדע האָט אויסגעלאָדן די מעבל און פון דאָרט זיי אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד . . .

צווישן די פּאַסאַזשירן, געקומענע פון אויסלאַנד, זענען נאָך געווען באַאיווע מענטשן, וועלכע האָבן זיך נאָך אַלץ נישט אָריענטירט, אַז זיי גייען אויף טויט און אַז אין טרעבלינקע וועלן זיי שוין נישט דאַרפן קיין מעבל,— האָבן זיי פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער האַנדלונג. די ס. ס.־לייט און אוקראַאינער, וואָס האָבן די צוגן באַגלייט (די אויסלענדישע יידן האָט מען נישט געפירט אין פי־וואַגאָנען), האָבן די אומגליקלעכע יידן שנעל באַרואיקט.

צו דער דאָזיקער אַרבעט אויסצולאָדן די מעבל פון וואַגאָנען האָט מען אויך באַנוצט אַ גרופּע אַרבעטער פונעם גראָכאָווער לאַגער. נאָכן אָפּשטעלן פון די טראַנספּאָרטן, האָט מען די יידישע אַרבעטער פון גראָכאָוו אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע . . .

נאָך אַ פּאָר טעג פון אונדזער אויפהאַלטן זיך אויף דער נייער „מעט־טע” אין זשיעלאָנקאַ האָט באַלעק טורכעטי געבראַכט צו אונדז נאָך צוויי מענטשן, וועלכע האָבן געמוזט אַנטלויפן פון מאַרקי — ד״ר ר. פעלדשו מיט זיין פרוי. אָרט ווו צו שלאָפן ביי אונדז איז געווען גענוג. מיר האָבן געמאַכט אַ גוט באַהעלטעניש אין צווייטן צימער אונטער דער שאַנק, אין פאַל, ווען מען זאָל זיך דאַרפן אויסבאַהאַלטן.

ווידער אַוועק אַ פּאָר טעג און מיר האָבן געהאַט אַ גאַסט: דער קליי־נער באַלעק איז צו אונדז געקומען... ער קומט — זאָגט ער — אין נאָמען פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע צו נעמען אונדז, ד. ה. דיאַנאַ און מיך, ווי אויך ד״ר ר. פעלדשו מיט דער פרוי קיין וואַרשע. אַזוי ווי דער פראָנט דערנענטערט זיך, איז זיכערער, מיר זאָלן זיין אין שטאָט... מיר קאָנען, זאָגט דער קליינער באַלעק, שוין פאָרן מיט אים.

מיר איז די גאַנצע זאַך נישט געפעלן געוואָרן. איך האָב פּשוט מורא געהאַט זיך צו לאָזן מיטן קליינעם באַלעק אין וועג אַריין... איך האָב גע־האַט דאָס געפיל, אַז די גרופּע „גענגסטערס” וויל מיך און מיין פרוי אָפּ־ווישן פון וועג, ווייל מיר ווייסן וועגן זיי צופיל סודות. דער פראָנט האַלט זיך אין איין דערנענטערן און אָט־אָט קאָן זיך ענדיקן די מלחמה... עס איז נישט גוט, אַז אַזעלכע עדות ווי מיר זאָלן איבערלעבן די מלחמה. דאָס איז זיי נישט אויף דער האַנט... איך האָב מיך מיט די דאָזיקע השערות געטיילט מיטן ד״ר פעלדשו. ער האָט זיך אויך געוואַקלט, אָבער אים האָט דאָך מצד דער חברה נישט געדראָאָט קיין שום געפאַר, — פאַרקערט, די באַציאונג פון עמילקע צו אים און ממילא אויך פון טעאָדאָרן און דער גאַנצער גרופּע, האָט זיך לעצטנס איינגאַנצן געביטן. זיי האָבן זיך איצט געשטעלט פאַר אַ ציל אים צו ראַטעווען.

איך האָב זיך אָפּגערעדט מיטן ד״ר פעלדשו, אַז אויב ער וועט זען אַז עס דראָאָט אונדז נישט קיין שום געפאַר, זאָל ער אונדז דורכן שליח אָנ־שרייבן אַ פּאָר ווערטער אין יידיש. מיר האָבן זיך אַפילו אָפּגערעדט, וואָס ער דאַרף שרייבן, כדי אַן אַנדערער זאָל עס נישט פאַרשטיין. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די פעלדשוס און זיי זענען מיטן קליינעם באַלעק אַוועקגע־פאָרן קיין וואַרשע.

מיר האָבן געזאָגט דעם קליינעם באַלעק, אַז היינט קאָנען מיר נאָך

נישט פארן, אבער דאס צווייטע מאל, ווען ער וועט קומען נאך אונדז, וועלן מיר זיכער פארן. דאס איז געווען דאס לעצטע מאל, ווען מיר האבן דעם דאזיקן באנדיט געזען אויף די אויגן. אין א קורצער צייט ארום איז ער דערשאסן געווארן אין פוסטעלניק, אין א שענק, בעת א קריגערייַ מיט אן אנדערן באנדיט. אינטערעסאנט, אז די „קענקארטע" (פאס), וואס מען האט ביי אים געפונען, איז געווען אויפן נאמען פון באראווסקי (איינער פון ד"ר בערמאנס פסעוודאנימען) . . .

יעדן אוונט פלעגן מיר איינציקוויין אהינגיין אויף א פאר מינוט צו אונדזער פריערדיקער באלעבאסטע, פרוי מירא בלאצקא. עס פלעגט אונדז אלעמאל אויסקומען פארבייצוגיין א בערגל, אונטער וועלכן עס זענען גע־ווען באגראבן איבער 70 קדושים — דערמארדעטע דורך די דייטשן. מיר פלעגן זיך באמיען ארומצוגיין דאס בערגל . . .

איינמאל, בעת אזא שפאציר, איז אונדז אנטקעגנגעלאפן די פרוי מירא מיט א בריוו, וועלכן עס האט איר איבערגעגעבן פאר מיר א ייד, וואס האט זיך אויסבאהאלטן אויף אן ארט אין זשיעלאנקא. דער בריוו איז געווען צו מיר און צו בראניסלאוו שפאק. דער מיר אומבאקאנטער מענטש האט געשריבן, אז יענע נאכט איז אויף דעם ארט, ווו ער באַ־האלט זיך אויס מיט נאך איניקע יידן, געווען אן אנפאל. מען האט זיי בארויבט פון א גרויסער סומע געלט און נאך דעם האבן די באנדיטן גע־מאכט מיט זיי א לחיים... שוין זייענדיק גוט בגילופין, האט איינער פון די באנדיטן זיך א רייב געטון די הענט און געזאגט, אז איצט שטייט זיי פאר א „פעט" שטיקל ארבעט. עס באהאלט זיך דא אוים א געוויסער טורקאוו, ביי וועלכן מען קאן אפלעקן א גוט ביינדל... דער באנדיט האט אים אנגע־רופן דעם נאמען פון אונדזער נייער באלעבאסטע און פון דאקטאראוויטשס ווילי. דער אומבאקאנטער ייד, וועלכער האט געקענט מיראן און געוווסט, אז פריער זענען מיר געווען ביי איר, האט פארשטאנען, אז זי האלט ווייַ־טער אן מיט אונדז דעם קאנטאקט, — האט ער דורך איר אונדז געווארנט וועגן דער געפאר, וואס שטייט אונדז פאר.

איבערלייענענדיק דאס בריוול, האבן מיר זיך בעראטן וואס צו טון. עס איז פאר אונדז געווען קלאר, אז דא קאנען מיר שוין אויך מער נישט פארבלייבן. נישט האבנדיק אבער וווהין צו גיין, זענען מיר געווען גע־

צווונגען צוריקצוגיין צו מיראַן און מאַריאַנען. איזענבערג מיט דער פרוי האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן דאָרט. זיי האָבן זיך נאָר געמאַכט אַ ניי באַהעלטעניש מיט אַן אַריינגאַנג אונטער דער ברענענדיקער קיך, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט דער בלעך אויף אַש. מער ווי צוויי מענטשן האָבן זיך דאָרט נישט געקאָנט אויפהאַלטן.

איצט זענען מיר געווען ביי מיראַ בלאָקצאַ נאָר פינף מענטשן (דיאַנאַ, איך, די שפּאַקס און כמיעלניצקי). סטעפאַן (ראָזענבוים) איז בעת זיין ערשטן אַנטלויפן אַוועק קיין טאַרגוּוועק, נעבן פּראַגע, ווו וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער) האָט אים איינגעאָרדנט ביי אַן עלטערער, איינזאַמער פרוי. אַ פּאָר מאָל האָט ער צו אונדז געשריבן, אַז ער פילט זיך דאָרט איינזאַם; אַז ער בענקט נאָך אונדז, א. א. וו. מיר האָבן אים געענטפערט, אַז אויב ער וויל, קאָן ער צו יעדער צייט צוריקקומען צו אונדז. מיר ווען אים אויפנעמען ווי אַן אייגענעם ברודער, אָבער ער מוז געדענקען, אַז ער טוט עס אויף זיין אייגענער אחריות; מיר קאָנען אים אָבער נישט געבן קיין שום פאַרזיכערונג, פּונקט אַזוי ווי מיר קאָנען עס זיך אַליין אויך נישט געבן. לײדער האָט זיך סטעפאַן (ראָזענבוים) נישט געקאָנט אַנטשליסן. בעתן צוריקמאַרש פון די דייטשן, איז דער ליבער סטעפאַן דערשאָסן געוואָרן.

צוריקקומענדיק אויף דער אַלטער „מעטע”, האָבן מיר באַשלאָסן פון איצט אָן צו היטן זיך פאַר דיביידע באָלעקס — דעם גרויסן און דעם קליינעם (דער קליינער באָלעק האָט נאָך דעמאָלט געלעבט).

ווען מיר זענען ביינאַכט אַנטלאָפן פון אונדזער נייער דירה אין דאָקטאָראָוויטשעס ווויליע, האָבן מיר געבעטן די באַלעבאָסטע צו זאָגן באָלעק טורכעטי, אויב ער וועט זיך פרעגן אויף אונדז, אַז מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. דאָס זעלביקע האָבן מיר אָנגעזאָגט מיראַן און מאַריאַנען. מיר האָבן איינמאָל באַשלאָסן איבערצורייסן מיט אַלעמאָל פאַר אונדזערע „אַפּיטרופּסים” און לעבן אין פאַרגעסנהייט. ווען דער קליינער באָלעק איז צום צווייטן מאָל געקומען נאָך אונדז, האָט די פריערדיקע באַלעבאָסטע אים געזאָגט, אַז מיר זענען אַליין געפאָרן קיין וואַרשע. און אַזוי האָבן טאַקע אַלע געמיינט. אין אַ צייט אַרום, ווען מען האָט פאַרלוירן מיט אונדז דעם קאָנטאַקט, האָבן אַלע אין וואַרשע געמיינט, אַז מיר זענען אומגעקומען.

איינמאָל, בעת באָלעק טורבעטי איז געקומען צו מירא (מיר זענען געלעגן באַהאַלטן אין באַהעלטעניש אונטער דער ערד און געהערט יעדעס וואָרט, וואָס מען האָט אויבן גערעדט), האָט ער זיך שטאַרק באַקלאָגט אויף דער אומדאַנקבאַרקייט פון מענטשן. וויפל ער האָט עס געטון פאַרן ד"ר פעלדשו... עס איז, זאָגט ער, געוועז זיין אַמביציע אים צו ראַטעווען, — האָט זיך ד"ר פעלדשו אויפגעהויבן און אַנטלאָפן פון אים... און איצט די טורקאָווס . . .

— אויב זיי — זאָגט באָלעק — געפינען זיך טאַקע אין וואַרשע, האָב איך צו זיי גאָרנישט, אויב אָבער זיי זענען אַנטלאָפן פון מיר און באַהאַלטן זיך ערגעץ אויס, וועל איך זיי דאָס קיינמאָל נישט מוחל זיין... זיי ווייסן גאָרנישט, וואָס פאַרא גוטער פריינט איך בין זיי. פונקט ווי די פעלדשוס, האָב איך זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אויך זיי צו ראַטעווען, — האָבן זיי זיך אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע טיפּן ווי עמילקאַ, טעאָדאָר און דער קליינער באָלעק. גלויבט מיר, אַז קיין גוטס וועט זיי פון דער דאָזיקער פריינטשאַפט נישט אַרויסקומען . . .

באָלעק טורבעטי האָט זיך אויך באַקלאָגט, אַז פאַר דעם אַלעם גוטס, וואָס ער האָט געטון מענטשן, האָט ער נישט קיין דאַנקבאַרקייט און איצט מוז ער זיך אַליין אויסבאַהאַלטן, ווייל די פּאָליציי זוכט אים אַרום פאַר זיין מיטאַרבעט מיט יידן . . .

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען צו באָלעקס כלה, פּאָליאַ קאַלאַטאַ, אין מאַרקי, געקומען אייניקע ציוויל־געקליידעטע מענטשן און זיך פאָרגעשטעלט ווי שליחים פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. זיי האָבן זיך געפרעגט אויף באָלעק טורבעטי. פּאָליאַ האָט זיי געזאָגט, אַז שוין צוויי וואָכן ווי ער קומט נישט צו איר און זי ווייסט אַפילו נישט, ווו ער איז און וואָס עס איז מיט אים געשען.

— איר זענט פּאָליאַ קאַלאַטאַ? — איז געפאַלן אַ פראַגע.

—יאָ, — האָט זי געענטפערט.

— דאָס איז אייער פאָטער?

— יאָ.

— און דאָס איז אייער ברודער?

— יאָ.

די געקומענע מענטשן האָבן אַלע דריי אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט און דערשאָסן אויפן אָרט.

אויף זונטיק איז אין מאַרקי באַשטימט געוואָרן די לוויה פון די דריי דערשאָסענע קאַלאַטאַס. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַלע האָבן באַ־לעקן אָפּגערעדט פון גיין אויף דער לוויה, איז ער דאָך אַוועק קיין מאַר־קי און געטראָגן אויף זיינע אַקסלען די טרומנע פון זיין געליבטער כלה.

ווען די טרויער־פּראָצעסיע מיט די דריי טרומנעס, איז צוגעקומען צום לעבעדיקסטן טייל פון מאַרקי, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ ריזיקער עולם און אויך פּוילישע פּאָליציאַנטן, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ שי־סעריי פון אַלע זייטן. עס איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע פּאַניק, דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן פונאַנדערצולויפן און אַלע דריי טרומנעס זענען אַוועק־געוואָרפן געוואָרן אויף דער ערד.

ווען די פּאַניק האָט זיך איינגעשטילט, האָט מען נעבן פּאָליאַס טרומנע דערזען ליגן אַ דערשאָסענעם דעם ריז באָלעק טורכעטי . . .

ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, האָט די אונטערערדישע באַוועגונג אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל איבער באָלעק טורכעטי, זיין כלה פּאָליאַ קאַלאַטאַ פאַר זייער מיטאַרבעט מיט די דייטשן . . .

38.

# אונטער אַ האָגל פון פייער און קלעפּ

איינמאָל — דאָס איז געווען אָנהויב מערץ 1944 — ווען מיר זענען געזעסן ביי מיטאָג, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט דאָס בילן פון אונדזער הונט, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. ס'איז געווען זייער אַ טריבער טאָג און ס'איז געפאַלן אַ נאַסער שניי.

מיר האָבן זיך געגרייט אַראָפּצולויפן אין אונדזער באַהעלטעניש, אָבער אונדזער באַלעבאָסטע מיראַ בלאַצקאַ האָט אונדז באַלד באַרואיקט. עפּעס צוויי קינדער פרעגן זיך, צי דאָ וווינט אַ „קאָלעיאַזש" (געמיינט מיך). די

באַלעבאָסטע האָט געענטפערט, אַז דאָ וווינט נישט קיין שום „קאָלעיאַזש״ און די קינדער, זייער פאַרצווייפלט, האָבן זיך שוין געגרייט אַוועקצוגיין. מיין פרוי האָט אויסגעשריגן:

— אפשר איז דאָס אונדזער מארישיע (מאַרגאַריטקעלע)?!

זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר און טאַקע געזען ווי אונדזער קינד און באָזשענקא באַרטשינסקאַ דערווייטערן זיך פונעם הויז.

פרוי מירא איז זיי באַלד נאָכגעלאָפן און זיי אַריינגעבראַכט צו אונדז. אונדזער פרייד איז געווען נישט צו באַשרייבן. די קינדער האָבן פאַרבראַכט מיט אונדז אַ פּאָר טעג.

מיר האָבן זיך פון זיי דערוווּסט, אַז די עלטסטע טאָכטער פון באַר־טשינסקי — דאַנוטאַ נאָוואַטשיק אַרבעט איצט אין „אַ. ק.״ (לאַנד־אַרמיי) און זיי מאַכן אָפּט אָנפאַלן אויף די דייטשע אינסטיטוציעס און פאַבריקן, וואָס אַרבעטן פאַר די דייטשן. לעצטנס האָבן זיי געמאַכט אַן אָנפאַל אויף וועדעלס שאָקאָלאַד־פאַבריק און די גאַנצע סחורה פון דאָרט צוגענומען. ביי זיי אין שטוב — זאָגט מיין קינד — איז איצט אַ גאַנצער סקלאַד פון צוקערוואַרג און ווען די דייטשן וואָלטן דאָרט געמאַכט אַ „וויזיט״, וואָלט מען שיין אויסגעזען... מען באַמיט זיך ווי אַמשנעלסטן אַרויסצוטראָגן די סחורה פון שטוב. אויך מיין טעכטערל איז פאַרנומען ביים פונאַנדערטראָגן די סחורה אין פאַרשידענע ערטער.

איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז זיי האָבן איצט אַ נייעם שכן, וואָס האָט זיך אַריינגעצויגן אויפן זעלביקן שטאָק וואָס זיי און וווינט מיט זיי אַ טיר נעבן אַ טיר. דער שכן אַרבעט אין געשטאַפּאָ און מ׳האָט פון אים געבראָטענע צרות. ער קומט צו זיי אָפּט אַריין און זיי מוזן איצט זיין זייער פאָרזיכטיק... לאַנג אָבער — זאָגט מאַרגאַריטקעלע — וועט ער דאָרט נישט וווינען, ווייל ווי זי האָט געהערט, גרייט מען זיך אָפּצוטון מיט אים אַ שטיקל אַרבעט... שפּעטער האָט מען טאַקע דעם שכן „ליקווידירט״.

דאַנוטאַ נאָוואַטשיק — די עלטסטע טאָכטער פון באַרטשינסקאַ — וועלכע וווינט איצט אין וולאָכי, נעבן וואַרשע, זוכט נאָך אַ וווינונג. אפשר ווייסן מיר — זאָגט זי — פון עפּעס אַ ווילע דאָ, וואָס שטייט נאָענט צום וואַלד. אַזוי ווי מאַריאַן האָט געזאָגט, אַז ער ווייס פון אַזאַ איינזאַמער

ווילנע, האָבן מיר געהייסן אַרויסקומען צו אונדז דאַנוטאַ נאָוואַטשיק און אָנקוקן די דירה.

* * *

די וואָרענונג, וואָס דער פֿאַר מיר אומבאַקאַנטער ייִד האָט געשיקט, אַז מען גרייט זיך צו מאַכן אַן אָנפֿאַל אויף אונדז, האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיק. צוויי טאָג נאָך אונדזער אַוועקגיין פֿון דאָקטאָראָוויטשעס ווי־ליע, איז דאָרט געקומען אַ גרופּע און זיך געפֿרעגט דער באַלעבאָסטע, ווו עס זענען די נייע לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן זיך צו איר אַריינגעצויגן. איזענ־בערג מיט דער פֿרוי האָבן זיך באַוויזן צו באַהאַלטן אין דער נייער באַ־העלטעניש אונטער דער בלעך פֿון קיך. די באַלעבאָסטע האָט זיי געזאָגט, אַז ביי איר איז קיינער נישטאָ. און זי האָט נישט קיין שום לאָקאַטאָרן. די געקומענע האָבן געזוכט אין אַלע שטובן און נישט געפֿינענדיק קיינעם, זענען זיי אַוועק.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען די זעלביקע מענטשן געקומען און גע־שטעלט די זעלביקע פֿראַגע. דאָס מאָל האָבן זיי אָבער שוין נישט גע־וואַרט אויף קיין ענטפֿער, נאָר גלייך אַריין אין שטוב, ווו עס איז גע־שטאַנען די שאַנק און אַוועקגערוקט זי אין אַ זייט. זיי האָבן געפֿונען דאָס באַהעלטעניש און נישט געפֿינענדיק דאָרט קיינעם, האָבן זיי גע־פֿרעגט די באַלעבאָסטע:

— ווו זענען די ייִדן?

— ביי מיר זענען נישט פֿאַראַן קיין שום מענטשן און עס זענען דאָ קיין שום פֿרעמדע נישט געווען — האָט די באַלעבאָסטע געענטפֿערט

— טאָ צו וואָס איז דאָס באַהעלטעניש? — האָבן זיי געפֿרעגט

— איך האָב עס געמאַכט, ווייל אין פֿאַל ווען מען וועט פֿון דאַ־נען עוואַקואירן די ציוויל־באַפֿעלקערונג — האָט זי געזאָגט — וועל איך זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן, צוזאַמען מיט מיינע קינדער.

די נישט געבעטענע געסט האָבן זיך דאָס מאָל זייער ברוטאַל אויפֿ־געפֿירט, געזידלט די באַלעבאָסטע און געהייסן זיך באַצאָלן 5 000 זלאָ־טעס קאָנטריבוציע.

עס האָט נישט געהאָלפֿן איר קלאָגן און בעטן, אַז זי איז אַן אָרע־

מע פרוי, אַז זי פאַרמאָגט נישט אין איר פאַרמעגן אפילו קיין 500 זלאָ־טעס.

— אויב דאָס געלט וועט ביז איבערמאָרגן אָוונט נישט ווערן צו־געגרייט, וועלן מיר אייך איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן פאַר־אויסבאַהאַלטן יידן.

די באַלעבאָסטע האָט טאַקע געמוזט שאַפן די 5 000 זלאָטעס און עס איינצאָלן דער באַנדע

— אויב איר וועט אונדז אָנווייזן, ווו עס געפינען זיך די יידן, וועלכע זענען ביי אייך געווען, וועלן מיר אייך אומקערן די 5000 זלאָ־טעס — האָבן זיי געזאָגט און זענען אַוועק.

איגנאַץ (דער איידעם פון אונדזער באַלעבאָסטע בלאַצקאַ) איז גע־קומען צו אונדז — דאָסמאָל ניכטער — און אונדז געזאָגט, אַז ער האָט גערעדט מיטן שעף פון היגן „אַ. ק." (לאַנד־אַרמיי) ראָטמיסטש קראַכ־מאַלסקי וועגן אונדז און יענער איז גרייט אונדז צו העלפן. אויב מיר ווילן, קאָנען מיר זיך מיט אים טרעפן. ער וווינט נעבן דאָקטאָראָוויטשעס הויז, ווו מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ פּאָר וואָכן.

שפּאַק און כמיעלניצקי האָבן באַשלאָסן אַהינצוגיין צו אים און זיך מיט אים באַקענען. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז קראַכמאַלסקי איז זייער אַן עלעגאַנטער מענטש, אַ גרויסער יידן־פריינט. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער קען מיך. ער וועט זיך באַמיען צו קריגן שטיצע פאַר אונדז.

— ס'איז שוין נישט לאַנג — זאָגט ער — געציילטע חדשים גע־בליבן ביז דער באַפרייאונג, און אפשר גאָר וואָכן... די דייטשן טרעטן אָפּ אויף אַלע פראָנטן און ס'איז צו דערוואַרטן, אַז גאָר בקרוב וועלן מיר זיין פריי . . .

קראַכמאַלסקי האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע מענטשן, אַז זיי זאָלן אַלץ טון, כדי אָפּצוראַטעווען דאָס ביסל יידן וואָס באַהאַלטן זיך אויס און אַז זיי זאָלן באַקעמפן די „שאַנטאַזשיסטן", וואָס לויערן אויף די יידן . . .

דעמאָלט איז קיינעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן (איך האָב אים אין זשיעלאָנקאַ קיין איין מאָל נישט געזען), אַז ראָטמיסטש קראַכמאַלסקי איז אַליין אַ ייד און זיין אמתער נאָמען איז נוימאַן. ער האָט פאַרן קריג

גענאַרבעט אין אַפּפּעלבאַאומס פוטער־געשעפט אין וואַרשע... איך האָב אים גוט געקענט פון געטאָ, ווייל ער האָט געאַרבעט אין „ווערט־ערפאַסונג".

דער דאָזיקער דרייסטער ייד, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון ריטמייסטער קראַכמאַלסקי, האָט די גאַנצע געגנט פון זשיעלאָנקאַ געפירט פאַר דער נאַז, אַלס אָנפירער פון דער זשיעלאָנקער מיליטערישער גרופּע פון „אַ. ק.". זייער אָפט פלעגט ער, מכלומרשט, פאָרן קיין וואַרשע נאָך „אינסטרוקציעס"... אין דער אמתן אָבער איז ער אין דער צייט געווען באַהאַלטן און נישט אַרויס אין גאַס. אויך ער האָט געהאַט אַ גלענצנדיק איינגעאָרדנט באַהעלטעניש, ווו ער האָט צוזאַמען מיט זיין יידישער פרוי — באַקאַנט אין זשיעלאָנקא אַלס „פּאַני מאַרישיא", איבערגעלעבט די מלחמה.

אַנומלט ביינאַכט האָט אָנגעקלאַפּט ביי אונדז אין טיר דער באַלעבאָסטעס איידעם איגנאַץ. אַזוי ווי ער איז געווען טויט־שיכור, האָט מען אים נישט געוואָלט אַריינלאָזן. ער האָט אויפן גאַנצן קול אָנגעהויבן צו שרייען:

— וואָס, מיך, אַ הונדערט־פּראָצענטיקן פּאָליאַק, וועט איר נישט אַריינלאָזן? איך וועל אייך די טירן אויסזעצן. פאַר די „זשידקעס", וועלכע איר באַהאַלט אויס, האָט איר נישט קיין מורא און מיר פאַרהאַקט איר די טיר פאַר דער נאַז . . .

ער האָט אַזוי לאַנג געליאַרעמט און געשריען, ביז איינער פון די שטוביקע איז דורך אַ זייטן־פענצטער אַרויסגעלאָפן נאָך זיין פרוי — זאָכאַ, וועלכע האָט אים קוים באַרואיקט און אַהיימגעשלעפּט. מיר אַלע זענען געווען זיכער, אַז די אַרומיקע שכנים האָבן געהערט די געשרייען און מיר האָבן געציטערט פאַר ווייטערדיקע קאָנסעקווענצן.

* * *

ווען איך בין ווידער געפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין שוועגערין רוזשע בלומענפעלד („פּאַני דאָקטאָר"). זי האָט מיר דערציילט וועגן אירע נייע צרות. דאָרט, ווו זי האָט געוווינט, האָט זי

א פוילישער פּאָליציאַנט אָנגעהויבן צו שאַנטאַזשירן און זי האָט געמוזט פון דאָרט אַנטלויפן און זיך איבערציִען קיין פּיאַסעטשנע, ווו זי האָט געאַרבעט. זי האָט אויך געמוזט צונעמען איר זון יורעק פונעם אָרט, ווו ער איז געווען, ווייל ס'זענען ווידער געקומען שאַנטאַזשיסטן. זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און אַריינגעגעבן יורעקן צו יאַזשעמב־סקין אין וואַרשטאַט, ווו ער זיצט אַ גאַנצן טאָג אין לאָך, צוזאַמען מיט איר מאַן, מיין פרוים ברודער.

איך האָב איר פאַרגעליינגט, אַז זי זאָל יורעקן ברענגען קיין זשיעלאָנ־קאַ און אים איינאָרדענען אין דאָקטאָראָוויטשעס ווילע, ביי דער פרוי, ווו מיר האָבן זיך פריער אויסבאַהאַלטן. עס וועט הייסן אין זשיעלאָנקאַ, אַז ס'איז צו איר געקומען אירם אַ קרוב פון דער פּראָווינץ. קיינעם וועט דאָך נישט איינפאַלן, אַז יורעק איז אַ ייד. אַגב איז ער געווען זייער ענלעך צו דער באַלעבאָסטעס זון — און דאָרט וועט ער זיכער איבערלעבן די מלחמה. איך האָב איר אויך פאַרגעלייגט צו ברענגען קיין זשיעלאָנקאַ דיאַנאַס ברודער און מיר וועלן אים אַריינגעמען צו זיך. וואָס עס וועט זיין מיט אונדז, וועט אויך זיין מיט אים . . .

ליידער איז מיין שוועגערין אויף דעם נישט איינגעגאַנגען. זי איז צוליב דעם לעצטן שאַנטאַזש אויף איר און צוליב די אַנדערע שאַנטאַזשן געווען זייער איבערגעשראָקן. זי האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זשיע־לאָנקאַ און די אומגעגנט האָט אַ שם פאַר אַ באַנדיטן־נעסט און זי האָט מורא זיי אַהינצוברענגען. איך האָב זי שטאַרק צוגערעדט, זי זאָל אַליין קומען אַהין און זען אויפן אָרט, וועט זי זיך איבערצייגן, אַז זי דאַרף מיך הערן. צום אומגליק האָט זי מורא געהאַט אַהינצוקומען, אַזוי איבער־געשראָקן איז זי געווען. אפשר, ווען זי וואָלט געווען אויפן אָרט, וואָלט זי זיך אַנטשלאָסן אויף דעם שריט און אַזוי אַרום וואָלט זי אָפּגעראַטעוועט איר מאַן און זון פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אויף זיי אָנ־געררוקט. זי איז געוואָרן אַזוי נערוועאיש און איבערגעשראָקן, אַז ווען איך בין מיט איר צוזאַמען געפאָרן אין טראַמוויי, האָב איך, נישט געקוקט אויף מיין מונדיר, געקאָנט צוליב איר אַריינפאַלן . . .

און לעצטנס איז שוין פאַר אַ ייד ממש אוממעגלעך צו עטעמען. די „שמאַלצאָווניקעס" זענען געוואָרן אַזוי אויסספּעציאַליזירט אין דער־

שמעקן יידן, אז זיי דערקענען אפילו אזעלכע, וואָס האָבן אַ גוטן אַרישן אויסזען.

זענען יידן איצט זייער פּאָרזיכטיק צו באַווייזן זיך אין גאַס, אָדער שפּילן די ראָל פון „טויב־שטומע" און גייען איבער די גאַסן אַלס בעטלער.

דער באַקאַנטער מיטאינהאַבער פון דער שיפגעזעלשאַפט איבער דער ווייסל פון ברידער עדעלמאַן — יחיאל עדעלמאַן, האָט דורכגעמאַכט דיק פאַרשידענע גילגולים, זיך איינגעאָרדנט אין וואַרשע אויף וואָלסקע נר. 8, אַלס טויבשטומער וולאַדיסלאַוו באָרקאָווסקי. ער האָט באַזאָרגט זיין גרויסע משפחה מיט עסן, גייענדיק איבער די גאַסן ווי אַ בעטלער.

אויך יהודה עלבערג, אַ יונגער יידישער שרייבער, האָט געשפּילט די ראָל פון אַ טויבשטומען, פאַרקויפנדיק האָלץ־אויסאַרבעטונגען פון שפּילצייגן.

גאָר אַ דרייסטע זאַך האָט אָפּגעטון פּאַוועל פרידלענדער פון לעמבערג, וועלכער האָט אויסער אַ גלענצנדיק אַריש אויסזען, געהאַט אויך גוטע פּאַפּירן און ער איז אָנגענומען געוואָרן אַלס הונדערטפּראָצענטיקער פּאָליאַק אַלס אַ פּאָליציאַנט אין 9־טן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט אין וואַרשע... עס איז באַקאַנט, אַז ער האָט נישט נאָר געראַטעוועט זיין אייגן לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון אַנדערע יידן. אַלס פּאָליציאַנט האָט ער געהייסן — ווגוק.

אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעקריגן אין דער פּוילישער פּאָליציי, זענען מיט דער צייט דעמאַסקירט און דערשאָסן געוואָרן.

זייענדיק אין וואַרשע, האָב איך זיך אויך דערוווּסט פון דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט געטראָפן מיטן ד"ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער איז אָנהויב מערץ 1944 (צוזאַמען מיט נאָך 36 יידן) אויסגעגעבן געוואָרן די דייטשן און שפּעטער מיט זיין פרוי יהודית און זייער 14־יעריקן זון אורי דערמאָרדעט געוואָרן אין „פּאַוויאַק".

* * *

סוף מערץ. 12 אַזייגער ביינאַכט. מיר ליגן שוין אין די בעטן און שלאָפן. פּלוצלינג הויבט אָן דער הונט שטאַרק צו בילן. מיר שפּרינגען

שנעל אראפ פון די בעטן, און אלע פינף שפרינגען מיר אין אונדזער באהעלטעניש.

דערווייל הערט מען שוין קלאפן אין טיר און דייטשישע שטימען: „עפענען, דאנערוועטער״... אונדזער באלעבאסטע ברענגט אין ארדענונג די שטוב, ווו מיר זענען געשלאפן און רופט זיך אן: באלד, מיינע הערן, איך וועל נאר אנצינדן דעם לאמפ. איך זוך א שוועבעלע . . .

דאס קלאפן אין טיר ווערט שטארקער און ס׳דערהערן זיך איינצלנע שאסן. די באלעבאסטע עפנט אויף די טיר און עס דערהערן זיך שווערע טריט. מסתמא דייטשישע זשאנדארמען, טראכט איך מיר. ווי נאר די „געסט״ זענען אריין אין שטוב, האבן זיי אונדזער געטרייען הונט אזוי מכבד געווען, אז ער האט תיכף אויפגעהערט צו בילן און איז ערגעצוו פאר־שווונדן געווארן, ווי ער וואלט געזאגט: איך האב מיינס געטון, איצט ראַ־טעוועט זיך אליין!...

אין אונדזער באהעלטעניש הערן מיר דייטלעך יעדעס ווארט פון אויבן:

— ווו זענען די זשידעס? — האבן די „געסט״ געפרעגט שוין אויף פויליש.

— ביי אונדז זענען נישטא קיין שום פרעמדע — ענטפערט פרוי מירא א דערשראקענע.

— ווער איז דער „סקורווי סין״? (הינטישער זון) — פרעגט איי־נער פון זיי.

— דאס איז מיין קוזין — ענטפערט אונדזער איידעלע באלעבאס־טע. מיר דערהערן א שאס. א געשריי. דערנאך ווידער א שאס און אלץ ווערט שטיל. מען האט זיי דערהרגעט, טראכט איך מיר. באלד אבער הערן מיר ווידער א שטים:

— ווו האלטסטו באהאלטן די זשידאווסקע באנדיטן?

— טייערע מענטשן, ביי אונדז איז אויסער אונדזביידע קיינער נישטא — ענטפערט מיט א ספאזמאטיש געוויין אונדזער באלעבאסטע.

— ...אין דיין מאמען אריין — רעוועט איינער פון די געקומענע — אונדז וועסטו נישט נארן... מיר ווייסן, אז דו באהאלטסט אוים יידישע באנדיטן... צי ווייסטו וואס עס קומט דיר דערפאר?

— איך ווייס — פּלאַפּלט די באַלעבאַסטע קוים אַרויס. און די חברה האָט אָנגעהויבן צו זוכן אין אַלע שטובן, אַרויף אויפן ערשטן שטאָק און ווידער צוריקגעקומען. ס׳האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, וואָס איז נאָר איבערגעריסן געוואָרן דורכן קלאַפּן פון די שווערע שטיוול און פון שווערע זיפצן פון אונדזער באַלעבאָסטע.

פּלוצלינג הערן מיר, ווי מען רוקט אַוועק דאָס בעט, וואָס שטייט אויפן אַריינגאַנג פון אונדזער באַהעלטעניש און עס עפנט זיך דער אַריינגאַנג צו אונדז. ס׳הויבט זיך אָן אַ שיסעריי פון אויטאָמאַטן. די קוילן סווישטשען און פליען פאַרביי אונדזערע נעז. מיר פאַררוקן זיך אין אַ ווינקל און קאָרטשען זיך איין אַלע פינף אין איין קנויל. די קוילן הויבן אָבער אָן צו דערגיין אין אונדזער זייט. איך זע, אַז מיר זענען פאַרלוירענע. נישט פרעגנדיק ביי קיינעם, שריי איך אַרויס פון באַהעלטעניש:

— הערט אויף צו שיסן, מיר גייען אַרויס. — מאָמענטאַל האָט זיך אָפּגעשטעלט די שיסעריי.

דער ערשטער איז אַרויס פון באַהעלטעניש יוסף כמיעלניצקי, נאָך אים איך און בראָניסלאַוו שפּאַק, דערנאָך — די פרויען. מען האָט אונדז מכבד געווען מיט אַזעלכע געזונטע קלעפּ, אַז פונקען זענען געפלויגן פאַר די אויגן... איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף מיינע גורל־חברים און דערזען ווי זיי האָבן אויסגעזען, האָב איך שוין פאַרשטאַנען אין וואָס פאַראַ מעמד איך געפין זיך. יוסף כמיעלניצקיס פּנים איז געווען אַזוי דעפאָרמירט, אַז ס׳איז פּשוט שווער געווען צו דערקענען, וווּ עס זענען אַמאָל געווען די אויגן און וווּ דאָס מויל. דאָס בלוט האָט גערונען ווי וואַסער. ווען זיי האָבן געטון זייער „שיינע אַרבעט“, האָבן זיי די מענער געהייסן אויסטון זיך נאַקעט.

אַ גרופּע באַנדיטן האָט זיך אויסגעשטעלט קעגנאיבער אונדז, אויפן טיש, מיט אויטאָמאַטן אין די הענט און אונדז געהייסן זיך שטעלן צו דער וואַנט מיט אויפגעהויבענע הענט. אונדזער סוף — טראַכט איך מיר און פיר אויס זייער באַפעל. זיי האָבן אָנגעהויבן צו שיסן אין אונדזער ריכטונג און אַ ווייַלע האָב איך געמיינט, אַז איך בין שוין דערשאָסן... ווייזט אויס, אַז דאָס קנאַלן, דאָס פייער פאַר מיינע אויגן און דאָס פייפן פון די קוילן האָבן מיך אינגאַנצן צעטומלט און איך האָב זיך נישט אַריענ־

טירט, צי איך לעב נאך. איינס האט מיך נאר געוווּנדערט, וואס איך שטיי אויף די פיס מיט אויפגעהויבענע הענט און בין נישט אומגעפאלן.

די באנדיטן האבן געשאסן אויף רעכס און אויף לינקס, אבער נישט דירעקט אין אונדז, נאר ארום אונדז און איבער אונדז... זיי זענען, הפנים, געווען ערשטקלאסיקע שיסערס.

געענדיקט די דאזיקע סצענע, רופט זיך אן דער אנפירער פון דער באנדע — א מיטליעריקער דיקער פאליאק, אין ברילן (די גאנצע באנדע איז געווען אנגעטון ציוויל):

— און איצט, סקורווי סיני, גיט אפ אייער גאלד און ווערט־זאכן...

איינער פון די באנדיטן האט מיך געהייסן אריינשפרינגען אין אונ־דזער באהעלטעניש און איז מיר נאכגעגאנגען, האלטנדיק דעם אויטאמאט אנגעשטעלט אויף מיר. אין באהעלטעניש האט ער אנגעהויבן צו גראבן אויף אלע זייטן, זוכנדיק פארבאהאלטענע זאכן. נישט־געפינענדיק גאר־נישט, האט ער מיך געהייסן ארויס פון באהעלטעניש און דערנאך איז ער אליין ארויס.

אונדזער באלעבאסטע מירא בלאצקא איז געלעגן אויף די קני א צעבלוטיקטע און נישט אויפגעהערט צו וויינען. מאריאן — א צעמזיק־טער — אין בעט.

— נו, רופט זיך אן איינער פון די באנדיטן צו אונדזער באלעבאס־טע — דו האסט געשווירן, אז דו באהאלטסט נישט קיין זשידעס?! דו ביסט א פאלקע? א חזיר ביסטו, נישט קיין פאלקע. אן ארנטלעכע פאלקע וועט נישט אויסבאהאלטן קיין יידן־באנדיטן . . .

— דאס זענען נישט קיין באנדיטן; דאס זענען ארנטלעכע מענטשן, וואס האבן קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון. שענקט זיי ס'לעבן און גאט וועט אייך דערפאר העלפן — בעט זיך אונדזער באלעבאסטע ביי די באנ־דיטן, פארגיסנדיק זיך מיט טרערן.

— מיר וועלן זיי דערשיסן צוזאמען מיט דיר, דו סוקע, דו... וויל־דעוועט דער יינגסטער פון דער באנדע און פארט דערביי אריין מיט דער פויסט צווישן די אויגן יוסף כמיעלניצקין, אויף וועמענס גורל עס איז געפאלן צו באקומען די גרעסטע פארציע קלעפ...

— און איצט זאג, ווו עס געפינען זיך נאך יידן און ווו איר האט

אייער גאָלד? — װענדט זיך צו מיר איינער פון די רוצחים מיט א באַנדי־טיש פּנים.

— מיר האָבן נישט קיין שום גאָלד און מיר ווייסן נישט, ווו עס זענען דאָ נאָך יידן — ענטפער איך.

— דו ווייסט נישט, הינטישער זון?! וואַרט, באַלד וועסטו שוין וויסן... — שרייט אויס דער באַנדיט מיט א ווילדן כעס. — קום מיט מיר . . .

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין א צווייטער שטוב, צוגעפירט מיך צו א טיר, געהייסן מיר דאָרט אַריינשטעלן די פינגער און פאַרמאַכנדיק די טיר, אָנגעהויבן מיר צו ברעכן די פינגער.

— וואָס, דו שרייסט גאָרנישט? — פרעגט מיך דער באַנדיט פאַר־װוּנדערט.

— א שאָד אייער טרחה. איר קאָנט מיך אפילו אינגאַנצן צעברעכן... מיר האָבן נישט קיין גאָלד און איך ווייס נישט ווו עס זענען נאָך פאַראַן יידן... איבעריקנס, צו וואָס די גאַנצע אינקוויזיציע... דערשיסט מיך בע־סער — האָב איך געזאָגט.

דער באַנדיט האָט זיך פאַרמאָסטן מיר צו דערלאַנגען מיטן אויטאָ־מאַט איבערן קאָפּ. אין דעם אויגנבליק דערהערט זיך פונעם ערשטן צי־מער, ווו אַלע האָבן זיך געפונען, אַן אויסרוף:

— סטאָפּ, פיר אים אַריין!

אין דער צייט, ווען מען האָט מיר געבראָכן די פינגער, האָבן די איבעריקע באַנדיטן באַזוכט מיין פרוי און די איבעריקע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער ערשטער שטוב, זיי האָבן אפילו די פרויען גרינט־לעך באַזוכט. ווען מען האָט געפאָדערט ביי מיין פרוי, זי זאָל אַלץ אָוועק־געבן, וואָס זי האָט, האָט זי אַרויסגענומען פון איר בייטל 5000 זלאָטעס, וועלכע זי האָט געהאַט און עס זיי איבערגעגעבן.

— דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב — האָט זי געזאָגט.

די שפּאַקס און כמיעלניצקי האָבן נישט געהאַט קיין גראַשן געלט.

צונעמענדיק ביי מיין פרוי די 5.000 זלאָטעס, האָט דער אָנפירער פון דער באַנדע גענומען דעם בייטל און געזוכט דאָרט. יעדעס שטיקל האָט ער אַרויסגענומען און גוט באַטראַכט. זיי האָבן, אין אַזא פאַל, געזוכט

אדרעסן פון מענטשן, מיט וועלכע יידן האלטן אן דעם קאנטאקט, שפע־טער זענען זיי אהינגעגאנגען צו די מענטשן און זיי ווייטער שאנטאזשירט. מיר האבן דאס געוווּסט און דערפאר זענען מיר געווען זייער פארזיכטיק בישט צו האבן ביי זיך קיין שום אדרעס, אדער פארצייכנטן נאמען. צווישן די זאכן, וואס מיין פרוי האט געהאט אין בייטל, איז געווען אן אויסשניט פון אן אילוסטרירטער פוילישער צייטונג, ווו עס האט זיך געפונען א בילד פון דעם פוילישן ארטיסט יונאשא־סטעמפאווסקי צוזאמען מיט מיר אין א סצענע פונעם פוילישן פילם „מלאדי לאס". זייענדיק שוין אויף דער ארישער זייט, האב איך צופעליק געזען ביי מיין פריינט גאדייסקי די אילוסטרירטע צייטשריפט. נישט טראכטנדיק דעמאלט וועגן עפעס, האב איך עס אויסגעשניטן און צוגענומען.

ווען דער אנפירער פון דער באנדע האט דערזען דאס בילד, האט ער געפרעגט מיין פרוי, פארוואס זי האלט עס עפעס. זי האט אים געענט־פערט, אז איר מאן איז געווען א פילם־שוישפילער.

— טורקאוו איז אייער מאן? — האט ער מיט פארוווּנדערונג גע־פרעגט. — וואס איז מיט אים געווארן, איז ער אומגעקומען?

— ער לעבט און געפינט זיך אין צווייטן צימער, ווו אייערע מענטשן שלאגן אים — האט מיין פרוי זיך אן דעם אנגעכאפט.

דא האט דער אנפירער פון דער באנדע גלייך אויסגערופן, מען זאל מיך אריינפירן. ווען ער האט מיך דערזען, האט ער מיך א לענגערע ווייל באטראכט (מסתמא האט ער זיך געוואלט איבערצייגן, צי איך בין עס טאַ־קע דער זעלביקער) און אנכאפנדיק זיך מיטביידע הענט פארן קאפ, האט ער אויסגערופן:

— איך האב פריער געדארפט צעברעכן הענט און פיס, איידער איך בין דא אהערגעקומען... — און ער האט זיך געווארפן אויף מיר מיך קושן . . .

איך בין געבליבן שטיין צעמישט, נישט פארשטאנען, וואס דא איז געשען.

— איך בין ביאלעק, קאזשיק ביאלעק... חזרט ער איבער א פאר מאל. — איך קען דיך זייער גוט. איך בין אויך א טעאטער־מענטש. א צייט לאנג בין איך געווען קאנטראלער אין „דאלינא שווייצארסקא" אין

וואַרשע. די לעצטע יאָרן פאַרן קריג, בין איך געווען דער אימפּרעסאַריאָ פון טאַדעק פרענקעל און כאַדאַקאָווסקאַ. איך בין מיט זיי געפאָרן איבער דער פּוילישער פּראָווינץ מיט צוואָידזינסקיס „פרווידס טעאַריע פון חלו־מות". דו — זאָגט ער צו מיר — האָסט דאָך אויך געשפּילט די זעלביקע פּיעסע. אין אַ סך שטעט פון דער פּראָווינץ פלעגן מיר זיך צוזאַמענטרעפן... נו, טייערער מיינער, וואָס מאַכסטו?!...

דערהערט, אַז כ'האָב אַזאַ „יחוסדיקע" באַקאַנטשאַפט, איז מיר אַ ביסל לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ.

ביאַלעק האָט מיר דערציילט, אַז ער איז דער אָנפירער פון אַ „פּאַר־טיי־גרופּע" און קעמפט קעגן די דייטשן... ווי קומט ער אַהער צו אונדז? — מען האָט אים אָנגעוויזן, אַז דאָ באַהאַלטן זיך אויס... יידישע באַנדיטן־קאָמוניסטן.

— און מיר — זאָגט ביאַלעק — באַקעמפן פּונקט אַזוי די קאָמו־ניסטן, ווי די דייטשן... אָנגעוויזן אויף אייך — זאָגט ער — האָט אייערס אַן אייגענער מענטש... איך ווייס, אַז איר קריגט געלט פון דער פּאַרטיי און אַז מיט אַ חודש צוריק האָט איר געהאַט אַ „וסיפּע"*) און די „פּאַר־טיי" האָט אייך אויסגעקויפט, א. אַ. וו. נו, איצט — זאָגט ווייטער ביאַ־לעק — קאָנסטו שוין שלאָפן רואיק. דיר וועט שוין קיין שום שלעכטס נישט געשען. איצט וועסטו זיין אונטער מיין אויפזיכט. צי האָסטו עפּעס אַ שטיקל פון דיינע פּוילישע קאָלעגן אַקטיאָרן? ניין? — נו, ווי נאָר איך וועל קומען קיין וואַרשע, וועל איך זיי שוין דערלאַנגען אַ פּאַרציע, פאַר־וואָס זיי אינטערעסירן זיך נישט מיט דיר. איצט, טורקאָוו, קאָנסטו שוין זיין גאַנץ רואיק... — און ער קושט מיך ווידער. — נו, כלאָפּצי — רופט ער זיך אָן צו זיינע „פּאַך־קאָלעגן" — איר האָט געהערט, וועמען איך האָב דאָ באַגעגנט? ס'איז פאַר מיר — זאָגט ער — אַ גרויסע איבערלעבונג... מען דאַרף ברענגען „בימבער" (בראָנפן) און „זאַגריכע" (פאַרבייסן). דאָ האָט איר 500 זלאָטעס (פון מיינע 5000 — י. ט.) — ווענדט ער זיך צו אונדזער באַלעבאָסטע — און ברענגט מיר גלייך 2 גרויסע פלעשער „בימ־בער" מיט „זאַגריכע".

---

*) פאַרשיט געוואָרן.

— ווער וועט מיר איצט ווען עפענען? ס׳איז דאך 2 ביינאכט — האט די צעשלאגענע באלעבאסטע געענטפערט שוין אן אויפגעלעבטע.

— פאר אונדז זענען אלע טירן אפן — רופט זיך אפ ביאלעק, דער אנפירער פון דער באנדע — מיט אייך וועט מיטגיין איינער פון אונדזערע כלאפצעס.

ווען מירא איז אוועק מיט איינעם פון די באוואפנטע באנדיטן, האבן זיך אלע אויסגעזעצט צום טיש און קודם כל זיך אנטשולדיקט פאר די „אומאנגענעמלעכקייטן", וואס זיי האבן אונדז פארשאפט . . .

— אבער לאמיר פון דעם פארגעסן. וואס געווען איז געווען. פון איצט אן וועט איר זיין אונטער מיין אויפזיכט און קיין האר פון קאפ וועט אייך נישט פעלן — פארזיכערט אונדז ביאלעק.

איינער פון די באנדיטן, וועלכן מען האט גערופן שימאן, האט מיר דערציילט, אז פריער האט ער געהערט צו אן אנדערער „פארטיי", וואס האט ארויסגעטראגן דעם טויט־אורטייל איבער דער פרוי פונעם באריםטן פוילישן ארטיסט קאזשימיעזש יונאשא־סטעמפאווסקי. שימאן מיט נאך א פאר מענטשן פון דער פארטיי. זענען געקומען צו יונאשא אין וווינונג אלס מכלומרשטע קאנטראלארן פון דעם גאז־אנשטאלט, כדי אויסצופירן דעם אורטייל.

ווען זיי זענען אריין אין דער דירה, איז זיי אנטקעגנגעקומען יונא־שא־סטעמפאווסקי. זיי האבן אים געפרעגט, ווו עס איז זיין פרוי. אין דעם אויגנבליק — דערציילט ווייטער שימאן — האט יונאשא ארויסגעכאפט צו זיי דעם רעוואלווער. האבן זיי נישט געווארט אויף קיין כבוד און אוועק־געלייגט יונאשא־סטעמפאווסקין א טויטן אויפן ארט...

דערווייל איז צוריקגעקומען אונדזער באלעבאסטע (מירא) מיטן באנדיט, באלאדן מיט כל טוב: 2 גרויסע פלעשער „בימבער", ווייס ברויט, שינקע, ווורשט און אנדערע זאכן, וועלכע מיר האבן שוין לאנג נישט גע־האט אין אונדזער מויל... און מ׳האט זיך גענומען צו דער סעודה. דעם שנאפס האט מען געטרונקען פון גרויסע גלעזער. איך האב געמוזט מיט־האלטן מיט דער געזעלשאפט און נישט אפשטיין פון זיי... וויפל מען האט אזוי אויסגעטרונקען, ווייס איך נישט, — יעדנפאלס זענען גיך ביידע

פּלעשער געוואָרן אויסגעליידיקט. די פּרוּיען האָבן די „גאַלאַנטע" באַנדיטן דערלויבט נישט צו טרינקען.

ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט זיך די באַנדע מיט אונדז געזעגנט און ביאַלעק — דער שעף פון דער באַנדע — האָט מיר צוגע־וואָרפן:

— זאָלסט נישט האָבן קיין צוטרוי צו די, וואָס רינגלען דיך אַרום און וואָס שפּילן די ראָל פון דיינע מכלומרשטע פריינט. אין דער ערשטער ריי, זאָלסטו זיך היטן פאַר זיי... אויב עס זאָל עפּעס מיט דיר פּאַסירן, זאָלסטו גלייך קומען צו מיר. איך לאָז דיר איבער מיין אַדרעס. אויף אַ שטיקל פּאַפּיר האָט דער טויט־שיכורער באַנדיט אָנגעשריבן: „קאַזשיק ביאַלעק, שיעננאַ גאַס 41, וווינונג 28". ווענסט זיך פרעגן אויף מיר ביים הויזוועכטער, וועט ער דיך שוין אַרויפפירן צו מיר. אין אַ וואָך אַרום וועל איך צו דיר קומען. איך וועל שוין דעמאָלט האָבן גערעדט וועגן דיר מיט די פּוילישע אַרטיסטן. אפשר וועט מיר געלינגען דיך איינצואָרדענען אין וואַרשע. זיי געזונט און האַלט זיך. איך פאַרזיכער דיר, אַז דו וועסט שוין איבערלעבן די מלחמה . . .

אין אַ וואָך אַרום איז דער באַנדיט קאַזשיק ביאַלעק נישט געקומען צו מיר. ער האָט שוין נישט געלעבט.

* * *

ווי נאָר די באַנדיטן זענען פון אונדז אַוועק (די אויטאָמאַטן האָבן זיי פאַרשטעקט אונטער די מאַנטלען), האָב איך זיך דערפילט זייער שלעכט. מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען פון דער איבערלעבעניש, האָט זיך ווידער דערהערט אַ קלאַפּן אין טיר. איך בין שוין קוים־קוים אַראָפּ אין באַהעלטעניש. אין 15 מינוט אַרום האָט אונדז די באַלעבאָסטע געהייסן אַרויסגיין פון דאָרט. מיך האָט מען שוין געמוזט אַרויסטראָגן. איך האָב באַקומען אַ האַרץ־אָנפאַל.

דאָס האָט אונדז באַזוכט אַ שכנה פונעם צווייטן הויז — טשויי־קאָווסקאַ. זי האָט געהערט ביינאַכט ביי אונדז שיסן, איז זי געקומען זיך דערוויסן וואָס עס איז אַזוינס געווען. אונדזער באַלעבאָסטע האָט איר

געזאָגט, אַז דאָס זענען געווען דייטשן, וועלכע האָבן דורכגעפירט ביי איר אַ רעוויזיע, האָבן זיי אין שפּאָס געשאָסן. דערביי האָט זי טשייקאָווסקאַן אַריינגעפירט אין שטוב אַריין און איר געוויזן די לעבער פון די קוילן אין די וואַנט. זי האָט דערביי געהאַט אין זינען, אַז די שכנה זאָל זיך איבער־צייגן, אַז ביי זיי אין שטוב זענען נישטאָ קיין יידן — ווי מען האָט אין זשיעלאָנקאַ חודש געוווּן.

39.

# עוואַקואַציע פון זשיעלאָנקאַ

נאָך דעם לעצטן אָנפאַל אויף אונדז, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז עס האָט שוין נישט קיין שום זין צו זוכן אַנדערע באַהעלטענישן.

אויב מיר האָבן ביז איצט געהאַט אָנפאַלן און שאַנטאַזשן, איז עס, ווייזט אויס, נישט געווען סתם קיין צופאַל. עמיצער ווייזט דירעקט אָן דאָס אָרט, ווו מיר געפינען זיך און מען שיקט אויף אונדז אָן אַגענטן, „שמאַלצאָווניקעס" און באַנדיטן. ווו מיר זאָלן זיך אַלזאָ נישט אויסבאַ־האַלטן, וועט מען אויף אונדז סיי ווי אָנווייזן. האָבן מיר באַשלאָסן מער פון דאַנען זיך נישט צו רירן, איבעריקנס, האָבן מיר דאָך סיי ווי נישט געהאַט וווּהין צו גיין . . .

דערווייל איז אונדזער געגנט וואָס עפּטער באַזוכט געוואָרן פון פאַר־שידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס — לרוב וולאַסאָווצעס, וועלכע האָבן אויף דער ליניע רעמבערטאָוו ־ זשיעלאָנקאַ ־ סטרוגאַ דורכגעפירט מילי־טערישע איבונגען. אין אַזעלכע פאַלן זענען זיי זייער אָפט אַריינגעקומען צו אונדז, כדי זיך אָפּצורוען, אָדער כאַפּן אַ טרונק וואַסער. קיין בילן פון אונדזער דרייפיסיקן, געטרייען הונט האָט מען שוין נישט געהערט. ער איז ביים לעצטן אָנפאַל אויף אונדז אַזוי צעשלאָגן געוואָרן, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געפגרט. מען האָט אים מיט „פּאַראַד" באַגראָבן אין אונדזער גאָרטן . . .

האט מען געמוזט זיין מער פארזיכטיק, און יעדעס מאל, ווען די וולאסאוועס, אדער אנדערע, האבן זיך דערנענטערט צו אונדזער הויז, איז מען גלייך אראפ אין באהעלטעניש.

איך בין געבליבן ליגן אויף דער סאפע. הגם מיינע גורל־חברים זענען שטענדיק גרייט געווען מיך אראפצוטראגן אין באהעלטעניש, האב איך פון דעם רעזיגנירט. איך האב זיך שוין מער נישט געוואלט באהאלטן. א פאר וואכן בין איך אפגעלעגן, ביז כ׳בין געקומען צו זיך. קיין דאקטאר האט מען, צוליב פארשטענדלעכע טעמים, נישט געקאנט ברענגען צו מיר. האט מיר בראניסלאוו שפאק, וואס האט זיך אין זיין פאטערס שטוב אנגעזאפט מיט „מעדיציניש וויסן", כסדר געמאכט מאסאזשן פון ברוסטקאסטן.

ווען די סאלדאטן זענען אריין אין שטוב, איז זיי קיינמאל נישט איינגעפאלן, אז איך בין א ייד.

ווען עס איז צו אונדז ארויסגעקומען דאנוטא נאוואטשיק (די טאכטער פון בארטשינסקים) דינגען אין זשיעלאנקא א זומער־ווינונג, ווי זי האט געוואלט איינארדענען פאר דער פארטיי א געווער־ארסענאל, האב איך זי אליין אפגערעדט דערפון, ווייל כ׳האב מורא געהאט, אז אונדזער מאריאן וועט זיין דער ערשטער, וואס וועט די זאך פארשיטן . . .

לעצטנס האבן מיר געהאט גאר גרויסע צרות פון מאריאנען. ער האלט זיך אין איין ארומרייסן מיט אונדזער באלעבאסטע און ביי יעדן מאל לאזט ער אוים דעם כעס צו אונדזערע קעפ... ער וועט גיין, זאגט ער, אין געשטאפא און ליקווידירן דעם „בייזעל" . . .

די גאנצע צייט האב איך מיט אים גערעדט ווי דורך זיידענע הענטשקעס; דערנידעריקט זיך פאר אים; אפעלירט צו זיין געוויסן און אים פארזיכערט, אז ער וויים גאר אליין נישט ווי גוט עס וועט אים זיין, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן; אז מיר וועלן קיינמאל נישט פארגעסן, אז „אדאנק אים" האבן מיר זיך געראטעוועט. ער וועט דאך זיין, זאג איך צו אים, א העלד, וועלכן מען וועט אויף די הענט טראגן . . .

איך האב נישט אויפגעהערט צו אפעלירן צו זיינע פאטריאטישע געפילן — און פאר א גרויסן פוילישן פאטריאט האט ער זיך דאך געהאלטן — און אים געלייענט די אונטערערדישע בלעטלעך, ווי עס איז

געוועזן איבערגעגעבן דעם „גענעראַל־גאָווערנער" פראַנקס דערקלערונגען
געגן פּאָליאַקן.

— נו, זעסטו — באַמי איך זיך מאַריאַנען צו איבערצייגן —
ווילסטו, אַלס גוטער פּאָליאַק, צוהעלפן די דייטשן אויסצוראָטן די גע־
ציילטע, ביים לעבן איבערגעבליבענע יידן?! די דייטשן וועלן דאָך מיט
אייך טון דאָס זעלביקע, וואָס מיט אונדז . . .

נאָך יעדן אַזא שמועס איז מאַריאַן געוואָרן פרום און גוט — נאָר
צו אַ מכה צוצוליינגן... אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיך ווידער דער־
הערט די זעלביקע דראָאונגען: „געשטאַפּאָ", „בייזעל", — ביז איך האָב
שוין פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט.

איך בין גראָד געוועזן מיט מאַריאַנען אויפן ערשטן שטאָק פון אונ־
דזער דירה. די פענצטער זענען געווען אָפן. נאָך אַ גאַנץ רואיקן שמועס
וואָס מיר האָבן געפירט, איז מאַריאַן פּלוצלינג אַרויף אויף אַ טעמע, וואָס
האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אַז ער האָט נישט וואָס אָנצוטון, אַז ער גייט
אין אַ צעריסענעם אָנצוג אום... בכלל צו וואָס שטעלט ער איין זיין קאָפּ
פאַר אונדז! ער וויל — זאָגט ער — מער נישט ריזיקירן, ער וויל נישט
פאַרלירן זיין יונג לעבן צוליב אונדז. ער האָט — זאָגט ער — באַשלאָסן
נאָך היינט צו גיין אין געשטאַפּאָ און מעלדן זיי, אַז דאָ געפינען זיך 5
יידן . . .

נישט קאָנענדיק מער באַהערשן מיינע נערוון און נישט רעכענענ־
דיק זיך מיט קיין שום קאָנסעקווענצן, בין איך אַרוים מיט לשון:

— דו, באַנדיט, וואָס מיינסטו, אַז מיר ווייסן נישט ווער דו ביסט?!
די אונטערערדישע באַוועגונג האָט שוין לאַנג אַרויסגעטראָגן אויף דיר
אַ טויט־אורטייל. מיר ווייסן וועגן אַלע דיינע מעשים... איך האָב זיך אָבער
איינגעשטעלט פאַר דיר, אַז דו ביסט געוואָרן אַן אָרנטלעכער יונג; אַז דו
טוסט איצט קיינעם נישט קיין שלעכטס און דערפאַר האָט מען איבער דיר
נישט אויסגעפירט דעם טויט־אורטייל. אויב דו לעבסט נאָך, האָסטו עס
נאָר מיר צו פאַרדאַנקען. אויב אָבער עס וועט עמיצן פון אונדז דאָ עפּעס
געשען, מעגסטו זיין זיכער, אַז דו וועסט נישט לעבן. ווו דו זאָלסט זיך
נישט אויסבאַהאַלטן, וועט מען דיך געפינען... און איצט, גיי, אויסוואורף,
אין געשטאַפּאָ און דערציייל זיי, אַז דאָ געפינען זיך יידן . . .

איך האָב זיך אַזוי איבערגענומען מיט מײַנע רייד, אַז כ'האָב אינ־גאַנצן פאַרגעסן אין אונדזער זיכערקייט און געשריגן אויפֿן גאַנצן קול. מאַריאַן איז געוואָרן ווײַס ווי די וואַנט און אָנגעהויבן אינגאַנצן צו ציטערן און מיך צו באַרואיקן (צו דעם אַלעם איז ער געווען אַ גרויסער פּחדן און געציטערט פֿאַר זײַן לעבן):

— אָבער פּאַניע יאַנקו, באַרואיקט אײַך... מען וועט דאָך דערהערן פֿון דרויסן... איר וועט אָנמאַכן אַן אומגליק . . .

דערבײַ איז ער צוגעלאָפֿן צו די פֿענצטער און זיי שנעל פֿאַרמאַכט. הערנדיק מײַן געשריי, איז דער גאַנצער עולם פֿון אונטן אַרויפֿגעלאָפֿן און מיך אָנגעהויבן צו באַרואיקן. מאַריאַן האָט זיך גענומען פֿאַרענט־פֿערן, אַז ער האָט זיך נאָר געוויצלט, אַז ער וואָלט אונדז קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געטון, א. אַ. וו.

ווי עס זאָל נישט זײַן, האָט די לעקציע, וועלכע איך האָב אים גע־געבן, גוט געווירקט אויף אים. פֿון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אַזוי געביטן, אַז ער איז אונדז פּשוט געקראָכן אונטער די נעגל... מען האָט שוין פֿון זײַן מויל מער נישט געהערט אַזעלכע ווערטער, ווי „געשטאַפּאָ", „בייזעל", „ליקווידירן" און אַנדערע. אַ סך דערצו האָט, פֿאַרשטייט זיך, גורם געווען די אַלגעמיינע לאַגע אויפֿן פֿראָנט. די גרויסע נצחונות, וואָס די רויטע אַרמיי האָט אָפּגעהאַלטן איבער די דײַטשן, האָט עדות געזאָגט דערפֿאַר, אַז גאָר בקרוב קאָנען מיר געהאָלפֿן ווערן . . .

די פֿאַרבינדלערין צווישן אונדז און וואַרשע פֿלעגט איצט זײַן די אַלטע ניאַניע פֿון שפּאַקן. יעדן חודש פֿלעגט זי אַהינפֿאָרן און אונדז ברענ־גען געלט פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועלכעס עס פֿלעגט אי־איבערגעבן וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער). אַזוי איז אַוועק אַ חודש נאָך אַ חודש, ביז מיר האָבן דערזען אַנגעהויבן צו פֿילן, אַז די דײַטשישע אַרמיי טרעט אָפּ . . .

אין חודש יוני 1944 איז צו אונדז גאַנץ אומדערוואַרט אָראָפּגעקו־מען, אײנע אַליין, אונדזער מאַרגאַריטקעלע. זי האָט געזאָגט די באָרטשינ־סקיס, אַז זי גייט עפּעס קויפֿן און דערווײַל איז זי צוגעלאָפֿן צו דער באַן און אַוועקגעפֿאָרן קיין זשיעלאָנקאַ... מיט ביטערע טרערן האָט זיך אונ־

דזער קינד געבעטן ביי אונדז, אז מיר זאָלן זי לאָזן פארבלייבן מיט אונדז; זי וויל נישט — זאָגט זי — מער צוריקגיין צו די באַרטשינסקיס.

— וואָס עס וועט זיין מיט אייך — קלאָגט זי — זאָל אויך זיין מיט מיר. איך קאָן מער נישט זיין אָן אייך. איך וועל עס לענגער נישט אויס־האַלטן . . .

מיר האָבן איר געגעבן צו פארשטיין, אז זי מוז ליידער צוריקפאָרן. שוין נישט לאַנג און די מלחמה וועט זיך דאָך ענדיקן. דעמאָלט וועלן מיר שוין ס'גאַנצע לעבן זיין צוזאַמען און זיך מער נישט שיידן. אָבער איצט טאָר זי נישט זיין מיט אונדז, ווייל צוליב דעם קאָנען מיר אַלע אומקומען. מיר האָבן נישט קיין רעכט איינצושטעלן איר לעבן, ווייל זי, אַלס אַ מכלומרשטע קריסטין, האָט אַלע שאַנסן זיך צו ראַטעווען. צוליב אונדז קאָן זי אויך אומקומען . . .

אונדזער קינד האָט אָבער געהאַלטן אין איין טענהן, אז זי וועט מער נישט צוריקגיין צו דער באַרטשינסקאַ; זי וויל מער נישט זיין אָן אונדז. זי האָט אונדז געוואָלט איבערצייגן, אז פאַר אונדז וועט אויך זיין בעסער, ווען זי וועט זיין מיט אונדז צוזאַמען... זי — זאָגט מאַרגאַריטקעלע, מוז זיך דאָך נישט אויסבאַהאַלטן — זי איז דאָך אַ „קריסטין".

— אין פאַל פון אַ געפאַר, וואָס וועט אייך דראָען — זאָגט זי — וועל איך אייך אָפּהיטן . . .

ס'איז געווען פאַר אונדז אַ שווערע איבערלעבונג. די לאָגיק האָט אָבער גובר געווען אונדזערע געפילן. לאַנג, לאַנג האָבן מיר אין איר אריינ־געטענהט, ביז עס איז אונדז געלונגען זי צו איבערצייגן, אז זי מוז צוריק־פאָרן קיין וואַרשע. מיט אַ שווער געמיט האָבן מיר זיך געזעגנט. דעמאָלט האָבן מיר נאָך נישט געפאַראויסגעזען וויפל צרות און הארצווייטיק מיר וועלן שפּעטער האָבן צוליב דעם, וואָס מיר האָבן זי אָפּגעלאָזט . . .

אין חודש יולי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען לובלין און מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי, דער הויפּטאָנפירער פון דעם פראָנט, גייט אויף וואַרשע.

צוזאַמען מיט די גוטע ידיעות זענען אָבער צו אונדז דערגאַנגען אויך שלעכטע ידיעות: די דייטשן פארברענען הינטער זיך אַלע דערפלעך און טרייבן פון זיי אַרויס די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג אין דער ריכ־

טונג פון װאַרשע. מען װעט אויך מוזן, זאָגט מען, עוואַקואירן זשיע־לאַנקאַ . . .

אונדזער באַלעבאָסטע מירא בלאַצקא קומט אַהיים אַ פאַרוויינטע. די קלאַנגען, זאָגט זי, באַשטעטיקן זיך. ס'איז דאָ אַ באַפעל, אַז אַלע אָן אויסנאַם מוזן פאַרלאָזן זשיעלאַנקאַ, ווייל דער פראָנט דערנענטערט זיך צו אונדז. די דייטשן וועלן גיין פון הויז צו הויז און קאָנטראָלירן; ווען זיי וועלן עמיצן געפינען, וועלן זיי דערשיסן אויפן אָרט. אין זשיעלאַנקאַ ברעכט אויס אַ גרויסע פּאַניק. אַלע זענען פאַרצווייפלט. דער עולם פּאַקט זיך שוין און היינט ־ מאָרגן פאַרלאָזן זיי זייערע היימען.

בלאַצקאַ פרעגט אונדז, וואָס מיר האָבן בדעה צו טון, ווייל זי מיט מאַריאַנען גייען קיין װאַרשע. איר טאָכטער רעגינאַ איז שוין געווען אין װאַרשע. מיר (די 5 יידן) באַשליסן נישט צו רירן זיך פון אָרט. מיר באַמיען זיך צו ווירקן אויף אונדזער באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אויך נישט גיין; זי זאָל זיך מאַכן קראַנק און זיך לייגן אין בעט אריין. אַן עלטערע, קראַנקע פרוי וועט מען דאָך נישט טשעפּען. און מיר וועלן זיך אויסבאַהאַלטן. מיר רעדן איר איין, אַז די דייטשן וועלן דאָך נישט אונטערצינדן די הייזער — דאָס סטראַשען זיי נאָר אַזוי . . .

מיר האָבן אַזוי לאַנג אין איר אַריינגעטענהט, ביז זי האָט זיך געלאָזט איבעררעדן און זי איז פאַרבליבן. מיר בויען אויס אַ נייַ באַהעלטעניש. אונטער דער װעראַנדע האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ גרוב, וואָס האָט זיך געענדיקט אין גאָרטן. דעם אַריינגאַנג האָבן מיר געמאַכט דורך דער שוועל פון דער װעראַנדע, וועלכע האָט זיך געלאָזט אַרויסנעמען און פון אונטן, פונעם גרוב, פאַרמאַכט געוואָרן. מיר האָבן אויף שנעל אָנגעהויבן צו באַקן סוכאַרעס און צוגעגרייט פלעשער מיט וואַסער, כדי צו זיין גרייט אויף יעדן פאַל.

מאַריאַן האָט אויך באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן, אָבער אויף דער צווייטער זייט פון אונדזער הויז, דאָרט, וווּ עס איז פריער געווען אונדזער באַהעלטעניש. איגנאַץ (אונדזער באַלעבאָסטעס איידעם) איז אַוועק מיט זיין גאַנצער משפּחה צוזאַמען מיט דער עוואַקואירטער באַפעלקערונג.

טאָג און נאַכט האָבן פאַר אונדז פאַרביי געצויגן לאַנגע שנורן פון דייטשן, אונגאַרן און וולאַסאָוועס. אין בהלה זענען זיי געלאָפן אין דער

ריכטונג פון ווארשע. דער שאָסיי איז אויך פול געווען מיט ציוויל־מענטשן; עוואקואירטע פון די פראָנט־אָרטשאַפטן; פורן מיט זאכן; מען האָט גע־טריבן פאַר זיך בהמות. דער הימל איז שווארץ געווען פון עראָפּלאַנען, וועלכע זענען געפלויגן פון פראָנט און צום פראָנט. פּלוצלינג האָט זיך דייטלעך אָנגעהויבן צו הערן דאָס שיסן פון האַרמאַטן. דער פראָנט דער־גענטערט זיך... צי שוין זשע קומט די ישועה פאַר אונדז?! עס גלויבט זיך נישט אין אַזאַ נס.

מיר זענען שוין אין אונדזער בונקער. די באַלעבאָסטע מירא בינדט זיך אַרום דעם קאָפּ מיט אַ טוך און ביי יעדן קלאַפּ אין טיר לייגט זי זיך אין בעט אַריין. די אָבטרעטנדיקע סאָלדאַטן קלאַפּן פון צייט צו צייט אין אונדזער טיר. קיינער עפנט נישט. זיי איילן זיך אַזוי, אַז זיי לויפן ווייטער. מסתמא זענען די רוסן שוין זייער נאָענט. די האַרמאַטן־קאַנאָנאַדע הערט זיך טאַקע וואָס אַמאָל נענטער.

די אַלטע ניאַניע פון שפּאַקן, וועלכע מיר האָבן געשיקט קיין וואַר־שע, איז נישט צוריקגעקומען.

אַרום אונדז ווערט שטיל. ווי אַלץ וואָלט אויסגעשטאָרבן. מסתמא דערנענטערן זיך שוין צו אונדז די רוסן.

פּלוצלינג ווערט אָבער ווידער לעבעדיק: ס'הויבט אָן צוריקצוקו־מען דאָס דייטשישע מיליטער. די שיסערייַ און באָמבאַרדירונגען ווערן אַלץ שטאַרקער. צי שוין זשע זענען די רוסן צוריק אָפּגעטרעטן?

ליגנדיק אין אונדזער בונקער הערן מיר בייַנאַכט אַ שטאַרק גע־רויש און דערנאָך דייטשישע שטימען. מען קלאַפּט אין דער טיר פון אונ־דזער ווערענדע. ווען אונדזער באַלעבאָסטע הערט, אַז מען הויבט אָן אויפ־צורייסן די טיר, גייט זי אַראָפּ פון בעט און עפנט אויף. איבער אונדזערע קעפּ הערן מיר מאַרשירן שווערע שטיוול.

— וואָס טוט איר דאָ? — הערן מיר דייטשישע שטימען. אונדזער באַלעבאָסטע ענטפערט אויף פויליש, אַז זי איז קראַנק און דערפאַר האָט זי זיך נישט געקאָנט עוואקואירן . . .

— אָבער דו געפינסט זיך דאָך אויפן סאַמען פראָנט — זאָגן זיי צו איר. — נו, אויב דו ווילסט איינשטעלן דיין לעבן — בלייב.

זיי האָבן זיך געהייסן ווייזן די דירה, וועלכע איז זיי, צו אונדזער שלימזל, געפעלן געוואָרן.

— ס'וועלן דאָ באַלד קומען אָפיצירן, וואָס וועלן זיך דאָ איינקוואַר־טירן. און דו — ווענדן זיי זיך צו אונדזער באַלעבאָסטע — וועסט שלאָפן אויבן אין קיך. איצט ברענג אַלץ אין אָרדענונג, ווייל דאָ וועלן איינ־שטיין הויכע אָפיצירן.

ווען די דייטשן זענען אַרויס, איז די באַלעבאָסטע שנעל צוגעלאָפן צו אונדז, אָנגעקלאַפּט אין דער שוועל (אונדזער אַריינגאַנג), וועלכע מיר האָבן געעפנט אויף אַ פּאָר מינוט, כדי אַריינצולאָזן אַ ביסל פרישע לופט.

— אפשר וועט איר אַנטלויפן? — פרעגט זי אונדז מיט רחמנות־געפיל . . .

מיר האָבן צוריק פאַרמאַכט די שוועל און אַלע פינף זיך איינגע־קאַרטשעט אין אונדזער גרוב.

## 40.

# אונטער דער ערד

שוין איבער אַ וואָך צייט ווי איך ליג אין גרוב, צוזאַמען מיט דיאַ־נאַ, בראָנעק און האַלינאַ שפּאַק און יוסף כמיעלניצקי. אויף דער ערד האָבן מיר אויסגעלייגט פּעקלעך, אויף וועלכע מיר זענען געזעסן. ווענן אויסציִען זיך אין דער לענג האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ווייל דער בונקער איז געווען צו קליין. מיר זענען געזעסן אָנגעטון אין מאַנטלען און היטלעך. בראָנעק שפּאַק האָט נישט געהאַט קיין מאַנטל, ווייל די „שמאַלצאָווניקעס" האָבן עס אים בעתן ערשטן אָנפאַל צוגערויבט. ער איז געזעסן איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע. אין דרויסן איז שוין געווען זייער הייס, אָבער מיר זענען דאָ, אונטער דער ערד, געפרוירן געוואָרן. די ערד אונטער און אַרום אונדז איז געווען אײַנגאַנצן נאַס. פון די זייטן האָט זיך כסדר געשיט זאַמד. כדי די ערד פון אויבן זאָל זיך נישט אָפּרייסן,

האָבן מיר דעם סופֿיט אויסגעלייגט מיט ברעטער און פֿון די זייטן אונ־טערגעשפּאַרט מיט פֿיר ברעטער־קלינעס.

פֿונעם כסדרדיקן באָמבאַרדירן און אַרטילעריע־שיסעריי, וואָס האָט ממש אויפֿגעטרייסלט די ערד און פֿונעם גיין מיט די שווערע שטיוול איי־בער אונדזערע קעפּ, האָבן זיך די ברעטער אַראָפּגערוקט און עס האָט זיך אַ שאָט געטון אויף אונדז אַ מאַסע זאַמד. ס׳האָט אונדז געדראָט פֿאַר־שיט צו ווערן. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג האָבן מיר צוריק אויס־געגלייכט די ברעטער, מיט די הענט אַריינגעשיט זאַמד און צוריק באַפֿעס־טיקט די „געביידע״ אויף ווי ווייט אונדזערע אויסגעשעפּטע כוחות האָבן עס דערלויבט. דאָס אַלץ האָט מען געמוזט אָפּטון פּאָרזיכטיק, אַז אויבן, איבער אונדזערע קעפּ, זאָל מען קיין שאָרך נישט דערהערן.

מיר האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו עטעמען. די לופֿט איז צו אונדז צוגעקומען דורך די שפּאַרעס און וואָס ווייטער. איז אונדז אַלץ שווערער געוואָרן צו עטעמען. די גאַנצע צייט, ווען מיר זענען געלעגן אונטער דער ערד, האָבן מיר צווישן זיך קיין וואָרט נישט גערעדט, ווייל מיר האָבן אַלץ מורא געהאַט, אַז די דייטשן איבער אונדז זאָלן אַמאָל נישט אויפֿכאַפּן דעם מינדעסטן קלאַנג... ליגנדיק אַזוי אין בונקער, האָב איך נישט איין מאָל געבענטשט דעם דאָקטאָר אַלפּרעד מאַזור, וואָס האָט מיר אין געטאָ אויסגעשניטן מיינע האַלדז־מאַנדלען, ווייל אַנדערש, וואָלט איצט נישט נאָר איך, נאָר אַלע איבעריקע אַריינגעפֿאַלן צוליבן הוסט, וואָס האָט מיך, ביז דער אָפּעראַציע אין געטאָ, נישט פֿאַרלאָזט. צום גליק האָט קיינער פֿון אונדז אַפֿילו קיין נים נישט געטון... און אַלץ איז דער־ווייל געגאַנגען כשורה.

פֿון די שמועסן, וואָס די איינגעקוואַרטירטע דייטשן האָבן געפֿירט איבער אונדז, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין אונדזער הויז געפֿינט זיך דער שטאַב פֿון אַ פּאַנצער־דיוויזיע פֿון ס. ס., אויפֿן נאָמען פֿון הערמאַן גערינג. מען האָט זיי נאָר וואָס אַריבערגעוואָרפֿן אַהער פֿונעם איטאַליע־נישן פֿראָנט. זשיעלאַנקאַ געפֿינט זיך איצט אין סאַמע צענטער פֿון פֿראָנט, וואָס ציט זיך פֿון סטרוגאַ, איבער זשיעלאַנקאַ קיין רעמבערטאָוו און ווייטער.

די שטאַב־אָפֿיצירן האָבן זיך באַקלאָגט אויף די שווידערלעכע באַדינ־

גונגען, אין וועלכע עס קומט זיי איצט אוים צו קעמפן אויף דעם — ווי זיי האָבן געזאָגט — שמוציקן, באָלשעוויסטישן פראָנט... דאָרט, אין איטאַליע, האָבן זיי געזאָגט, האָט מען געקעמפט ביז 3 אזייגער נ"מ. דערנאָך האָט מען איבערגעריסן די קאַמפן און אפילו זיך צונויפגעטראָפן מיטן שונא. אויפן איטאַליענישן פראָנט איז דער פאַנצער־דיוויזיע אויסגעקומען צו קעמפן מיט די ענגלענדער, מיט וועלכע זיי פלעגן נאָך די קאַמפן שפּילן אין פוטבאָל... אָבער מיט די אַזיאַטן, זאָגן זיי, איז נישטאָ קיין רו, נישטאָ קיין שלאָף. שטענדיק מוז מען זיין גרייט אויף אַן איבערפאַל מצד די ווילדע אַזיאַטן, וועלכע ווייסן נישט פון קיין דזשענטלמענישן קאַמף... זיי האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער ביטערן גורל, וואָס האָט זיי אַהערגעבראַכט אויף דעם געפערלעכן פראָנט . . .

פון זייערע שמועסן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז רוסישע טאַנקען זענען שוין געווען אויפן שאָסיי נעבן אונדז. איצט געפינען זיך די רוסישע אָפּטיילונגען פון יענער זייט ושיעלאַנקאַ. צו אונדזער אומגליק האָבן זיך די רוסישע אָפּטיילונגען נישט גערירט פון אָרט און זענען געשטאַנען אַזוי פון יענער זייט זשיעלאַנקאַ איבער 6 וואָכן צייט.

מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז אין וואַרשע איז דעם 1־טן אויגוסט אויסגעבראָכן אַ פּוילישער אויפשטאַנד. די דייטשן האָבן עס אָנגערופן: בונט. זיי האָבן אָבער געהאָפט אין משך פון אַ פּאָר טעג זיך אַן עצה צו געבן מיט די בונטאָווטשיקעס. דער „פירער" (היטלער), זאָגן זיי, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָפּצווישן וואַרשע פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד. דידאָזיקע „אַרבעט" איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אויסגעפרוווטן ס. ס.־אָבערגרופּען־פירער פאָן דעם באַך־זשעלעווסקי, — דאָס זאָל זיין זייער אַ גרויזאַמער און אַכזריותדיקער מענטש און אַ ספּעץ פון פּאַרטיזאַנער־קאַמפן. באַך־זשעלעווסקי נעמט צונויף פאַרשידענע אָפּטיילונגען, וואָס באַשטייען פון פאַרברעכער און קרימינאַליסטן, זיי זאָלן פאַציפיקירן וואַרשע. צווישן אַנדערע ברענגט ער אַראָפּ קיין וואַרשע קאַמינסקיס בריגאַדע, וואָס האָט זיך שוין קונה שם געווען פון אירע אַכזריותן איבער דער ציוויל־באַפעלקערונג אין רוסלאַנד.

קאַמינסקי אַליין איז אַ פּאָליאַק, וואָס האָט צוליב געוויסע חטאים געמוזט, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, אַנטלויפן פון פּוילן. ער איז אָנגעקומען

קיין רוסלאנד און מיט דער צייט איז ער געוואָרן קאַפּיטאַן פון דער סאָ־וויעטישער אַרמיי. בעת דער איצטיקער מלחמה איז קאַמינסקי מיט זיין אָפּטיילונג אַריבער צו די דייטשן און איז פון זיי אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אָפיציר פון דער דייטשישער אַרמיי. ער האָט שנעל אַוואַנסירט, ביז ער איז געוואָרן בריגאַדע־גענעראַל... קאַמינסקי האָט געשאַפן פאַר די דייטשן אַן אַרמיי פון רוסישע דעזערטירן און פאַרברעכער, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַ סך קאָזאַקן, — דערפאַר טאַקע האָט מען גערופן: קאַ־מינסקיס קאָזאַקן־בריגאַדע. קאַמינסקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אומברחמנותדיקייט לגבי די רוסישע געפאַנגענע און ציווילע באַפעלקע־רונג. זיין אַמביציע איז געווען צו ווערן אַ צווייטער וולאַסאָוו. איצט איז דער דאָזיקער אַכזר אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין ווארשע דורכן ס. ס.־גענעראַל באַך־זשעלעווסקי צו מאַכן דאָרט אָרדענונג . . .

הערנדיק די דאָזיקע נייעס, איז אונדז געוואָרן נאָך שווערער און ביטערער אויפן האַרצן: אונדזער איינציק קינד געפינט זיך דאָך אויך דאָרט . . .

עס דערטראָגן זיך פון ווארשע אומאויפהערלעך קאַנאָנאַדעס, באָמ־באַרדירונגען און אויפרייסן. די ערד ווערט צעטרייסלט פון די שיסערייען און דעטאָנאַציעס. אַן אמתער גיהנום ! . . .

פלוצלינג דערפילן מיר אין אונדזער גרוב ווי עפּעס וואָלט זיך גע־ברענט. אונדזער בונקער ווערט פול מיט רויך. מיר הויבן זיך אָן צו שטיקן און מיט גרויס אָנשטרענגונג האַלטן מיר איין דעם הוסט. וואָס איז דאָס, — צי שוין־זשע ברענט אונדזער הויז?! נאָך דאָס האָט אונדז געפעלט! אָבער אונדזער געטרייע באַלעבאָסטע האָט אונדז דאָסמאָל אויך נישט פאַרלאָזט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט איינער פון די שטאַב־אָפיצירן אוועקגעוואָרפן אַ נישט דערראויכערטן פּאַפּיראָס אויף דער וועראַנדע, וווּ עס איז געווען אָנגעוואָרפן מאַסן שמאַטעס. זיי האָבן אָנגעהויבן צו טליען. ווער וויים מיט וואָס דאָס וואָלט זיך פאַרענדיקט, ווען אונדזער באַלעבאָסטע וואָלט נישט דערפילט דעם רויך און נישט אַרויסגעוואָרפן אין גאָרטן אַריין די טליענדיקע שמאַטעס. מיר האָבן געהאַט מזל, וואָס אין דער זעלביקער צייט זענען אַלע אָפיצירן מיט זייערע אָרדינאַנסן אַרויס אויף אַ געוויסע צייט פון שטוב און מיר האָבן געקאָנט עפענען די שוועל,

ד. ה. דעם אריינגאַנג אין אונדזער בונקער און אויסלופטערן אים. מען האָט אים אָבער באַלד ווידער געמוזט פאַרמאַכן, ווייל עס זענען צוריק־געקומען די אָרדינאַנסן, כדי זיך צו פאַרפּאַקן. זיי גייען, זאָגן זיי, קיין סטרוגאַ. דאָ, אין זשיעלאָנקאַ, וועלן פאַרבלייבן בלויז אונגאַרן. די לאַגע — זאָגן זיי צו אונדזער באַלעבאָסטע — איז נישט גוט. די באָלשעוויקעס זענען שטאַרק... היינט־מאָרגן וועלן זיי פאַרנעמען זשיעלאָנקאַ . . .

די „נישט גוטע" ידיעה האָט אונדז גראָד זייער דערפרייט. מיר זענען שיער פון זינען נישט אראָפּ, אָבער געמוזט די פרייד שטיקן אין זיך, ווייל די געפאַר אַרום אונדז איז נאָך געווען זייער, זייער גרויס. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דעם „היינט־מאָרגן" . . .

ליידער איז ער נישט געקומען נישט היינט און נישט מאָרגן און נישט אַ סך, אַ סך מאָרגנס. פון דעם טאָג אָן האָבן מיר זיך נאָך געפונען איבער אַ חודש צווישן צוויי פייערן, אויפן סאַמע פראָנט. די כוחות האָבן אונדז שוין אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן און — וואָס דאָס ערגסטע — אויך די האָפענונג. מיר זענען געלעגן אין אונדזער גרוב אַלע פינף איינגעקאָר־טשעט און אָנגעשפּאַרט איינער אויפן אַנדערן. אונדזער אייניציקער ווונטש איז געווען צו קאָנען אַ ביסל איינשלאָפן . . .

אין זשיעלאָנקאַ געפינט זיך שוין נישט קיין איין דייטש, נאָר בלויז אונגאַרן. אונדזער באַלעבאָסטע האָט באַשלאָסן זיי נישט אַריינצולאָזן אין שטוב. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר פאַר די מאַדיאַרן האָט זי שוין נישט געהאַט קיין מורא. זי האָט אונדז נאָר געוואָלט איבערצייגן, אַז מיר קאָנען דרייסט אַרויסגיין פון אונדזער בונקער. מיר האָבן זיך אָבער נישט גע־לאָזט צורעדן און באַשלאָסן ווייטער צו בלייבן אויסבאַהאַלטן. דערפאַר אָבער האָבן מיר עפּטער געהאַלטן אָפן דעם אַריינגאַנג אין גרוב, כדי פרישע לופט זאָל אַריין און צו קאָנען זיך אויסגלייכן די ביינער.

איינמאָל פאַרנאַכט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין טיר. אונדזער באַלעבאָסטע האָט זיך נישט אָנגערופן. ווען זי האָט אָבער גע־הערט, אַז מען נעמט זיך אויפרייסן די טיר, איז זי צוגעגאַנגען און גע־פרעגט ווער דאָס איז.

— איך וויל אַ ביסל וואַסער — האָט זיך עמיצער אָנגערופן אויף אַ צעבראָכענעם רוסיש. דאָס איז געווען אַן אונגאַרישער סאָלדאַט. די באַ־

לעבאָסטע האָט געעפנט די טיר. דער אונגאַר איז אַריין און זי געפרעגט, צי זי איז אַליין. זי האָט אים געענטפערט, אַז זי איז זייער קראַנק און דער־פאַר האָט זי זיך נישט געקאָנט עוואַקואירן. דער אונגאַר איז געוואָרן שטאַרק צודרינגלעך. זי האָט אים אָנגעהויבן צו בעטן, ער זאָל זי אָפּלאָזן; זי איז דאָך שוין אַלט און זי וואָלט געקאָנט זיין זיין מאַמע. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, דער אונגאַר איז געוואָרן אַלץ מער צודרינגלעכער. ווען זי האָט געזען, אַז נישט קיין בקשות און נישט קיין טרערן העלפן, איז זי אַנידערגעפאַלן אויף די קני פאַרן בילד פון דער „מאַטקאַ באָסקאַ" און אָנגעהויבן הויך מתפלל צו זיין... דאָס האָט אויף דעם רעליגיעזן אונ־גאַר מסתמא שטאַרק געווירקט און ער האָט זי אָפּגעלאָזט . . .

די אומאויפהערלעכע שיסעריי איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט וועט אונדזער הויז איינפאַלן... איצט איז אונדז שוין אַלצאיינס. איין וווּנטש באַהערשט אונדז איצט: וואָס עס דאַרף געשען מיט אונדז, זאָל געשען, — אָבער וואָס שנעלער . . .

41.

## מיר זענען פריי!

דאָס הויז, וואָס שטייט נישט ווייט פון אונדז, האָט אָנגעהויבן צו ברענען. אַ צינד־באָמבע האָט דאָרט געטראָפן. פאַראַן אַ פּאָר דערהרגעטע. די לעבעדיקע פון דעם הויז זענען אונטער אַ פייער פון קוילן צוגעלאָפן צו אונדזער הויז. אונדזער באַלעבאָסטע האָט זיי אַלע אַריינגעשטופּט אין באַהעלטעניש, וווּ מאַריאַן איז געלעגן אויסבאַהאַלטן. אַ גאַנצע נאַכט האָט גע־דויערט אַן אומאויפהערלעכע קאַנאָנאַדע. פאַרטאָג האָט זיך אַ ביסל באַרו־איקט. מען הערט בלויז דאָס קלאַפּן פון מאַשין־געווער. פּלוצלינג הערן מיר ווי אַ גרופּע מענטשן לויפט שנעל דורך איבער אונדזערע קעפּ. זיי שטעלן זיך אָפּ. מען הויבט אָן צו קלאַפּן מיט העק און לאָפּאַטעס. מיר הערן דייטלעך,

ווי מען הויבט אָן צו גראָבן די ערד איבער אונדזערע קעפּ. וואָס איז דאָס? גראָד אויף דעם אָרט ווו מיר ליגן?!...

נישטאָ אָבער קיין צייט צו טראַכטן. די ערד הויבט זיך אָן אָראָפּ־צושיטן און עס ווערט אויבן אַ קליינע עפענונג, דורך וועלכער עס שטראָמט אַריין אַ דינער פּאַס ליכט. דאָס פאַרבלענדט אונדז די אויגן. מיר האָבן זיך שוין אָפּגעוווינט פון ליכט, — אַזוי פיל צייט אין דער פינצטערניש אונ־טער דער ערד... די עפענונג ווערט אַלץ גרעסער. עס איז קלאָר, אַז מען גראָבט איבער אונדזערע קעפּ. צי זענען דאָס אונדזערע שונאים, צי אונ־דזערע באַפרייער ? . . .

מיר הערן שטימען. עס איז אָבער שווער צו אונטערשיידן אויף וואָס פאַרא שפּראַך זיי רעדן: דייטש, אונגאַריש, צי רוסיש... פּלוצלינג דערהערן מיר אָפּגעריסענע קלאַנגען: „...טוואָיו מאַט"... רוסיש!!! — — אָבער אפשר זענען דאָס וולאַסאָווצעס?! נישטאָ קיין איין מינוט צייט צו פאַרלירן. אויב מען וועט אונדז דאָ באַמערקן, קאָנען מיר דערשאָסן ווערן אַפילו פון אונדזערע אייגענע באַפרייער, — אויב זיי זענען עס טאַקע איצט דאָ. דאָס איז די לעצטע קאָרט אין קאַמף פאַר אונדזער לעבן :

— טאָוואַרישטשי, זדיעס ליודי סידיאַט (דאָ זיצן מענטשן) — שריי איך צו זיי אַרויס, נישט באַראָטנדיק זיך מיט קיינעם . . .

— קטאָ טאַם? (ווער דאָרט) — דערהערט זיך אַ שטים פון אויבן.

— מיר זענען דאָ אויסבאַהאַלטן. פאַרמשפּטע צום טויט — שריי איך אַרויס מיט די לעצטע כוחות, נישט וויסנדיק, צי דאָס וועט אונדז ברענגען לעבן, צי טויט . . .

— קאָנסט אַרויסגיין? — פרעגט מיך ווידער אַ שטים פון אויבן.

— יאָ — ענטפער איך. מיט ציטערדיקע הענט עפענען מיר אַלע אויף דעם אַריינגאַנג און איך שטעל אַרויס מיין קאָפּ... עס האָט מיר אָנ־געהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן... רויטע שטערן אויף די היטלען... לופעס פון אויטאָמאַטן נעבן מיין קאָפּ... איך וויל רעדן... שרייען... כ'קאָן נישט... ס'האָט מיר אָפּגענומען דאָס לשון... איך קאָן קיין איינציקן קלאַנג נישט אַרויסבאַקומען פון מיין קעל... טרערן גיסן זיך פון מיינע אויגן, באַ־גיסן מיין אָפן מויל, מיין באָרד... איך שטרעק אויס די הענט צו מיינע באַפרייער — — —

— דו ביסט א מאדיאר (אונגאר)? — פאלט שנעל א פראגע.

איך האב זיך אריענטירט, אז כ'טאר קיין איין רגע נישט פארלירן, ווייל מיינע באפרייער נעמען מיך אן פאר אן אונגאר און איך קאן ווי אזעל־כער דערשאסן ווערן אין דער רגע פון מיין באפרייאונג. דער דאזיקער געדאנק האט מיר צוגעגעבן אוממענטשלעכע כוחות און איך האב פשוט אויסספאזמירט:

— ניין, איך בין נישט קיין אונגאר... איך בין א ייד... פארמשפט צום טויט דורך די דייטשן. איך באהאלט זיך דא אויס צוזאמען מיט מיין פרוי און נאך 3 יידן...

צוויי יונגע רויט־ארמייער מיט שטראלנדיקע אויגן הויבן מיך אן צו בארואיקן און קלאפן מיך איבער די פלייצעס:

— ביסט שוין פריי. בארואיק זיך און בארואיק דיינע חברים, וואס זענען דארט מיט דיר. אבער איצט מוזט איר זיך נאך אויסבאהאלטן. איר געפינט זיך אויף די ערשטע פראנט־פאזיציעס. מען קאן גארנישט וויסן, צי מיר וועלן נישט דארפן באלד ווידער אפטרעטן פון דעם ארט. ס'קומט איצט פאר א הייסע שלאכט. זיצט דארט אין אייער בונקער און גייט פריער נישט ארויס, ביז מיר וועלן נישט קומען נאך אייך . . .

אפגערעדט דאס און זיי פארשווינדן פון מיינע אויגן. איך צי זיך צוריק אין אונדזער גרוב, פארמאך דעם אריינגאנג און כ'פאל צו צו מיין פרוי און צו מיינע חברים . . .

דערווייל האבן די רויט־ארמייער צוריק פארשיט דאס ארט, וואס זיי האבן פריער געהאט אויסגעגראבן און זיי האבן אנגעהויבן צו גראבן א ביסל ווייטער פון אונדז. דאס קלאפן פון מאשין־געווער און אויטאמאטן האט נישט אויפגעהערט אויף קיין סעקונדע.

די רויט־ארמייער — דאס איז געווען א פארפאסטן — האבן פאר־לייגט א טעלעפאן און איבערגעגעבן אין שטאב אריין וועגן דער לאגע, ווי אויך וועגן אנטדעקן 5 לעבעדיק־באגראבענע מענטשן . . .

פארנאכט־צו האט מען אנגעקלאפט אין אונדזער שוועל. מיר האבן געעפנט. פאר אונדז שטייען רויטארמייער מיט זייער סטארשינא.

— קומט ארויס — זאגט דער סטארשינא צו אונדז — איר זענט שוין פריי... היינט געווען זייער א הייסער טאג. אבער זשיעלאנקא איז

שוין כמעט אין אונדזערע הענט. אין „קירפּיטשני זאוואָד" (ציגל־פֿאַבריק, וואָס איז געלעגן אַ פּופּציק מעטער פֿון אונדזער הויז) האַלטן זיך נאָך די מאַדיאַרן (אונגאַרן). מיר וועלן זיי אָבער באַלד פֿון דאָרט „אויסרויּ־ כערן"... ווי נאָר ס'וועט פֿינצטער ווערן, וועלן מיר אייך אָפּפֿירן אין שטאָב אַריין.

אונדזער הויז איז פֿול געוואָרן מיט אָפֿיצירן, רויטאַרמייער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפֿונען אַ קאַפּיטאַן — אַ קאָרעאַנער. אַלע האָבן זיך מיט אונדז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט. אַלע זענען אַראָפּ אין אונדזער בונ־ קער און אים באַוווּנדערט... קיין סך צייט צו אונדז האָבן זיי נישט געהאַט, ווייל זיי מוזן כסדר לויפֿן הין און צוריק דאָס אָרט, ווו מיר האָבן זיך געפֿונען, איז געווען דער פֿאָדערשטער אָפּשניט פֿון פֿראָנט. דער מיליטער־ רישער טעלעפֿאָן, וועלכער געפֿינט זיך איצט אין שטוב, הערט נישט אויף צו קלינגען. מען ברענגט אַריין פֿאַרוווּנדעטע, וועלכע ווערן באַלד ווייטער אָפּטראַנספּאָרטירט. איינער פֿון די יונגע רויטאַרמייער, וואָס האָט אונדז באַפֿרייט און מיך אַזוי באַרואיקט, איז געפֿאַלן אַ טויטער באַקומענדיק אַ קויל אין קאָפּ, בעתן שטורעם פֿונעם „קירפּיטשנעם זאוואָד" (ציגל־ פֿאַבריק).

דער דיזשורירנדיקער סאָלדאַט ביים טעלעפֿאָן, גיט איבער אַ מעלדונג פֿון שטאָב, מען זאָל אונדז אַהינברענגען. אין דער באַגלייטונג פֿון אַ פּאָר רויטאַרמייער גייען מיר אַרויס פֿון אונדזער גאָרטן מיט אַ גרופּע פֿון אַ 15 ציווילע מענטשן. ווען די אַרומיקע הייזער האָבן אָנגעהויבן צו ברע־ נען, זענען די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען און אויסבאַהאַלטן, כדי זיך נישט צו עוואַקואירן, געקומען צו לויפֿן צו אונדז אין הויז און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן פֿון דער צווייטער זייט הויז, צוזאַמען מיט מאַ־ ריאַנען, אין אונדזער פֿריערדיק באַהעלטעניש. ווען מיר זענען אַוועקגע־ פֿירט געוואָרן אין שטאָב אַריין, איז צווישן אונדז שוין נישט געווען דער כוליגאַן מאַריאַן. ער האָט שוין נישט געלעבט . . .

ווען די רויטאַרמייער האָבן אונדז אויסגעגראָבן צום ערשטן מאָל און דערנאָך אַוועק אַ ביסל ווייטער, איז מאַריאַן אַרויסגעלאָפֿן פֿון זיין באַהעלטעניש און אָנגעקלאַפּט אין שוועל פֿון אַריינגאַנג אין אונדזער בונ־ קער. ווען מיר האָבן אים געעפֿנט, האָט ער, פֿול מיט פֿרייד אַריינגעשריגן:

— נו, ענדלעך זענען מיר פֿריי! — אַנשטאַט צוריקצוגיין אין זיין באַהעלטעניש און איבערוואַרטן די שטאַרקע שיסעריי, איז מאַריאַן אַרויפֿגעלאָפֿן אויפֿן ערשטן שטאָק, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו מאַכן אַ באַוועגונג מיטן קאָפּ, האָט ער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ און אַוועקגעפֿאַלן אַ טויטער אויפֿן אָרט . . .

ווען מען האָט אונדז אַלע אַרויסגעפֿירט פֿון גאָרטן, זענען מיר געווען אונטער אַ שטאַרקער באַשיסונג. איין נס, וואָס מיר זענען גלייך אַריינגעשפּרונגען אין אַן אָקאָפּ און אַזוי אַרום זענען מיר שוין געשיצט געווען פֿון קוילן. מיר זענען געגאַנגען דורך לאַנגע זיגזאַגיקע אָקאָפּעס, וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון אונדז איבער גאַנץ זשיעלאַנקאַ. די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין די אָקאָפּעס, האָבן נישט געלייגט קיין ספּעציעלע אַכט אויף אונדז. זיי זענען רואיק געזעסן ביי זייערע אויטאָמאַטן און נישט אויפֿגעהערט פֿון זיי צו קלאַפּן. פֿאַר אונדזערע קעפּ האָבן אומאויפֿהערלעך געסוויסטשעט קוילן און קליינע פֿייערלעך האָבן זיך באַוויזן — דאָס האָט אונדז באַגלייט איבערן גאַנצן וועג צום שטאַב.

דער שטאַב פֿון דער דיוויזיע האָט זיך געפֿונען פֿון דער צווייטער זייט זשיעלאַנקאַ, אין די קעלערס פֿון אַ שיינער געביידע. ווען מען האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין אַ חדר, איז ביי אַ שרייבטיש געזעסן אַ יונגער אָפֿיציר — דער שעף פֿונעם שטאַב — און ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דער יונגערמאַן געווען אין ראַנג פֿון אַ פּאָדפּאָלקאָווניק. געהייסן האָט ער כוואָלין. דער יונגער פּאָלקאָווניק, מיט אַן איידל פּנים, האָט זיך שטאַרק מיט אונדז פֿאַראינטערעסירט און אונדז באַשאָנקען מיט אַ ספּעציעלער אויפֿמערקזאַמקייט. ער האָט געפֿרעגט, צי אַלע געבראַכטע זענען יידן.

— ווי אַזוי איז אייך געלונגען אַפּצוראַטעווען זיך פֿון די דייטשן?! דערציילט מיר — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן. ער איז געווען זייער גערירט פֿון דעם, וואָס איך האָב אים דערציילט. די איבעריקע אָפֿיצירן און סאָלדאַטן — אויך. מיר זענען געווען, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, די ערשטע יידן, וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָפֿן אויף זייער וועג אין פּוילן . . .

מיטאָמאָל האָט זיך אויפֿגעשטעלט דער פּאָלקאָווניק כוואָלין און

מיך געבעטן, איך זאָל מיט אים מיטגיין. ווי נאָר מיר זענען אַרויס אין לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז קוים־קוים געווען באַלויכטן פון אַ קליין נאַפט־לעמפּעלע, איז דער פּאָלקאָווניק צוגעפאַלן צו מיר, מיך אַרומגענומען און מיך אָנגעהויבן צו קושן, שטאַמלענדיק זייער געריהרט:

— איך אויך ייד . . .

ער האָט זייער שוואַך גערעדט יידיש, אָבער ער האָט געהאַט אַ גרויס וואַרעם יידיש האַרץ. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז גליקלעך, וואָס זיינע מענטשן איז געלונגען אָפּצוראַטעווען כאָטש אַ פּאָר יידן . . .

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן חדר פונעם קעלער, וווּ עס האָט גערוט זיין פרוי — אַ טעלעפאָניסטין פון שטאַב. ער האָט זי אויפגעוועקט און געזאָגט:

— קוק נאָר אָן, יידן! לעבעדיקע יידן!

מען האָט אונדז באַלד פאַרגעשטעלט פאַרן גענעראַל פון דער די־וויזיע און — געבראַכט פּאַר אונדז צו עסן. צום ערשטן מאָל, נאָך אַ פּאָר חדשים, האָבן מיר געהאַט עפּעס וואַרעמעס אין מויל . . .

אונדזערע גאַסט־געבער האָבן אונדז געראָטן גלייך צו פאָרן קיין לובלין, וווּ עס איז שוין דאָ אַ פּוילישע רעגירונג. זיי וועלן אונדז געבן — זאָגן זיי — אַ מיליטערישן אויטאָ, וואָס וועט אונדז אַהינפירן. איך האָב זיי דערקלערט, אַז מיר וועלן שוין דאָ צוּוואַרטן, ביז זיי וועלן פאַרנעמען וואַרשע, ווייל דאָרט געפינט זיך אונדזער איינציק קינד. און וואַרשע וועט דאָך מסתמא היינט מאָרגן גענומען ווערן . . .

פּאָלקאָווניק כוואָלין האָט געזאָגט, אַז אויב מיר ווילן, קאָנען מיר פאַרבלייבן מיט זיי אין שטאַב, ווייל דאָרט, פון וואַנען מיר קומען איצט, גייען אָן פאַרביטערטע קאַמפן. די אונגאַרן האָבן זיך שטאַרק באַפעסטיקט אין דער ציגל־פאַבריק, וואָס ליגט אַ 50 מעטער פונעם הויז, וווּ מיר האָבן געוווינט. איצט שפּילן זיך טאַקע דאָרט אָפּ בלוטיקע שלאַכטן. צוריקצוגיין אַהין איז זייער געפערלעך.

פאַרטאָג איז אָנגעקומען אַ טעלעפאָן, אַז די ציגל־פאַבריק איז גענומען געוואָרן מיט שטורעם.

— נו, אויב אַזוי — זאָגט אונדז דער פּאָלקאָווניק — קאָנט איר

צוריקגיין און איבערוואַרטן דאָרט די פּאָר טעג, ביז מיר וועלן נעמען וואַרשע. גאַנץ זשיעלאַנקאַ איז שוין אין אונדזערע הענט און עס איז אויסגעשלאָסן, אַז די דייטשן זאָלן נאָך צוריקקומען אַהער.

פּאָלקאָווניק כוואָלין האָט ביי מיר גענומען מיין טאָכטעדס אַדרעס אין וואַרשע און אונדז צוגעזאָגט איר אָפּצוגעבן דעם ערשטן גרוס פון אונדז.

אין באַגלייטונג פון אַ שטאַב־אָפיציר און פון אַ פּאָר רויטאַרמייער זענען מיר אַלס פרייע מענטשן צוריקגעגאַנגען אין הויז פון פרוי מיראַ בלאַצקאַ.

דאָס איז געווען יום כפּור 1944.

42.

# די יידישע שטאָט לובלין — אָן יידן

אין זעלביקן טאָג, וואָס מיר זענען צוריקגעגאַנגען אין הויז פון פרוי מיראַ בלאַצקאַ, האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען פּראַגע. די שיסע־רייען ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער. עס דערטראָגן זיך נאָר פון דער לינ־קער זייט ווייסל — פון וואַרשע — שטאַרקע דעטאָנאַציעס, אויפרייסן און שיסערייען. מיר זעען דייטלעך די שרפות פון וואַרשע. אַעראָפּלאַ־נען הערן נישט אויף צו באָמבאַרדירן די שטאָט. ביינאַכט איז דער גאַנ־צער הימל רויט פון די פייער־פלאַמען, וואָס טראָגן זיך פון דער ברענענ־דיקער וואַרשע . . .

עס הויבן אָן צוריקצוקומען פון פּראַגע די זשיעלאַנקער פּליטים. זיי דערציילן שוידערלעכע זאַכן: די דייטשן האָבן געטריבן פרויען, אַל־טע לייט און קליינע קינדער פאַרוים די טאַנקן, כדי אַזוי אַרום צו צווינ־גען דעם שונא נישט צו שיסן... איין ידיעה איז שוידערלעכער פון דער צווייטער. מיר קאָנען זיך נישט פרייען מיט אונדזער אַזוי וווּנדערלעכער באַפרייאונג. אונדזערע געדאַנקען זענען איצט פאַרבונדן מיט וואַרשע,

ווי עס געפינט זיך אונדזער איינציק קינד. מיר גייען שיעור נישט אַראָפּ פון זינען. אונדזער מאַרגאַריטקעלע האָט דאָך שוין געקאָנט זיין פריי, צוזאַמען מיט אונדז. זי האָט זיך דאָך געבעטן ביי אונדז, אַז זי וויל נישט אַוועקפאָרן פון אונדז. און מיר האָבן זי מיט כוח צוריקגעשיקט.

עס גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און וואַרשע איז נאָך אַלץ נישט גענומען. אויפן שאָסיי, וואָס פירט פון פּראַגע, זע איך פאַרדעכטיקע באַוועגונגען. אָן אויפהער גייען מיליטערישע טראַנספּאָרטן מיט שווערער אַרטילעריע און טאַנקען, אָבער נישט אין דער ריכטונג צום פראָנט, נאָר — צוריק פון פראָנט. וואָס איז דאָס? פאַרוואָס גייט דאָס מיליטער צוריק? צי דראָט אַ געפאַר, אַז די דייטשן זאָלן צוריקקומען אַהער?! די רויטאַרמייער, וועלכע איך שטעל די דאָזיקע פראַגן, לאַכן פון מיר.

— זייט רואיק, — זאָגן זיי — דאָ וועט מער זייער געביין זיך נישט באַווייזן... מיר גייען צוריק, ווייל מען וואַרפט אונדז אַריבער אויף אַן אַנדער פראָנט־אָפּשניט.

ס׳איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז ס׳האָט קיין שום זין מער נישט צו זיצן אין זשיעלאָנקאַ. די אָפּענזיווע אויף וואַרשע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און מיר האָבן דאָ נישט דערווייל אויף וואָס צו וואַרטן. מיר וועלן בעסער אַריינפאָרן קיין לובלין, וואָס איז איצט די הויפּטשטאָט פונעם באַפרייטן טייל פּוילן און דאָרט וועלן מיר וואַרטן אויפן גליקלעכן מאָמענט, ווען וואַרשע וועט באַפרייט ווערן.

דערווייל איז צוריקגעקומען די אַלטע ניאַניע פון בראָנעק שפּאַק. זי האָט אָפּגענומען פאַר אונדז פון וואַנדאַן (בעלאַ עלסטער) 16.000 זלאָטעס און אַ בריוו פון ד״ר בערמאַן. זי האָט נאָך באַוויזן — זאָגט די אַלטע ניאַניע — אַריבערצוגיין די בריק קיין פּראַגע, ווי נאָר עס איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע. צו אונדז האָט זי שוין נישט געקאָנט קומען, ווייל ס׳האָט זיך דאָרט פאַרמירט דער פראָנט און זי האָט געמוזט איבערבלייבן אין פּראַגע און וואַרטן, ביז די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען די פאָרשטאָט.

אינעם בריוו, וועלכן זי האָט מיר געבראַכט פון ד״ר אַדאָלף בערמאַן, שרייבט ער פאָלגענדיקס:

12טער יולי 1944

טייערער ה׳ יאנעק!

איך שיק אייך און אייער פרוי אונדזערע הארציקסטע גריסן. נישט געקוקט אויף דעם, וואס מיר האבן נישט קיין פערזענלעכן קאנטאקט מיט אייך, געדענקען מיר שטענדיק אן אייך.

לעצטנס האט דער „יי. נ. ק.״ (יידישער נאציאנאל־קאמי־טעט) באשלאסן צו אסיגנירן א געוויסע סומע געלט פאר מענטשן, וועלכע מיר פאררעכענען צום געזעלשאפטלעכן און קולטור־ אק־טיוו. דאס געלט איז אויף א „שווארצער שעה״. עס גייט אין דעם, אז אין די איבערברוך־מאמענטן, וואס דערנענטערן זיך, ווען עס קאן צייטווייליק איבערגעריסן ווערן די פארבינדונג, זאל מען נישט בלייבן ווי אויף אן „אייז־קריע״ און קאנען האבן א געוויסן געלט־רעזערוו. צו דעם צוועק שיקט אייך איבער דער „יי. נ. ק.״ 10.000 זלאטעס, מיט דער בקשה צו פארהאלטן די דאזיקע סומע ווי א רעזערוו.

ביי דער געלעגנהייט באמערק איך, אז אין משך פון די לעצ־טע חדשים דעקט דער „יי. נ. ק.״ אלע אייערע אויסגאבן.

לעצטנס האב איך געהאט א מעגלעכקייט ארויסצושיקן א גרעסערע קארעספאנדענץ קיין ל. (לאנדאן — י. ט.). איך האב, צווישן אנדערע, צוויסן געגעבן אין איינעם פון די בריוו צום „איווא״ און „פען־קלוב״, וועגן ענין קולטור און איר פארניכטונג, אז איר, אייער פרוי און טאכטער זייט געזונט און געפינט זיך אונ־טער אונדזער אויפזיכט. איך האב געבעטן אין אייער נאמען צו גריסן אייער משפחה.*)

ביי אונדז גייט אן א פיבערהאפטע טעטיקייט, נישט געקוקט אויף אלע צרות און דאגות.

צי ארבעט איר איבער עפעס? איך לייג אייך פאר, איר זאלט

*) עס האנדלט זיך וועגן דעם בארימטן בריוו, וואס ד״ר אדאלף בערמאן און ד״ר עמנואל רינגעלבלום האבן געשיקט צו די יידן אין דער וועלט.

סיסטעמאַטיש און פּינקטלעך באַשרייבן דאָס קולטורעלע אין קינסטלערישע לעבן אין שטעטל (געמיינט: געטאָ — י. ט.), די ראָל פונעם „ייקאָר" (געהיימע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ — י. ט.) א. אַ. וו. איר קענט דאָך דאָס דאָזיקע געביט אַמבעסטן און איך מיין, אַז עס דאַרף פאַרבלייבן אַ זכר פון דעם אַלעם וואָס איז אָפּגעטון געוואָרן אין אַזעלכע שווידערלעכע באַדינגונגען אויפן געביט פון קולטור און קונסט. זאָל דער קומענדיקער דור נישט מיינען, אַז דאָס שטעטל (געטאָ — י. ט.) איז געווען בלויז אַ טונקעלער פלעק. איך האַלט די אַרבעט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן חוב. נאָך דעם ווי איר וועט אָנשרייבן די אַרבעט, שיקט זי אונדז צו אין ארכיוו. מיר דערהאַלטן כמעט טאָג־טעגלעך זייער ווערטפולע אַרבעטן סיי פון ליטעראַטן, צווישן אַנדערע פון ר. או. (געמיינט: רחל אויערבאַך — י. ט.), סיי פון פּשוטע מענטשן. מיר האָבן שוין מאַסן מאַטעריאַלן, אָבער פונעם קולטורעלן אָפּשניט — כמעט גאָרנישט. זייט געזונט.

אייער מיכאל."

צו דעם בריוו האָט אויך צוגעשריבן ד"ר בערמאַנס פרוי, פאָלגנדיקע ווערטער:

„אויך פון מיר — האַרציקע גריסן. איך שיק אייך איבער אַ באַנד פּאָעזיע; ס'זענען דאָ נאָך אַנדערע אויסגאַבן. צי קאָן מען אייך שיקן? פאַרוואָס גיט איר נישט קיין סימן פון לעבן? וואָס מאַכט איר? גיט אַכטונג אויף זיך, כדי איבערצולעבן, ווייל שוין נישט לאַנג. איך קוש אייך —

ב." (באַשיא — י. ט.)

דעמדאָזיקן בריוו האָב איך דערהאַלטן שוין נאָך דער באַפרייאונג. וויפל מוט און כוח ער וואָלט אונדז צוגעגעבן, ווען מיר וואָלטן אים דערהאַלטן אין איינעם פון די פּאָר אונדז שווערע טעג, איז דאָך איבעריק צו זאָגן . . .

די 10.000 זלאָטעס, וואָס מען האָט פאַר אונדז אַסיגנירט אויף אַ „שוואַרצע שעה" און די 6.000 זלאָטעס פאַרן חודש יולי האָבן מיר נישט דערהאַלטן. די אַלטע ניאַניע האָט אונדז געזאָגט, אַז מען האָט זי רעווידירט ביים אַריבערגיין די בריק פון וואַרשע קיין פּראַגע און דאָס געלט ביי איר צוגענומען . . .

אָבער איצט, אַז מיר זענען שוין פריי, איז עס דאָך שוין נישט וויכ־טיק. אונדז אינטערעסירט איצט נאָר איין זאַך: אין די שווערע טעג, וואָס וואַרשע לעבט איצט איבער, זאָל אונדזער קינד קיין שום שלעכטס נישט געשען און מיר זאָלן ווי אַמשנעלסטן קאָנען זיין מיט איר צוזאַמען.

* * *

מיר באַשליסן אַוועקצופאָרן קיין לובלין. אַ ביסל זענען מיר גע־פאָרן מיט אַ לאַסט־וואָגן און דאָס איבעריקע געגאַנגען צופוס. דאָס איז נישט געווען פון די לייכטסטע זאַכן. דיאַנאַ האָט געהאַט געשוואָלענע פיס און קוים געקאָנט שטעלן אַ טריט. אויסגעשעפּט, אויסגעמאַטערט, אָפּגע־ריסן, האָבן מיר זיך ענדלעך דערשלעפּט קיין לובלין.

אין לובלין האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט ווי פרעמדע איבער די אַמאָל אונדז אַזוי גוט באַקאַנטע און נאָענטע גאַסן. די שטאָט איז זייער ווייַ־ניק באַשעדיקט: זייער אַ סך מענטשן: ציווילע און מיליטערישע. מיר זוכן אַ יידיש פּנים... צווישן די מיליטערלייט זעט מען נאָך, אָבער צווישן דער ציוויל־באַפעלקערונג האָבן מיר ליידער אַזעלכע נישט באַגעגנט. מען זעט נישט קיין ייד אויף אַ רפואה... די געשעפטן אויף קראַקאָווער פאָר־שטאָט — אַמאָל כמעט אַלע יידישע — האָבן איצט נייע באַלעבאַטים — פּאָליאַקן. פון די לובלינער יידן איז קיין זכר נישט געבליבן. מיר האָבן נישט צו וועמען צו גיין און וועמען צו פרעגן, ווו עס געפינען זיך ערגעץ יידן . . .

פּלוצלינג באַמערקן מיר אויף אַ ראָג גאַס אַ פּאָר מענטשן, וואָס קוקן אויף אונדז. מיר דערקענען זיך קוים. צווישן דער גרופּע איז געווען אַ ייד — דער ערשטער ייד, וועלכן מיר האָבן געטראָפן אין לובלין — העניעק רובינליכט פון וואַרשע (אַ ברודער פון דער שוישפּילערין בעלאַ

בעלערינאַ). מיר פאַלן אויף זיך אַרויף; מיר וויינען פון פרייד און פון טרויער נאָך די, וואָס מען האָט פאַרלוירן. רובינליכט פירט אונדז אַרויף צו זיך אין האָטעל, ווו מיר וואַשן זיך אַרום און קריגן עפּעס צו עסן.

ס'איז דאָ — זאָגט רובינליכט — אין לובלין אַ יידישער קאָמיטעט, וואָס רעגיסטרירט די צוריקגעקומענע יידן און גיט די ערשטע הילף. דער־ווייל איז ליידער פאַראַן זייער ווייניק יידן, פון לובלין גופא — כמעט קיינער נישט . . .

מיר גייען אַהין: מען טרעפט געציילטע באַקאַנטע. מיר דערוויסן זיך, ווער עס איז געבליבן ביים לעבן. די וואָס אַרבעטן אין קאָמיטעט, קענען אונדז. די אָנפירער פונעם קאָמיטעט פרייען זיך מיט אונדז, אָבער קיין הילף האָט מען נישט צו געבן.

אין קאָמיטעט אַרבעטן: מאַרק ביטער פון וואַרשע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון מאַידאַנעק. ער ווייס נאָך נישט, צי זיין פרוי און זון לעבן; זאַנשטיין פון כמיעלניק, געראַטעוועט זיך מיט דער פרוי. עס אַר־בעטן אויך דאָרט רעגינאַ קאָסאָוואַר מיטן מאַן מיעטעק שפּירא און די ברידער קאָסאָוואַר. זיי האָבן זיך אַלע געראַטעוועט, צוזאַמען מיטן ד"ר ר. פעלדשו און די זאַוואַדזקיס. אַלע געפינען זיך אין לובלין, צוזאַמען מיט פרוי פּאַיעווסקאַ און אירע קינדער. (טעאָדאָר פּאַיעווסקי און עמילקע קאָסאָוואַר זענען מיט דער „א. ק." אַוועק קיין דייטשלאַנד).

מיר דערוויסן זיך, אַז אין לובלין געפינט זיך אויך ד"ר עמיל זאַ־מערשטיין, וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג. אויף דער גאַס טרעפן מיר אויך אונדזער טעאַטער־חבר וולאַדיסלאַוו גאָדיק, וועלכער איז אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי און איז געקומען קיין לובלין מיטן פּוילישן פראָנט־טעאַטער. דאָרט געפינט זיך אויך, צווישן אַנדערע, דער אַקטיאָר וואַצעק וואָשטשעראָוויטש, וועלכער פאַרבעט אונדז צו וווינען ביי אים. ער טרעט אונדז אָפּ זיין צימער אין „דאָם זשאָלניע־זשאַ" (סאָלדאַטן־הויז), ווו דער גאַנצער אַנסאַמבל וווינט. דערנאָך נעמט אונדז אַריבער צו זיך אין שטוב אַריין דער פילם־רעזשיסער א. פאָרד, וועלכער איז איצט אַ הויכער אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי און לייטער פון דער פילם־אינדוסטריע. מיר זעען זיך מיטן ד"ר עמיל זאָמער־שטיין, ווי אויך מיט ד"ר א. הערשהאָרן.

סיי ד״ר זאמערשטיין, סיי ד״ר הערשהארן האבן זיך באלד פונעם ערשטן מאמענט אן שטארק פאראינטערעסירט מיט אונדז.

מיר באגעגענען זיך אויך מיט „זנאכארן״ (ד״ר מישא טעמטשין). ער איז איצט מיליטערישער שטאט־קאמענדאנט אין לובלין. ער גיט זיך זייער אפ מיט אונדז און אדאנק אים באקומען מיר א צימער.

עס קומען צו אלץ נייע באקאנטע: די משפחה שנייבערג פון ווארשע; קאפל פיזשיץ פון ווארשע; י. סלאפאק (דער מאן פון דער ליטעראטין און איבערזעצערין צעלינא סלאפאק, וועלכע איז אומגעקומען צוזאמען מיט זייער איינציקער טאכטער); ד״ר מאריאן מושקאט (זיין פרוי און איינציק קינד אומגעקומען אין ווארשעווער געטא), וועלכער איז איצט ריכטער פונעם העכסטן מיליטערישן געריכט; ד״ר איזאק מאזור מיט זיין משפחה; פראקוראר ד״ר יעזשי סאוויצקי (דער איידעם פונעם בארימטן אדוואקאט ד״ר לייב לאנדאו, וועלכער איז אומגעקומען אין לעמבערג. אויך סאוויצקים פרוי, די טאכטער פון לייב לאנדאו איז אומגעקומען). מיר טרעפן זיך מיט ד״ר ר. פעלדשו (בן שם) — זיין פרוי לעבט נישט; אויך זיך געטראפן מיט ד״ר האלינא קאטליצקא־מילשטיין און איר מאן הענריק; מיט „באלעקן״ (פולקאווניק אלעף); מיטן אדוואקאט י. קליינערמאן און זיין פרוי יאדזשיא; דעם געוועזענעם געשעפטספירער חיים פרענקל פון סקערניעוויץ, וועלכער איז א קאפיטאן פון דער רויטער ארמיי. מיר זעען זיך אויך מיטן אדוואקאט ד״ר שולדענפריי און זיין פרוי (פון קראקע.)

אין לובלין געפינען זיך א פאר יידישע שרייבער, וואס האבן זיך אפגעראטעוועט פון די דייטשן: מ. האפמאן פון לעמבערג, יהודה עלבערג פון ווארשעווער געטא, לייב ראכמאן, וועלכער איז נאך די אלע איבערלעבונגען ערנסט קראנק. סיי עלבערג, סיי ראכמאן און זיין שוואגער אפרים שעדלעצקי האבן אונדז ארויסגעוויזן א סך הארץ. דער קראנקער ראכמאן פארשאפט אונדז אפילו פונעם מיליטערישן שפיטאל א פרימשע צום שלאפן.

אין לובלין איז אויך דא אונדזער אן אלטער באקאנטער, דער לערער און שרייבער פון מזרח־גאליציע — שלאיען, ווי אויך אונדזער בינער חבר יעקב גינזבערג, וועלכער איז אן אפיציר פונעם פוילישן מיליטער.

אַלע באַקאַנטע טראָגן נאָך פּוילישע נעמען. אויך אונדז האָט מען גערעאַטן, צוליב זיכערקייטס־טעמים, זיך צו מעלדן ווי פּאָליאַקן. מיר מעלדן זיך איין אויף אונדזערע „אַרישע" דאָקומענטן: דיאַנאַ — אַלס דאַנוטאַ ביאַלקעוויטש און איך — אַלס יאַן טאַטאַרקעוויטש... אונדזער שטוב איז תמיד פול מיט באַקאַנטע. איינער וויל זיך דערוויסן פון אַנדערן, וואָס ער ווייס עפּעס וועגן זיינע נאָענטסטע, וועגן זיינע קרובים. די פרייד ווערט פאַרשטעלט מיט אַ שלייער פון טרויער, וואָס יעדער איינער טראָגט אין הארצן. דער קרייז פון אונדזערע באַקאַנטע פאַרגרעסערט זיך. וואָס מער באַקאַנטע מיר טרעפן, אַלץ מער זעען מיר אונדזער שוידערלעכן חורבן...

די רויטע אַרמיי האָט באַוויזן אין דער לעצטער מינוט אָפּצושלאָגן אַ טראַנספּאָרט פון יידישע פרויען און קינדער פון מאַידאַנעק. געציילטע יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך על פּי נס געראַטעוועט פון די גאַז־קאַמערן. מען האָט די קינדער איינגעאָרדנט אין אַן אינטערנאַט אין לובלין.

די רוסישע אָפענזיווע אויף וואַרשע האָט זיך אָפּגעשטעלט און ווער ווייסט, ווען זי וועט זיך ווידער אָנהויבן. די וואַרשעווער אויפשטענדלער האָבן קאַפּיטולירט דעם 2טן אָקטאָבער 1944. דער הויפּטאָנפירער פון דער „א. ק." (לאַנד־אַרמיי) באָר־ קאָמאַראָווסקי האָט זיך איבערגעגעבן מיט זיין שטאַב דער דייטשישער אַרמיי. אַלע איבעריקע, ווי אויך די גאַנצע ציוויל־באַפעלקערונג פון וואַרשע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, אָדער אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער אין אַרבעטסלאַגערן אין דייטשלאַנד...

איינצלנע קעמפער פונעם וואַרשעווער אויפשטאַנד האָבן באַוויזן אַריבערצושווימען די ווייסל און געפינען זיך איצט אין לובלין. פון זיי דערוויסן מיר זיך, אַז אונטער די חורבות פון וואַרשע זענען געפאַלן אַ פערטל מיליאָן פּאָליאַקן. דער גורל פון די איבעריקע און פון די אַרויס־געפירטע — איז נישט באַוווסט . . .

* * *

דערווייל הויבן אָן צו שטראָמען קיין לובלין אונגאַרישע, טשעכישע, רומענישע, גריכישע א. אַ. יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערס און זענען דורך דער רויטער אַרמיי און

פוילישן מיליטער באפרייט געוואָרן פון דאָרט. אין אַ שרעקלעכן מצב זע־נען די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן צוריקגעקומען: קראַנק, געשוואָלן פון הונגער, פּאַרלויזט, פול מיט געשווירן — איינגעוויקלט אין שמאַטעס, אָדער אין די צעריסענע „פּאַשיאַקעס" (די ספּעציעלע אַרעסטאַנטן־מונדירן פאַר די יידישע ק. צ.־לער).

אין גרויסן „י. ל. פּרץ־הויז" אויף דער טשוואַרטעק גאַס, וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן קורץ פאַר דער מלחמה, האָט מען פאַר די אומ־גליקלעכע מענטשן איינגעאָרדנט אַ דורכגאַנגס־אַזיל.

אין לובלין האָט שוין אַ קורצע צייט עקזיסטירט דער „צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן" מיט ד"ר עמיל זאָמערשטיין בראש. איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן. דאָס איז אין יענער צייט געווען אַ גרויס גליק פאַר מיר. איך האָב זיך, ווי פאַר־שיכורט, אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט ביי ברענגען הילף די רעשטלעך ביים לעבן אָפּגעראַטעוועטע יידן און אַזוי כאָטש אַ גאַנצן טאָג זיך פאַר־געסן אָן אייגענעם ווייטיק און טרויער . . .

מיר, די קליינע גרופּע יידישע שרייבער און אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין לובלין, האָבן באַשלאָסן צו גרינדן דעם ערשטן יידישן ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן־פאַראיין. צו די ערשטע מיטגלידער פונעם פאַראיין אין באַפרייטן פּוילן האָבן געהערט פאָלגנדיקע שרייבער און קינסטלער: מיכאל האָפמאַן, לייב ראָכמאַן, אָזיאַש שלאָיען, יהודה עלבערג, דיאַנאַ בלומענפעלד, גאַדיק וואָלאַדעק, אפרים שעדלעצקי, יעקב גינזבערג, דידיאַ עפּשטיין, י. קופּערבערג, מנחם קאָהאַן, ד"ר ר. פעלדשו, גרישאַ יאַשונסקי, מ. מירסקי, אַלעף גרשון, מ. נודעלמאַן, ד"ר מאַריאַן מושקאַט, טשאַיקאַ סטעפאַניאַ, שטאָקפעדער אַניאַ, גרים נח, באַקאַלטשוק מלך, נחמן בלומענטאַל, ד"ר פיליפ פרידמאַן, אהרן וואַל, וו. קאַרמיאָל און יאָנאַס טורקאָוו; מיך האָט מען אויסגעקליבן פאַרן פאָרזיצער פון פאַר־איין און א. שלאָיען — סעקרעטאַר.

מיר האָבן אויך געגרינדעט די ערשטע יידישע טעלעגראַפן־אַגענטור „זשאַפּ". ס'איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער יידישער היסטאָ־רישער קאָמיסיע מיט ד"ר ר. פעלדשו. שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, נאָך זיין גליקלעכן אָפּ־

ראַטעווען זיך, ד״ר פיליפּ פרידמאַן, וועלכן מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט פון לעמבערג.

איך האָב אויך אָרגאַניזירט די ערשטע יידישע ראַדיאָ־שעה (צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פּוילן), ווו דיאַנאַ איז געוואָרן די ספּי־קערין. דריי מאָל אַ וואָך און דערנאָך פיר מאָל אַ וואָך האָט זי איבערגע־געבן אויף די „קורצע כוואַליעס" אַלע ידיעות פונעם יידישן לעבן און אויך רשימות פון די געראַטעוועטע יידן. אַדאַנק די דאָזיקע ידיעות האָט זיך די וועלט דערוווּסט די נעמען פון די, וואָס זענען געבליבןביים לעבן.

מיט פרייד האָט דיאַנאַ צווישן געגעבן די אויסלענדישע יידן וועגן זייערע אָפּגעראַטעוועטע קרובים און נאָענטע.

אַזוי האָבן מיר זיך פאַרגעסן, — יעדנפאַלס געזוכט, אין דער שווע־רער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט, צו פאַרגעסן זיך... די נעכט, וועלכע האָבן אונדז געדאַרפט דינען אויף צו רוען, זענען פאַר אונדז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין שעהען פון ווייטיק און פּיין. דאָס זענען געווען קאָשמאַרפולע נעכט . . .

פון אַלע זייטן ווענדט מען זיך צו אונדז, מיר זאָלן געבן פאַר די אומגליקלעכע מענטשן אין „פּרץ־הויז" אויך אַ ביסל גייסטיקע שפּייז. מען האָט איינגעאָרדנט פאַר זיי פאָרלעזונגען, רעציטאַציע־אָוונטן. ש. קאָהען האָט געלייענט זיינע אייגענע לידער. דערנאָך איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אָוונט פון יידישן ליד, ווו דיאַנאַ איז אויפגעטראָטן אין שלאָפראָק און אין מאַנטל (קיין קלייד האָט זי נאָך נישט געהאַט). איבערן גרויסן „פּרץ־זאַל" איז דורך אַ הייליקער ציטער. ס'איז אָפּגעווישט געוואָרן די מחיצה צווישן אַרטיסט און צושויער; די פאַרהאַרטעוועטע אויגן הויבן זיך אָן צו רויטלען, — עס פינקלען טרערן און — איבער אַלעם— שוועבט דאָס יידישע ליד, וואָס וויינט און טרייסט, וואָס איז פול מיט צער און רוף צו נקמה . . .

* * *

דעם 3טן דעצעמבער האָט מען אין מאַידאַנעק אויפגעהאָנגען די געכאַפּטע מאַידאַנעקער תלינים, וועלכע מען האָט אין גרויסן לובלינער

פראַצעס פאַרמשפּט צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן אָרט פון זייערע פאַרברעכנס

אינעם זעלביקן טאָג, אינאָוונט, איז אין לובלינער מוזיק־אינסטי־טוט, אויף קאַפּוצינסקאַ 7, פאָרגעקומען דיאַנאַס ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט — אַן אָוונט פון יידישן ליד . . .

דער גרויסער זאַל איז געווען איבערגעפולט מיט מענטשן. הונדער־טער מענטשן האָבן זיך שוין נישט געקאָנט אַריינבאַקומען. מען האָט גע־שטופּט צו 500 זלאָטעס, אַבי זיך אַריינצוקריגן... איין קלייניקייט, דער ערשטער עפנטלעכער יידישער קאָנצערט נאָך דער באַפרייאונג! ווען דיאַ־נאַ האָט געזונגען די געטאָ־לידער, האָט צוזאַמען מיט איר מיטגעוויינט דער גאַנצער עולם... ס'איז געווען אַן אָוונט פון גרויסער איבערלעבונג.

אַ סך פון די אָנוועזנדיקע אין זאַל, וועלכע מען האָט ביז איצט גע־האַלטן פאַר הונדערט־פּראָצענטיקע קריסטן, — הויכע מיליטער־לייט און מלוכה־פירער — האָבן מיטגעוויינט אויפן גאַנצן קול, ווען דיאַנאַ האָט זיי אויסגעזונגען די לידער פון אומקום און וועגן גרויסן חורבן, וואָס האָט אונדז געטראָפן. די דאָזיקע פאַרשטעלטע יידן, וועלכע אַלע האָבן געהאַלטן פאַר קריסטן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר יידן מיט וואַרעמע יידישע הערצער.

אין דער שטאָט, וווּ עס האָט נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק רעגירט איינער פון היטלערס הויפּט־תלינים — ס. ס.־גענעראַל גלאָבאָטשניק, האָט מען יענעם אָוונט צום ערשטן מאָל געהערט אין די ווענט פון שטאָ־טישן מוזיק־אינסטיטוט, וווּ עס איז פון תמיד אָן פאַרווערט געווען אַ יידיש וואָרט, יידישע לידער אין יידיש.

43.

# איך זוך מיין קינד איבער די באַפרייטע געביטן

דעם 15טן יאַנואַר 1945, ווען וואַרשע איז ענדלעך פאַרנומען גע־וואָרן דורך דער רויטער אַרמיי און פּוילישן מיליטער, איז די פרייד געווען אומגעהויער גרויס.

מענטשן זענען געלאָפן איבער די גאַסן ווי משוגענע, געפאַלן איי־נער דעם אַנדערן אין די אָרעמס, געקושט זיך און געשפּרונגען פאַר פרייד. ס'איז געווען אַ יום־טובדיקע שטימונג, וואָס מיר האָבן שוין יאָרן נישט געזען און נישט איבערגעלעבט.

יעדער איינער פון אונדז האָט דאָך עמיצן איבערגעלאָזט אין וואַר־שע און געוואָלט האָפן, אַז עס וועט נאָך געגעבן ווערן זיך מיט אים צו זען.

די גאַס, וווּ ס'האָט זיך געפונען די לובלינער שטאָטקאָמענדאַנטור, איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ דערלוי־בעניש צו פאָרן קיין וואַרשע. ווי אַ באָמבע האָט אונדז געטראָפן די ידיעה, אַז ציוויל־מענטשן קאָנען נאָך דערווייל נישט באַקומען אַזאַ מין דער־לויבעניש. איך געפין זיך נישט קיין אָרט. איך מוז דאָך אַהינפאָרן. זען, וואָס עס טוט זיך מיט אונדזער קינד, מיט דיאַנאַס ברודער און זיין זון. איך לויף אַרום פון איין אַמט צום צווייטן. איך בעט הילף; איך זוך באַ־קאַנטשאַפטן. אומעטום — דער זעלביקער ענטפער: קיין שום אויסנאַמען ווערן נישט געמאַכט. קיין איין ציוויל־מענטש וועט נישט באַקומען אַ דער־לויבעניש צו פאָרן קיין וואַרשע... איך גיב אָבער אַלץ נישט נאָך. איך מאַך כסדר באַמיאונגען און עס געלינגט מיר דורך מיינע פריינט אַריינצוקריגן זיך אין אַ מיליטערישער גרופּע, וואָס דאַרף צומאָרגנס פאָרן מיט אַן אויטאָ קיין וואַרשע. אַזוי אָבער, ווי אַלס ציוויל־מענטש וועט מען מיך אַראָפּ־נעמען אין מיטן וועג, גיבן מיר מיינע פריינט אַ מיליטערישן מאַנטל און אַ מיליטער־היטל און מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין.

אונדזער אויטאָ דערנענטערט זיך צו פּראַגע. אַזוי ווי עס איז שוין געווען פינצטער, ווען מיר זענען אַהינגעקומען, באַשליסט מען איבערצו־נעכטיקן אין פּראַגע און מאָרגן באַלד אינדערפרי אַריבערגיין די פאַר־פרוירענע ווייסל. די בריקן, וואָס פאַרבינדן פּראַגע מיט וואַרשע, זענען געווען אויפגעריסן. מען האָט געמוזט גיין צופוס איבער דער פאַרפרוי־רענער ווייסל. מען האָט שוין שטאַרק געאַרבעט איבער אַ פּראָוויזאָרישער בריק, וואָס האָט געדאַרפט זיין פאַרטיק אין געציילטע שעהען אַרום. די דאָזיקע בריק וועט אָבער דינען בלויז אויף אַריבערצופירן אויף יענער זייט ווייסל — לאַסט־וועגענער און מיליטערישן עקוויפּאַזש.

אַ שווידערלעכן איינדרוק האָט געמאַכט אויף מיר וואַרשע. אַ ווײס־

טע אַן מענטשן... די גאַנצע באַפעלקערונג איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די דייטשן. איך דערקען נישט קיין גאַסן. בלויז חורבות און חורבות. ערשט דעמאָלט, ווען מען דערנענטערט זיך צום ראַיאָן, ווו עס איז געווען דער דייטשישער וווינפּערטל, זעט מען גאַנצע הייזער, אַלץ איבעריקעס איז דורך די דייטשן אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד בעתן אויפשטאַנד, אָדער נאָך דער עוואַקואַציע פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

מיט אַ ציטערנדיק האַרץ דערנענטער איך זיך צו די חורבות פון הויז אויף ווספּולנאַ 73, ווו עס האָט געוווינט מיין קינד. ווען איך דער־נענטער זיך צום אָרט, ווו עס איז אַמאָל געשטאַנען דאָס גרויסע רחבות־דיקע הויז אויף ראָג ווספּולנאַ און עמיליאַ פּלאַטער, שטאַרבט אַלץ אָפּ אין מיר . . .

אויסער חורבות און אַן אַרויסשטאַרצנדיק טויער מיטן נומער 73, — ווי ער וואָלט זיך געוואָלט מיט מיר רייצן, — איז קיין זכר נישט פאַר־בליבן... איך גיי איבער די חורבות און אַלץ קלאָגט אין מיר. אָט זע איך אַ צעריסן קליידל... איך לויף צו... מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז מיין קינדס קליידל... אָט ליגט אַ שיכל... און מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז מיין קינדס שיכל... איך לויף הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ פון די חורבות... איך שטעל זיך כסדר אָפּ: אפשר וועל איך דערהערן עפּעס אַ קלאַנג, אַ שטים... אָבער אַלץ אַרום איז שטיל... מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטש...

איך לויף אַריין אויף דער עמיליאַ־פּלאַטער גאַס, — כ'האָב באַ־מערקט עפּעס אַ קליין מיידעלע, וועלכע זוכט דאָרט עפּעס אויף די חורבות פון אַ הויז. איך לויף צו צו איר. איך פרעג זי, צי זי האָט נישט געקאָנט מאַרישיען (מיין קינד) און באָזשענקאַ באַרטשינסקאַ . . .

— אוודאי — זאָגט זי — איך האָב זיי געקענט. איך פלעג זיך מיט זיי שפּילן.

— וואָס איז געוואָרן מיט זיי?! — פרעג איך און איך פיל, ווי דאָס האַרץ שטעלט זיך ביי מיר אָפּ . . .

— כ'ווייס נישט — זאָגט זי — נאָך דער קאַפּיטולאַציע האָב איך געזען, ווי מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון וואַרשע... עס איז מיר אַ ביסל לייכטער געוואָרן אויף מיין געמיט. הייסט עס, אַז מיין קינד האָט איבער־געלעבט דעם אויפשטאַנד !

— ווּהין האָט מען זיי אַוועקגעפירט? — פרעג איך.

— כ'ווייס נישט — ענטפערט דאָס מיידעלע גלייכגילטיק און זוכט ווייטער אין די חורבות פונעם הויז. — אונדז, ציווילע — זאָגט זי — האָט מען אַוועקגעפירט אין פּרושקאָווער לאַגער, אָבער די „פּאָווסטאַנצעס" (אויפשטענדלער) האָט מען ערגעץ אַנדערש אַוועקגעשיקט. און מארישיאַ איז געווען צווישן די פּאָווסטאַנצעס . . .

איך לויף ווייטער איבער די דערביילינגדיקע גאַסן און כ'פאַרהאַלט די וויניק אָנגעטראָפענע ציווילע מענטשן — ס'רוב פרויען און קינדער — וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקקערן פון פּרושקאָוו קיין וואַרשע. כ'פרעג ביי יעדן איינעם, צי ער האָט נישט געקענט מיין קינד; צי ער ווייסט נישט, אין וועלכן לאַגער מען האָט פאַרשיקט די וואַרשעווער „פּאָווסטאַנצעס"... און לסוף ווייס איך ווייטער גאָרנישט. איינער זאָגט: אָזשאַראָוו, אַ צווייטער רופט אָן אַן אַנדער אָרט . . .

פונקט אַזוי ווי איך לויפן אַרום איבער די חורבות פאַרשידענע מיליטערלייט, וואָס זוכן אויך זייערע משפחות. אָט טרעף איך ד"ר מאַריאַן מושקאַט; זשיכלינסקי — דער ברודער פון דער שרייבערין רייזל זשיכלינסקאַ; די ברידער פאָרבערט (פאָטאָגראַפיסטן) א. אַ. אַלע זענען צעבראָכן, פאַרטרויערט, ווייל אין יעדן איינעם האָט נאָך געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועט זיך דאָך עמיצער אָפּזוכן . . .

צו מיין גרויס שטוינען. זע איך אַרומבלאָנקען זיך איינצלנע יידן, וואָס האָבן בעת דער גאַנצער צייט פונעם אויפשטאַנד און נאָך דעם זיך אויסבאַהאַלטן אונטער די חורבות... זיי זענען אַרויס פון די לעבער אין אַ שרעקלעכן מעמד. עס איז פשוט שווער צו באַגרייפן ווי אַזוי די אומגליקלעכע מענטשן — און דערצו נאָך יידן — האָבן געקאָנט איבערלעבן אַזאַ גיהנום... צווישן די וויניק אָפּגעראַטעוועטע געפינען זיך: דוד גוזשיק — דירעקטאָר פון „דזשאָינט", בערנאַרד (גאָלדשטיין), דער פּיאַניסט װלאַדיסלאַוו שפּילמאַן, דער דענטיסט פישהאַוט, אַלפרעד זשיעלאָני, דער געוועזענער אָפיציר פון דער יידישער פּאָליציי אין וואַרשעווער געטאָ, אַדוואָקאַט העגריק נאָוואָגרודזקי, א. אַ.

איך לאָז זיך ווייטער איבער די חורבות אין דער ריכטונג פון מאַריענשטאַט, ווו עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיין שוואָגער פּאָלעק בלור־

מענפעלד מיט זיין זון יורעק. עס געלינגט מיר דורך די חורבות צוצו־קריגן זיך צום אָרט, וווּ עס האָט זיך געפונען דער מעכאַנישער שלאָ־סער־וואַרשטאַט פון יאַזשעמבסקין. אַריינגיין אַהין איז אוממעגלעך. דאָרט האָט דאָך געהאַט זיין באַהעלטעניש מיין שוואָגער. איך שריי אַריין, איך רוף... קיינער ענטפערט נישט. זיי זענען דאָרט נישטאָ... שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט פון וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער), וועלכע האָט זיך גליק־לעך געראַטעוועט, אַז זי האָט אויפן אָרט, וווּ מיין שוואָגער איז געווען, געפונען זיין טאָג־בוך, פון וועלכן עס איז צו זען, אַז ער, מיטן זון יורעק האָבן נאָך געלעבט אַ חודש נאָכן פאַרענדיקן דעם אויפשטאַנד. ווען עס האָט זיי אויסגעפעלט עסן און טרינק־וואַסער, האָט זיך יורעק אַרויסגע־שלייכט יעדע נאַכט פון בונקער און געגנבעט ברויט ביי די דייטשן, וואָס האָבן נישט ווייט פון דאָרט סטאַציאָנירט... מעגלעך, אַז בעת איינעם פון אַזאַ „אויספלוג”, האָט מען זיי אַנטדעקט; מעגלעך, אַז זיי זענען אַליין אַרויסגעגאַנגען...

ווי וואַנדאַ (בעלאַ עלסטער) האָט מיר איבערגעגעבן, האָט זי דאָרט געפונען אויסער מיין שוואָגערס טאָג־בוך, אויך זיין „קענקאַרטע” (פּער־זענלעכן דאָקומענט אויפן קריסטלעכן נאָמען).

אַברהם קרול, דער זון פון מורה הוראה מרדכי נתן קרול, האָט זיך געראַטעוועט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן. קרולן איז געלונגען אַרויס־צובאַקומען זיך פון געטאָ, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. די גאַנצע צייט האָבן זיי געוווינט אויף דער אַרישער זייט. אַברהם קרול האָט גע־האַט אַ גלענצנדיק אַריש אויסזען און דערצו איז ער געווען אומדער־שראָקן און פול מיט איניציאַטיוו. ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ס. ס.־מאַן, אויסגעאַרבעט זיך גוטע פּאַפּירן און געוואַגט אַפילו זיך אַריינצובאַ־קומען אין טויטנלאַגער מאַידאַנעק, וווּ ער האָט געזוכט זיין ברודער און געוואָלט אים פון דאָרט אַרויסראַטעווען. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פּוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע, האָט זיך קרול מיט זיין משפּחה אויסבאַהאַלטן. ווען די דייטשן האָבן נאָך דער ליקווידאַציע פונעם אויפ־שטאַנד אויפגעריסן די הייזער — פּונקט ווי זיי האָבן עס געטון אין וואַר־שעווער געטאָ — האָט זיך קרול גראָד געפונען אויפן פינפטן שטאָק פון אַ הויז, וואָס איז דורך זיי אויפגעריסן געוואָרן. קרול איז אַראָפּגעשפּרונ־

נען אויפֿן הויף און דערביי צעבראָכן די פּיס. דורך אַ נס איז ער גע־בליבן לעבן און נישט אַנטדעקט געוואָרן דורך די דייטשן . . .

די ייִדן, וואָס האָבן געהאַט אַ גוטן אויסזען, האָבן פֿאַרלאָזט, בעת דער עוואַקואַציע, וואַרשע און צוזאַמען מיט דער גאַנצער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַוועק קיין פּרושקאָוו; די איבעריקע ייִדן — און אין וואַר־שע זענען געווען אויסבאַהאַלטן איבער אַ צענדליק טויזנט ייִדן — זענען געפֿאַלן אין די שלאַכטן בעתן אויפֿשטאַנד, אָדער „ליקווידירט" געוואָרן פֿון די אַנגעהעריקע פֿון קאַמינסקים מערדער־בריגאַדע, אָדער דורך רע־אַקציאָנערע באַליאַקן.

פֿון די אַנגעהעריקע צו קאַמינסקים קאָזאַקן־בריגאַדע זענען אויך געפֿאַלן די העלדישע פֿאַליאַ עלסטער, הערש בערלינסקי און אליהו ערליך. זיי האָבן זיך געפֿונען אין אַ בונקער אויף זשאַליבאָזש (פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע). בעתן אויפֿשטאַנד זענען זיי אַנטדעקט געוואָרן דורך די רוצ־חים פֿון קאַמינסקים בריגאַדע און אינעם אומגלייכן קאַמף, וואָס האָט זיך צעפֿלאַקערט, זענען דריי ייִדישע העלדן געפֿאַלן מיט געווער אין האַנט. הערש וואַסער, וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט זיי אין בונקער, איז על פּי נס געבליבן לעבן.

אויסער דער ריין־ייִדישער אָפּטיילונג אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַנטעקן (יצחק צוקערמאַן), וואָס האָט געקעמפֿט מיט די דייטשן אין פּוילישן אויפֿשטאַנד, זענען אַ סך אַנדערע ייִדן אַריינגעטרעטן אין די פֿאַרשידענע פּוילישע מיליטערישע פֿאָרמאַציעס פֿון „אַ. ל."‚ „פּ. אַ. ל." און „אַ. ק.". די ייִדישע קעמפֿער האָבן זיך אומעטום אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט. איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון „אַ. ל." אין „סטאַרוּווקאַ" (אַלטשטאָט), ווו די אויפֿשטענדלער האָבן זיך אַמלענגסטן געהאַלטן, איז געווען דער העלדישער ייִדישער מאַיאָר מנשה מאַטיוויעצקי („נאַסטעק") — איינער פֿון די דרייסטע קעמפֿער פֿון דער פּוילישער און ייִדישער אונ־טערערד. אין די שלאַכטן אויף אַלטשטאָט איז „נאַסטעק"־מאַטיוויעצקי געפֿאַלן.

300 גריכישע ייִדן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין וואַרשעווער „פּאַוויאַק" און זענען בעתן פּוילישן אויפֿשטאַנד באַפֿרייט געוואָרן פֿון תּפֿיסה, האָבן זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין די רייען פֿון די אויפֿשטענדלער.

זיי האָבן אַלע העלדיש געקעמפט. אַ סך פון זיי זענען געפאַלן אין די קאמפן. נישט ווייניקער פון זיי זענען אומגעקומען פון די מערדערישע הענט פון די אַנטיסעמיטישע אויפשטענדלער. ביים לעבן זענען געבליבן סך הכל 21 גריכישע יידן . . .

אין חודש מערץ 1944 איז געקומען צו אַ פאַראייניקונג פון די מיליטערישע גרופעס פון „אַ. ק." און „נ. ס. ז." (נאַראָדאָווע שילי זבראָי־נע — אַ זאַאָלאָגיש־אַנטיסעמיטישע און רעאַקציאָנערע פאַרטיי). בעתן אויפשטאַנד האָבן זיך די דאָזיקע כוליגאַנעס געלאָזט ווילגיין אויפן חשבון פון יידן. ווו נאָר זיי האָבן געטראָפן אַ ייד, האָט ער אפילו גע־מעגט געהערן צו אַ קעמפערישער גרופע, פלעגן זיי אים אויפן אָרט דער־שיסן. זיי האָבן פשוט געהאַלטן פאַר אַ „מצוה" צו פאַרענדיקן היטלערס אויסראָטונגס־פּלאַן לגבי יידן. טויזנטער יידן זענען אַזוי אַרום דערמאָר־דעט געוואָרן דורך די דאָזיקע פוילישע „באַפרייער".

איך וויל דאָ איבערגעבן איין פאַל וואָס האָט פּאַסירט אויף פּראָס־טע גאַס נומער 4. דאָרט האָבן זיך אין אַ גלענצנדיק־איינגעאָרדנטן בונ־קער, אונטער די חורבות פון הויז, אויסבאַהאַלטן 18 יידן. ווען עס איז צו זיי דערגאַנגען די ידיעה (בעתן אויפשטאַנד), אַז זייער געגנט איז שוין פריי פון דייטשן און, אַז מען זעט שוין דאָרט פוילישע סאָלדאַטן, האָבן זיך אייניקע יידן אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס. פול מיט פרייד און מיט טרערן אין די אויגן האָבן זיי באַגריסט די פוילישע „באַפרייער" און זיי דערציילט, מיט וואָס פאַראַ נסים זיי איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען פון די דייטשן.

די פוילישע סאָלדאַטן האָבן מכלומרשט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירונג צו די יידן; זיי געפרעגט, ווו זיי באַהאַלטן זיך אויס און אפשר וויסן זיי וועגן נאָך אויסבאַהאַלטענע יידן. זיי האָבן פאַרשריבן די אַדרעסן.

אין זעלביקן אָוונט, נאָך 8 אַזייגער — דאָס איז געווען דעם 10־טן סעפּטעמבער 1944 — איז צום בונקער אָנגעקומען אַ גרופּע פון 8 מי־ליטערלייט, אָנגעפירט פון אַ פּאָרוטשניק. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט און גע־הייסן עפענען. נישט פאָראויסזעענדיק קיין שום שלעכטס, האָבן די יידן אַריינגעלאָזט זייערע „באַפרייער". ווי נאָר די מיליטערלייט זענען אַריין,

האָבן זיי, אונטער דער דראָאונג פון אויטאָמאַטן, געהייסן זיך אַלע יידן אויסשטעלן מיט אויפגעהויבענע הענט. נאָכן באַזוכן אַלע, צי זיי האָבן נישט קיין געווער און צונעמענדיק ביי זיי אַלע ווערטזאַכן, האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצופירן איינציקווייז די אומגליקלעכע יידן און זיי אויפן אָרט דערשאָסן. אייניקע פון די פרויען זענען פאַר דער דערשיסונג פאַרגעוואַלדיקט געוואָרן. פון די אַכצן יידישע מענער, פרויען און קינדער, האָבן זיך באַוויזן אָפּצוראַטעווען, דורך אַנטלויפן, בלויז פיר. דעם מאָרד האָבן אייגנהענטיק דורכגעפירט פּאָרוטשניק אָקזשעיאַ און די ברידער מוכאַ — אַלע דריי — באַקאַנטע פּוילישע באָקסערס און — בעתן אויפשטאַנד — מיטגלידער פון דער „א. ק.”־גרופּע אויפן נאָמען פון „כראָברי” . . .

די דאָזיקע מנוולים האָבן אומברחמנותדיק אומגעבראַכט פאָלגנדיקע יידן, אין טאָג פון זייער „באַפרייאונג” :

1. אַדוואָקאַט יעזשי גוטמאַן,
2. זיין פרוי מעלאַניאַ, פונדערהיים האַספעל,
3. זייער 10יעריקן זון רישאַרד,
4. איגנאַץ בורשטין,
5. זיין פרוי אסתר, פונדערהיים קנאַסטער,
6. זייער 12יעריק טעכטערל נעמי,
7. אַנקאַ קנאַסטער, שוועסטער פון אסתר בורשטין,
8. צעשיאַ בורשטין,
9. איר 17יעריקע טאָכטער מאַרישיאַ,
10. אינזשיניער טאַדעוש אָרלאַנסקי,
11. טעטשיאַ שקלאַר,
12. אַ 10יעריק מיידעלע (נאָמען אומבאַקאַנט),
13. דענטיסט שענפעלד,
14. זיין פרוי.

ביים לעבן זענען געבליבן, נאָר אַדאַנק דעם וואָס עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן: הענריק הערשביין, אַדאַם בורשטין (ברודער פונעם דערשאָסענעם איגנאַץ בורשטין), יוסף טענענבאַום און יאַנעק צעלניק,

וועלכער איז שווער פארוווּנדעט געוואָרן פון די כוליגאַנעס און זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז טויט.

אינטערעסאַנט איז צוצוגעבן, אַז דער דענטיסט שענפעלד האָט זיך גראָד אין דער צייט פונעם מאָרד נישט געפונען אין בונקער. ווען ער האָט זיך שפּעטער דערוווּסט פונעם אומגליק, איז ער אַוועק אויף צע־גלאַנא גאַס 7, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פון דער גרופּע, וואָס האָט אויסגעפירט דעם מאָרד. ער איז אויפגענומען געוואָרן פונעם אָנ־פירער פון דעם אָפּשניט קאַפּיטאַן האַל און איז איבערגעגעבן וועגן שווי־דערלעכן מאָרד, מען האָט מיט אים מיטגעשיקט אייניקע סאָלדאַטן, כדי מכלומרשט אויסצופאָרשן דעם פאָרפאַל. אויפן וועג האָבן זיי אויך שענ־פעלדן דערשאָסן . . .

איך בין געווען אויפן אָרט פונעם גרויזאַמען מאָרד און געפונען דאָרט פאַרשידענע זאַכן, צווישן זיי: קינדערישע שיכלעך, אַ צעריסענע בלוזקע און איין פרויען־פאַנטאָפל . . .

אַזעלכע גרויזאַמע מאָרדן איבער יידן זענען פאָרגעקומען זייער אַ סך. אַזוי האָט אויסגעזען די „גליקלעכע באַפרייאונג" פון די יידן אין וואַרשע . . .

מער מזל האָבן שוין געהאַט די יידן, וואָס האָבן געקעמפט אויף דער זייט פון „א. ל." און „פ. א. ל."*), אָדער די אויסבאַהאַלטענע יידן, וואָס האָבן אָנגעטראָפן אויף איינע פון די דאָזיקע אָפּטיילונגען.

אַ פאַרשעמטער, אַ צעוויייטיקטער, פול מיט אייגענעם און אַלגע־מיינעם טרויער, בין איך צומאָרגנס אַוועק מיט „מיין" אָפּטיילונג קיין פּרושקאָוו.

* * *

איך האָב באַזוכט דעם לאַגער פּרושקאָוו, ווו עס האָבן זיך שוין איצט געפונען אַ פּאָר צענדליק געכאַפּטע דייטשן. דער קאָמענדאַנט פו־נעם לאַגער איז געווען אַ ייד, דער יונגער יורעק באַקמאַן (אַ זון פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער דאָקטאָר), וועלכער האָט זיך געראַטעוועט טאַקע

*) פאָלקס־אַרמיי.

אין פּרושקאָוו. ער האָט, דורכפירנדיק איבער זיך אַן אַנטיידישונג־אָפּעראַ־ציע, געשפּילט בעת דער אָקופּאַציע די ראָל פון אַ דייטש און איז געווען אָנ־געטון אין מונדיר פון אַ ס. ס.־מאַן.

איך האָב זיך באַמיט אין פּרושקאָוו צו דערגיין עפּעס וועגן מיין קינד. איך האָב דאָרט געטראָפן אַ גרופּע אָפּגעראַטעוועטע יידן, צווישן וועלכע עס זענען געווען די פרוי פונעם שרייבער ברוך שעפנער און עווא קירשענבוים פון קוטנע, מיט וועלכער איך האָב צוזאַמען געאַרבעט אין דער יידישער אַליינהילף פונעם וואַרשעווער געטאָ. (איר מאַן הערמאַן איז דערהרגעט געוואָרן בעתן פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע. אין טאָג פון זיין לויה — שוין נאָך דער באַפרייאונג — האָט עווא קירשענבוים באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז געשטאָרבן).

אפילו אין פּרושקאָוו, שוין אין לאַגער, זענען נאָך קורץ פאַר דער באַפרייאונג אַרומגעגאַנגען פּוילישע כוליגאַנעס און געזוכט צווישן די גע־בראַכטע פון וואַרשעווער אויפשטאַנד — יידן. דערקענענדיק אַזעלכע האָבן די כליגאַנעס באַלד איבערגעגעבן זייערע קרבנות אין די הענט פון דער דייטשישער „הימעל־פאַרט־קאָמאַנדאָ" — אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אָוועקשיקן יידן... אויף יענער וועלט . . .

אַזוי אַרום איז נישט איין „אָפּגעראַטעוועטער" ייד אומגעקומען פון אַן אָפּגעראַטעוועטן פּוילישן כוליגאַן.

אין פּרושקאָוו האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער אכזריותדיקער גע־נעראַל קאַמינסקי, דער שעפער פון דער קאַזאַקן־בריגאַדע, איז נאָכן אויפ־שטאַנד דערשאָסן געוואָרן דורך דעם פּאַציפיקאַטאָר פון וואַרשע, דעם ס. ס.־גענעראַל פאָן דעם באַך־זשעלעווסקי. (זייענדיק שפּעטער אין ני־רנבערג אויפן פּראָצעס פון די דייטשישע קריגספאַרברעכער, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער תלין באַך־זשעלעווסקי האָט אויך געשטאַמט פון פּאָליאַקן, וועלכע זענען נאָך יאַן סאָביעסקים זיג אונטער ווין, געאַדלט געוואָרן.)

אין פּרושקאָוו האָב איך זיך דערוווּסט אַ סך נייעס, קודם כל, אַז עס לעבן ד"ר אַדאָלף בערמאַן, זיין פרוי באַשיא, צביה לובעטקין, אַנ־טעק (יצחק צוקערמאַן), ד"ר לעאָן פיינער (מיקאָלאַי), מאַרק עדעלמאַן, הענריק (ס. פישגרונד), יוזשעק (זיסמאַן), קאַזשיק (שמחה ראַטהייזער),

האלינא (אירענא געלבלום), אולא (עקהייזער), מארישיא (פיינמעסער), וולאדקא (פ. פעלטעל), ווי אויך סטאשיא (מערענהאלץ), אניעלא (רחל אויערבאך); די פרוי פון אינזשיניער אדאם טשערניאקאוו, האנדעלסמאן, א. א. עס האט זיך אויך געראטעוועט מיין שוועגערין רוזשא בלומענפעלד („פאני דאקטאר”).

נישט געפינענדיק קיין שום שפור פון מיין קינד, בין איך צוריקגעפארן קיין לובלין מיט גארנישט... אונדזער צער איז געווען אומגעהויער.

מיר האבן כסדר איבערגעגעבן דורכן ראדיא, אז מיר זוכן אונדזער קינד. מיר האבן צוגעזאגט א גרויסע באלוינונג דעם, וואס וועט אונדז אנווייזן אירע שפורן. דאס זעלביקע האבן מיר געטון דורך דער גאנצער פרעסע.

איך בין אויך געווען אין אזשאראוו, אין קראקע, אין אשוויענטשים, אין קעלץ, אין טשענסטאכאוו — אומעטום געזוכט, אבער אין קול ואין עונה . . .

די טעג און נעכט האבן זיך פאר אונדז פארוואנדלט אין איין גרויס גיהנום. ס׳איז שוין פשוט נישט געווען קיין כוח צו לעבן. מיין פרוי האט אבער אלץ געהאפט, אז אונדזער קינד לעבט און צוליב איר מוזן מיר לעבן. איך האב זיך אויך באמיט אזוי צו טראכטן, אבער כ׳האב באין אופן נישט געקאנט פארשטיין, פארוואס מיר האבן נישט פון איר אזוי לאנג קיין שום לעבנסצייכן . . .

אין דער צייט, ווען איך בין געווען אונטערוועגס, זוכנדיק מיין קינד, האט מען געבראכט קיין לובלין דעם שווער קראנקן ד״ר לעאן פיינער (מיקאלאי). איך האב זיך נאך באוויזן צו זען מיט אים אייניקע מאל, אבער כ׳האב געוווּסט, אז די טעג פון אונדזער אלטן גוטן פריינט זענען געציילטע (ער האט געהאט א קאנסער אויף די לונגען).

ד״ר פיינער האט זיך זייער געמאטערט, אבער נישט געוווּסט, אז זיין סוף איז שוין אזוי נאענט. יעדעס מאל, ווען איך פלעג מיט דיאנאן ארויפקומען צו אים אין שפיטאל אריין, האט ער אונדז נאך געטרייסט, אז אונדזער קינד לעבט און מיר וועלן עס קירצלעך זען און צוזאמען זיך פרייען.

א טיפער טרויער האט אונדז ארומגענומען, ווען מיר האבן זיך

דערוווּסט, אַז ד״ר לעאָן פיינער, דער קרישטאָל־ריינער מענטש, האָט אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה. אין אַ טריבן, קאַלטן טאָג האָבן מיר אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

אויף דעם, דורך די דייטשן איינגאַנצן צעשטערטן, לובלינער בית עולם, וואָס האָט נישט געהאַט קיין איין מצבה און אויסגעזען ווי אַ צעאַקערט פעלד, איז פאָרגעקומען די ערשטע יידישע לויה נאָך דער באַפרייאונג — דאָס איז געווען די לויה פונעם אומפאַרגעסלעכן לעאָן פיינער.

* * *

סוף פעברואַר 1945 האָט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, צוזאַמען מיט אַנדערע מלוכהשע אינסטיטוציעס. איך האָב אויך געמוזט פאָרן. דיאַנאַ האָט זיך אָבער נישט געוואָלט רירן פון אָרט. — אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט אָפּגעפונען אונדזער קינד — האָט זי געזאָגט — האָב איך נישט וואָס צו טון אין וואַרשע. נישט וועלנדיק פאַרלירן די מיטאַרבעט פון מיין פרוי, האָט די אָנפירערשאַפט פון פוילישן ראַדיאָ, וואָס האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, איבערגעלאָזט די יידישע ראַדיאָ־שעה־אָפּטיילונג אין לובלין, וואָס איז ספּעציעל פאַראייניקט געוואָרן מיט וואַרשע.

אַזוי האָט מיין פרוי געלעבט — אויב מען קאָן עס אָנרופן לעבן — אין לובלין, און איך — אין וואַרשע. מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן גרויסן נס . . .

## 44.

# דער גרויסער נס

איך בין אין וואַרשע, — אייגנטלעך נישט אין וואַרשע, נאָר אין פּראַגע. דאָרט וווין איך און דאָרט אַרבעט איך: אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן און אין ראַדיאָ. אַלע מלוכהשע, אַדמיניסטראַטיווע און

געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס געפינען זיך אין פראגע. ווארשע גופא איז אזוי צעשטערט, אז עס קאן דערווייל קיין רייד נישט זיין פון דעם, מען זאל זיך אהין אריבערטראגן. דאס וועט נאך מוזן דויערן לאנגע, לאנגע חדשים. דאס שטערט מיר אבער נישט צו קומען יעדן טאג קיין ווארשע און באזוכן דאס ארט, ווו עס איז אמאל געשטאנען א הויז אויף אן ארט, ווו עס איז אמאל געווען א גאס, וואס האט געהייסן ווספולנא. איך זוך אלץ... אפשר וועט זיין עפעס א צייכן פון מיין קינד... צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען דאך שוין צוריקגעקומען קיין ווארשע, אפשר — מיין קינד אויך... דערווייל קיין שום ידיעה נישט.

דיאנא האלט מיך אין איין אנפרעגן פון לובלין, וואס עס הערט זיך און איך מוז כסדר ענטפערן: דערווייל נאך גארנישט... איך בין ארומגעגאנגען ווי שיכור, פשוט נישט דערקענט קיין מענטשן; נישט געקאנט זיך פרייען מיט יענעמס פרייד, ווייל אלץ האט אין מיר געוויינט און געבענקט... א גליק, וואס איך האב געהאט א סך ארבעט און פשוט נישט געהאט קיין צייט צו טראכטן. אבער די נעכט! . . . — — — —

איך פלעג אפט פארן קיין לאדזש, ווו מיר האבן אריבערגעטראגן אונדזער „ליטעראטן־זשורנאליסטן און ארטיסטן־פאריין" און די פרעסע־אגענטור „זשאפ". מיר האבן געעפנט די ערשטע יידישע צייטונג „דאס נייע לעבן". די רעדאקציע פון דער צייטונג איז באשטאנען פון ד"ר אדאלף בערמאן, ד"ר עמיל זאמערשטיין, יאנאס טורקאוו, גרישא יאשונסקי, מיכאל מירסקי און יוסף סאק.

מען וויל, איך זאל שאפן א יידיש טעאטער. איך קאן אבער וועגן דעם נישט טראכטן. מיין ווונד איז צו גרויס, איך זאל קאנען אנדערע טרייסטן.

זייער אפט קומט מיר אויס צו פארן אין פארשידענע שליחותן, אין שייכות מיט מיינע אמטן. דעם 1טן אפריל פאר איך קיין לובלין, כדי אין טאג פון דיאנאס געבוירן צו זיין מיט איר צוזאמען. יעדעס מאל, ווען איך פאר קיין לובלין און כ'קלינג אן אין מיין פרוים טיר, שפרינגט זי ארויס און קוקט, צי איך האב נישט מיטגעבראכט מארגאריטקעלען... דיאנא וויל אלץ נישט פארן קיין ווארשע, אזוי לאנג ווי אונדזער קינד איז נישטא, — צו וואס? . . .

מיר זענען שוין באַפרייט אַכט חדשים און פון אונדזער קינד — קיין שום לעבנס־צייכן !

ווען איך בין ס'לעצטע מאָל געווען אויף די חורבות פון ווספּאָל־נאַ 73, האָב איך אויפן אַרויסשטאַרצנדיקן טויער פון צווישן די חורבות אויפגעקלעפּט אַ צעטל: „ווער עס וועט מיר קאָנען אָנווייזן עפּעס אַ סימן וועגן דער משפּחה באַרטשינסקי און מאַרישיאַ קאָנראַד (מיין קינד — י. ט.), וועט באַקומען 5000 זלאָטעס באַלוינונג. — יאָנאַס טורקאָוו".

אין דער צווייטער העלפט אַפּריל, בין איך צוזאַמען מיטן ד"ר אַדאָלף בערמאַן אַוועקגעפאָרן אין אַ שליחות קיין וולאָכי, אונטער וואַר־שע. צוריקפאָרנדיק פון דאָרט, האָב איך געבעטן דעם שאָפער פון אונדזער אויטאָ, ער זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אַלעיאַ יעראָזאָלימסקאַ, ווייל איך וויל צוגיין אויף ווספּולנאַ גאַס און דערוויסן זיך, צי עס איז דאָ עפּעס אַ ידיעה וועגן מיין קינד.

צוזאַמען מיט ד"ר אַדאָלף בערמאַן בין איך איבער די חורבות צוגעגאַנגען צום טויער ווספּולנאַ 73 און כ'האָב דערזען פאַר זיך אַ צעטל... ווען איך האָב אָנגעהויבן צו לייענען, זענען מיר בוכשטאַבן געפלויגן פאַר די אויגן: מאַרישיאַ... באַרטשינסקאַ... לעבן... שווערזקאַ 24... פּראַגע...

וואָס מיט מיר איז געשען אין דעם מאָמענט, בין איך נישט אימ־שטאַנד איבערצוגעבן... פון מיין קעל האָבן זיך אַרויסבאַקומען אומאַר־טיקולירטע טענער... פרייד־געשרייען, צונויפגעמישט מיט טרערן... איך האָב אָנגעהויבן צו שפּרינגען... צו קושן זיך מיט ד"ר בערמאַנען... מיטן שאָפער, וועלכער איז אויך צוגעקומען... מיין קינד לעבט!!! אונדזער קינד לעבט און געפינט זיך אין פּראַגע... צי וועל איך עס נאָר באַווייזן צו זען... איך פיל, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען . . .

איך לאָז זיך, ווי אַ ווילדער, לויפן איבער די חורבות פון דער ווספּולנע גאַס — אין דער ריכטונג פון פּאָזנאַנסקע... איך לויף ווי אַ שד... די פאַרבייגייער קוקן זיך איבער און ווייזן אָן אויף מיר: „וואַריאַט" (משוגענער)... איך לויף אַלץ ווייטער. איך לויף שוין איבער טרעפּ: 2טער, 3טער... 5טער שטאָק. איך לויף אַריין אין דער דירה פון צביהן און אָנ־טעקן (צוקערמאַן). איך כאַפּ זיך אַרום מיט זיי קושן. איך פּלאַפּל נישט־פאַרשטענדלעכע רייד. פון די אָפּגעריסענע ווערטער: „מאַרגאַריטקעלע..

מארגאריטקעלע... איר הערט, מארגאריטקעלע" און פון די טרערן וואס גיסן זיך פון מיינע אויגן, האבן זיי פארשטאנען, אז איך האב געווונען דעם הויפט־טרעפער: געפונען אונדזער איינציק קינד! . . .

צביה און יצחק צוקערמאן הויבן מיך אן צו באַרואיקן, איך זאל זיך באהערשן; איצט מוז איך זיין שטארק — זאגן זיי — עס שטייט מיר איצט פאר א שווער פראבלעם צוצוגרייטן דיאנא צו דער גרויסער פרייד.

דערווייל קומען אריין ד"ר בערמאן און אונדזער שאפער און אלע רעדן אין מיר אריין. איך פארשטיי גארנישט וואס מען רעדט צו מיר, איך הער נאר די ווערטער: צום קינד... פארן... שנעלער . . .

איך געדענק נישט וויאזוי דאס איז געשען, אז איך בין שוין געזעסן אין אויטא און בין צוגעפארן צום צענטראל־קאמיטעט אין פראגע און ווי איך בין פון אים ארויסגעשפרונגען. ערשט דאן, ווי עס איז צו מיר ארויסגעקומען סטאשיא (מערענהאלץ) און מיר נאך אמאל אנגעזאגט די גוטע בשורה, אז מיין קינד לעבט, אז זי איז נישט לאנג צוריק דא געווען; אז זי זעט גוט אויס; אז זי איז געזונט און האט געבעטן, ווי נאר איך וועל צוריקקומען, זאל איך גלייך צו איר אהינקומען... ערשט איצט האב איך זיך אנגעהויבן צו באהערשן און געבעטן דעם שאפער פון אונדזער מאשין מיך אהינצופירן אויף שוועדזקא 24 . . .

ווי א וויכער האט זיך אונדזער אויטא א לאז געטון איבער פראגע. זייענדיק שוין אויף דער שוועדזקא גאס, האב איך פון דערווייטנס באמערקט, ווי עס שפאצירן צוויי מיידעלעך, וואס זענען געגאנגען פאראויס. אין אויסגעוואקסענעם העלן קראטן־מאנטל פון דער העכערער האב איך דערקענט מיין קינד... איך בין ארויסגעשפרונגען פון דער מאשין און צוגעלאפן צו איר:

— טאטעלע !!...

— טעכטערל!!...

דאס זענען געווען די ווערטער, מיט וועלכע מיר זענען זיך געפאלן אין די ארעמס אן לאנג, לאנג זיך געטוליעט איינס צום אנדערן.

די נאכט האט שוין מארגאריטקעלע גענעכטיקט צוזאמען מיט מיר. מיר האבן נישט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן זיך — און וואס צו דער־



ציילן האָט דאָך נישט געפעלט!... מיין קינד האָט פון אָנהויב מורא גע־האַט צו פרעגן וועגן דיאַנאַן . . .

— אַז דו ליעבסט — האָט מיר געזאָגט מאַרגאַריטקעלע — האָב איך פאַרשטאַנען, אָבער אַז מאַמעלע איז דאָ . . .

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז מיין קינד געווען שוין 10 טעג אין פּראַגע.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף אַ יידישער אינס־טיטוציע? — האָב איך זי געפרעגט. — דאָרט וואָלסטו זיך באַלד דער־וווּסט וועגן אונדז.

— די „טשיאָטשיע" (באָרטשינסקאַ — י. ט.) האָט געפרעגט ביי אַ באַקאַנטן פּאָליציאַנט, צי עס איז דאָ עפּעס אַ יידישע גמינע (קהילה), האָט ער איר געענטפערט, אַז עס איז נישטאָ פאַר וועמען, כמעט נישטאָ קיין יידן . . .

— האָסטו נישט געקאָנט צוגיין צום ערשטן בעסטן ייד און אים פרעגן?...

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת — ענטפערט מיר מאַרגאַריטקעלע, — כ'האָב שוין אַזוי לאַנג נישט געזען קיין ייד, אַז כ'וואָלט גאָרנישט דערקענט אַזאַ... היינט — זאָגט זי ווייטער — האָב איך געבעטן די „טשיאָ־טשיע" צוצוגיין מיט מיר אויף ווספּולנאַ 73, — אפשר וועט מען דאָרט טרעפן עמיצן פון די באַקאַנטע . . .

זייענדיק דאָרט, האָבן זיי אויפגעקלעפּט דאָס צעטל. (מיין צעטל האָבן זיי נישט געזען, ווייל מסתמא האָט עס דער ווינט אַראָפּגעריסן.)

דער האַרציקער „יוזשעק" (זיסמאַן), וועלכער האָט זיך זייער אײַ־בערגענומען מיטן גורל פון אונדזער פאַרשוווּנדן קינד, פלעגט יעדן טאָג פאַרבייגיין דאָס הויז און זוכן עפּעס אַ שפּור. האָט ער אָנגעטראָפן אויף זייער צעטל. מיר האָט שוין יוזשעק נישט באַוויזן צוּווּיסן צו געבן, ווייל איך בין באַלד אין דער פרי אַרויסגעפאָרן מיט ד"ר בערמאַנען פון וואַר־שע. איז יוזשעק אַוועק אויף שוועדזקאַ 24 און געבראַכט מאַרגאַריטקע־לען מיט די באָרטשינסקאַ אין צענטראַל־קאָמיטעט. נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף מיר, זענען זיי אַהיימגעגאַנגען.

— און וואָס הערט זיך מיט יוזעף באָרטשינסקין? — פרעג איך.

— אה, — ענטפערט מארגאריטקעלע מיט א טיפן זיפץ — דער „פעטער" לעבט ליידער נישט... דעם 26סטן יוני זענען צו אונדז געקומען געשטאפּא־אגענטן, געהייסן דעם פעטער און באגדאנען (זיין זון — י. ט.) זיך לייגן אויף דער ערד, געבונדן זיי די הענט און אוועקגעפירט זיי אויפן „פּאוויאק"... מען האט דעם פעטער אפילו נישט געלאזט אנטון דאס רעקל און נעמען זיינע דאקומענטן . . .

— „דו וועסט זיי שוין מער נישט דארפן" — האבן די געשטאפּא־לייט געזאגט און אים אוועקגעפירט מיט באגדאנען. זיי האבן אויך מיטגענומען דעם שכן באלעק נאוואק, וועלכער האט זיך דעמאלט געפונען אין בארטשינסקיס וווינונג, ווי אויך — פיעטרעקן, וואס איז גראד אנגעקומען... דער פעטער איז אין „פּאוויאק" דערשאסן געווארן. א שאד, א טייערער מענטש געווען — זאגט מארגאריטקעלע מיט טרערן אין די אויגן.

יא, ס'איז באמת געווען איינער פון די אנשטענדיקסטע מענטשן, וועלכע איך האב באגעגנט בעת מיין זיין אויף דער ארישער זייט.

— נאך א נס — זאגט ווייטער מארגאריטקעלע — וואס מען האט ביי אונדז אין שטוב נישט דורכגעפירט קיין רעוויזיע, ווייל מ'וואלט געפונען א סך געווער, אמוניציע, אומלעגאלע ליטעראטור און צוקערוואַרג, וואס מיר האבן נאך געהאט פונעם לעצטן אנפאל אויף פוקסעס פאבריק.

איך האב מארגאריטקעלען דערציילט וועגן דיאנאן, מיט וואס פארא אומגעדולד זי ווארט שוין אויף א ידיעה וועגן איר. איצט וועל איך שוין דיאנאן קאנען מודיע זיין וועגן גרויסן נס, אז מיר האבן אפּגעפונען אונדזער פארלוירענעם אוצר. איצט וועלן מיר שוין קענען זיין צוזאמען און זיך מער נישט שיידן!

עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאכט, ווען מיר האבן זיך געלייגט שלאפן. פאר'ן שלאפן גיין, האב איך באמערקט ווי מיין קינד שטעלט זיך אויף די קני, לייגט צונויף די הענטלעך און זאגט אפּ א קריסטלעכע תפילה... איך האב זיך מיט קיין ווארט נישט אנגערופן . . .

מיר זענען איינגעשלאפן מיט א גליקלעכן, לאנגן שלאף.

45.

# מאַרגאַריטקעלע דערציילט

מאַרגאַריטקעלע איז באַלד נאָך באָרטשינסקיס אַרעסט אוועקגעפאָרן קיין וולאָכי נעבן וואַרשע, צו באָרטשינסקיס טאָכטער דאַנוטאַ נאָוואַטשיק, ווייל זייער דירה אויף ווספּולנאַ גאַס איז געשטאַנען אונטער אַ כסדרדיקער אָבסערוואַציע. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז מאַרגאַריטקעלע צוריקגעקומען קיין וואַרשע. מען האָט זייער הויז שוין מער נישט אָבסערווירט. די דייטשן האָבן שוין נישט געהאַט קיין קאָפּ דערצו.

עס האָט זיך אין וואַרשע אָנגעהויבן אַ גרויסע פּאַניק צווישן די ציווילע דייטשן און פאָלקס־דייטשן און זיי האָבן אָנגעהויבן מאַסנווייז צו אַנטלויפן. עס האָבן נישט געהאָלפן די באַרואיקונגען פונעם גובערנאַטאָר פישער, ווי אויך די דראָאונגען, אַז פאַר פּאַניק־מאַכעריי, פאַרשפּרייטן פאַלשע קלאַנגען, אָדער פאַר פאַרמאַכן די געשעפטן, צי נישט קומען צו דער אַרבעט אויף די אַמטן, וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן פאַר סאַבאָטאַזש. באַלד נאָך דעם זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויפרופן צו דער ציוויל־באַפעלקערונג, אַז דעם 28סטן יולי, 8 אַזייגער אינדערפרי, דאַרפן זיך אין פיר פונקטן פון שטאָט מעלדן 100.000 מענער צו פאָרטיפיקאַציע־אַרבעטן. פרייטיק, דעם 28סטן, 8 אַזייגער אינדערפרי, האָבן די דייטשן אַראָפּגעבראַכט אויף די באַשטימטע פונקטן אַ פּאָר הונדערט לאַסט־וועגענער, אָבער קיין מענטשן צו דער אַרבעט האָבן זיך נישט געמאָלדן. 9 אַזייגער אינדערפרי זענען די אויטאָס צוריק אוועקגעפאָרן, נישט מיטנעמענדיק אַפילו די געציילטע פּאָליאַקן, וואָס זענען דעמאָלט געווען אויף דער גאַס. מען האָט דערוואַרט מצד די דייטשן רעפּרעסיעס. אָבער קיין רעפּרעסיעס זענען נישט געווען. אייניקע האָבן דאָס אויסגעטייטשט פאַר אַ צייכן פון דייטשישער שוואַכקייט; אַנדערע, ווידער — אַז די דייטשן ווילן נישט רייצן די באַפעלקערונג צוליב דער נאָענטקייט פון פראָנט. איינס איז אָבער געווען זיכער, אַז די דייטשן האָבן באַשלאָסן

צו פארטיידיקן ווארשע און דעם לינקן ברעג ווייסל און אזוי שנעל זיך נישט אונטערגעבן.

דעם 27סטן יולי האט די אנפירונג פון „א. ק." דערקלערט „אסטרע פאגאטאוויע" (גרייטקייט) פון אירע אפטיילונגען. פרייטיק, דעם 28סטן יולי, האט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אז 5 אזייגער נ"מ וועט עס „זיך אנגעהויבן". 6 אינאוונט איז שוין געווען באוווּסט, אז דער טער־מין פון אויפשטאנד איז אפגעלייגט געווארן. און אזוי איז עס אפגעלייגט געווארן פון טאג צו טאג, ביז דינסטיק, דעם 1טן אויגוסט, 5 אזייגער נ"מ. אלס צייכן פארן אויפשטאנד האבן געזאלט דינען אייניקע אלארם־סירע־נעס און דורכן ראדיא האט געזאלט איבערגעגעבן ווערן דער פאראל „בוזשא" (שטורעם).

דער אויפשטאנד האט זיך אבער אנגעהויבן מיט א פאר שעה פריער. אט וואס מיין טעכטערל האט מיר וועגן דעם דערציילט:

— דעם 1טן אויגוסט, באלד אינדערפרי, איז די „טשיאטשיע" (באר־טשינסקא — י. ט.) אוועק אין באנק אויסטוישן געלט. ווי נאר זי איז צוריקגעקומען פון גאס — ס'האט געקאנט זיין 11 אזייגער — האבן מיר דערהערט א לאנגן פייף פון א סירענע און באלד נאך דעם — א הארמאטן־שאס. מיטאמאל איז אלץ שטיל געווארן. די גאס איז מיטא־מאל געווארן ליידיק. מיר זענען אראפ אין קעלער. דארט האבן זיך שוין געפונען אייניקע פרעמדע מענטשן, — פארבייגייער, וואס האבן געזוכט זיך אויסצובאהאלטן. יעדער איינער האט געזוכט אויסצוטייטשן די לא־גע אויף אן אנדערן אופן; איינער האט געזאגט, אז ס'איז א דייטשישע בלאקאדע, דער אנדערער — אז ס'האט זיך שוין „אנגעהויבן"... קיינער האט אבער נישט געוווּסט גענוי, וואס עס איז געשען. ערשט אין א פאר שעה ארום האט זיך עס אנגעהויבן באמת... דערווייל האבן די פרעמדע מענטשן שוין נישט געקאנט אהיימגיין און זיי זענען פארבליבן ביי אונדז. אין משך פון טאג זענען אריינגעלאפן אנדערע פארבייגייער. א סך פון אונדזערע הויז־איינוווינער האבן, זייענדיק אין גאס, נישט באוויזן שוין צוריקצוקומען.

באלד האט מען אנגעהויבן צו מאכן אויף דער גאס באריקאדן. אויך איך האב געשלעפט מאטראצן, שיעניקעס, פעסלעך, מעבל, ציגל,

זאַמד און עס ארויסגעטראָגן פאַר אונדזער טויער... מיר האָבן געמאַכט באַריקאַדן איבער דער ברייט פון גאַס, פון אונדזער הויז צום אַנטקעגנ־ליגנדיקן הויז. מען האָט אויך געבויט אונטערערדישע טונעלן. מיר האָבן דורכגעהאַקט עפענונגען פון די קעלערס פון איין הויז צום אַנדערן.

די גרעסטע צרות האָבן אָנגעמאַכט די דייטשישע האַרמאַטן, וועל־כע מיר האָבן אָנגערופן „קו" (קראָווא), ווייל ביים שיסן האָבן זיי אַרויס־געגעבן טענער, ווי אַ קו. מיט דער מיליטערישער אָפּטיילונג ביי אונדז אין הויז האָט אָנגעפירט אַ קאַפּיטאַן, וואָס איז געקומען פון וואַלד,— מען האָט אים גערופן יאַרעמבאַ. אין זיין אָפּטיילונג איז אויך געווען באַר־טשינסקאַס טאָכטער דאַנוטאַ נאָוואַטשיק.

די ערשטע צייט האָבן מיר געהאַט די אויבערמאַכט איבער די דייטשן. מיר האָבן זיך דערלויבט אויף אַזעלכע וויצן, ווי אַרויסהענגען אַ גרויסן פּאָרטרעט פון היטלערן און זאָלן די דייטשן שיסן אויף זייער „פירער" . . .

אין אַ געוויסן טאָג האָט אַ פּוילישער פּולקאָווניק געהייסן אַלע איינ־וווינער פון אונדזער הויז אַראָפּגיין אין די קעלערס, ווייל די דייטשן האָ־בן פון דער כאַלובינסקעגאָ גאַס, וווּ זיי האָבן זיך געפונען, אָנגעשטעלט אויף אונדזער הויז די לופעס פון אַ „טיגער" (שווערער טאַנק). מיר האָבן נישט באַוויזן אַראָפּצוגיין אין קעלער, ווי עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַל פונעם „טיגער" און אונדזער גאַנץ הויז האָט זיך ווי אַ הויב געטון און צוריקגעזעצט אויף די פונדאַמענטן. נאָכן צווייטן און דריטן קנאַל, האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן צו שיטן... ציגל, ברעטער, האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן איבער אונדזערע קעפּ... דאָס 4־שטאָקיקע הויז האָט אָנגעהויבן איינצו־פאַלן... מיר האָבן קוים־קוים באַוויזן אַרויסצולויפן פונעם קעלער, ווייל דאָרט וואָלטן מיר אַלע לעבעדיקערהייט פאַרשיט געוואָרן. מיר זענען וויי־טער געלאָפן איבער פאַרשידענע הייף, גערטנדלעך, הייזער, שפּיטעלער, זוערנדיק באַשאָסן פון פאַרשידענע זייטן. מיר זענען אַריינגעלאָפן אין אַ קעלער, ווו דאַנוטאַס מאַן האָט אונדז געפונען און אונדז אַוועקגעפירט אויף האָזשאַ גאַס 51 אין אַ פאַבריק פון גראַנאַטן פאַר די אויפשטענד־לער, ווו ער האָט געאַרבעט. דאָרט האָב איך געקריגן פונעם קאַפּיטאַן — „מעכאַניק" האָט מען אים גערופן — דעם אָרעמבאַנד פון אַ קעמפער מיט

א לעגיטימאציע. איך בין שטאַלץ געווען דערמיט. דאַנוטאַ איז געוואָרן די אַדיוטאַנטין פונעם מאַיאָר און שטענדיק אים געמוזט נאָכלויפן . . .

די „טשיאָטשיע" (באַרטשינסקאַ — י. ט.) איז געווען באַשעפ־טיקט אין דער גרויסער האַלע ביים אויסאַרבעטן גראַנאַטן. אויך איך האָב זיך שנעל באַקענט מיט דער גראַנאַטן־אויסאַרבעטונג, אָבער קיינעם נישט אויסגעזאָגט דעם סוד . . .

אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ „פּשעפּוסטקע" (דורכגאַנגס־דערלויב־עניש), בין איך אָפט אַרויס צו די באַריקאַדן און אַנדערע פראָנט־אָפּשניטן. איינמאָל האָט אונדז אַ שכנה דערציילט, אַז מען האָט אַנט־דעקט אַ ייד און מען האָט אים געגעבן דעם געהעריקן פּסק... איך האָב דערפון געהאַט שטאַרק עגמת נפש, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט העלפן?!

אַ גרויסע פרייד איז פאַר אונדז געווען, ווען מען האָט אונדז אַראָפּ־געוואָרפן פון אַמעריקאַנער, רוסישע און ענגלישע עראָפּלאַנען אַמוני־ציע און שפּייז. זייער אָפט זענען אָבער די זאַכן געפאַלן אויף די דייטשי־שע ליניעס. די עראָפּלאַנען פלעגן אויך אַראָפּוואַרפן פאַר די דייטשן גרויסע, פול־געפּאַקטע זעק. די דייטשן פלעגן זיך, ווי די היישעריקן, וואַרפן אויף זיי און צו זייער גרויסער איבעראַשונג האָבן זיי אין די זעק געפו־נען זאַמד . . .

צו די שיסערייען און אויפטרייסלונגען זענען מיר שוין געווען גע־וווינט, אָבער איינמאָל זענען מיר געווען זיכער, אַז די ערד עפנט זיך און זי וועט אונדז אַלע איינשלינגען. דער קעלער האָט זיך געוואַקלט אויף אַלע זייטן, ביז אַלץ האָט זיך ווידער באַרואיקט.

די ערשטע צייט איז, ווי געזאָגט, געגאַנגען אונדז זייער גוט. די צייטונגס־ביולעטינען האָבן געבראַכט אַלץ פרישע ידיעות, אַז „מיר שטייען גוט" און אַז מיר וועלן זיך אַליין אַן עצה געבן מיטן שונא און מיר דאַרפן נישט קיין סאָוויעטישע הילף... און פּלוצלינג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס איז נישט אַזוי גוט... און לסוף — אַז באָר־קאָמאָראָווסקי האָט אונטערגעשריבן די קאַפּיטולאַציע . . .

נאָך צוויי חדשים צייט פון אויפשטאַנד, וואָס האָבן זיך אונדז אויסגעוויזן צו זיין לאַנגע יאָרן, האָבן מיר זיך אויפגעהערט צו שלאָגן. איך בין אַרויס אין גאַס. די שטאָט האָט אויסגעזען שרעקלעך. הייזער־

האָבן זיך נאָך אַלץ פונאַנדערגעשיט, הגם מען האָט שוין מער נישט גע־שאָסן אין זיי... די גאַס האָט אָנגעהויבן באַלעבט צו ווערן. דער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער די פּאַרוואַרלאָזטע הייזער, כדי צו „שאַב־רעווען" (ראַבירן)... מען האַנדלט שוין, מען פאַרקויפט שוין די געגנבע־טע זאַכן . . .

מיר האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן וואַרשע. ס'איז אַרויס אַ באַ־פעל, אַז קיינער טאָר נישט פאַרבלייבן אין שטאָט. קודם כל האָבן זיך די דייטשן גענומען אַרויסצופירן די אויפשטענדלער. ס'איז געקומען דער טאָג פון אונדזער „אָפּשניט". איך שטיי אין דער ריי אויפן הויף, כ'בין אָנגעטון אין מיין אויפשטענדלער־מונדיר, אין די הויזן, מיטן בערעט אויפן קאָפּ און מיין וויים־רויטן אָרעמבאַנד. אויפן הויף שטייען מיר אַלע מיט די סאָלדאַטן און אָפיצירן ביז די העכסטע פון אונדזער פראָנט־אָפּ־שניט. מיר זינגען פּאַטריאָטישע לידער. אייניקע העכערע אָפיצירן האַלטן פאַר אונדז רעדעס, דערנאָך ווערט דערקלערט אַ מינוט שטילשווייגן נאָך די געפאַלענע און מיר גייען אויפן זאַמל־פּונקט אויף זעקסטן שיערבּניאַ גאַס, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט דראָטן. דאָרט איז פול מיט דייטשישע מיליטערלייט. זיי פאָטאָגראַפירן אונדז פון אַלע זייטן... דאָ האָבן אַלע אָפּגעגעבן זייער געווער. דערנאָך האָט מען אונדז אָנגעהויבן צו פירן אי־בער דער חרובער וואַרשע, דורך דער וואָלסקאַ גאַס, אַרויס פון שטאָט.

מיר האָבן נישט געוווּסט וווּהין מען פירט אונדז. אייניקע זאָגן, אַז קיין פּרושקאָוו; אַנדערע — אַז מען פירט אונדז קיין מאַידאַנעק, קיין דייטשלאַנד, א. אַ. וו. איך שלעפּ אויף זיך זייער אַ שווערן באַגאַזש, וואָס די „טשיאָטשיע" האָט מיר אָנגעבונדן אויף די פּלייצעס און איך מיין, אַז אָט־אָט וועל איך אַוועקפאַלן אונטער דער שווערער לאַסט... מיר גייען פאַרביי אַ רייע דערפער, ווו די פּויערים גיבן אונדז פאַרשידענע זאַכן. איין פּויערטע האָט מיר צוגעוואָרפן אַ גאַנץ וויים ברויטל און נאָכגע־שריען: „דאָס איז פאַרן קינד". ביים סוף טאָג האָט מען אונדז דערלויבט אַרויפצולייגן אונדזערע באַגאַזשן אויף די פורן, ווו עס זענען די גאַנצע צייט געזעסן די העכערע אָפיצירן, — זיי זענען נישט געגאַנגען צופוס... באַפרייענדיק זיך פונעם שווערן באַגאַזש, איז מיר לייכטער געוואָרן צו גיין. אַ סך פון אונדזער גרופּע אַנטלויפט. די דייטשן מאַכן זיך נישט זען.

מיר וואָלטן אויך געקאָנט אַנטלויפן, איז אָבער אַ שאָד צו לאָזן דעם באַ־גאַזש אויף הפקר. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, פאַרוואָס די דייטשן מאַכן זיך נישט זעענדיק ווי די אויפשטענדלער אַנטלויפן, זיי האָבן שפּע־טער דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין די אַלע ערטער אַרום וואַרשע און אַלע, וואָס האָבן געהאַט וואַרשעווער „קענקאַרטן" האָבן זיי פאַרשיקט קיין דייטשלאַנד.

אַזוי האָבן מיר אָפּמאַרשירט לאַנגע, לאַנגע קילאָמעטערס. איך בין געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז כ'האָב געמיינט, אַז כ'וועל אָוועקפאַלן, ווייל מיינע פיס האָבן מיר מער נישט שוין געוואָלט דינען... דאָס זעלביקע איז געווען מיט באָזשענקאַן. האָט מען אונדז ענדלעך דערלויבט אַרויפצוזעצן זיך אויף אַ פור, ווו עס זענען געזעסן די אָפיצירן.

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען מען האָט אונדז אַריינגע־פירט אין אַ לאַגער פאַר אויפשטענדלער אין אָזשאַראָוו. ס'איז דאָרט גע־ווען זייער ענג. איך בין געווען שטאַרק מיד, אָבער כ'האָב באַין אופן נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, ווייל מען האָט מיך כסדר געטראָטן... צומאָר־גנס האָט אַ דייטשישער אָפיציר געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע און גע־מאָלדן, אַז פרויען און קינדער קאָנען פאָרן אין ציוויל־לאַגער קיין פּרוש־קאָוו, — די איבעריקע וועלן אָוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד, ווי קריגס־געפאַנגענע.

די „טשיאָטשיע" (באַרטשינסקאַ) האָט באַשלאָסן מיט מיר און מיט באָזשענקאַ צו פאָרן קיין פּרושקאָוו. דאַנוטאַ מיט איר מאַן נאָוואַטשיק זענען פאַרבליבן אַלס קריגס־געפאַנגענע. מען האָט אונדז אַריינגעזעצט אין לאַסט־אויטאָס און אָוועקגעפירט אין לאַגער פאַר ציווילע קיין פּרוש־קאָוו, ווו מיר זענען געווען איין טאָג. צומאָרגנס האָט מען אונדז צוגע־פירט צו לאַסט־וואַגאָנעס. פאַרן אָפּפאָרן פון צוג, האָט מען מיר מיט אַלע איבעריקע קינדער געגעבן צו איין פלעשקע פּאַסטעריזירטע מילך.

מיר זענען געפאָרן אין אָפענע וואַגאָנעס. צו אונדזער גליק האָט די גאַנצע צייט נישט גערעגנט. מיר זענען אַזוי געפאָרן 3 טעג און 3 נעכט. מיר זענען אָנגעקומען אין קעלצער געגנט. פאַרבייפאָרנדיק די וועלדער, האָט דער צוג אָנגעהויבן צו גיין לאַנגזאַם און שטיל, מען זאָל נישט דער־

הערן דאָס פאָרן, ווייל עס זענען געווען פאַלן, ווען די פּאַרטיזאַנער פון די וועלדער האָבן אָפּגעשלאָגן די צוגן.

אין יענדזשעיוו (קעלצער געגנט) איז דער צוג געבליבן שטיין. מען האָט אונדז דאָרט געמאָלדן: ווער עס וויל, קאָן דאָ אַראָפּגיין. אַ ביסל מענטשן זענען אַראָפּ. מיר זענען געפאָרן ווייטער ביז סענדזשישוו. דאָרט זענען מיר אַראָפּ. ס'איז צו אונדז באַלד צוגעקומען עפּעס אַ פּוילישער הער פונעם הילפס־קאָמיטעט פאַר די וואַרשעווער. מען האָט אונדז דאָרט רעגיסטרירט, געגעבן צו עסן און ווו איבערצונעכטיקן. צומאָרגנס זענען מיר אַוועק מיט די פּויערים, וואָס זענען נאָך אונדז געקומען פון די דערפער. מיר זענען פאַרפאָרן אין דאָרף אָלודנאַ. דאָרט האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט. די פּויערים האָבן די „וואַרשעווער" גערן אויפגענומען, נאָך דערצו ווען זיי האָבן געהערט, וואָס מיר האָבן „דורכגעמאַכט" אין וואַרשע.

אינעם דאָזיקן דאָרף זענען מיר אָפּגעווען דעם גאַנצן ווינטער. עס איז דאָרט געווען זייער גוט, אָבער מיר איז געווען זייער טרויעריק. ווער וויים, — האָב איך מיר געטראַכט — צי איך וועל נאָך ווען עס איז אַמאָל זען מיינע עלטערן... די „טשיאָטשיע" (באָרטשינסקאַ) האָט דערציילט, אַז איך בין אַ יתומה, ווייל מיינע עלטערן זענען דערהרגעט געוואָרן... און דאָס האָט זי כסדר איבערגעחזרט אין מיין קעגנוואַרט (אַז די עלטערן זענען יידן, האָט זי, פאַרשטייט זיך, פאַרשוויגן.)

אין אַ געוויסן טאָג — דאָס איז געווען אין פעברואַר 1945 — האָב איך באַמערקט פונדערווייטנס עפּעס אַן איינזאַמען טאַנק... פון וואַנען נעמט זיך דאָ פּלוצלינג אויפן פעלד אַ טאַנק?! די דייטשן אַנטלויפן דאָך טאָג און נאַכט, — מיר זעען עס דייטלעך אויפן שאָסיי פונדערווייטנס. זאָלן דאָס זיין די רוסן?! — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס זאָל זיין אין דער אמתן... אָזאַ גליק!... אָבער צו ביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן רוסישע מיליטערישע אָפּטיילונגען . . .

מען איז אַרויסגעלאָפן צו זיי און די, וואָס האָבן געקענט רוסיש, האָבן געפרעגט:

— פאַרוואָס זענט איר פריער נישט געקומען? פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען קיין וואַרשע?

— מיר זענען שוין אין וואַרשע — האָבן זיי געענטפערט — און פריער זענען מיר נישט געקומען, ווייל איר האָט נישט געוואָלט; ווען איר וואָלט אונדז געוואָלט האָבן אין וואַרשע, וואָלטן מיר שוין לאַנג דאָרט געווען און איר וואָלט פאַרשפּאָרט אַזוי פיל קרבנות... איר האָט דאָך אַליין געוואָלט נעמען וואַרשע . . .

מיין איינציקער פאַרלאַנג איז איצט געווען צו פאָרן קיין וואַרשע. מיינע געדאַנקען זענען איצט געווען ביי מיינע עלטערן. איך האָב געוווּסט, אַז אויב זיי לעבן, זוכן זיי מיך אַרום. איך האָב מיר אַפילו פאָרגעשטעלט, אַז אָט־אָט וועט זיך עפענען די טיר און מיין פאָטער וועט אַריינקומען.

די „טשיאָטשיע" האָט זיך אָבער נישט געאיילט קיין וואַרשע.

— ס'איז איצט ווינטער — האָט זי געזאָגט — שנייען, אַ שווערער וועג א. א. וו.

איך האָב באַשלאָסן צוזאַמען מיט באַזשענקאַן צו אַנטלויפן קיין וואַרשע. זי האָט געוואָלט אויסזוכן איר פאָטער און ברודער. דעמאָלט האָט זי נאָך אַלץ געגלויבט, אַז איר פאָטער לעבט. און איך האָב דאָך גע־וואָלט אויסזוכן מיינע עלטערן. מיר האָבן שוין אַפילו אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו אַנטלויפן . . .

דערווייל איז אָנגעקומען דער פרילינג און די „טשיאָטשיע" האָט ענדלעך באַשלאָסן זיך צו לאָזן מיט אונדז אין וועג אַריין. צען טעג ווי מיר געפינען זיך שוין דאָ. די „טשיאָטשיע", הערנדיק, אַז עס איז נישטאָ קיין יידישע „גמינע" (קהילה), האָט שוין מיט מיר אָנגעהויבן צו רעדן, אַז עס וועט איר איצט שווער זיין מיך צו האַלטן; אַז זי וועט זיך אַרומ־קוקן צווישן באַקאַנטע — אפשר וועט זי מיך קאָנען אָוועקגעבן צו אַ פּויער אין דאָרף" . . .

אָט אַזוי האָט מאַרגאַריטקעלע געשילדערט אירע איבערלעבענישן בעתן וואַרשעווער אויפשטאַנד.

46.

# דער גליקלעכער סוף

צומאָרגנס האָב איך געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַזוי דיאַנאַן מודיע זיין אין לובלין, אַז אונדזער קינד איז געפונען געוואָרן. קיין ציוויל־טע־לעפאָן־פאַרבינדונג מיט לובלין איז נאָך פון וואַרשע נישט געווען. האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס קאַפּיטאַן גרובער (דער העלדישער פּאַרטיזאַנער) איז צוזאַמען מיט קאָסאָווערן געפאָרן קיין לובלין און איך האָב אים געבעטן פּאַרזיכטיק צוצוגרייטן מיין פרוי, אַז אונדזער קינד לעבט און איז שוין מיט מיר צוזאַמען.

גלייכצייטיק האָט מיר מיין פריינט אַדוואָקאַט י. קליינערמאַן צוגע־זאָגט צו קריגן אַן אויטאָ און אַוועקפירן מאַרגאַריטקעלען קיין לובלין.

ווען דיאַנאַ האָט זיך געפונען אויף איינער פון די לובלינער גאַסן, האָט זי פּלוצלינג דערהערט ווי איין מאַן זאָגט צום צווייטן:

— דאָס איז זי! . . .

זי האָט אָבער אין ערשטן מאָמענט אויף דעם קיין אַכט נישט גע־לייגט. די צוויי מענטשן זענען איר פאַרלאָפן דעם וועג און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן:

— אייער קינד לעבט; געפינט זיך אין וואַרשע צוזאַמען מיט אייער מאַן.

ווי אַ באָמבע האָט די דאָזיקע ידיעה געטראָפן מיין פרוי... גראָד אין זעלביקן טאָג האָט זי געזאָגט צו אַ חבר:

— איך פיל, אַז מיין קינד לעבט... און איצט האָט זי געהערט אַ באַשטעטיקונג אויף דעם!

אַלע אונדזערע פריינט, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין לובלין, האָבן צוזאַמען מיט דיאַנאַן געוויינט פאַר פרייד און גליק. דעמזעלביקן טאָג האָט דיאַנאַ ענדלעך געקאָנט איבערגעבן דורכן ראַדיאָ די פריילעכע ידיעה:

— דיאנא בלומענפעלד און יאנאס טורקאוו זענען מודיע זייערע ברידער און אלע זייערע פריינט אין אויסלאנד, אז זיי האבן צוריקגעפונען זייער טעכטערל מארגאריטא . . .

איידער מארגאריטקעלע איז געפארן מיטן אדוואקאט קליינערמאן קיין לובלין, האב איך זיך מיט איר אוועקגעזעצט און איר איבערגעלייענט דעם געזעגענונגס־בריוו, וואס דיאנא האט צו איר אנגעשריבן אין די ביטערע טעג אין געטא. איך האב דאן דיאנאן צוגעזאגט, אז כ'וועל דעם בריוו גלייך איבערשיקן אויף דער ארישער זייט צו דער פרוי בארטשינסקא און זי בעטן, אז אין פאל פון אונדזער טויט, זאל זי עס איבערגעבן אונדזער קינד, בכדי עס זאל איר בלייבן אלס זכרון דער לעצטער בריוו פון אונדז. אויך איך האב געזאלט צושרייבן צום בריוו א פאר ווערטער.

איך האב אבער גארנישט צוגעשריבן צום בריוו און נישט געקענט ביי זיך פועלן דעם בריוו איבערצושיקן אויף דער ארישער זייט. עפעס אן אונטערבאוווסטזיניקער כוח האט מיך צוריקגעהאלטן דאס צו טון, אבער דיאנאן האב איך פארזיכערט, אז איך האב דעם בריוו איבערגעשיקט אויף דער ארישער זייט. איך האב דעם בריוו באהאלטן ביי זיך.

דער גורל האט געוואלט, אז איך זאל אונדזער קינד קענען פארלייענען דעם בריוו ביים לעבן לאכנדיק און וויינענדיק פון גליק.

די פרייד, וואס מיר זענען געבליבן לעבן איז טאקע גרויס, זי איז אבער דורכגעוועבט מיטן טיפן טרויער צוליבן אומקום פון מיינע צוויי אומפארגעסלעכע שוועסטער, נאך דיאנאס ברידער און שוועסטער, נאך אונדזערע נאענטסטע און נאך די אלע, וואס האבן נישט זוכה געווען צו דערלעבן די גליקלעכע שעה פון באפרייאונג.

ניו־יארק.

# אויסבעסערונגען פון טעותים

## אין בוך

# „אַזוי איז עס געווען"

---

זייט 67 — מיטן פאַרזאָרגונגס־אַמט האָט אָנגעפירט הענריק (נישט „י.י.") ראָטענבערג; דער אָנפירער פון דער פליטים־סעקציע ביי „יי. אַ. ה." האָט געהייסן דוד ערסלער (נישט עסלער).

זייט 70 — בראש פון די העברעאישע שולן זענען געשטאַנען אויסער די אויסגערעכנטע, אויך: ד"ר נתן עק, קאַפּל פּיזשיץ, מאָסטקאָוו און ראָזענבלום.

זייט 119 און 140 — צו די אָנפירער פון דער סאַניטאַרער פּאָליצייִישער דינסט, האָט געהערט: מאַיאָר גאַנדז און נישט גראָס.

זייט 139 — אַדוו. קאָרנבליט („טשעסלאַוו"), אַ באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן אין וואַרשע, האָט געאַרבעט אין דער יידישער פּאָליציי בלויז אַ קורצע צייט ביים סאַמע אָנהויב פון איר אַנטשטייאונג, איז גלייך פון איר אַרויסגעטרעטן, איבערגענומען די לייטונג פון אַ רייע הייזער אין געטאָ און געווען אַקטיוו אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד.

זייט 179 — ראָטמאַן קאַטשקאַס פּאַרטרעטער איז געווען אַדוואָקאַט וויעזשביצקי (ברודער פון פרוי מאַזשינסקאַ פון „צענטאָס").

זייט 243 — „מעצענאַס וואַצוש" איז געווען דער פּסעוודאָנים פון אַדוו. וואַצלאַוו טייטלבאַום.

זייט 371 — מעלמאַן איז געווען די פרוי פונעם אומגעקומענעם בונדישן טוער און לערער מעלמאַן אין לאָדזש (נישט די פרוי פונעם ראָטמאַן מעלמאַן וועלכער לעבט).

זייט 390 — דאָס בילד איז נישט פון לוטעק ראָטבלאַט, נאָר פון אריה ווילנער (יורעק).

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו


## ביז איצט זענען דערשינען

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־י. ווירניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל: באַרג הורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין א ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע יידן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער: א הויז אויף נזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ
16) קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַדע: פּליטים (לידער)
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (ווילנער געטאָ)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכנונגען פון א פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס: א וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן
27) יאָנאַס טורקאָוו: אזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן: „אומעגאַלע" יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פאַט: הענעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פּאָליאַקיעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין פאבריק פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים (פּאָעמע)
35) יוסף וואָלף: לייענענדיק פּרצן...
36) צפורה קאצענעלסאָן ־ נאכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאָצק (חסידות)
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס־לידער
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר חיים שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק: יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48) ש. איזבאן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) ערשטער באנד
49) ש. איזבאן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) צווייטער באנד
50) ד״ר א. מוקדוני: מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן: אין פייער און פלאַמען (טאָג־בוך)
52) י. י. טרונק: די יידישע פּראַזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו: אין קאמף פארן לעבן

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

יצחק פּערלאָוו: די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947"
חיים גראַדע: שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
יאָנוש קאָרטשאַק: משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך.
פּנחס ביזבערג: שבת־יום־טובדיקע יידן
שלום אש: פּעטערבורג; ווארשע; מאָסקווע.
דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאן)
ד״ר פיליפּ פרידמאן: אָשוויענטשים
בעלכאטאָוו (זאמל־בוך)

## עס גרייט זיך צום דרוק:

רבקה קוויאטקאָווסקי: פון לאגער אין לאגער
קאַדיע מאלאדאָווסקי: אמאָל איז געווען...
אברהם לעוו: א ליד נאָך אייך
בער י. ראָזען: טלאָמאצקע 13
ד״ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן
ד״ר יצחק שיפּער: קאפּיטלען געשיכטע
יהושע פּערלע: יידן פון א גאנץ יאָר

## פּרעסע שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום

•

**אַהרן צייטלין** שרייבט וועגן דעם בוך „אַזוי איז עם געווען" (חורבן וואַרשע), דעם ערשטן טייל פון יאָנאַס טורקאָווס זכרונות וועגן וואַרשעווער געטאָ („דער מאָרגן־זשורנאַל", ניו־יאָרק, 19טער אויגוסט 1948):

וואַרשע, די ברויזיקסטע, פאַרביקסטע, דינאַמישסטע צווישן יידישע שטעט, די שטאָט, וואָס האָט פאַרן טויט אַריינגעדונערט אין דער יידישער געשיכטע דעם געטאָ־אויפשטאַנד... אירע לעצטע יאָרן ווערן געשילדערט אין אַ ניי בוך: „אַזוי איז עם געווען". וויפל מ'זאָל נישט וויסן וועגן יענע אימה־יאָרן, ווילט זיך אַלץ אויסהערן נייע באַריכטן פון עדות, וואָס האָבן געאָטעמט מיטן אומגליק און זענען אַליין געווען אַ טייל פון דער קאַטאַסטראָפע. דאָס מאָל דערציילט די געשיכטע פון וואַרשעווער געטאָ אַ נייע־לעבעדיקער (לעבן ־ געבליבענער) עדות, איינער פון די, וואָס האָבן אין די גוטע יאָרן געהאָלפן געבן דער יידישער וואַרשע איר קאָליר און געשטאַלט. דאָס איז יאָנאַס טורקאָוו, שוישפּילער, שרייבער, קולטור ־ טוער, וואָס איז איצט, — צוזאַמען מיט זיין פרוי, דער שוישפּילערין דיאַנאַ בלומענפעלד, — אין די שטאַטן.

***

דאָס בוך, אַרויסגעגעבן דורך דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, איז פאַר אונדז, געוועזענע וואַרשעווער, אַ טראַגישער נאָך־אַלעמען־גרוס פון אונדזער איינגענער, אין רויך און פייער אונטערגעגאַנגענער וועלט. מיט יאָנאַס טורקאָוון, דעם שרייבער פונעם בוך, גיי איך ווידער איבער די גאַסן פון וואַרשע און טרעף מיינע אייגענע. עם איז ווי אַ לאַנגער אימהדיקער בריוו, וואָס איך האָב געקראָגן דאָ אין ניו יאָרק פון אַ געוועזענער וואַרשע, אַ בריוו פון יענער פאַרגאַנגענהייט אַרוים, וואָס איז ערשט נעכטן געווען מיין — אונדזער — לעבן. אין דעם לאַנגן בפּרטיותדיקן בריוו דערציילט מען מיר מיט אַלע איינצלהייטן די געשיכטע, ווי אַזוי מיין וואַרשע, ווי אַזוי מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, ווי אַזוי מיין איינגענער „איך" פון נעכטן, פון ערשט נעכטן, — ווי אַזוי דאָס אַלץ איז פאַרשלעפּט געוואָרן אויף די אומשלאַג־פּלעצער, אַוועק אין די טרעבלינקעס, אין די מאַידאַנעקס.

***

ווי קאָן איך לייענען אַזעלכע ביכער און ווי אַזוי קאָן איך וועגן זיי שרייבן? איך ווייס אַליין נישט. אַ צייט לאַנג האָב איך נישט געקאָנט. ניין, נישט געקאָנט. אָבער דערנאָך האָב איך געזאָגט צו זיך: וואָס פאַר אַ מאָראַליש רעכט האָב איך, האָבן מיר אַלע, די לעבן־געבליבענע,

נישט צו וויסן יעדן פּרט, נישט גע־פּייניקט צו ווערן מיט די איינצל־הייטן פון יענע אַלע אומבאַגרייפ־לעכע פּיינען, נישט מיטצולעבן מיט די איבערמענטשלעכע, אויסער־מענטשלעכע גרוילן פון די אַלע טויטן, אויף וויפל אַ בשר־ודם איז בכלל מסוגל עפּעס אַזוינס מיטצו־לעבן, — ניין, מיטצושטאַרבן?

און אָט לייען איך יאָנאַס טור־קאָווס בוך וועגן די לעצטע יאָרן




פון אַ געוועזענער וואַרשע, און ווער קאָן וויסן ווי איך, „וויפל אין די אותיות ליגן טרערן און וויפל גע־וויין"... און וויפל בלוט... איך האָב מורא צו מישן די בלעטער, אָבער איך מיש, איך לייען... „און אויב דו האָסט אַ וואָרט אין מויל, — ווי ביאַליק זינגט, — זאָג זשע! און זאָל עס ביטער זיין ווי טויט, און זאָל עס זיין דער טויט אַליין — זאָג און מיר וועלן הערן, מיר וועלן וויסן"... ניין, היינטיקע ווערטער זענען נאָך מער ווי דער טויט אַליין. היינטיקע ווערטער זענען שוין ניט קישינעוו; זיי זענען: מאַידאַנעק, טרעבלינקע, אָשוויענטשים. און זיי זענען אויך: אויפשטאַנד, אַנילע־וויטש, פּאַרטיזאַנען.

ווי פּשוט זעען אויס די ווערטער, ווי נאָענט די נעמען, די גאַסן, די מענטשן — און אַלץ אַזוי אומבאַ־גרייפלעך. יאָנאַס טורקאָוו דערציילט פאַקטן, בלויז פאַקטן, און דערציילט אַזוי, ווי ער וואָלט אַ בריוו גע־שריבן — צו מיר, צו אַלע יידן פון נאָך מאַידאַנעק. ער דערציילט מיר פון מיין משפּחה, פון אַלע וואַרשעווער יידישע משפּחות, פון דער גאַס, פון דער קהילה, פון וואַרשטאַט, פון אומשלאַג־פּלאַץ, און ער האָט קיין צייט נישט און קיין קאָפּ נישט פאַר וועלכער עס איז סטיל־באַפּוצונג, פאַר ליטעראַ־טור: ער דאַרף נאָר דערציילן, ער דאַרף באַריכטן דאָס אַלץ, וואָס ער ווייסט.

און ער באַריכט, ער דערציילט, ער גיט איבער פּרטים, ער פאַרפעלט נישט קיין זאַך פון דעם, וואָס ער ווייסט, פון דעם, וואָס ער האָט גע־זען, פון דעם אַלעם, וואָס ס'איז געשען מיט אים און מיט אַנדערע אַרום אים. און דעם שרעקלעכסטן מאָראַלישן טויט־אורטייל טראָגט ער אַרויס איבער די שערינסקים, די שמעלינגס, די לעיקינס, די אַלע ימח־שמוניקעס, משומדים, מוסרים, פאַררעטער, מיטהעלפער פון די נאַ־צי־רוצחים, וואָס האָבן געמיינט, אַז דער דייטש וועט זיי שענקען זייער הינטיש לעבן פאַרן פּרייז פון די יידישע לעבנס, וואָס זיי, די מנוו־לים, וועלן העלפן פאַרטיליקן. דאָס בלוט גליווערט אין די אָדערן און דו לייענסט. די יאָסל קאַפּאָטעס, די גאַנצוווייכס, די אַלע שרצים, וואָס האָבן זיך גענומען ראָיען אין דעם האַלב־לעבעדיקן, האַלב שוין טויטן קערפּער פון געטאָדיקן וואַרשע. טראַגיזם און גבורה, וואָס די וועלט האָט נישט געהאַט, און — ווי צו דערגאַנצן דאָס מוראדיקסטע, אומ־באַגרייפלעכסטע פון אַלע בילדער

— דאָס בינטל שרצים, די ווילסטע טמאדיקע אויסנאָם, וואָס באַשטעמ־טיקט דעם הייליקן כלל: די שמע־לינקס, לעיקינס, שערינסקיס, — אַן אומהייליקער בונד פון אונטער־וועלט מיט דיפּלאָמירטע אַסימילאַ־טאָרס און משומדים.

ס'האָט געמוזט סוף כל סוף קו־מען איינער, וואָס זאָל גובר זיין אין זיך דעם עקל און די פּיין און זאָל איבערגעבן דעם דור און דער געשיכטע אויך די מעשים פון דער דאָזיקער ווילסטער מינדערהייט, פון אָט דעם בינטל טמאים, וואָס האָ־בן געהאָלפן די דייטשן אומצו־ברענגען די קדושים.

טורקאָוו האָט אַ קלאָר אויג און זיינע פערזענלעכע ליידן האָבן נישט אָפּגעשוואַכט די שאַרפקייט פון זיין זכרון. ער דערציילט וואָס ער ווייסט — און ער ווייסט וואָס ער דער־ציילט.

דאָס בוך האָט זיך געענדיקט דרוקן
דעם 14־טן אָקטאָבער 1949 אין דער
דרוקעריי „הײמאַן" — פּאַסטעור 333
טעלעפאָן 47־7752 — בוענאָס איירעס

Este libro terminóse de imprimir
el día 14 de Octubre de 1949 en
los Talleres Gráficos HEUMAN
Pasteur 333 - T.E. 47-7752 - Bs. As.